ליפמאן-לעווין

# דוירעס דערוואכטע

ר אָ מ א ן

ערשטער בוך

II באנד




פארלאג „עמעס" מאָסקווע, 1934

# I. קעגניבער

1

אפ דער אויבערשטער גווירישער גאס—אפ דער „פעטערבורגער"— זײַנענ איינס קעגנ אנדערנ, איבערנ גאס, צוויי הײַזער געשטאנענ. ביי- דע אינ שטאָט באקאנטע, אונ ביידע פארשיידענע. פונ איינ זײַט — אנ אָפגעזונדערט הויפל מיט צעוואָקסענע אלט-יאָריקע אונ שאָטנדיקע ביי- מער, מיט קלומבעס בלומענ, גערדיכטע קוסטעס, אונ אינ דער זײַט, צו דער זונ ארויסגערוקט, אפ א הויכנ פונדאמענט פונ ווילדשטיינ — א בלוי-געפארבטס הויז פונ איינ גאָרנ, נאָר א ברייטס, א לאנגס אונ גענוג הויכס—א יוסטס, מיט א מעזאָנינ, מיט א ברייטנ גאנעק מיט ווענט- לעכ, ביז א העלפט אינ פענצטער-ראמענ מיט קאָלירטע שויבנ. אפנ גאנעק זײַנענ צוגעשמידט געשטאנענ שטענדיק גרייט פונ ביידע זײַטנ צוויי אײַזערנע גאָרטנ-בענקלעכ, אונ אהינטער זיי צו די ווענטלעכ — היפשע דייזשקעס מיט גרויסע אויסטערלישע פלאנצונגענ, ארומגעוויקל- טע אינ מאָכ אונ וואטע. באם פערטל פונ די אָפגעפארבטע אײַזערנע שטאכעטנ צום גאס האָבנ צו אלעמענ געווונקענ אונ גערופנ גאָלדענע אויסיעס אפ א שווארצנ שטיק מארמאָר מיט פארשליפענע קאנטנ:

„אדוואָקאט ג. מ. שטיינבערג".

קעגניבער אפ דער אנדער זײַט גאס, ארויסגערוקט. הארט צום טראָ- טואר, איז פונ יאָרנ אנ אָפגעבליאקעוועטער געשטאנענ א דרײַגאָרנדי- קער מויער מיט צוויי פאראד-טירנ פונ ביידע זײַטנ, אונ אפ איינער פונ זיי, וואָס איז לינקס, האָט מענ אפ א קליינ מעשנ בלעכל באמערקט אמאָל:

—„דאָקטער מ. ד. בראנזבורג".

שטיינבערג איז געוועג קעסיידער אונ דורכויס „אָנגעזעג“, זיכ געוואָרפנ אינ אויג—די דירע, דאָס שילד אונ ער אַליינ. העכער פונ מיטעלנ וווּקס, פעסט געקנאָטנ, עטוואָס שוינ פאַרקײַלעכדיקט, מיט א שוואַרצ געדיכטער אונ ניט קיינ לעננגלעכער באָרד, מיט אַנ אויסגענעמטנ טייל אינ דער מיט, מיט גאָלדענע פענסנע אפ דער פליישיקער נאָז, מיט אַנ אויסדרוק פונ כשיוועס אפנ רויִקנ זיכערנ „יורידישנ“ פאָנעם. די פרוי זײַנע — פונ די גינזבורגס, אנ אלט גווירישע הויז — א כיטלוווקסיקע, א ברייטע, מיט א שווערנ ווײַבעריש-באַלאָדענעמ קערפער אונ א פוילנ אונ לאַנגזאמענ טראָט. די קינדער — צוויי מיידלעכ עלטערע אונ צוויי יינגלעכ יינגערע — יינגלעכ מיט גראָבע פיס אינ לאַנגע זאָקנ האָבנ אויסגעזענ, ווי מיידלעכ, אונ די מיידלעכ, געוויקסיקע ווי דער פאָטער אונ קײַלעכדיק ווי די מוטער, האָבנ אויסגעזענ, ווי מוידנ. די צוויי גוווערנאַנטנס צו די קינדער זײַנענ אויכ ניקערע געוועג אינ שטאָט: די אויסגעטאָקטע פראַנצויזינ מיט א מאָדנער דינער טאַליע באַ א הויכ אנטוויקלטער ברוסט, אונ די הויכע מאַנצבלדיקע דײַטשקע, וואָס האָט מיט אירע טריט טראָטוארנ געשאָקלט, ווי זי וואָלט אינ אירע קליידלעכ ניט פיס, נאָר בולעוועס געטראָגנ.

אָנגעזענ איז געוועג שטיינבערג, אַרויסגייענדיק פונ דער היימ, פאַוואָלי אונ בעקאָוועדיק מיט א דיקנ פאָרטפעל אפ צוויי שלעסער אײַנטערנ אָרעמ אונ מיט א רויטנ שטאָק מיט א זילבערנעמ מאָנאָגראַמ אפ אימ אינ דער האַנט. זיכער גייט מענ אינ קרייז־געריכט, אונ רויִק גייט מענ צוריק. אונ פרײַנטלעכ אונ כאָשעוודיק, מיט א שמייכל צו אַלעמענ ענטפערט מענ אפ א גרוס. אונ אמאָל איז מענ דערבײַ מאַטריִעכ אויכ, ווענ מער אונ ווענ ווייניקער, דעמ הארטנ קאַפעליוש אפנ קאָפּ. אונ ווענ שטיינבערג גייט ארויס פונ דער היימ אינ שוואַרצנ גלאַנציקנ צילינדער אפנ קאָפּ, ווייסנ אלע, אז אינ קרײַז־געריכט איז א גרויסער מישפּעט.

אונ ווער ווייסט עס ניט, אז שטיינבערג איז אמאָל מיטנ קרײַז-געריכט ארויסגעפאָרנ אינ א סעסיע אינ א דערבײַיִק יידיש שטעטל, אונ דער מישפּעט איז גראָד געוועג אינ דער וואָכ פונ סוקעס, — איז ער, שטיינבערג, אינ שטעטל אָנגעקומענ מיט א פּאַעטאָנ דעמ ערשטנ טאָג

באלעמויעד און, דורכפארנדיק דעם מארק מיט די אָפענע יידישע קראָמענ, האָט ער זיך אָפגעשטעלט אפנ מיטנ מארק אונ בא די אָנגעלאָפענע יידנ געפרעגט: — וו נעמט מענ דאָ אנ עסרעג אפ צו בענטשנ?

איז דאָס שטעטל געוואָרנ צערודערט אונ האָט אופגערודערט שטעט אונ שטעטלעך ווײַט ארום — פונ דעם „גרויסנ" אדוואָקאט מיט אזא „יידיש הארצ", וואָס האָט דאָס ערשטע אנ עסרעג געזוכט, ווי ער איז נאָר אָנגעקומענ אינ שטעטל...

שטיינבערג איז געווענ אָנגעזעענ צווישנ יידנ אינ שטאָט, וו ער איז א גאבע — דער יינגסטער גאבע אינ קעהילע, א „בימקויים" אינ טאלמע־טוירע, א „טשלענ" אינ דער יידישער קאזיאָנער שול, כאפט זיך ארײַנ אינ האָזענטאלס שול יאָנטעוו צו א „מאפטיר", איז פארזיצער פונ „שפה־ברורה",* באפולמעכטיקטער פונ „אָדעסער קאָמיטעט" אונ דעלעגאט פונ ציוניסטישנ קאָנגרעס. אָנגעזעענ איז ער אויך צווישנ ניט־יידנ: א מיטגליד אינ קלוב פונ דער אדל־פארזאמלונג, א מיטגליד אינ רעווידיר־קאָמיסיע פונ „קעגנזײַטיקנ קרעדיט", אינ „פאָפעטשיטעלני סאָוועט" פונ דער צווייטער פרויענ־גימנאזיע, אונ גלאסני אינ שטאָט־דומע, באשטימט פונ גובערנאטער אפנ כעזשבנ פונ דער „יידישער באפעלקערונג".

אז מענ איז קענטיק אונ אָנגעזעענ!

3

דאָקטער בראנזבורג, פארקערט, איז ניט אזוי קענטיק אונ ניט אזוי אָנגעזעענ. אָבער — באקאנט אונ פאָפוליער. ער איז יינגער, ניט לאנג געענדיקט שטודירנ. מאָגער, פלינק אונ געשווינד אינ גיינ, אינ ריידנ. היפש צעשטרויט, אונ דער ווייכער קאפעליוש אפנ קאָפ איז אמאָל פארקנייטשט אינ דער מיט, ווענ די פרוי האָט עס באזאָרגט, אונ אמאָל — די דעק אינגאנצנ ארײַנגעזונקענ, ווענ ער האָט דערופ א ביכל אוועקגעלייגט אונ דערנאָך אינ אײַלעניש — א כאפ דעם קאפעליוש אונ א פאטש ארופ פלאטשיק אפנ קאָפ. האָט זיך לײַטנ געדוכט אמאָל, אז עס איז ניט „מײַסע־דאָקטער" אזא הילעכ. זײַנע רעגילעסנ אונ מידעס האָבנ געכידעשט, אונ מ'האָט דערפונ גערעדט. רופט מענ אים צו א כוילע, אונ מע פרעגט: „נעמענ א פורל?" קוקט ער זיך אײַנ, ווי ער שאצט אָפ יענעמס קעשענע אונ זאָגט: „קומט!" אונ גייט אוועק — ער לויפט אפריער צופוס אפ א

* סאָפאָ־ברורא — קרײַזלעכ פונ העברעייִש־ריידער

וויטער גאס. אונ ווענ מע נעמט שוינ יאָ פאר אים א פורל אונ רער, וואָס קומט נאָכ אים, גיט אים אָפּ קאָווער, ווי א דאָקטער, אונ זעצט זיכ אוועק אפנ בענקל אנטקעגנ, ווערט ער אופגעבראכט: מ'זאָל זיכ זעצנ דאפקע מיט אים גלייכ... אָפטמאָל קומט ער „געוויר ווערנ“ א כווילע ניט געדו־פּענערהייט אונ נעמט ניט קיינ געלט — ארייננגעקומענ א קוק טאָנ, הייסט עס בא אים... איז דאָס ניט קיינ „וויזיט“. אמאָל לאָזט ער איבער קליינ־געלט פונ דעמ אייגענעמ טאש אפ בלעגע פאר אנ אָרעמענ כווילע. פארזיצט זיכ אמאָל, כאָטש נעמ אונ טרייב אים ארויס... פרעגט אויס ביזנ צענטנ דאָר. באטראכט אלצ ארומ. דערזעט ער א סייפער, פארלערנט ער זיכ, מאָג עס זיינ א ביכל, צי א מעדרעש.

ער האָט געלאָזט אָנזאָגנ אינ די אָרעמע גאסנ אונ אינ טאלמעטוירע, אז קינדער—אייגלעכ אונ קעפּלעכ—וועט ער היילנ אומזיסט, אונ האָט צוליב דעמ איינגעשאפט בא זיכ די נייטיקע אינסטרומענטנ. פלעגט מענ צו אים פירנ יינגעלעכ מיט מיידעלעכ, פול אינ שטוב.

— עפּעס אנ אייגעלע איז רויט... באמ קינד איז עפּעס מיסט אינ קעפּעלע... אַ „באַלקעלע“ באַווייזט זיכ, ס'קלעפּט זיכ די הערעלעכ... קינדער אָנ מוטערס, אונ עלטערנ אָנ קינדער, וואָס האָבנ געוואַרט אפ אופנעמ.

אונ אינ א לאנגנ קאָרידאָר אפ די שמאָלע בענקלעכ, אונ אינ וואַרט־צימער אפ די הילצערנע קאנאפּעס זיינענ פול געווענ קינדער מיט מוטערס.

אָפטמאָל פלעגט ער דורכגיינ צווישנ די רייענ פאציענטנ, אָפּקלייבנ וועמענ פונ דער יוגנט „העלפנ“ אימ... אכטונג געבנ אפ דער אָרדע־נונג, צעשטעלנ „קעפּלעכ“ באזונדער אונ „הערצלעכ“ באזונדער, „אייג־לעכ“ באזונדער אונ „מאָגנדלעכ“ באזונדער. אונ געפעלט אים עמעצער באמ צוהעלפנ, פרעגט ער: — דו האָסט צייט? דו טוסט גאָרנישט? קומ מאָרגנ אויכ...

— אָט וועסטו ווערנ א „פערשיל“ בא אימ...—איז דער אוילעמ צו־פרידנ.

וואונדערנ זיכ פאציענטנ. אז א דאָקטער זאָל פאר אלצ דייגענענ: וויפל נעפאשעס אינ געזינד? ווער ארבעט אונ ווו? וויפל לאָמפּנ ברענענ אינ ווארשטאט אונ פארוואָס פאָדערט מענ ניט צו מאכנ דאָרטנ ווענטיליאציע? צי ארבעט מענ פונ „שטיק“ — פארוואָס ניט פונ וואָכ? אז דאָס הארצ קלאפט אונ מע מאטערט זיכ פונ קאָפּ־שמערצנ אונ מע

איז גערוועז — האָט עס בא אים א שײַכעס מיט דער ארבעט פון „שטיק“, ווײַל מע יאָגט זיך...

א דאָקטער א גוטער, זײַנען אלע מאסקים, נאָר א ביסל א „צעדרײ־טער“. וואָס גייט עס אים אָן אויסצופרעגן אלץ? פארשווײַגט מען בעסער און מע ענטפערט ניט אף א סאך פראגן... נאָר די „העלפערס“, וואָס זײַנען באַקאַנט מיט די כאַלאָים, גיבן געגוויע יעדיִעס.

קומט ארײַן א ייִד מיט א ייִנגעלע — א מאָגערס, א בלייך פּאָנעם, א קרענקלעכס, מיט אויגן שווארצע, צעשטרויטע, וואָס נאָר ער פאר־מאכט זיי און צעעפנט זיי, און פארמאכט זיי ווידער און פארקוועטשט זיי, אָנקנייטשנדיק דאָס שטערנדל פון אינערלעכן ווי.

—דאָס איז אונדזער באַל־קריִע, — ווארפט צו דער „העלפער“.

— א געראָטן ייִנגל! — כאפט אוף דער טאטע,—אָבער געשטראָפט מיט קאָפּ־שמערצן, הער דאָקטער, ער געפינט זיך קיין אָרט ניט פאר יע־סורים... אזעלכע שמערצן...

— אין די שלייפן... — זאָגט דאָס ייִנגל און כאפט זיך מיט ביידע הענט..

— דו קאָנסט גוט לערנען?

— וואָס הייסט לערנען?—גרויסט זיך דער טאטע,—שײַעך לערנען! אזא קעפּל און אזא מאסמיד... גמאָרע אף אויסווייניק וויפל ווילט איר, הער דאָקטער? פאר דרײַ מעסיכטעס קאוויר איך אײַך... א טאָג אין כיי־דער—די גמאָרע אף אויסווייניק, און באנאכט אין דער היים — אי־בערזען די סעדרע, די קריִע, ער לייענט אין דער טוירע שאבעס, אין כיי־דער שייני, ווײַל פאר בארמיצווע נאָך...

— אף וואָס דארף ער מעסיכטעס און אף אייסווייניק? און א באַל־קריִע צו יואָך? — פרעגט דער דאָקטער, — אין אוף זײַן גערכט — צו וואָס?

— הער דאָקטער, צו וואָס? מיר, ייִדן, דארפן דאָס..

— א ליגן! — שרײַט ער בייזעריק: מ'דארף דאָס ניט!

ווערט אומבאקוועם, איז מען שטיל און אראָפּגעפאלן.

— קיין רעצעפּט האָב איך ניט פאר דיר—קיין שום רעפוע...— זאָגט ער שטרענג צום ייִנגל.

דאָס ייִנגל הייבט אָן קוועטשן שמערצלעך מיט די אייגלעך. דער טאטע נעמט אים אָן, ווי צו שיצן פון אזא דאָקטער, וואָס איז קענטיק בייז אף ייִדישקײַט.

— דאַרפ ער אַזױ לײַדנ, אַזאַ יונג קינד? — װיל דער טאַטע װײכ מאַכנ דעמ דאָקטער.

— יאָ, לײַדנ קאָפּ־שמערצנ — שװער לײַדנ.... װײַל ער איז אַ באַל־גמאָרע, אַ באַל־קריִע, איז אופ נעכט... הער, יִנגעלע, װי רופט מענ דיכ: מײער? הערסטו, איכ האָב פאַר דיר אַ רעפוּע, אָבער, אַז דו װעסט מיכ פאָלגנ...

— אװאַדע, הער דאָקטער, נאָר פאָלגנ...—כאַפּט אונטער דער טאַ־טע, — אַ דאָקטער מוז מענ פאָלגנ...

— זאָלסטו אופהערנ צו לײענענ—אױס קריִע... אונ אױס אופ זײַנ באַנאַכט... אונ אײמ כאַזערנ מעסיכטעס אַפּ אױסװײניק... הערסטו, אַז דו װעסט דאָס טאָנ, װעל איכ דיר מיט אַ מאַשינקע אַזאַ עטלעכע װאָכנ נאָכאַנאַנד אַלע טאָג אָנגלעטנ דעמ שטערנ — עלעקטריזירנ... מיט עלעקט־רע הײלנ...

— איז װאָס אַרט אײַכ, הער דאָקטער, אַז ער װעט איבערזענ די קריִע? — װערט שױנ דער טאַטע מוטיקער, װײַבאַלד דער דאָקטער האָט שױנ אױסגעזאָגט דעמ סאָד פונ דער רעפוּע: איר מאַכט אימ די עלעקט־ריטשעסקע, אונ ער... איר לאָזט אײַערע קאַפּריזנ...

— דאָס איז ניט קײנ קאַפּריז, — זאָגט ער שטרענג, נאָר באַלד הײבט ער אָנ שמײכלענ,—אַ כאָכעמ איר זײַט! איכ װעל אימ מיט דער מאַשינקע אָפּדרײענ די קאָפּ־שמערצנ, אונ איר װעט אימ מיט אײַער „טױ־קנ" צוריק אָנדרײענ די קאָפּ־שמערצנ...

— אי, הער דאָקטער! אַז אַלצ װײסט איר... טאָר ער גאָר אינ „טױ־קנ" ניט אַרײַנקוקנ?..

— גאָר ניט! אונ לערנענ װײניקער. שפּאַצירנ מער. מיט דעמ טײַ װעל איכ נעמענ הײלנ. הערט נאָר—איכ װעל אַפּ אײַכ אַרופשטעלנ אָט דעמ מױער, דעמ דרײַגאָרנדיקנ מױער—װעט איר דאָס אױסהאַלטנ? איז װאָס װאַרפט איר אָנ אַפּ אַ קינד אַזאַ שװערע מאַסע?...

— איר זײַט אַ טײַערער דאָקטער,—שמײכלט צו דער טאַטע, װאָס האָט שױנ באַ זיכ באַשלאָסנ, אַז אינ די „הײמישע" רעפוּעס װעט ער שױנ אַ ביסעלע אָפּנאַרנ דעמ דאָקטער... אַ טײַערער דאָקטער! נאָר איר האַלט ניט פונ יִדישקײַט...

— איר האַלט ניט פונ יִדישקײַט—װאָרעמ איר פּאַטערט די יִדנ... פונ דעמ דאָקטערס בײזער שמײכלענ נאָר די כאַלאָימ, װערנ ניט נימ־

פּאָעל, האָבנ אימ ליב, אכטנ אימ. מע האָט אימ געהאלטנ פאַרנ גרעסטנ דאָקטער אינ שטאָט. דערהויפּט נאָכ דער עפּידעמיע פונ „קרופּ", וואָס האָט זיכ אָנגעזעצט אָפ קינדער, אונ ער, דאָקטער בראַנזבורג, האָט זיכ „אָנגעזעצט" אָפנ קרופּ, געטריבנ אונ געיאָגט מיט רעפּועס אונ איינ־שפּריצונגענ, גיינ געווויר ווערנ די קינדער אינ מיטנ נאַכט אונ — האָט געראַטעוועט.

ער האָט איינגעפירט בא זיכ א גאַנצנ שפּיטאָלכל מיט אַלערליי מע־דיציניִשע מאשינעריע אונ פּרעפּאַראטנ, אויסגעגעבנ דערופ דאָס לעצטע, אונ אַליינ מיט דער פאַמיליע געלעבט געמיינ.

די פרוי, פונ די האַמבורגערס, האָט געלערנט אָפ העכערע קורסנ אינ מאָסקווע, איז געווענ פאַרמישט אינ סטודענטישע אומרוענ, האָט מענ זי אויסגעשלאָסנ אונ ארויסגעשיקט אינ דער היימישער שטאָט. בראַנז־בורג האָט דערווייל געענדיקט דאָקטער, האָט געזאָלט בא דער אוניווער־סיטעט פאַרבלייבנ אָפ וויטערדיקנ שטודיום אָפ פּראָפעסער, האָט מענ אימ, אַלס א יידנ ניט באשטעטיקט. האָט ער געזאָלט פאָרנ קיינ אויס־לאַנד דאָרטנ זיכ ספּעציאַליזירנ, האָט מענ פאַרלויפיק ניגענ, די קאַלע זיי־נע, ניט ארויסגעלאָזט.. האָט ער דערווייל כאַסענע געהאט מיט איר, אונ גענומענ דאָ אינ שטאָט פּראַקטיקירנ, אונ די אָרעמקייט אונ דאַלעס, וואָס ער האָט דערקענט, האָט אימ אַלץ מער ארייננגעצויגנ.

— מיר דאַרפנ גאָרנישט..—האָט ער אָנגעזאָגט דער פרוי,—פּוסטע זאַכנ — מעבל, קליידער... זאַכנ מאַכנ דעמ מענטשנ פאַר א קנעכט בא זיי... מיט מעבל איז מענ ניט פריי...

— דו האָסט עפּעס געלט?—ווענדט ער זיכ אָפּט צו דער פרוי,—מע דאַרפ דאָ א כוילע געבנ עפּעס אָפ פלענע, אונ איכ האָב שוינ גאָרנישט...

אונ אז ביידע האָבנ ניט — פאַרמאָגנ די האַמבורגער... אונ ווי דער מאַנ, אזוי דאָס וווייב זיינענ ביידע זייער אומצופרידנ מיט זייערע אָנ־געבאָטענע אונ איינגעבעטענע מאַטאָנעס.

4

בענעדיקט האַמבורגער, נינעס ברודער, האָט געענדיקט פיזיק־מאַ־טעמאַטישנ פאַקולטעט — אָפ אַלע אַנדערע איז די יידישע פּראָצענט־נאָרמע געווענ פאַרפולט מיט „מעדאַליסטנ". נאָכ דער כאַסענע האָט ער מיט אייגענע—מיטנ פאָטערס, אונ מיטנ נאַדנ-געלט געעפנט א באַנק־

הויז, דערווײַל ביז ער וועט זיכ ארומזוענ, וואָס פאר א פאבריק אונ ווו צו עפענענ. דערווײַל זאָל געלט ניט שפּילנ... פלעגט ער צווישנ סאָברימ אונ געשעפט־לײַט ארומגייג מיטנ אוניווערסיטעט־צייכנ, אָנגעטשעפּעט אפנ לאצ פונ ראָק, אונ אפ געזעלשאפטלעכע פארזאמלונגענ אונ אינ שול פלעגט ער קומענ אינ הויכנ ווײַדענעמ צילינדער.

בענעדיקט פלעגט אָפּט ארײַנקומענ צומ שוואָגער—איבעררייד אימ.

— מארק! דו האָסט שוינ צוויי קינדערלעכ — שוינ צײַט קומענ צו א טאכלעס... אינ פּראקטיק גליקט דיר — אינ שטאָט האלט מענ פונ דיר... אונ דײַנ אופיר — כאָטש מעשוגענערווײַז—האָט עס דיכ גע־מאכט גענוג פּאָפּוליער, זייער פּאָפּוליער! פּונקט ווי דאָס גרעסטע שילד אונ ווי אנ אייגענער שפּאנ... כא־כא־כא! דו ביסט פּאָפּוליער, וואָס דו לויפסט צופוס אונ מיט א צעדרייטנ קאפּעליוש... פּאָפּוליער—מאָגסטו שוינ איצטער אָנהייבנ צו נעמענ די פײַנע מאטבייע פאר א וויזיט — מ'וועט שוינ געבנ... אונ מ'וועט דיכ רופנ — וויבאלד די ביסט פּאָפּו־ליער... א גרויסער דאָקטער!

— בענעדיקט, דו ביסט א פּאסקודניאקל!..—ענטפערט אָפּ בראנז־בורג מיט גרויל.

די פרוי נינע מיט א גוט ווייכ פּאָנעמ, בלויע פארטראכטע אויגנ, מיט אײַנפאכ פארקעמטע האָר, שטענדיק אינ א לאנגנ ברייטנ באלאכאָנ, מיט א שירצ א טונקעלנ פונ די אקסלענ ביז אראָפּ, ווי א צווייטער באלאכאָנ, גאָר אָנ ארבל. די פרוי איז שטענדיק פארנומענ מיט די קינדער, מיטנ מאנ: צושפּילענ א קנעפּל, אויסגלײַכנ אפ אימ דעמ שניפּס, אויסבערשטלענ דעמ ארבל פונ ראָק, דערמאָנענ עסנ אונ אכטונג געבנ, אז קרוווימ זאָלנ אימ ניט דערווידערנ.

— בענעק, וואָס מאכט עס דיר אויס? יעדערער טוט, ווי ער פאר־שטייט...

— אונ דו, נינע, זאָלסט ווערנ א שטיק יידענע אינ א באלאכאָנ?! דו שטאמסט דאָכ עפּעס!.. דו האָסט רעכט אפ בעסערס... ווער איז האמ־בורגער אונ ווער איז זינאידע מיכײַלאָוונע שטיינבערג?.. דו האסט זיכ גאָר אָפּגעלאָזט...

— מיסטאמע געפעלט מיר אזוי. זאָל דיר ניט פארדריסנ...

— בענעדיקט איז א פּאסקודניאקל!..—ציט אויס בראנזבורג דאָס וואָרט אונ גייט ארויס פונ צימער.

— איבער דיר האָט ער שוינ ניט דערעסנ, — באַמערקט נינע מיט פאַרדרוס.

— א העזעק — וועט ער שפּעטער עסנ... — ער טוט א דריי די לאַנגע שוואַרצע וואָנצעס פונ אײנ זײַט אונ פונ דער אַנדערער. — נינעט! אונדז, די האַמבורגער איז דאָכ א ביזויענ צו דיר אינ שטוב אַרײַנצוגײנ.

— בענעק! — בײזערט זיכ נינע, — דו ווײסט שוינ גאָרניט וואָס צו רײדנ...

— נינעטשקע, נינקע, נינעט! איכ האָב דיכ האָלט — מיר אַלע האָבנ דיכ האָלט, אַזאַ שײנע, אַזאַ קלוגע, אַזאַ געראָטענע — די געראָטנסטע בא אונדז...

— איז וואָס זידלסטו זיכ? — שמײכלט זי.

— עס טוט וויי!.. א שטוב אָנ מעבל... אינ יענע צימערנ — הילצערנע בענק אונ האַרטע קאַנאַפּעס, ווי אינ א שפּיטאָל — טפו! אונ דאָ, אינ עסצימער — אַנ אַלטמאָדיש בופעטל, ווי בא געמײנע באַלעבאַטימ... אָט האָט שטײנבערג ערשט ווידער אַרײַנגעפירט נײַע מעבל — פונ רויט־האָלצ...

— וואָס גײט דיר אָנ שטײנבערג? — שמײכלט ווידער נינע.

— אָט — דאָ פונ פענצטער זעט מענ זײַנ „אָסאָבניאַק“ — א פּאַרעצ! פאַרוואָס ער, פרעגסטו? ער איז פּאָפּוליער אינ שטאָט ווי דײַנ מאַרק: בײדע געראָטענע. בײדע זײער פּאָפּוליער! נאָר דער אונטערשײד: וואָס אײנער איז פּאָפּוליער בא „רעכטע“ מענטשנ — טראָגט עס אימ גוטע פּראָצענט די פּאָפּוליאַריטעט זײַנע... אונ דער אַנדערער איז פּאָפּוליער בא שלעפּערס. אונ מיט שענערע מענטשנ צערײַסט ער זיכ. מע דערצײלט האָכ פונ דײַנ מאַרקנ ווילדע זאַכנ. דאַפּקע אינ א פאַרמעגלעכ הויז בא א כוילע, אז מע האָט אימ פאַרנ וויזיט געגעבנ א זילבערנ האַלבנ רובל, האָט ער א שמיצ געטאָנ צוריק אונ האָט נאָכ, ווי א באַלעגאָלע, געזאָגט: „א רובל באַצאָלט“... א סטאַט פונ א דאָקטער!.. האָט מענ אימ גאַנצ אײדל א שטאָכ געטאָנ: „דאָקטער, מע רימט אײַכ, אז איר נעמט 20 קאָפּיקעס פאַר א וויזיט“. האָט ער געענטפערט: „איכ לאָז נאָכ איבער פאַרנ כוילע אָפּ פלענע, אויב מ׳דאַרפ“. אַזאַ גראָבקײט פונ אימ! אונ ווו? דאַפּקע אינ פאַרמעגלעכע הײַזער... גאַנצ שטאָט איז אויפ...

— בענעדיקט, — האָט זיכ נינע אָפּגערופנ; — דו ביסט א נאַר...

— וואָס עפּעס איכ אַליינ? אַלע זײַנענ נאַראָנים... נאָר דו אונ דײַנ מאַרק זײַנענ קלוגע... וואָס אַרט דיכ. ער איז אַ גוטער מעטורעפּ...

— וואָסי? ער זאָל זיכ לאָזנ עקספּלואַטירנ פונ די רײַכע דערפאַר, וואָס ער איז אַ גוטער צו אָרעמע?.. זאָג מיר, אַז די רײַכע רופנ דעמ דאָקטער קאַפּלאַנ, צאָלט מענ אימ אַ דרײַרובלדיקע: עס פּאַסט ניט אַנ־דערש.. אונ אַז מע רופט מאַרקנ—ניט פונ באַקענטשאַפט וועגנ, נאָר ווײַל ער איז אַ גוטער דאָקטער, שטעקט מענ אימ אַרײַנ אַ האַלב רובל... ווײַל ער היילט אָרעמע אומזיסט—שטעלט מענ אָפּ אימ אַרופּ אַ גאַלאָנ פאַר זײַנ גוטסקײַט.

— אַ נאַ־לאָג,—האָט בענענדיקט געצויגענ,—דײַנע אופקלערענישנ— אַ גאַלאָג גאָר?.. נאָר ווײַל קאַפּלאַנ פאָרט אַרומ אינ אַנ אייגענעמ שפּאַנ, קומט אַרײַנ עלעגאַנט, מאַכט אַ כיינדל דער מאַדאַמ... אונ דײַנ מאַרק לויפט צופוס, אינ אַנ אַלטנ רעקל, שפּרינגט אַרײַנ, ווי אַ מעטורעפּ: — „האַ, ווו איז דער כוילע?” אונ אויסער דאָקטאָריע איז ער פאַר־נומענ מיט אָרעמע באָכערימלעכ, וואָס ער גרייט זיי צומ עקזאַמענ, טיילט ביכלעכ...

— מיט די באָכערימ לערנ איכ, מאַרק האָט קיינ צײַט ניט, נאָר ער גיט אַכטונג, עמעס...

— מאַרק הייסט, אונ דו טוסט... אַוואַדע דאַרפ מענ עפּעס טאָנ פאַר אָרעמע אויכ — דאָס איז נײטיק... פּאָפּוליער צו זײַנ איז זייער אַ נוציקע זאַכ, דאָס איז ווערט־פּאַפּירנ, ביפראַט פאַר אַ דאָקטער, אַנ אַדוואָקאַט, וואָס דאַרפנ האָבנ אַ ברייטע פּראַקטיק, אַ נאָמענ... שטיינבערג טוט אויכ—אינ ציִעניזמ, אינ פּרומקײַט... פּאָפּולי־אַריטעט! אָבער שוינ צײַט אָנהייבנ צו באַקומענ די פּראָצענטנ דערופ...

— בענעק, דו ביסט שוינ צופיל פּראָצענטניק געוואָרנ...

— ווער? איכ בינ אַ פּראָצענטניק? באַלד וועסטו זאָגנ אַ וואָכערניק... איכ בינ אַ באַנקיר!—ער האָט אַ דריי געטאָנ אַ שוואַרצע וואָנצ פונ איינ זײַט אונ פונ דער אַנדערער.

— נו, גענוג! דו זאָלסט מער ניט ריידנ אונ ניט מוסערנ, וואָרעמ איכ גיי אימ אַרײַנרופנ צובײַסנ.. בענעק, דו זאָלסט שווײַגנ.

— ניגעט! — כאַפּט ער זי אָנ בײַ די הענט,—וואַרט צו, ער וועט דערנאָכ עסנ... איכ רייד אונ איניעג—צוויי איניאָנימ: דער פּאַפּאַ האָט געשיקט...

— נו־או, — זי זעצט זיך צו. — און עפּעס קאָנסטו עס אָפּלײגנ?

— ניגעטשקע! דער פּאַפּאַ פֿאַרלאַנגט — דער פּאַפּאַ — אַז דו זאָלסט מיט מיר גײנ אױסקלײַבנ עטלעכע גאַרניטורנ מעבל פֿאַר אַלע דײַנע צי־מערנ...

זי האָט זיך גוטמוטיק צעלאַכט און האָט בענעדיקטנ אַ פּיר געטאָנ מיט איר װײכער װאַרעמער האַנט איבערנ פּנים. ער האָט אונ־טערגעכאַפּט אירע פֿינגער אונטער די לאַנגע װאָנצעס און צופֿרידנ אָנגעקושט.

— אָט אַזױ פֿאַרשטײ איך... מירנ דיר אַרײַנפֿירנ די פֿײַנע מעבל און אַלצ, װאָס מ׳דאַרפֿ... ס׳זאָל שױנ זײַנ לײַטיש — װי פֿאַר האַמבורגער פּאַסט! — נאָר דו זאָלסט „אימ" אַרײַננעמענ אינ די הענט... קינדער װאַקסנ — שױנ צײַט! — בענעדיקט אײַלט מיט װערטער. — שטײַנ־בערג װיל אָפּקױפֿנ דאָס אָסאָבניאַקל, אינ װעלכנ ער װױנט איצטער. איך װײס דערפֿונ — דאָס איז בײַ מיר אינ די הענט, דאָס דאַרפֿ גע־שלאָסנ װערנ בײַ מיר אינ באַנק...

— װעסטו פֿאַרדינענ פֿונ דעם געשעפֿט, — שמײכלט נינע.

— זײַ ניט קײַנ האָזעניצע! איך בעט דיך, נינעט, פֿונדעסטװעגנ בינ איך עלטער פֿונ דיר... דו זאָלסט האָבנ מער סײכל, װאָלסטו פֿאַרשטײנ, אַז אונדז שטײט עס ניט אָנ... די האַמבורגערס קאָנענ נאָך באַשטײנ לעגאַבע די גינזבורגס. דו װײסט, װאָס דער פּאַפּאַ װיל? — אָט דאָס איז דער צװײ־טער איניען, װאָס איך װיל דיר זאָגנ... װענ דו זאָלסט זײַנ אַ האַמבורגער, אַנ עמעסע האַמבורגער, ניט אַ האַלבע, צי אַפֿ דרײַ פֿערטל — בראַנזבורג...

— בעני־ע־דיקט! לאַכט נינע, — ס׳איז גאַנצ פֿרײלעך מיט דיר...

— נו, װעל איך מיט דיר ניט רײדנ מער. װאָס איז שױנ פֿאַראַנ צו רײדנ מיט דיר? — איך און דער פּאַפּאַ, און אַלע מיר װילנ דעם אָסאָב־ניאַקל ניט אָפּלאָזנ פֿאַר שטײַנבערגנ — דער גרױסער ייִכעס די גינז־בורגס!?.. מיר װילנ קױפֿנ דעם הױפֿל פֿאַר דיר מיט מאַרקנ... פֿאַר אַ „גרױסנ" דאָקטער, װי אָנגעבאָטנ... עס פּאַסט זיך אײנס צו אײנס: אַפֿנ פֿערטל — אַ פֿײַנע שילד, אַ מאַרמאָר־ברעטל מיט גאָלדענע אױסיעס: „דאָקטער מאַרק האָװידאָװיטש בראַנזבורג". פֿונ אײַזערנעם טױער, װאָס צעעפֿנט זיך ברײט, פֿאָרט אַרױס דער אײגענער שפּאַנ... אינ הױפֿ איז די שײנע שטאַל פֿאַר די גוטע פֿערד און אַ שײנער קאַרעטע.

גינע האָט געקייכט פאַר געלעכטער.

— גיגעטשקע, הער אוף די מיידלשע שטיק, הער אוף! מ'רעדט דאָך ערנסט! ניט איך רייד — די גאַנצע פאַמיליע רעדט! אַלע האַמבורגער! מיר האַלטן, אַז דיר קומט נאָך אַרויס צום נאַרן, דו האָסט זיך נאָך ניט אָפּגעזעצעזשבנט מיט דײַן פּאַפּאַ, ווי געהעריק... און מיר ווילן דיר מאַכן א מאַטאָגנע מאַכן — מיר האָבן דיך אַלע זייער האָלט. און מארק איז א גער ראָטענער, א באַגאַבטער, און מיר ווילן ניט, אַז דאָס אָסאַבניאַקל זאָל אַנ־קומען שטייגבערגן—פאַרוואָס אים? זאָל זײַן דאָס הויפּל פאַר אײַך! נאָר מיר ווילן דײַנס א וואָרט — אַפּ דײַנס א וואָרט פון איך הער ערש־טער, גיב א וואָרט, גינעט, אַז דו וועסט ניט לאָזן מאַרקן מאַכן פון דעם הויפּל עפּעס א מין באַראַקל... מיט זײַנע אָרעמע ייִדענעס, מיט די ייִנג־לעך מיט די טראַכאָמעס און די פערכלעך...

— פע, בענעק, פע!

— איז — פע... איך פרעג בא דיר, צו וואָס האָט ער זיך מיטאַמאָל פאַרנומען מיט די טראַכאָמעס און די פערכלעך, וואָס קיינער צאָלט דערפאַר קיין גראָשן ניט, אַז ער איז נאָר אַן עמעסער ספּעציאַליסט אין „וונעטרעגי"—וואָס אַלע רײַכע לײַט דאַרפן עס האָבן גייטיק... ווער קאָן בעסער באַצאָלן א דאָקטער: אַן אָרעמאַן, וואָס דאַרף רייַן מאַכן קינדער־שע קעפּלעך און אייגלעך צוליב א שיפסקאַרטע? צי א רײַכע דאַמע, וואָס דאַרף א „לעבער" צי „נירן" פירן קיין קאַרלסבאַד, צי קײַן מאַרי־ענבאַד?... ווילן מיר, אַז דו זאָלסט אים מאַקע זאָגן, מאַרקן: גענוג! דו ביסט שוין פּאָפּוליער — ס'קאָן דיר שוין קלעקן אַפּ א גאַנצן לעבן... און נעם זיך צו דײַן ספּעציאַליטעט, צו די „וונוטרעגי"... מיר גיבן אײַך אָפּ דאָס אָסאַבניאַקל, מיר וועלן עס מעבלירן, מיר וועלן אַלץ מאַכן, און ער זאָל היילן וועמען מע דאַרף...

— ער היילט וועמען מע דאַרף!..—זאָגט גינע שטרענג, אירע בלויע אויגן ווערן טונקעלער. זי איז אויפגערעגט: — מײַן מאַרק היילט קראַנקע! און אַז ער געפינט פאַר נייטיק, שטודירט ער די קראַנקייט, וואָס איז אפילו ניט געוויינע זײַן ספּעציאַליטעט פריִער. און גענוג, בענעדיקט! איך גיי אים רופן, און פאַר אים זאָלסטו ניט ריידן... גענוג, אַז איך האָב דיך אויסגעהערט. גענוג! מער וויל איך ניט...

# II. „פאָלקס־ביבליאָטעק“

1

צו דער פארזאמלונג וועגן דער ביבליאָטעק איז דער אדוואָקאט נ. מ. שטיינבערג ארײַנגעקומען געהייבן. ער האָט צו אלעמען גאדלעסדיק געשמייכלט און, באגריסנדיק מיט דער רעכטער האנט, האָט ער מיט דער לינקער האנט אָנגעקלאפּט זיך אפ דער רעכטער ברוסט און כאָשעוודיק אָנגעזאָגט:

— אָט דאָראָ איז שוין אלץ פארטיק...

— נו-או... איר וועט שוין קריגן...—האָט יעדערער געוואָלט צו צושמייכלען זײַן גרויס בערייִשקײַט, און ווײַזן דערמיט, אז מע האָט אים גוט פארשטאנען: די דערלויבעניש אפ דער ביבליאָטעק, מיינט ער דאָך, איז שוין דאָ בא אים אין בוזעם־טאש.

אלס עלטערער קלאלטוער, און דערהויפּט אלס אדוואָקאט, וואָס קען די זאכן, האָט שטיינבערג געעפנט די פארזאמלונג, און אין זײַנע ערשטע „קורצע פּאָר ווערטער“ האָט ער זיך ברייט צערעדט.

2

האָט ער אָנגעהויבן. ער גראטולירט די פארזאמלונג מיטן גרויסן „קולטור־יאָנטעוו“, מיטן גרינדן א יידישע געזעלשאפטלעכע ביליקע ביבליאָטעק. באם יידישן פאָלק, באם „אלטן קולטורעלן פאָלק“, איז נאָר דער יאָנטעוו פון דער טוירע געקרוינט מיטן באגריף „סימכע“— סימכעס־טוירע“... ניטאָ קיין אנדערע און קיין גרעסערע סימכע, ווי די טוירע, די קולטור“...

דער ארײַנפאָר ניט שלעכט — איז ער אליין צופרידן אין דער מאכשאָווע.

...די איניציאטיוו פון אזא ביבליאָטעק —א געזעלשאפטלעכע, א צוטריטלעכע, א ביליקע, אן עמעסע פאָלקס־ביבליאָטעק — די איניציאטיוו דערפון געהערט, עמעס, אונדזער יינגערן קלאלטוער, דעם כאָשעווע דאָקטער מארק דאווידאָוויטש, וואָס וויל אונדזער פאָלק היילן סײַ פיזיש סײַ גײַסטיק...

נו, געגונג אים, דוכט זיך... האָט ער זיך געהייסן.

...אונדזער יוגנט, די קינפטיקע קלאלטוער — סלאווא באָריסאָוו־נא, העלענא סאָלאָמאָנאָוונא אונ בעניאמינ מארקאָוויטש — האָבנ פראק־טיש געארבעט, אופגעזאמלט ביכער, געלט...

פּאָטער מיט זיי אויכ... טוט ער א בלענצל מיט אנ אויג, אונ מאכט גלייכ אנ אניוועסדיק שמייכל אונ צעשפרייט די הענט: — ס'איז פארבליבנ נאָר אייג קליינִיקייט, דאָס שטיקל פּאפּירל צו קריגנ, די דערלויבעניש...

ער באקומט פונ בוזעמ־קעשענע א פּאפּיר, טוט דערמיט א פּאָכע פאר די אויגנ פונ די פּארזאמלטע: — א שטיקל פּאפּירל — איינ קליי־ניקייט...

— האָט איר דאָס אויכ געקראָגנ... — כאפּט אונטער מייערסאָנ.

אדוואָקאט שטיינבערג פּארקוועטשט די ליפּנ שטארק, צעעפנט ברייט, ברייט די אויגנ אונ צעשאָקלט דעמ קאָפּ, ווי א שווערנ אומרו, מעסיק — הינ אונ הער, הינ אונ הער, א לאנגע ווײַלע...

— יאָ! — שיסט ער אויס מיטאמאָל פונ די צוגויפגעדריקטע ליפּנ: — געקראָגנ! איכ האָב דאָס געקראָגנ...

אנ איראָניש שמייכעלע גליטשט זיכ ארויס פונ די אויגנ, פּלאטערט דורכ אפּנ פּאָנעמ אונ צופּליטערט זיכ אפּ דער שווארצער געדיכטער באָרד, וואָס איז צעקעמט אפּ צוויי טײלנ אינ דער מיט: — איר פּאר־שטייט דאָכ, מײַנע הערנ, — א געזעלשאפטלעכע ביבליאָטעק איז פּאָסל... א יידישע ביבליאָטעק — טרייפ... א ביליקע ביבליאָטעק איז ניט קאָשער... קויפלט דאָס, זײַט מויכל — האָט איר ניט מער אונ ניט ווייניקער, ווי א קוב אינ טארפּע!.. אונ ארומ דעמ איז צירקוליארנ אונ פּאָרשריפטנ, עפנטלעכע אונ געהיימע — א בארג! קאָנ מענ שוינ קריגנ א דערלויבע־ניש אפּ אזא ביבליאָטעק?.. — ער האָט ווידער געמאכט אנ אניוועסדיק שמייכעלע:

— נאָר... מיר אז מע הייסט, דארפּ איכ אָפּטאָנ.. איכ בינ דאָכ באמ פּאָלק יִשׂראל ניט מער, ווי א מעשאָרעס... א מעשאָרעס טוט, וואָס מע הייסט, כאָטש שפּרינג) אריבער זיכ.

— כא־כא... — האָט מייערסאָנ אָנגעקוואָלנ, אונ מאנדעלשטאמ האָט צוגעשמייכלט.

— עס קאָנענ דורכגיינ מאָנאטנ אונ יאָרנ, — האָט ער צוגעגעבנ געהויבענער: — יאָרנ — אונ מע זאָל ערשט ניט קריגנ אָט דאָס שטיקל פּאפּירל... אָבער — מע האָט דאָס איבערגעגעבנ מיר — מוז איכ קריגנ!

— אָ־אָט! — האָט ער ווידער א פאָכע געטאָנ מיטנ פאפירל אינ האנט.

מע האָט געפאטשט בראוואָ, מ'האָט צו אימ געשמייכלט, מ'האָט אימ גערימט, מע האָט אימ געדאנקט.

האָט אדוואָקאט שטיינבערג זײַנע „קורצע פאָר ווערטער" פארענדיקט גיכ: — אנ אדוואָקאט גיט זיכ אנ אייצע: די דערלויבעניש איז אפנ נאָמענ פונ א פריוואטער פערזאָנ, איר פארשטייט, איכ האָב שוינ אלײנ אויפגעזוכט א יונגנמאנ מיט א „גלאטנ" נאָמענ פארנ גובערנאטער... אונ ער פארשטייט דאפקע א בוכ, אונ וועט זײַנ פאסנד פאר אונדז... מיסטאמע וועט ער דארפנ זײַנ דער ביבליאָטעקער — מיסטאמע...

די ערשטע געלויבטע יונגנט האָט א קוק געטאָנ אפנ ערשטנ גערימטנ דאָקטער בראנזבורג — ווי נעמט ער דאָס אָנ... ער איז געזעסנ אָפגעקערט זײַטיק.

— אונ אזוי ווי אינ דער דערלויבעניש איז געזאָגט געוואָרנ — דאָס האָב איכ עקסטרע אינ אזא נוסעכ ארײַנגעשטעלט, וואָס זאָל ניט שטעכנ אינ די אויגנ, — אזא נוסעכ:

«И книги по вопросам Юдаики
на разных языках»

וועט מענ שוינ אינ ביבליאָטעק קאָנענ האלטנ אויכ ייִדישע ביכער, כ'מיינ העברעיִשע ביכער, וואָס מער העברעיִש..

— א! — האָבנ די דערבײַיִקע אזש א קרעכצ געטאָנ פונ היספּײַלעמ אונ צופרידנקײַט. — אָט דאָס איז א פונקט! אונ קאָשער! בראוואָ!

שטיינבערג האָט זיכ כאָשעוודיק צוגעזעצט אונ צו אלעמענ געלויכטנ.

3

דאָקטער בראנזבורג האָט זיכ האסטיק א קער געטאָנ צומ טיש.

— „יודאיִקי" — איז פארנ גובערנאטער — אז אימ איז ליב... אָבער פאר אונדז: „וואָס מער העברעיִש"... ווער דארפ עס?.. — האָט ער ברוגעזדיק געוואָרפנ, — צו וואָס העברעיִשע ביכער?

אדוואָקאט שטיינבערג האָט זיכ גלײַכ אויפגעשטעלט, ווי בא אנ אומרו־סיגנאל: ער האָט ברייט צעפירט די הענט:

— מארק דאווידאָוויטש! וואָס רעדט איר? די אוצרעס פונ אונדזער גלענצנדנ אָוואר!.. די שפראכ פונ דער ביבל — די מוטער פונ ביכער,

ווי היינע האָט געזאָגט... די שפּראַך פון געוויינים — געוויינים פון דער מענטשהייט, ווי רעגנבויגן האָט אָנערקענט... די נעשאָמע פון פאָלק... דאָס ליכט פון דער יוגנט...

וואָס מער שטיינבערג האָט געהערט זיין טענאָר־שטים אין פּאַטאָס, און געגלאַנצט זיינע אויגן מיט אויסדרוק פון באַדייטונג, האָט בראַנזבורג אַלץ מער זיך באַוועגט אין אומגעדולד און זיך געקנייטשט.

— עפּשער וואָלט מען זיך בעסער אַראָפּלאָזן צום דויפעק פון לעבן...

מאַנדעלשטאַם האָט זיך הויך צעלאַכט: — אַדוואָקאַטן לאָזן ניט איין די נעשאָמע... און דאָקטוירים ווילן אָנכאַפּן דעם דויפעק...

— יע, יע — האָט בראַנזבורג זיך געהיצט, — איר כאַפּט אָן אין אַן אָדער דעם לעבעדיקן בלוט־שטראָם, וואָס שלאָגט, צירקולירט... דאָס איז דאָס לעבן! ניט קיין מוזיי פון אַלטע אַנטיקן, אויסטערלישע אויצ־רעס פאַר מעווינים. נאָר א ביבליאָטעק פון ביכער אָנגעזעטיקט מיט יואָ־רעם בלוט, וואָס זאָל צירקולירן, שלאָגן און ווירקן אין לעבן אַריין...

— בראַוואָ! — האָט די יוגנט צוגעיילט.

— זאָלן זיין יידישע ביכער...

— מיינט איר זשאַר־גאָן? — האָט שטיינבערג איבערגעריסן און קימאַט דערשראָקן צעוואָרפן מיט די הענט, אַז די האַרטע בלאַנקענדע מאַנקעטן האָבן זיך מיט א קנאַק אַרויסגערוקט פון די אַרבל פון עם ראָק, אויבעט אופגערודערטע, אָט די האַרטע מאַנקעטן...— זשאַרגאָן?!.. האָט ער נאָך העבער און נאָך מער געשטוינט.

— און אַז איר וועט א דריטן מאָל זאָגן: „זשאַר־גאָן" — וועט איר דערמיט פּאַסלענען א שפּראַך פון מיליאָנען?..

— נו־או־או... — האָט שטיינבערג זיך געקנייטשט אין געקנייטשט, — אויב אַזוי... איז עס דען א שפּראַך? א שפּראַך, ווי איך מיט אייך פאַר־שטייען? מיט א גראַמאַטיק.. פאַרמאָגט עס דען א ליטעראַטור?.. און ווער לייענט דאָס? ווער לייענט דאָס די מייסע־ביכלעך? — עפּשער — שניידער־יונגען, שוסטאַרעס, אַמעראַצים, א נייטערקע, וואָס טוט אָן שאַבעס א פּאַסטערקע, א הויזמיידל, וואָס וואַרפט אונטער א מאַמזער... איך בעט מעכילע בא די דאַמען — צווישן אונדז גערעדט: דער פאַר־ברעכערישער עלעמענט...

— דאָס קען זאָגן א מענוול... — האָט זיך בראַנזבורג אופגעכאַפּט,

נאָר די פרוי, ניגע, וואָס איז נעבנ אימ געזעסנ, האָט אימ מיט א האנט דאָס מויל פארמאכט אפנ האלבנ וואָרט.

— איכ פראָטעסטיר! — האָט בראנזבורג א קלאפ געטאָנ מיט א האנט אָנ שטול, ווו ער איז געזעסנ, — איכ — קאָנ דאָס ניט...

— אונ איכ פראָטעסטיר אויכ! — האָט נאָכ העפטיקער א קלאפ געטאָנ מיט א פויסט אָנ טיש בעב גאָלדמאנ, אונ האָט זיכ גלייכ אומגעקוקט אפנ דאָקטער בראנזבורג — וואָס טוט ער ווייטער...

בראנזבורגנ האָבנ שוינ ארומגערינגלט, אויסער זײַנ פרוי, אונ דעמ שוואָגער בענעדיקט — אויכ סלאווא באָריסאָווגא אונ העלענא סאָלאָמאָנאָווגא, וואָס האָבנ אימ ניט געלאָזט אוועקגייג פונ פארזאמלונג, אונ האָבנ אימ אוועקגעזעצט צוריק אפ זײַנ אָרט. דעמלט האָט בעב אומגעקערט דאָס פאָנעמ צומ טיש, האָט עטוואָס געבלייבט, אונ מיט א שטימ, וואָס האָט זיכ קעסיידער געהעכערט אונ געהעכערט, ביז עס האָט צולעצט א רימ געטאָנ, ווי פונ עפעס געפלאצט, האָט ער גע־וואָרפנ צעקאָכט אונ בייזעריק:

— ראבויסיי!... די שוסטארעס אונ שנײַדער־יונגענ ארבעטנ אפ אונדז... איכ בינ א... א... (ער האָט געוואָלט זאָגנ א „סאָציאליסט", נאָר דערזעענדיק אפ דער פארזאמלונג עטלעכע „פרעמדע", ניט קיינ „אייגענע" לייט—עפעס נײַע „נעגידימלעכ", האָט ער אפגיכ א זאָג געטאָנ).—איכ בינ א דעמאָקראט... נו, א ראדיקאל, אינגאנצנ א ראדי־קאל... איכ זאָג אָפנ: זיי ארבעטנ אפ אונדז... אונ דער אונטערגעוואָר־פענער מאמזער, ראבויסיי, איז אונדזערער!.. דער מאמזער איז ניט דער הויז־מיידלס, נאָר פונ אונדזערע גווירישע באָכערימ!..

א טייל האָט זיכ עפעס אָפגערוקט פונ טיש, ווי פונ שטיינער, וואָס פליִענ גלײַכ אינ פאָנעמ ארײַנ, געצילט פונ דער נאָענט, אונ א טייל — האָבנ זיכ צעלאכט. די לעצטע האָבנ דערנאָכ זיכ אָנגעהויבנ איבערנ טיש אונ צו די ערשטע אינ דער שטיל אונ אינ שמייכל, ווי אינ טרייסט, געזאָגט: — ער זאָגט מיסטאמע פונ סידער... אז בעב זאָגט, ווייס ער, א מומכע אינ די זאכנ...

דאמענ האָבנ אפ אימ בייזע בליקנ געוואָרפנ, מיידלעכ האָבנ אײַנ־געגורעט דאָס גערויטלט פאָנעמ אונ האָבנ עס מיט הענט געקילט.

מאקס שיינפעלד האָט א צי געגעבנ בעבנ פונ טיש — האָט אימ אינ דער זייט געשלעפט אונ געשעפטשעט אונ מיט א פינגער געדראָ־

עט. און בעב האָט געשמייכלט און זיכ געבייזערט, און צולעצט האָבנ זיכ ביידע צופרידנ צעלאַכט.

באַם טיש האָט זיכ אינ דער ווײַלע אופגעשטעלט בענעדיקט האמ-בורגער — האָט א דריי געטאָנ די וואָנצעס און האָט אָנגעהויבנ זיכער און פעסט:

— מאַרק! וואָס דו פּראָטעסטירסט, איז א קלייניקײַט! דו ביסט א גוטער דאָקטער — אַלע ווייסנ דאָס... א גוטער דאָקטער! און דו ביסט א וואַרעמער ייִד מיט א הייס האַרצ...

— כ'בינ ניט קיינ וואַרעמער ייִד... — האָט בראַנזבורג געמורמלט.

— און דו האָסט עס אינגאַנצנ אופגעטאָנ מיט דער ביבליאָטעק.

— ניט איכ... — האָט בראַנזבורג ווידער געמורמלט.

— מיר ווייסנ, אז דו...—האָט בענעדיקט זײַנס גערעדט...—א ביב-ליאָטעק פאַרנ פאָלק, ווי דו ווילסט. אַלע ווייסנ דאָס... און וואָס דו מורמלסט דאָ באַם טיש פונ דער זײַט, 'זײַנעג מיר דאָכ ניט מעכויעוו צו הערנ. בעסער שווײַג, און לאָז מיכ ריידנ. איכ וויים, וואָס איכ רייד. די ביבליאָטעק ווערט געגרינדעט פאַרנ פאָלק, און דאָס פאָלק וועט האָבנ צו באַדאַנקענ דעם דאָקטער בראַנזבורג און דעמ אַדוואָקאַט שטיינבערג!

— בראַוואָ! בראַוואָ! — דערהערנ זיכ אופמונטערנדע שטימענ.

— איצטער וועגנ די ביכער. מ'דאַרפ דאָכ ניט זײַנ קיינ ייִנגעלע, ווי אונדזער בעב, זאָל ער קיינ פאַריבל ניט האָבנ — אנ אייגענער שטי-פער... מיר דאַרפנ נעמענ דעמ טאָכ פונ דער זאַכ! און דער טאָכ איז אזא: זשאַרגאָנ איז זשאַרגאָנ!.. מאַרק! הער, וואָס איכ זאָג... מורמל ניט... און העברייִש איז העברייִש! לאָשנקוידעש! וואָס איז זשאַר-גאָנ? זשאַרגאָנ. מער ניט ווי זשאַרגאָנ... אָבער וואָס איז לאָשנקוידעש? לאָשנקוידעש דאָכ! לאָ—שנ—קוי—דעש!..

אַדוואָקאַט שטיינבערג, וואָס איז געווימ א מייוונ אפ א געראָטענער רעדע, האָט דער ערשטער געפּאַטשט „בראַוואָ".

— און נאָכ דאַרפ מענ צוגעבנ, — האָט זיכ דאָקטער קאַפּלאַנ אופ-געהויבנ אזוי בעקאָוועדיק, יוםטיש, ווי ער וואָלט זיכ דאָ אַרײַנגעזעצנ אינ זײַנ אייגענעמ שפאַנ, — לאָשנקוידעש איז ניט נאָר לאָשנקוידעש, וואָס האָט אַליינ האָט א גרויסע באַדײַטונג, נאָר דאָס איז אויכ די שפּראַכ פונ דער נאַציע... א נאַציע מיט א שפּראַכ, מיט א ביבל, מיט

געווייִמ... אונ זשאַרגאָנ איז ניט נאָר זשאַרגאָנ, נאָר ס'איז גאָר קיינ שפּראַכ ניט...

— נאָכנ „בראַוואָ", האָט זיכ אױפגעשטעלט מאַנדלשטאַמ אונ האָט אויסגעשטרעקט א האַנט מיט גאָלדענע רינגענ, האָט אויסגעגלאַנצט מיט די גאָלדענע ברילנ אונ אויסגעפינקלט מיט די זײַטיקע גאָלדענע ציינ אינ צעעפנטנ מויל:

— געערטע דאַמענ אונ הערנ! איכ בינ ניט קיינ אדוואָקאַט, קיינ יוריסט, וואָס קוקט זיכ איינ אינ דער געשאָמע...

שטיינבערג האָט אימ פרײַנטלעכ צוגעשמייכלט.

— אונ איכ בינ ניט קיינ דאָקטער, וואָס האַלט פאַרנ דויפּעק...

בראַנזבורג האָט זיכ נאָכ מער אָפּגעקערט פונ טיש אונ איז שוינ אויסגעקומענ קימאַט נאָר מיט דער פּאָטיליצע צומ אוילעמ.

— איכ בינ א געלערנטער לעסאָוואָד — דאָס איז אונדזער טיטל, וואָס מיר באַקומענ באַמ ענדיקנ אונדזער אינסטיטוט, דעמ וואַלד־אינסטיטוט. באַ אונדז איז דער עיקער — די סוויווע, דער קלימאַט! מיר קוקנ ניט דערויפ, וואָס ס'איז געווענ, נאָר וואָס עס קאָנ אויסוואַקסנ אינ דער סוויווע, ווי ס'קאָנ אויסבליִענ באַ אזא קלימאַט... איכ מיינ, איכ וואָלט זײַנ קעגנ זשאַרגאָנ — וועגנ דעמ איז אָפּגערעדט... אונ אויכ קעגנ לאָשנקוידעש עפּשער... איכ בינ אינ דעמ פּראַט, ווי אַלע־מאָל, א קאָסמאָפּאָליט... איכ בינ פאַר איינ שפּראַכ — די רוסישע, די שפּראַכ פונ דעמ היגנ קלימאַט...

— דאַרפט איר זײַנ פאַר אנטאָנאָווקער עפּל דורכויס... ניט פאַרזוכנ קיינ קרימער פּרוכטנ... ניט אײַער קלימאַט...—האָט בעב אפּנ קאָל גע־לאַכט.

— איכ וואָלט מײַנ אָפּאָנענט זייער לײַכט אָפּגעענטפערט, — האָט מאַנדעלשטאַמ עטוואָס א קער געטאָנ דאָס פּאָנעמ צו בעבנ, — נאָר איכ וויל ניט אָפּנעמענ צײַט באַ דער געערטער פאַרזאַמלונג... — ער האָט מיט די גאָלדענע ברילנ א בלענצל געטאָנ, ווי איינער, וואָס וואַקלט אופ א ווײַלע איבערנ וואַסער, איידער ער זינקט אַראָפּ... ער האָט זיכ, ווי ניט געוואָגט, אַראָפּגעלאָזט אופ זײַנ אָרט.

— איכ בינ אויכ נאָר פאַר רוסיש, — האָט מייערסאָנ עטוואָס אופ־געהויבנ דעמ קאָפּ אונ אויסגעשטעקט זײַנ שוואַרצ־קאַנטיקע באָרד, — צו וואָס דאַרפט איר דעמ „קלאָפּאָט": צי די שפּראַכ, צי יענע שפּראַכ?

רוסיש — איז אַנ קלאָפּאָט... יעדער ייִד האָרט אַביסל רוסיש. מ'טוט דאָכ דאָס פאַר ייִדנ!... פאַר וועמענ עפענענ מיר אַ ביבליאָטעק — אַ ביליקע, אַ צווייטיטלעכע, מיט אַלע פּריווילעגיעס? פאַרנ ייִדישנ פאָלק! איז גיט אים רוסישע ביכער. וואָס אַנדערש?..

— איכ בעט אַ וואָרט! — האָט אַפריִער אָנגעזאָגט אונ אַ דער־לויבעניש געבעטנ, ניט גלאַט גענומענ אונ געזאָגט — אָשער מערקינ פונ ברעג טיש.

— אַדעראַבע! אַדעראַבע! — האָט אופגעמונטערט שטיינבערג — דער לערער מערקינ האָט דאָס וואָרט!

— ווי איכ האָב זיכ נאָר דערוווּסט וועגנ דער גוטער איניציאַטיוו פונ ד״ר בראַנזבורג.

— ניט מײַנ איניציאַטיוו...—האָט בראַנזבורג זיכ געדרייט אַפנ שטול.

— האָב איכ גלייכ גענומענ טאָג אונ רײדנ וועגנ דעם... כ'האָב אַפילע געמיינט צו נעמענ אָפ זיכ די פליכטנ פונ אַ ביבליאָטעקער... נאָר איכ האָב אָנגענומענ אַ שטעלע אינ דער אַסעקוראַנצ־געזעלשאַפט „יאַקאָר“...

— זייער פײַנ פונ דײַנ זײַט...—פּאַטשט אים בעב איבערנ פּלייצע. מערקינ שמייכלט צו אונ אײַלט שוינ צעטומלט:

— לאַשנקווידעש לערנט מענ, קעדיי דערנאָכ צו פאַרגעסנ — איינס. לאַשנקווידעש איז—כומעש, לאַנג „והוא רחום“ פאַרדרייט מיט רע־צועס...

— אַ פײַנער לערער!..—האָט שמיינבערג אומצופרידנ איבערגעריסנ.— אַ סטראַכיר־אַגענט קאָנ שוינ דעמ עמעס זאָגנ...—האָט בעב געלאַכט.

— צו וואָס לערנט איר קינדער העברייִש?—

— דאָס איז בײַ ייִדנ אַ קינדער־קראַנקײַט, וואָס מע קרענקט אי־בער...

— דאָקטוירים מיינענ, אַז עס איז בעסער לעכאַטכילע ניט צו קרענקענ...

— וואָלט דאָכ עפּעס פעלנ!.. — האָט מערקינ אָפּגעוואָרפנ, — אונ צו־ריק: אַז ייִדנ זאָלנ טאַקע „יאַכלענ“ גוט העברייִש, איבערלייענענ יל״גס „קוצו של יוד“, סמאָלענסקינס „האַתעה“ אונ לילענבלומס, „חטאת נעו־רימ“, וואָלטנ מיר שוינ לאַנג פּאַטער ווערנ פונ אַ סאַכ פּאַנאַטיזמ...

אונ אזוי קומט אויס — זשארגאָנ: „דער ייִדישער ערעוו פּייסעכ", „דאָס פּוילישע ייִנגל"...

בעב האָט אימ אָנגעכאַפּט פארנ קליאַפּע: — איז פאר וואָס פאָרט ביסטו?..

— איכ בינ פאר אלצ... נאָר — אנטקעגנ קאָלטענעס, אײַנגאָרע שפּרעכנ, „לאָנג „והוא רחום". איכ בינ פאר „מוקצע" אונ פאר „יעי־צערהאָרע"...

— טפרו... — האָט אימ בעב אָפּגעשטעלט.

שטיינבערג האָט מיט א געצוווּנגענעמ שמייכל גענומענ רעזיומירנ:

— דער לערער מערקינ, וואָס ווייס די ליטעראטור, איז גאָר קעגנ פאנאטיזמ. אָבער ער קאָנסטאטירט דעמ ווערט פונ העברעיִשע ביכער, ווי ער האָט אָנגערופנ א רײַ קלאסישע ווערק... גאָר...

— דער פאנאטיזמ איז איצט ביכלאל שוואכער... — האָט בעע־ריקט באמערקט.

— ס'הייבט זיכ ניט אָנ... — האָט מערקינ אָפּגעכאפּט — מאגידימ...

— טרײַבט ניט איבער, — האָט שטיינבערג איבערגעריסנ שטרענג: גאָר אָנ רעליגיע איז אוממעגלעכ א פאָלק, ווי א מעדינע — אָנ א קאָ־דעקס... דער האמוינ איז גענייטיקט אינ מאראלע צוימענ...

— או — או!.. — האָט בראנזבורג עפּעס בייז אויסגעהויכט. אונ שטיינבערג, וואָס האָט אפ אימ שטענדיק אכטונג געגעבנ, האָט גיכ אָפּגעוואָרפנ די טעמע.

— אלזאָ, געערטע פארזאמלונג — נאָכ דער קאָמפּעטענטער עקס־פּערטיזע וועגנ די קלאסישע ווערק אינ העברעיִש, וואָס קאָנענ נוצנ אפילע אנטקעגנ פאנאטיזמ, בלײַבט, אלזאָ, אז העברעיִש איז אָנגענומענ...

— וויאזוי בלײַבט? — האָט בראנזבורג שטרענג געפרעגט.

— איכ האָב א פאָרשלאָג, — רופט זיכ אָפּ מאקסימ שיינפעלד, — א בוכהענדלער ווייסט, אז א בוכ איז אפ יעדער שפּראכ א סכוירע, אבי די צענזור האָט דורכגעלאָזט... זאָלנ זײַנ אלע: רוסיש, העברעיִש, אונ זשארגאָנ אויכ...

— מירנ טאָנ א צוליב מארקנ, — מאכט בענעדיקט מיט א געפיל פונ א נאָענטנ קאָרעוו. אונ דערנאָענטערט זיכ צו בראנזבורגנ אונ רעדט אימ אײַנ אינ דער שטיל, אז ער זאָל ניט דערווידערנ: ס'פּאסט ניט, קעגנ העברעיִש...

ווײלט מענ א קאָמיסיע, וואָס זאָל אָפּקלײבנ ביכער, אכטונג געבנ אפ דער ביבליאָטעק: דאָקטער בראַנזבורג, סלאווא באָריסאָווגא אונ...

— בלומ!—רופט אָנ סלאווא באָריסאָוונא.

— דאָוויד באָריסאָוויטש! — כאַפּט זיכ אָנ בראַנזבורג אונ די פרוי זײַנע. זײ האָבנ נעקענט בלומענ שוינ א לענגערע צײַט. ער האָט זײ געהאָלפנ צו אָרגאַניזירנ גרופּעס פאַר זעלבסטבילדונג, הײמישע רעפעראַטנ אונ לעקציעס אפ נאַטור־וויסנשאַפטלעכע אונ געזעלשאַפט־לעכע טעמעס, קאָלעקטיווע אפ אויסצושרײַבנ זשורנאַלנ אונ טײַערע בי־כער. בראַנזבורג ווײס, אז דער אופטו וועגנ אזא ביבליאָטעק געהערט נאָר בלומענ — ער האָט עס אײַנ א געשפּרעכ צוגעוואָרפנ אזא אידײ.

— דאָוויד באָריסאָוויטש בלומ!—רופט ער אויס.

— וואָס איז דאָס פאַר א בלומ?—פרעגט זיכ נאָכ שטײנבערג.

— א דעמאָקראַט, — שמײכלט עפּעס מעריקינ.

— א דע—מאָ—קראַט,—כאַזערט איבער מאַנדלשטאַמ, — א׳—הא יענער... — אונ ער ווענדט זיכ צו סלאווא באָריסאָוונא. — דער וואָס... דעמלט בא אײַכ...

זי שאָקלט נאָר צו מיטנ קאָפּ אונ אײַלט צו שטיצנ דעמ פאָרשלאָג:

— דאָוויד באָריסאָוויטש בלומ!

— אָנגענומענ! — שמײכלט צו שטײנבערג. — ווײַבאַלד איר זײַט דערפאַר...

— אָט איז א צעטל,—האָט בעב אָנגעזאָגט געהויבנ,—א רעשימע פונ ביכער, וואָס איכ אַלײנ האָב צונויפגענומענ.

— דאָס וועט איר שוינ דורכרײדנ מיטנ דאָקטער בראַנזבורג — האָט שטײנבערג געײַלט, — מאַרק האָווידאָוויטש וועט שוינ אַלצ באַ־זאָרגנ... איכ האָב אײַכ די ביבליאָטעק געעפנט, אונ איר פירט זי נאָר, אז מ׳זאָל עס ניט פאַרמאַכנ... די זיצונג איז געשלאָסנ.

# III. גײענ וואַנדערער

## 1

די ביבליאָטעק האָט זיכ גיכ אָרגאַניזירט. בעב האָט כײשעק צו רודערנ, אופכאַפּנ וואָס א גרעסערנ פּלאַנ, זיכ שטעלנ ברײט אונ מיט

גאָרלעם פאַרטומלענ אַנדערע און — אָפּבּרענענ אינ שאָענ און אינ טעג קורצע...

אויפגעזוכט א לאָקאַל, וואָס איז אימ געפעלנ געוואָרנ, האָט ער גלייַכ א שאָקאָלאַדל אַרייַנגעוואָרפנ זיכ אינ מויל אַרייַנ, מעכאַבער געווענ פייגינענ דעמ ביבליאָטעקער און אויכ דעמ באַלעבאָס פונ הויפ. און צוגעשמייכלט גוואַלדיק מיט די פולע באַקנ, האָט ער פונ א קליינ אויבערשטנ וועסטל־טעשל מיט צוויי פינגער קוים אַרויסבאַקומענ עטלעכע צונויפגעדרייטע אַסיגנאַציעס, פאַרשטעקטע ווי פאַפירלעכ פונ אויסגעהוילטע קאָנפעקטלעכ. האָט פאַנאַנדערגעוויקלט א רויטע צענרובלדיקע און א וואָרפ געטאָנ צומ באַלעבאָס:

— און שרייבט אָנ א קאָנטראַקטל... אויב איר גלייבט ניט אָפ זייַנ נאָמענ, — האָט ער אָנגעוויזנ אָפ פייגינענ, — איז שרייבט אָפ מייַנ נאָמענ... איכ קאָנ באַשטיינ אייַערע פאָר רובליאָקעס דירעגעלט....

און ער האָט זיכ צעלאַכט: אָנטרויענ בעבנ, גאָלדמאַנס זונ...

פייגינ, אינ אָרעמקייַט א דערשלאָגענער, האָט געשטיקט אינ זיכ זייַנ פאַרוווּנדערונג און, צוריקגייענדיק מיט בעבנ, האָט ער נאָר מיט די אַקסלענ געצויגנ און געשוויגנ.

— וואָס זאָגט איר, פייגינ? — האָט דערפאַר בעב גערעדט צופרידנ. — וואָס זאָגט איר, ווי איכ מאַכ געשעפטנ? דער כאָסיד האָט, אַפאָנעמ, קיינ כיישעק ניט געהאַט צו פאַרדינגענ די דירע פאַר א ביבליאָטעק... האָב איכ אימ גלייַכ פאַרבלענדט מיטנ צענערל... און די ביבליאָטעק וועל איכ דאַפקע האַלטנ אָפנ שאַבעס... און זאָל ער מיר כאַראָטע האָבנ — דעמ קאָנטראַקטל האָט ער מיר אונטערגעשריבנ... איר פאַרשטייט, פייגינ, שאַבעס זייַנענ באַלמעלאָכעס פרייַ פונ אַרבעט, אינ ערגסטנ פאַל וועט איר אָפיציעל האַלטנ פאַרמאַכט דעמ פאַראַדאַרייַנגאַנג, און מ׳וועט צו אייַכ גייַנ דורכנ הויפ מיט דער אַנדערער טיר... כאַ־אַ־כאַ! בעניאָמינ מאַרקאָוויטש האָט א קאָפ!

— עפשער א צו גרויסע דירע — דרייַ גרויסע צימערנ.

— דאָס וויל איכ פאַר אייַכ דאַרפנ מאַכנ א דירע: און קומט אָנ אַרבעטער באַנאַכט נאָכ דער אַרבעט בעטנ א ביכל, זייַט איר דאָ אָפנ אָרט.

— איכ האָב דאָכ א דירע...

— זייַ ניט קיינ פעטעכ!.. — האָט ער אויפגעהערט צו אייַרצנ פאַר א זאַ

נאַרישקייט, — ער לאָזט זיכ נאָכ בעטנ!... איכ גיב אים א דירע אינ צענטער שטאָט...

— סײדנ די שוועסטער. זי זוכט א צימער אינ צענטער... א נייטערנ.

— נו־או, פעטעכ... אז בעט טוט, איז געטאָנ! דו מיט דער שוועסטער, דאַרפט איר זיכ באַזעצנ אינ א צימער דאָ. איכ לאָז אײַכ אויסהענגענ א שילד צום גאַס — געפּויעלט בא מיר... נא, נעמ שוינ! — האָט ער אים אַרײַנגעשטעקט א קאָנפעטל אינ מויל אַרײַנ.

—אומלעגאַלע ליטעראַטור — איינ אייסלאַנד געדרוקט, צי דאָ ערגעצ אינ א געהיימער דרוקערײַ — איר ווייסט פונ אַזעלכע ליטעראַטור? דאַרפ מענ דאָס אויכ געבנ לייענענ... אײַער קוואַרטיר דאַרפ זײַנ אינ ביבליאָטעק... איכ פאַרנעמ א זאַכ ברייט... נו, פאַרשטאַנענ? נאַט אײַכ נאָכ א קאָנפעטל....

איז שטיינבערג געווענ זייער צופרידנ, וואָס זײַנע „ווײַטע פאַרוואַנדטע", מ'זאָגט שוועסטערקינדער אָרעמע, האָבנ זיכ גוט אײַנגעאָרדנט צוליב אים... דער באָכער מיט א שטעל בא דער ביבליאָטעק, אונ דאָס מיידל מיט א נייוואַרשטאַט אינ צענטער־שטאָט. ער האָט זיכ אפילע באַרימט פאַר דער פרוי: — „וואָס זאָגסטו, געשטעלט זיי אַפ די פיס — מיט איינ פאַפירל! זיי באַזאָרגט — אונ רויִק אויכ פונ דער ביבליאָטעק — זאָל בראַנזבורג...

בראַנזבורג איז אפ דער דירע מאַסקים געווענ. א דירע באַזונדער — וועט נוצנ פאַר גרופּעס לערנענ, אינ לעצטנ צימער, ווו די שוועסטער, א פאַרטראַג האַלטנ פאַר אָפּגעקליבענע לייענער, נאָר — קיינ אומלעגאַלע ליטעראַטור ניט: די ביבליאָטעק זאָל מענ היטנ, ניט טרייפ מאַכנ. ער האָט פייגינענ אָנגעזאָגט שטרענג, ער זאָל ניט הערנ „דעמ ווינט" — בעבנ... ער איז אָבער מאַסקים געווענ מיט דאָווידס מיינונג, אז מע דאַרפ צו פייגינענ אינ זײַנ צימער אופזאַמלענ פונ שטאָט די „פאַרבאָטענע" ביכער אונ זשורנאַלנ, וואָס זײַנענ אמאָל געדרוקטע געווענ קאָשער, אונ זײַנענ דערנאָכ ערשט אויסגעשטראָכנ געוואָרנ פונ די ביבליאָטעק־קאַטאַלאָגנ... האָט פייגינ די „פאַרבאָטענע" ביכער ניט אַרײַנגעשריבנ אינ קאַטאַלאָג, געהאַלטנ גאַנצ פריוואַט א ביסל אינ זײַנ צימער אונ א ביסל — אינ די שופלאָדנ אינ לעצטנ צימער בא דער שוועסטער.

דאָוויד האָט פייגינענ באַקאַנט מיט איסאַקנ און מיט כאַנקענ און אָנגעזאָגט, אַז זיי וועלנ אימ אָנווײַזנ וועמענ ער וועט קאָנענ, ניט פאַרשריבענערהייט, אַרויסגעבנ אָט די „פאַרבאָטענע" ביכער.

פונ אַ פּאָר לענגערע געשפּרעכנ מיט דאָווידנ און דערהויפּט, צוזעענדיק אָפט, ווי דאָוויד פאַרברענגט מיט אַ לייענער — אַזוי פאַרבײַגייענדיק — וועגנ בוכ, וואָס ער ברענגט אָפּ און וועגנ בוכ, וואָס ער לייגט אימ פאָר, — האָט פייגינ זיכ אָנגעשטויסנ, וואָס הייסט אַ „געזעלשאַפטלעכער" ביבליאָטעקער, וואָס ניט נאָר ער דערלאַנגט, נאָר ער רעקאָמענדירט דעמ לייענער דעמ בוכ.

2

סלאַווע האָט זיכ באַגעגנט מיט דאָווידנ אינ ביבליאָטעק אויסשרײַבנ אַ רעשימע נייטיקע ביכער. פייגינ האָט זיי דורכגעלאָזט אינ זײַנ צימער, האָט צוגעמאַכט די טיר, קיינער זאָל זיי ניט שטערנ. סלאַווע האָט מיטגעבראַכט פונ מאַקסימס שיינפעלד אַ פּעקל קאַטאַלאָגנ פונ די נײַסטע אויסגאַבנ. זיי האָבנ באַשלאָסנ אויכ אויסצושרײַבנ עטלעכע נײַע זשורנאַלנ, באַקענענ די לייענער מיטנ „הייסנ שטראָמ פונ דעמ בלוט־צאַפּלדיקנ צײַט־פּולס"...

— מ'קענ פייגינענ אָנווײַזנ אינ וואָסער העפט פונ וועלכנ זשורנאַל ס'איז דאָ אַ פאַכנדע דערציילונג, אַנ אַרטיקל, און ער וועט עס שוינ רעקאָמענדירנ: „לייענט דורכ" — „ס'איז אינטערעסאַנט"...

דאָוויד איז געזעסנ אָנגעבויגנ, געלאָזט זײַנע קאַרע אויגנ זיכ אַרומיאָגנ איבער צענדליקער אויסגעשפּרייטע קאָלירטע קאַטאַלאָגבלעטלעכ. סלאַווקע האָט זיכ צו אימ צוגערוקט, אַמאָל זיצנדיק און אַמאָל אופשטעלנדיק זיכ, אָנגעלענט אָפּ זײַנ אַקסל און האָט זיכ געפרייט — מיט יעדנ נײַעמ אײַנגעשריבענעמ בוכ, ווי מיט אַ נײַעמ ציגל אינ אַ ביניענ אײַנגעמויערט.

— זייער גוט אופגעטאָנ!... — האָט זי געריימט אימ אינ אויער אַרײַנ — אַ ביבליאָטעק — איז אַ צענטער! איכ האָב שוינ געקראָגנ נאָכ אַנ עקזעמפּליאַר «Лес рубят, щепки летят», דער איינציקער, וואָס איז געווענ, איז שטענדיק פאַרנומענ... דאָס איז פונ די „פאַרבאָטענע" דאָכ... דאָוויד! פייגינ זאָגט, אַז אַ ריי לייענער בעטנ, מ'זאָל זיי מער עפּעס דערקלערנ וועגנ דאַרוויניזמ... עפּשער אַ שמו־

עס? א רעפעראט? אונדזער ביבליאָטעק וועט ווערנ אנ אוניווערסיטעט פאר זעלבסטבילדונג אונ אנטוויקלונג אינ א באשטימטער...

דאָוויד האָט צו איר די אויגנ א קער געטאָנ אונ דערזענ, אז זי איז רויט געוואָרנ, זיכ פארשעמט פאר אירע אייגענע היספּײַלעס.

זי האָט לײַכט אויסגעשפּרייט איר האנט אפ זײַנ אקסל.

— פונ שטיינבערגנ זײַנענ מיר שוינ פּאַטער — ער קוקט ניט ארײַנ אהער... אונ גאָלדמאנ בעב האָט זײַנס אָפּגעטומלט, אונ — גענוג... ניטאָ.

— זעלטענע נײַע ביכער, — האָט דאָוויד געטײַטלט מיט א פינ־גער אינ די קאטאלאָגנ, אונ האָט זיי שנעל ארײַנגעשריבנ אינ רע־שימע: — מיטאמאָל זיכ באוויזנ, ווי מע וואָלט פונ ערגעצ א קוואל געעפנט...

זי האָט זיכ צו אימ צוגעבויגנ נעענטער אונ האָט מיט איר הייסנ אָטעמ די האָר אפ זײַנ קאָפּ געשויבערט.

ער האָט זיכ האסטיק אָפּגערוקט פונ טיש, באלד האָט ער זיכ אופגעשטעלט, האָט פארקלענערט דאָס לינקע אויג, קימאט צוגעמאכט, צונויפגענומענ קנייטשנ צווישנ די ווייעס, אונ האָט אינ דער זײַט, ווי צו עמעצנ, אָפּגעצויגנ ארויסגעזאָגט: „גייענ וואנדערער אינ א וועג — ניט אלע גייענ גראד אזוי, אונ ווײַט”...

סלאווע האָט עפּעס פאריבלדיק די לאנגע ברעמענ אראָפּגעלאָזט.

ער האָט א שפּרײַז געטאָנ איבערנ צימער, דעמ קאָפּ געבויגנ...

..גייענ וואנדערער אינ א וועג. — איינער גייט נאָר ביז א נאָענטער סטאנציע... אונ אנ אנדערער שפּאנט דורכ שווערע עטאפּנ — ביזנ ווײַטנ סיביר... האָט ער פאר זיכ פארטראכט ארויסגעזאָגט אינ שפּאנענ.

— זיי זײַנענ דאָ, — האָט זיכ אינ דער געעפנטער טיר ארײַנגע־רוקט מערקינ. ער האָט זיכ העפלעכ פארנייגט צו סלאווענ, וואָס האָט שוינ געײַלט אופקלייבנ די קאטאלאָגבלעטלעכ אונ די רעשימעס.

— פּייִנינ האָט מיר געזאָגט, אז איר זײַט דאָ. איכ קומ אויכ ארײַנ אָפּט. אי, איז דאָס א ביבליאָטעק! נאָט אײַכ די לעצטע ציפערנ. זײַנענ דאָ 236 לייענער, דערפונ 167 ארבעטער, די איבעריקע עקסטערנע. 60 לייענער באקומענ ביכער אָנ ארוועס־געלט. נאָר אפּ בעטוכעס־צעטלעכ: דאָקטער בראנזבורגס אונ דײַנע — א גרויסער בעטוכ געוואָרנ בלומ! מײַנע אויכ: איכ שיק צו א יעשיווע־באָכער

אונ הײס אימ געבנ דעמ „חטאָס נעורימ" — מײַנ „חטאָס נעורימ" אָפּגעגעבנ אהער. איכ שרײַב אָנ א גרויסע קאָרעספּאָנדענצ...

— נאָר ניט שרײַבנ, — האָט אימ דאָוויד געוואָרנט.

— אונ שטײנבערג האָט מיכ שוינ געפרעגט, צי האָב איכ געשריבנ, אונ בעכ מײנט אויכ, אז מ'דארפ אָנשרײַבנ, עפּעס דארפ מענ שרײַבנ... כ'פארשטײ, די „טרײפע" פּראָטימ פארשווײַגנ...

— פארשווײַגנ אײנגאנצנ — געזינטער...

— בראנזבורג האלט אויכ, אז מ'דארפ ניט שרײַבנ. איז גאָר ניט שרײַבנ? א שאָדנ! עס וואָלט זײַנ א פײַנע קאָרעספּאָנדענצ פאר א ליבעראלער צײַטונג.

דאָוויד האָט זיכ מיט אימ געזעגנט.

— א שאָדנ, וואָס אָנ מיר האָט איר געמאכט די רעשימע. כ'וואָלט ארײַנשרײַבנ די „יעפּארכיאלני וועדאָמאָסטי", כײ־כי — „זשיטיא סוויאטיכ"... אונ עפּעס דראָשעס אפ אלע שאבעס צו דער סעדרע פונ דער וואָכ, — אינ זשארגאָנ — צו פארשטארקנ דעמ דאָס (דת) באמ האמוינ... — האָט ער פארענדיקט מיט א מאגידישנ ניגנ...

סלאָווע איז ארויס פונ צימער.

מערקינ האָט פארהאלטנ דאָווידנ:

— זאָג מיר, ווו איז בעכ פארפאלנ? מ'זאָל בעכנ ניט הערנ, שוינ א פּאָר וואָכנ!... כ'מײנ, אז ער וואלגערט זיכ ערגעצ בא מײדלעכ...

דאָוויד איז שנעל אוועק, נאָר מערקינ האָט עטוואָס שטײַפער צו־געמאכט די טיר אונ האָט מיט האנאָעדיקנ שמײכל געשאָטנ:

— זאָג, בעכ האָט דיכ נאָכ קײנמאָל ניט מעכאבער געווענ מיט א מײדעלע?... ווײַל דו ביסט א באטלענ!... מיכ איז ער אָפּט מעכא־בער — ער צאָלט אָפּ...

דאָוויד האָט זיכ א ריס געטאָנ.

— ער רײַסט זיכ, ווי פונ א פענטע, מ'זאָל מיט א מענטשנ ניט קענענ רײדנ. ווי געפעלט דיר פײגינס שוועסטער? א טײַערע מײדעלע. איכ האָב אָנגעהויבנ ארײַנצוגײנ צו איר אָפּט... ליזעלע איז א ביסל שענער... עפּשער... וואָס זאָגסטו, ליזעלע וויל טאקע כאסענע האָבנ מיטנ „קאלטנ" פילאָסאָפ?...

דאָוויד איז שוינ געווענ אפ יענער זײַט טיר. ער האָט אויסגעשפּיגנ מאָדנע אופגעבראכט, אונ האָט געאײַלט אָניאָגנ סלאָווענ.

3

צוזאַמען זײַנען זיי אַװעק באַמעלעכ. דאַװיד האָט פּאַרױכערט. סלאַװע האָט צוגעקוקט אַ װײַלע, נאָר באַלד האָט זי אָפּגעקערט דעם קאָפּ און איז אַװעק, שװײַגנדיק און שטיל.

אין אַ היפּשער װײַלע אַרום האָט זי װי פֿון דער מאַכשאָװע אין דער שטיל אַרױסגעזאָגט: „גײען װאַנדערער אין אַ װעג"...

דאַװיד האָט דעם קאָפּ אַראָפּגעלאָזן.

— „גײען װאַנדערער אין אַ װעג"... — האָט זי נאָכאַמאָל אַרױסגעזאָגט אין קלעם.

— צו װאָס באַזערט איר דאָס אײַך? — האָט ער מער געבעטן, װי געפֿרעגט. ער האָט זיך געפֿילט ניט אַזױ שולדיק, װי פֿאַרדראָסיק אַפֿ זיך אַליין: ער האָט דאָך איר װײ געטאָן.

— מ'דאַרף ניט באַזערן, — האָט זי די לאַנגע ברעמען אַראָפּגעלאָזט װי אַ פֿאָרהאַנג איבער אױגן פּאַרטונקלטע, — אײַערע װערטער זײַנען גוט געשליפֿן, זיי זעצן זיך אײַן אין געדעכעניש, װי שטײנדלעך אײַנגעפּאַסטע.

— איך מײן, אַז ניט װי בריליאַנטן... — האָט ער געװאָלט אַ שפּאַס מאַכן.

נאָר סלאַװע איז נאָך ערנסטער געװאָרן. קרענקלעך ערנסט.

— בריליאַנטן אין לעבעדיקן לײַב אײַנגעפּאַסט שנײַדן עפּשער נאָך מער...

זי האָט אירע ליפּן צונױפֿגעדריקט געשלאָסן, און אירע ברעמען האָבן געפֿלאַטערט איבער די אױגן, װאָס האָבן שטאַר זיך אומגעקוקט אין גאַנץ אַרום.

דאַװיד האָט מיטן שטעקן שטאַרק אַ קלאַפּ געטאָן אין ברוק.

זי האָט זיך אַ טרײסל געטאָן, האָט זיך האַסטיק אומגעקערט צו אים, און אָנגעקוקט זײַן פֿאַרקלעמט פּאָנעם מיטן װײ־קנײטש אין װינקל פֿון זײַנע ליפּן.

— דאַװיד, מירן אַרײַנגײן צו אונדז אַ װײַלע?

— סלאַװע... — ער האָט זיך אָפּגעשטעלט, — סלאַװע!

זי האָט צוגעקוקט און געװאַרט.

— סלאַװע, איך האָב ניט ליב צו אײַך צו גײן...

— איז קומט צו אײַך... — האָט זי פאַריבלדיק און בייזערדיק אפ גיך ארויסגעזאָגט, — איך וויל גיין צו אײַך, און איר צו מיר ניט?.. קומט צו אײַך... איר ווילט דאָך גיין גראַד און ווײַט... דורך אלע שווערע עטאַפן — ביזן ווײַטן סיביר... עפשער גייט איר נאָך ווײַטער...

אירע ליפן האָבן זיך שנעל באַוועגט, און די אויגן האָבן געבליצט מיט אויסגעקרימטע בליצן, וואָס לעשן זיך דאָ און פלאַמען אופ דאָרטן. איר שטאָלץ האָט זיך, ווי אן אָנגעפרעסטע פרוזשינע, שנעל א ריס געגעבן זיך אויסצוגלײַכן...

— גייען וואַנדערער אין א וועג... און איינער ווייס ניט, ווי ווײַט דער אנדערער גייט... אָט זײַנען מיר שוין באַם שטאָטזייגער — דאָ איז, אפּאָנעם, מײַן סטאַנציע, און מיר צעזעגענען זיך... פונדאַנען גיי איך אוועק צו מײַנע אין די אויבערשטע גאַסן, און איר — צו אײַערע — אין די אונטערשטע גאַסן... א סטאַנציע... אדיע?..

ער האָט איר האַנט פאַרהאַלטן אין זײַנער, און האָט צו איר מיט גרויסע קאַרע אויגן געקוקט. אויגן שטומע, בא וועלכע עס האָט אָקאָרשט ערשט דאָס לאָשן אָפּגענומען: אין זיי האָט נאָך א לעבעדיק פונק געצאַפּלט און געוואָלט רעדעוודיק ווערן.

איר ענלבויגן האָט אינדערלופטן געציטערט.

ער האָט זי אָנגענומען פאַרן עלנבויגן און האָט איר אין דער שטיל נאָכגעפירט ביז צום וואַל. דאָרטן אפ א נידעריקן בענקל אַן א ווענטל האָבן זיי זיך בײַדע אַראָפּגעלאָזט און זײַנען שווײַגנדיק געזעסן. לאַנג אָנגעקוקט אין דער ווײַט אפן דניעפּער, וואָס האָט אין זײַנע רויק־מאַטע וואַסערן אנטקעגן דער זון ווייניק זיך געקימערט, וואָס מענטשן האָבן א גרויס געפילדער אופגעהויבן אפן ברעג בא אן אָנגעלאָדענער לײַבע, ווי א צעשפּרייטע זשאַבע מיט אן אַראָפּגעריסענעם רוקן, און מע האָט פון די אינווייניקסטן געצופּט און געשלעפּט זעק און פעק — געײַלט אָנצוגרייטן פאַרן ווינטער.

דאָוויד האָט ווידער גערייכערט און מיטן שטעקן ליניעס געצייכנט אין זאַמדיקן גרונט: א לאַנגע ליניע און א קורצע, א לאַנגע און א קורצע.....

זי האָט בא אים דעם שטעקן פון האַנט גענומען און מיט האַסט אלע קורצע ליניעס דערפירט אין איין לענג, און זיי צוזאַמען פאַרייניקט.

דאַוויד האָט געשמייכלט.

— סלאַוויקע! מיר דוכט, איר זײַט שוינ ניט באַרויגעז... ס'האָט שוינ אינ אײַכ דערוואַכט דער מיידלשער קאַפּריז — מאַכנ אַלע ליניעס גלײַכע.

זי האָט געשוויגנ.

אַ גרוי פיגעלע איז פונ ערגעצ צוגעשפרונגענ, אַ קליינס, אַ צאַפּל־דיקס, האָט אינ קליינע שפרינגעלעכ היפּנדיק אַ ווײַלע אומגעפּלאָ־טערט אַרומ די לאַנגע שמאָלע נעזלעכ פונ סלאַוועס לאַקירטע שיכלעכ. האָט זיכ אינ פלאַטער צוגעשטעלט, מעיאַשעוו געווענ, אויסשטעלנדיק שוואַרצינקע קוקנדיקע פינטעלעכ — זײַטיקע אייגעלעכ, אונ האָט זיכ מיטאַמאָל אופגעהויבנ אונ זיכ אוועקגעטראָגנ געשווינד אונ פריידיק צומ דניעפּער, מיט פאָכנדיקע פליגעלעכ אויסשיטנדיק אַפנ וועג גרוסנ אונ גרוסנ צו אַלעמענ, צו אַלעמענ.

סלאַווע האָט פאַרקלעמט נאָכגעקוקט: — „פליגעלעכ!" — האָבנ אויגנ פאַרבענקט געטרוימט.

דאַוויד האָט צוגעקוקט אונ עס האָט אימ אַפּ עפּעס פאַרדראָסנ אונ פאַר עפּעס באַנק געטאָנ. אימ האָט זיכ געוואָלט אויסגלעטנ די פּאָר קנייטשלעכ אינ די ווינקלעכ פונ אירע ליפּנ, צעיאָגנ די טונקעלע שאָטנדלעכ, וואָס האָבנ זיכ אָנגעהאַנגענ אָנ אירע לאַנגע ברעמענ.

— סלאַווע... נעמט איר מיט קיינ פּעטערבורג די רעשימעס... אונ פונ דאָרטנ וועט איר צושיקנ די אַלע ביכער... סלאַווע... איר פאָרט אַפּ מיטנ דאַמפּער מאָרגנ פאַרנאַכט? ניט מיטנ שפּעטערדיקנ?

— איר ווילט קומענ באַגלייטנ?

— איכ וועל פונדאַנענ... דאָ אַפנ וואַל שטיינ...

— אונ איכ זאָל אײַכ זענ פונדערווײַטנ — אינ דער הייכ?..

— איר זײַט נאָכ אַלצ באַרויגעז? באַרויגעז קומט פונ אײַלעניש...

זי האָט אַפּ אימ אָנגעשטעלט גרויסע אויגנ.

— אַז מע אײַלט ניט — באַטראַכט מענ...

ער האָט זיכ אַ קער געטאָנ אָנ אַ זײַט.

— צו וואָס זאָל איכ זיכ ווי אַ שאָטנ אַרײַנפּלאָנטערנ צווישנ אַלע אײַערע באַגלייטער?...

זי האָט אַראָפּגעלאָזט דעמ קאָפּ אונ האָט פאַרטראַכט אונ פאַר־קלעמט, ווי מיט ווײַ פונ אירע אייגענע ליפּנ, אויסגעזויגנ:

— גייען וואַנ־דע־רער אינ א וועג... פאַרוואָס עפּעס וואַנדערער? — האָט זי געמאַנט.

דאַוויד האָט צערודערט ארומגעשפּאַנט ארומ בענקל.

— א וואַנדערער איז ניט קיינ טוישעוו פונ דעמ אלט־געזעסענעמ אָרט... פונ דעמ אלטנ אָפּגעריסנ. אָבער צומ נייעמ נאָכ ניט געקומענ... אינעמ וואַנדערנ זוכט מענ, דארפ מענ ערשט געפינענ — דאָס נייע, דאָס געגארטע...

— דאַוויד באַריסאָוויטש! — איר פּאָנעמ האָט אופגעפלאַמט אונ די אויגנ — אינ בליצנ: — איר מיינט: איכ קאָנ ניט וואַנדערנ?..

— איכ האָב עס ניט געזאָגט.

— איכ קאָנ ניט וויט וואַנדערנ, מיינט איר — וויט...

ער האָט געשוויגנ.

— אייערע אויבערשטע אונ אונטערשטע גאַסנ... די קליינע שטיב־לעכ אונ די גרויסע מויערנ... דאָס איז בא אייכ אנ איינגערעדטע...

— מיר וועלנ עס לאָזנ אפּ אנ אנדערש מאָל... — האָט ער ניט גערנ באַמערקט.

— פאַרוואָס? איר לייגט אלצ אָפּ אפּ אנ אנדער מאָל....

— ניט אלצ... — האָט ער געצוווּנגענ געשמייכלט.

— די רעוואָליוציע... איינזייטיקייט איז קיינ מיַילע ניט...

— מאָנט בא דער געשיכטע... די אלטע באָבעשע אליינ האָט אלע אייסאָקימ אָפּגעלייגט אינ א זייט, אונ האָט די אייגיקלעכ געהייסנ פאַרנעמענ זיכ נאָר מיט דעמ איינעמ... די רעוואָליוציע... אנדערע פילנ אונ פאָלגנ...

זי האָט דעמ קאָפּ געבויגנ נאָכ נידעריקער.

— יע! גייענ וואַנדערער... אפילע אינ דער אייגענער שטאָט וואַנ־דערנ מיר... פונ דער אייגענער הייומ, פונ יעדער שטוב וואַנדערנ מיר אויס — אינ די גאַסנ, אפּ די פּלעצער... ווענט זייַנענ אונדז פרעמד, אפילע פּייַנטלעכ... א סטעליע אונ א דאַכ דראָעט אונדז, ווי א שטייַנ, וואָס קאָנ מיטאמאָל פאַרשטיקנ... בלייַבנ פאַר אונדז נאָר די גאַסנ אונ די פּלעצער, ווו מיר וועלנ אמאָל אונדזערע ביניאָנימ אופשטעלנ... וואַנדערער... אפּ אונדז איז דאָס גוירל געפאַלנ, דורכוואַנ־דערנ א וועג...

דאַוויד האָט אוועקגעשפּרייזט וויַט פונ סלאָווענ אונ פונ דעמ

בענקל, ווו זי איז געזעסן געבויגן און אויסגעקרימט, און פון דער זייט אים נאָכגעקוקט מיט בליקן פון אויגן אָראָפּגעלאָזטע.

— איר גייט אַהיים? — האָט ער זיך דערנענטערט.

זי האָט אים אָנגעקוקט. ער האָט זיך צוגעזעצט נעבן איר. זי האָט זיך מיט אַ זייט צוגעטוליעט צו אים, האָט ברייט צעעפנטע און צעפּינקלטע אויגן אָנגעשטעלט אנטקעגן זיינע, וואָס האָבן זיך אַלץ מער געטונקלט.

— דאָוויד, איך גיי אַהיים — צו אייך... און — רעדט ניט... — זי האָט אים אַ האַנט אַוועקגעלייגט אַף די ליפּן. — כ'וויים אייערע ווערטער... צו אייך!.. צו אייך!.. — האָט זי פּאַרטראַכט שוין געטייַנעט...

— איך אַ קליין צימערל בין איך אַ פּינפטער... וועט איר זיין אַ זעקסטע.

— דאָוויד! — האָט זי זיך געבייזערט.

— סלאַוועקע! איר מיינט עפּשער: אַריין — און אַרויס... און מיך מיטנעמען צו אייך... דאָס וועט איך ניט געלינגען...

— איך מיין ניט!

ביידע קוקן זייטיק אין דער ווייט פאַרטראַכט.

— דאָוויד! — זי האָט שטיפעריש אויסגעבליצט מיטאַמאָל מיט אירע אויגן. — דאָוויד! וואָס פאַר אַ גרויס זאָל איך איבערגעבן נאַטוס-קען?.. כ'האָב אייך דאָך דערציילט, אַז היינטיקן פרילינג אין פּעטער-בורג האָט מיינער אַ באַקאַנטער אין אַן אַוונט אַריינגעבראַכט צו מיר אַ מיידל — איבערצוגעכטיקן אַ פּאָר נעכט... אַן אומלעגאַלע... ראָזע... די דריטע נאַכט, די לעצטע, אַז זי האָט זיך דערוווּסט פון וועלכער שטאָט איך בין, האָט זי מיך מיטאַמאָל אַ פרעג געטאָן: צי קען איך דאָרטן בלומען — דאָוויד בלום?.. ס'לאָזט אים גרוסן מירע... און... נאַטוסקע — אירע אַ באַקאַנטע...

זי האָט בא אים פון די הענט גענומען זיין שטעקן און מיט אים קלוימערשט גלייכגילטיק אָפּגעשאַרט שטיינדלעך אַרום אירע שיכלעך.

— איך האָב אייך דעם גרוס איבערגעגעבן גלייך, ווי איך בין געקומען... האָט איר דעמלט געשוויגן. ווער איז מירע? ווער איז נאַטוסקע?... נו, און צוריק אַ גרוס? עפּשער וועט זיך ווידער אָנטרעפן די ראָזע צו מיר? און עפּשער איז עס גאָר נאַטוסקע אַליין?

דאָוויד האָט אַוועקגעשפּרייזט ווייט פון בענקל.

האָט זי זיכ אופגעשטעלט. אויסגעגלײַכט. זי האָט א ווײַלע דערפילט אַלע אירע גלידער, ווי אָנגעווייטעקטע פונ עפּעס, האָט זי עטלעכע מאָל נאָכאַנאַנד גימנאַסטיש א צוק געטאָנ מיט איר קערפּער.

— דאָוויד! — זי האָט געשמייכלט, — מיר גייענ צו מיר אַרײַנ... א ווײַלע... אַרײַנ — אונ אַרויס... כ'וועל אײַכ ניט פאַרהאַלטנ, כאָלילע...

זי האָט שטיפעריש געלאַכט: — מירנ זיכ נאָר זעגענענ...

זי האָט אימ אונטערנ האַנט גענומענ:

— אינ פּעטערבורג וועל איכ באַטראַכטנ... אַלצ באַטראַכטנ... אונ — א גרוס אָפּגעבנ... כ'ווייס דעמ גרוס...

דאָוויד האָט א ציטער געטאָנ אָפּ איר האַנט, אונ זי האָט זיכ פעסטער, ענגער צוגעטוליעט צו אימ.

## IV. אינ נאַכט

1

בעב איז א צײַט לאַנג פאַרפאַלנ געוואָרנ פונ די גאַסנ אונ פונ באַקאַנטע. אינ דער היימ אינ די ווייניקע צײַט, וואָס ער פלעגט זיכ דאָרט באַווײַזנ, איז ער געווענ צעטראָגנ, פאַרטראַכט. האָט מענ געלאַכט: „בעב האָט עפּעס באַקומענ דײַגעס". בא דער מאַמא האָט ער קעדײַדער גענומענ געלט בעטנ — ס'איז אימ ווייניק דאָס טאַשנגעלט, וואָס זי פלעגט אימ געווײַנלעכ אַרויסגעבנ יעדנ זונטיק אָפּ א וואָכ פאָרויס.

— מאַמא, אז דו זאָלסט וויסנ!.. כ'דאַרפ געלט דערווײַל...

ער האָט צוגעליִענ באַמ עלטערנ ברודער, בא מיכאַילנ, א באָכער נאָכ, וואָס האָט פּראַקטיקירט אַלס דאָקטער אונ געווױנט צוזאַמענ מיט די עלטערנ.

— מיכאַילַ, לײַ מיר אויס א האַלבע „קאַטערינקע", כ'וועל דיר אָפּגעבנ... — מישע, זײַ אַמאָל א באַרהאַס, לײַ א פינפ־אונ־צוואַנציקער... — מישקע, גיב שוינ אָפּ א פּאָר טעג כאָטש א צוויי צענערלעכ...

— דו דאַרפסט דאָכ אָפּ פּאַטערנ... — פלעגט יענער צולעצט א שמייכל טאָנ מיט אײַנ צענערל.

— דו וועסט עס ניט פאַרשטיינ... דו ביסט דאָכ א פּאַשעטער...

און בעב איז זיכער, איצט נאָכ מער, ווי אַלעמאָל, אַז ער אַליינ איז גאָרניט קיינ פּאָשעטער. אָט, אָט וועט ער עפּעס אויפטאָנ!

דערווייל האָט ער אָנגעוואָרנ זײַנ געוויינלעכע טעווע צו טומלענ זיכ און אַנדערע. די צעשטרויטע לוסטיקייט זײַנע, וואָס פלעגט זיכ פונ אים צעשפּרייטנ אַרום אינ הילכיקע ווערטער, אינ אַ קלינגענדנ געלעכטער, אינ האַנאַעדיקע שפּאַסנ אינ שטוב און אויפ די גאַסנ, האָט זיכ איצט פאַרביטנ מיט אַ קאָנצענטרירטער אויפגעהאַלטנקייט. זײַנע פולע רויטלעכע ליפּנ זײַנענ איצט צוגעמאַכטע, און פונ זיי האָבנ זיכ קנייטשלעכ צעשפּרייט פונ ביידע זײַטנ אונטער זײַנע פולע אָנגעהויפנטע באַקנ, וואָס האָבנ שטענדיק אויסגעזענ אַזוי, ווי זיי וואָלטנ געהאַט באַהאַלטנ אינווייניק צו אַ גרויסנ וועלעשנ נוס אונטער יעדנ באַק באַזונדער. אָבער אַ לוסטיק פײַערל, דערווײַל אַ פאַרשטעלטס, אינ זײַנע טונקעלע אויגנ, האָט ווי אָנגעזאָגט, אַז אָט באַלד וועט זיכ עפּעס אָנטפּלעקנ — און איבעראַשנ...

2

אָנגעהויבנ האָט זיכ עס פאַר בעבנ אַזוי פּאָשעט.

וואָס קאָנ זײַנ פּאָשעטער? מאָנטיק און דאָנערשטיק — טעג נאָכנ ניט־ייִדישנ זונטיק און פאַרנ ייִדישנ שאַבעס, און פאַר בעבנ און אַזעלכע ווי ער, אַלציינס פרײַע טעג — גייט מענ גערנ צוגאַסט צו „מאַריעטשקענ“...

מעהקינ האָט שוינ ניט איינמאָל אָנגעקוואָלנ.

— אַ מאַגייפע אַפ דיר, — דו דאַרפסט האַפקע אינ „לאַנג והוא רחום“...

— אַוואַדע — דאָס זײַנענ די קאָשערסטע טעג: טעג פונ סאַניטאַר־דאָקטער — פונ „סמאָטר“...

קומט מענ אַרײַנ מאָנטיק פאַרנאַכט צו מאַריעטשקענ. אינ זאַל דרייע זיכ אַרום „מוידנ — ניט פאַרשלייערטע“, מיט דער גאַנצער מיידלשקײַט פונ אויבנופ. פונ דער פאַרשײַטער לופט אַרום ווערט ער שוינ, ווי שטענדיק, פאַרשיקערט און מאָדנע ווילד אויפגערוימט.

— וואָס האָט מענ דיכ אַזוי לאַנג עפּעס ניט געזענ דאָ? — באַגעגנט אים מאַריעטשקע די אייגנטימערנ פונ הויז און פונ די מיידלעכ.

— דערעסנ... — שמייכלט ער קליגעריק, צוקוקנדיק די געזונטע פרוי אינ אירע מיטעלע יארנ, א האפערדיקע אונ ריייצנדע. טראכט ער צו־ פרידענ: „שיינ וואלט ער, בעב, אויסגעזעגנ אנ אזא באלטויוועניצע... ער וואלט שויג לאנג ניזעק געווארנ אינ א „ליבע"... שטיפעריש טוט ער א שנעל אינ איר פארייסנ נעזל, וואס זעט אויס, ווי א פרעמדס אפ איר רויטנ, ברייטנ פאנעם.

זי נעמט אימ אנ פארנ קינבאק מיט איר ברייטער ווייבער האנט, ווי אנ אנגעשוואלענע:

— יאשקע (בעב האט זיכ פונ לאנג אנ אינ דעמ הויז געלאזט אנרופנ „יאשקע"; ער האט דא זיינ נאמענ בעב ניט געוואלט איבער־ לאזנ...) יאשקע, איכ האב אנ אנטיקל — פאר א פינפערל... אהער אינ זאל גייט זי נאכ ניט ארויס...

— אזא אנטיקל, ווי דו...

— קינדערלע מיינס, — מאכט זי מיט רייצ, — די אלטע איז נאכ גארניט אזא שפאט... אבער די איז נאכ א האניקדיקע.

— כאכא! — צעלאכט ער זיכ אפנ קאל.

— יע, יע, בענעמאנעס: א האניקדיקע נאכ — כאפ ארייננ... פאר בעסערע נעסט. אזא וועסטו אינ ערגעצ ניט קריגנ...

זי איז נאכ אלצ כוישעד בעבנ, אז די צייט, וואס ער איז דא ניט געווענ, פלעגט ער עס נייינ אינ אנ אנדער הייזל. שעפטשעט זי אימ ווערטער ווארעמלעכע אונ פליישיקע, ווי קייקלעכ אפגעקניפטע פונ איר לייב.

— גוטע כבוירע איז נאר בא מיר... קיינער לאזט זיכ ניט קאסטנ אזוי פאר קונדנ. אט די נייע — הוילע העזעק... נאכ ניט צוגעוווינט צו ארבעטנ... אינ זאל גייט זי נאכ ניט ארויס... אונ א קאפריזע: געכ־ טנ האט זי איינעמ אינמיטנדרינענ ארויסגעווארפנ פונ צימער — א הוילנ ארויסגעשליידערט, אימ באזונדער אונ די קליידער באזונדער, אונ האט זיכ פארשפארט... ווייל ער האט זי א קניפ געטאנ, צי א פאטש געגעבנ — אזא קאפריזו! נאר דו, יאשקע, ביסט אנ איידעלער מענטש, דו וועסט זיכ ניט שלאגנ אונ ניט קנייפנ — גיי צו איר: דו וועסט מיר דאנקענ....

— פאר א פינפערל בינ איכ קיינ באלנ ניט... — שמייכלט ער.

— נישקאשע, דו קאנסט באשטיינ.

זי האט אים ארופגעפירט אינ אויבערשטיבל איבער שמאלע טרעפלעכ איננווייניקסטע, אונ אינ ענגנ קארידארל, אינ מעזאנינ פונ פיר צימערלעכ, האט זי רעכטס געעפנט די טיר פונ צווייטנ צימער אונ באלעבאטיש אנגעזאגט:

— בערטע, דאס איז אונדזערער א שטענדיקער גאסט אונ אנ איידעלער מענטש.... פארברענגט אייכ גוט — וועט ער זיינ דיינער...

3

אינ פלוג האט עס בעב אינגאנצנ אויסגעכויזעקט. דערנאכ האט ער זיכ אפילע געבייזערט אינ דער מאכשאווע: די אלטע פראסטיטוטקע וויל מאכנ א רעקלאמע. א מיידל, ווי אלע אירע... ניט גאר אזא כוצפעדיקע...

ער פארטראכט זיכ.

... קיינ איבעריקס שעמעוודיקע אויכ ניט... אינ אזא הײַזל ניטא...

אנשטאט איבעריקס צו טראכטנ, איז בעב אפ מארגנ אינ פריִענ אוונט ווידער געקומענ. מאריעטשקע איז גראד געשטאנענ דרויסנ באמ הײַזל, האט זיכ געלאזט קילנ, ביזוואנענ מ'האט נאכ ניט אנגעצונדנ דעמ רויטנ לאמטערנ.

— איצטער, יאשקע, זע איכ, אז דיר איז געפעלנ... כאפ ארײַנ...

דעמ גאנצנ דריטנ טאג האט בעב דורכויס פונ דעמ מיידל געטראכט: וואס איז דאס פאר א מיידל? ער מוז דערגייִנ!.. אזא שיינ מיידל!

א מײַלכל מיט אזא קנייטשעלע ארומ די ליפנ... אונ א קרימ מיט א ליפ, וואס זאגט זיכ אנ אפ צו ווייִנענ, צי לאכנ...

— בעב, זײַ ניט משוגע! — וויל ער זיכ אנבייזערנ, — מיידלשע כיינדעלעכ — זיי קאנענ די שטיק... אונ גיכער איז עס אנ אפגעמאכטע זאכ בא איר מיט מאריעטשקענ: יענע שלייערט זי פאר א צנוע... כא! כא!

זי האלט זיכ נאכ שעמעוודיק... ניט שעמעוודיק — אבער ניט פארשייט... א מיידל זייער א מאדנע! אינמיטנדרינענ הייבט זי אופ די ברעמענ מיטאמאל, ווי שווערע דעקנ, אונ פונ אירע גרויסע טונקעלע אויגנ — מידע אונ קלוגע — טוט זי א פליוכע, ווי פונ א צעבער, מיט ביטל, כוויזעק אונ שפאט... בריט אפ מיט ברודיקס.

א פאַרשטעלט מיידל!

א מענטש זאָל זיכ אויסטאָנ הויל נאקעט, און זאָל ערשט זײַנ פארשלייערט אינ זיבנ שלייערמ...

בערטעמשקע! א מאָדנע זאכ... זי רעדט ניט. א מענטש אָנ לאָשנ, א מיידל אָנ ווערטער... „נײנ” אונ „מהו”... אזא קורצ וואָרט ווי „יע” גייט איר אויב פונ מויל ניט ארויס, נאָר — אנ אויג, אונ א ווינק, אונ א קרימ אונ א קנייטש...

נו... בעב וועט שוינ דערגייג!..

הייבט נאָר אָנ צו טונקלענ אינ דער לופט, לאָזט ער זיכ ווידער גיינ, שעמט ער זיכ פאר מאריעטשקענ, זוכט ער זי אופ דאפקע, אונ ווענדט זיכ צו איר אנ ערשטער, מײַסע כוואט:

— ווידער געקומענ — נאָכ האָניק, ווי דו זאָגסט... הײַנט אפ א גאנצער נאכט...

בעב וויל בערטעטשקענ דערווײַזנ, אז זי האָט ניט וואָס צו קוקנ אפ אימ מיט ביטל — ער האָט פײַנט, אז מ׳האלט אימ ווי אלע...

געמיטלעכ אונ ברייטלעכ האָט ער איר א האנט דערלאנגט, היימיש זײַנ קאפעליוש אוועקגעלייגט אפנ פענצטער, אונ זיכ צוגעזעצט באמ טישל.

זי האָט אפ אימ ניט געקוקט. נאָר די ברעמענ, אראָפגעלאָזטע אי־בער די אויגנ נידעריק, האָבנ כויזעק געשפרייט...

ער איז געוואָרנ צעמישט. האָט ער זיכ גלײַכ געוואָלט גוויוער זײַנ מיט וווילינגערישקײַט. ער האָט זיכ צוגעבויגנ, אָנגעכאפט איר אָפ־געלאָזטע האנט אונ האָט זי צו זיכ געצויגנ. זי האָט זיכ געלאָזט דערנענטערנ, אפ וויפל זײַנ האנט האָט מיטגעצויגנ.

— הײַנט האָסטו זיכ אפ מיר גאָרניט געריכט?

זי האָט די ברעמענ א הייב געטאָנ אונ אראָפגעלאָזט.

— ווי מיינסטו, פאחוואָס גיי איכ צו דיר אזוי אָפט?

— מהו... — האָט זי נאָר א קנייטש געטאָנ א ווינקל פונ אירע ליפנ, אונ האָט אזוי פיל שפאָט פונ די פארבאָרגענישנ געלאָזט ארויס־קוועלנ.

מע האָט אינ צימערל ארײַנגעטראָגנ א פלעשל ווײַנ, צוויי פלאש ביר, טערטלעכ אונ פאפיראָסנ, וואָס בעב האָט אונטנ געהאט באַ־שטעלט.

ער האָט אָנגעגאָסנ צוויי גלעזלעכ וויינ און א ווינק געטאָנ צו איר:

— נו...

ער האָט אַנ ערשטער זיינ גלעזל אויסגעטרונקענ מיטאַמאָל.

— טרינק... — ער האָט איר דאָס גלעזל צו די ליפּנ דערנעענטערט.

זי האָט אָפּ אימ א קוק געטאָנ... האָט ער ניט געוווּסט, צי זי וועט עס אויסטרינקענ אָדער זי וועט עס אָפּ אימ אויסגיסנ, און עפּשער וועט זי אינ דעמ גאָר ארייַנשפּייַענ... ער האָט צוריקגעצויגנ די האַנט זיינע מיטנ גלעזל.

אינ א ווייַלע ארומ.

— דאָ טרינקענ אַלע... — האָט ער בעקיוונ לוסטיק געלאַכט.

זי האָט א קנאַק געטאָנ אַנ טיש אירע א פּאָר אומגעקערטע פינגער.

— די געסט באַשטייענ, אַז מע זאָל רויבערנ מיט זיי צוזאַמענ, טרינקענ...

ער האָט אָנגעגאָסנ צוויי גלעזער ביר.

צו וואָס טרינקט ער הייַנט? — האָט ער ערשט א טראַכט געטאָנ, — און צו וואָס וויל ער זי אָנטרינקענ? עפּשער וועט זיכ איר דערמאָנט דאָס מויל עפענענ? אינטערעסאַנט:

„...Как дошла ты до жизни такой?"

ער האָט ווידער זיינ גלאָז אויסגעטרונקענ נאָכאַנאַנד, קוימ דעמ אָטעמ געכאַפּט. ער האָט זיינ גלאָז אָפּגעשטעלט א ליידיקע און שווייגיקע. די צווייטע איז געשטאַנענ פול, נימ גערירט...

— כאַ־כאַ! — האָט ער זיכ אומישנע צעלאַכט, — ניט קיינ פאָלגנדיקע... די באַלעבאָסטע האָט דיר געוויס אָנגעזאָגט פאָלגנ, צוליב טאָנ א גאַסט...

זי פאַרשווייגט.

מיינט ער זי אויפמונטערנ אַנדערש. דערנעענטערט ער זיכ אינ נעמט זי ארומ. כאַפּט זי שנעל אויפצושפּילענ אירע קליידער.

— וואָס אייַלסטו אַזוי? — ער רוקט זיכ אָפּ. —

בלאַנקענ אויפ פאַר זיינע אויגנ אירע מאַטע געטאָקטע הענט, ווי פליגל צעשפּרייטע פונ די רונדע אַקסלענ, — טוט אימ א שטויס האַסטיק צו איר, און ער כאַפּט זי ארומ און קושט גיריק די געבלויזטע פלייצעס און די ברוסט.

מיט אימ, צוגעזאָגטנ מיט זיינע פינגער אַנ אירע אָרעמס, דערנע־

ענטערט זי זיך צום בעט, קערט אָפּ דאָס פּאָנעם פון זײַן אײַנגעגנורעטן קאָפּ, וואַרפט אַראָפּ פון זיך דאָס רעשטל קליידער און גליטשט זיך אַרײַן אונטערן קאָלדרע.

שפּעט אין דער נאַכט איז בעב אָפּגערוט, ווי פון שלאָף דערוואַכט, געלעגן נעבן איר אין בעט, האָט גענלעט איר הייסן אַקסל און נאָכ־געגעבן גערעדט:

— בערטעטשקע, בערטע, וואָס דערציילסטו מיר נאַרניט? דערצייל מיר עפּעס, מיר מעגסטו אַלץ דערציילן... בערטע, דערצייל...

זי האָט זיך א טרייסל געטאָן.

ער האָט זיך עטוואָס אויפגעהויבן אין בעט, און האָט איר אין די אויגן געוואָלט אַרײַנקוקן.

— כ'מיין וועגן זיך דערציילן: וועגן דײַן לעבן... וויאַזוי ביסטו אהער אַרײַנגעפאַלן... כ'זע דאָך, אז דאָס איז...

זי האָט זיך פון אים אָפּגעקערט.

— כ'האָב דיר געזאָגט, — האָט ער איר אין אָקן געהויכט מיט ווערטער שטילע, — אז איך בין הײַנט עקסטרע געקומען אָפּ א גאַנצער נאַכט, אז קיינער זאָל דיך ניט באַומרויִקן... איך טראַכט וועגן דיר — נאָר דערצייל מיר אַלץ... געוואָלט מיט דיר דורכריידן. פונוואַנען ביס־טו? פון וועלכער שטאָט?

זי האָט זיך אָפּגערוקט.

ער רוקט זיך אָן.

— דו האָסט א פאָטער? א מוטער?

זי האָט זיך האַסטיק אויבגעדרייט פון בעט, אָנגעוואָרפן אָפּ זיך די קליידער, און איז שוין באַם טישל געשטאַנען.

בעב האָט זיך אָפּ גיך אָנגעטאָן. איז צו איר שטיל צוגעגאַנגען:

— איר האָט קיינעם ניט — קרוייווים, פרײַנט?... איר זאָגט מיר...

דאָס וואָרט „איר" מיטאַמאָל האָט ווי מיט א שנירל געשווינד א צי געטאָן און אומגעקערט איר פּאָנעם צו אים. אירע אויגן — אופ־געריסן, דערשטוינט, ווי זי וואָלט דאָ פּלוצלינג דערהערט א קאָל פון א היימישן באַקאַנטן...

— בערטע, זאָגט מיר, איר האָט אין ערגעץ וועמען?

זי האָט זיך אָפּ א שטול באַם טישל אַראָפּגעלאָזט — מידיק. ער האָט פאַר זיך א שטול אווקגעשטעלט אַהינטער איר — ער זאָל זיך

ניט אָנטרעפן מיט אירע אויגן — און צו די פּאָר קווייטלעך פון איר קאפּטל אפ איר אקן האָט ער דרייסטער גערעדט.

— איר האָט קיינעם ניט...

זי האָט די עלנבויגנס אָנגעשפּארט אפן טישל, און דעם קאָפּ אפ די דלאָניעס אָנגעלענט.

— ווו זײַט איר געווען ביז אהער? — האָט ער אלץ געזוכט פראגן צו שטעלן און פארפירן א געשפּרעך. — איר זײַט דאָך ניט קיין היגע? עפּעס האָט מיט אײַך פּאסירט איידער איר זײַט אהער אָנגעקומען?

בערטע האָט פּלוצלינג א קער געטאָן צו אים איר פּאָנעם — שטרענג, בייז און אויסגעלאכט.

— וואָס טוט איר דאָ? וואָס גייט איר אהער?

— וואָס טו איך בא אײַך? פארוואָס גיי איך צו אײַך? — האָט ער צעטומלט איבערגעפרעגט.

— אין דעם הייזל וואָס טוט איר — אין הײַזל?.. — האָט זי ווי גיפט אויסגעזײַט פון האלב צוגעמאכטע ליפּן.

— ניט אין הײַזל — נאָר בא אײַך... נעכטן און הײַנט בין איך געקומען נאָר צוליב אײַך, בערטע... — ער האָט אראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ. — צוליב אײַך...

— וויפל האָט איר באצאָלט פאר מיר? — האָט זי שטאָלץ אופגעשלײַדערט איר קאָפּ מיט די צעשויבערטע האָר: — וויפל באצאָלט פאר דער הײַנטיקער נאכט? פאר א גאנצער נאכט... כ'וואָל אײַך א מײַסעלע דערציילן פאר די וועלבע געלט?.. פארוואָס האָט איר באצאָלט — פאר פּוסטע רייד?.. צי פאר?.. קומט!

זי האָט זיך אופגעשטעלט א שטאָלצע, און חאָס בויזעק־שמייכעלע אין די אויגן האָט גיפטיק געזאָטן.

— קומט — אין בעט! — האָט זי בייז און צערייצט א טופּע געטאָן מיט ביידע פיס. זי האָט מיט די שפּיצן פון א פּאָר פינגער, ווי אָן עפּעס שמוציקעס, אָנגעכאפּט פאר זײַן רעקל, און האָט פעסט מיט צאָרן און עקל אים געשלעפּט.

— קומט! אין בעט וועל איך אײַך אויסצאָלן... אײַך און דער באלע־באָסטע אינײנעם... אירט באצאָלט... פאר א גאנצער נאכט... פארלירט ניט קיין צײַט... א גאנצע נאכט!.. נאָר אָן רייד!..—זי האָט אים נאָכגעשלעפּט.

ער האָט זיך אָפּגעריסנ פונ אירע פינגער און איז געהויקערט, ווי אָנגעשלאָגנ, דערנידעריקט שטיינ געבליבנ אינמיטנ צימער.

א צערוישטע האָט זי זיך א קער געטאָנ און האָט זיך אָנגעטראָגנ צו אים, ווי אנ איימעדיקע כמארע.

— בערי־טע! — האָט ער די הענט צעשפרייט.

— יע, יע, איך בינ גרייט!.. — שוימט זי מיט ווערטער, ווי מיט פאליעס. — באצאָלט... א גאנצע נאכט... רייסט זי האסטיק פונ זיך די קליידער, און אפ האלב שוינ אנטבלויזט איר זודיקנ קערפּער, וואָס איז צעשטורעמט אונ צוברויזט, ווי א געווירבל, כאפּט זי אינ ביידע הענט אירע צאפּלדיקע בריסט, וואָס פלאטערנ אינ זיי, ווי דערשטיקטע אייפעלעך, אונ וואַרפט זיך אפ אים:

— גאט!.. באצאָלט... א גאנצע נאכט... נא—אט!.. האָט זי אים א שטעק געטאָנ די בריסט אינ פּאָנעם.

ער האָט זיך א שלייַדער געטאָנ אפ צוריק אינ שווינדל, איז אומגעפאלנ אפ דער פּאָדלאָגע און האָט זיך היסטעריש צעוויינט.

זי האָט זיך ניט אומגעקוקט. פארמאטערט האָט זי זיך אראָפּגעלאָזט אפ א שטול. אָפּגעשוואכט, פארטראכט. און ווי אינ א שווערנ כאָלעם דוכט זיך איר, אז זי הערט, ווי עמעצער וויינט, מיט א פארשטיקטנ קאָל, בליפּעט... זיפצט.... ווערט שטיל...

און ווידער — א זיפצ אפנ קאָל, א צאפּלדיקער, אנ אָפּגעצויגענער, האָט זיך פלוצלינג אָפּגעריסנ און פארזונקענ אינ א יאם פונ סומנע שטילקייט. האָט זיך א ווייַלע אופגעריסנ אינ דער הייך, ווי א דערטרונקענער, וואָס דער אימפּעט שלייַדערט אים אופ פונ אונטנ, און לאָזט אים גלייַך אראָפּ, נאָך שווערער און טיפער...

ווענ די שטילקייט האָט פארגליווערט ארום, האָט ווי אָנגעפרעסטע וואטע איר די אויערנ אָנגעפילט, און גלאָזיק — האָרט זיך אָנגערוקט צו אירע אָפענע שטארע אויגנ.... האָט זי מיט אויגנ שטארע און אָפענע, דוכט זיך, אינ הרעמל פארזונקענ, אינ דער שטילקייט דער פארגליווערטער — אויבעט גליווערנדיק און פארגליווערנדיק.

4

אינ דעמ וויסטנ טויהו־וואָוויהו האָט בעב קוים אופגעקליבנ זייַנע צעשרויפטע און צעשלייַדערטע גלידער און, דוכט זיך, ניט אינגאנצנ

אופגעקליבנ און ניט ווי געהעריק אופגעשרויפט. נאָר ס'קלעקט אימ אפ אופצושטעלנ זיכ פונ דער פאָדלאָגע. איז ער, ווי בלינד און זיכ אלײנ ארויסגאנווענענדיק, אוועק צו דער טיר. א טיר — א וועכטער, שטעלט אימ אָפ; זי עפנט זיכ ניט. ברויכט מענ אפשליסנ — לאָזט ער דאָס אפ שפעטער. גייט דערווײַל צוריק — אויפזוכנ זײַנ קאפעליוש. די אָפע־נע אויגנ זעענ ניט און מערקנ ניט, וואָס אינ צימער ארומ, נאָר די הענט טרעפנ צומ פענצטער און באקומענ דעמ קאפעליוש. אפ די שפיצנ פינגער שלײַכט ער דורכ דעמ צימער, שנעל א דריי דאָס שליסל, גיכער אנטלויפנ פונדאנענ, און האסטיק שפרינגט ער ארויס אפ יענער זײַט טיר.

— זי איז גערעכט... — שטעלט ער זיכ פלוצלינג אנטקעגנ דער מאכשאָווע און אנטקעגנ דער קילער לופט אינ קאָרידאָר.

ליגט ער צו א האנט צומ ברוסט, גלעט עס אָפ פונ אויבנ, זיפצט אויס פונ אינווייניק, און ציט ארײַנ אָטעמ.

אײדער ער האָט נאָכ דעמ קאָפ אומגעקערט, האָט שוינ א האנט די טיר א שטויס געטאָנ, און ער איז צוריק ארײַנ אינ צימער. קוקט ער זיכ אומ, און דערזעט ערשט, ווי זי זיצט פארשטארט מיט א האלב אנטבלויזטנ קערפער. זוכט ער אויס און הייבט אופ פונ פאָדלאָגע איר קאָפטל, און שטיל, און פאָרזיכטיק — ניט צו וועקנ און ניט אָנצו־רירנ — וואַרפט ער עס אָנ אפ אירע אקסלענ און מורמלט:

— איר זײַט גערעכט... בערטע, זײַט מיר מויכל!.. איר זײַט גערעכט... אינגאנצנ גערעכט... זײַט מיר מויכל... איכ בינ א גאָרנישט...

אירע אקסלענ האָבנ פלוצלינג אָנגעהויבנ צו ציטערנ. זי האָט האס־טיק און פיבערדיק גענומענ אָנטאָנ דאָס קאפטל. אפגעקערט פונ אימ און אָפגעהיט — ניט צו אנטבלויזנ פאַר אימ א שפור פונ א גליד... פונ קוישל באמ טישל א צי געטאָנ שנעל א גרויסע לײַכטע טוכ, אינ האָט עס אָנגעוואָרפנ אפ די אקסלענ איבערנ קאפטל און ברייט די ברעגנ צעשפרייט אפנ ברוסט. זי האָט זיכ אויסגעגלײַכט, אָפגעצויגנ א לאנגנ שווערנ אָטעמ, ווי א געבראָכענעמ זיפצ. האָט אָנגעקוקט בעבנ, לאנג און פאָרשנד געהאלטנ אפ אימ אירע גלאנציקע טונקעלע אויגנ, איצט אזעלכע געלײַטערטע, ווי ערגעצ רײנ געוואשנ, און האָט א ווינקל פונ דער אויבערשטער ליפ צעקנייטשט אינ א כויזעק־שמייכל.

בעב האט די אויגנ אנטקעגנ איר ארויפגעלאזט.

— לאנג שוינ, אז איר גייט אהער, אינ העמ האזיקנ הײזל?

— לאנג... — בעב האט דעמ קאפ נאכ מער גענידערט.

— ווי לאנג פארט?.. — האט זי הארט געפרעגט אינ איר ברויזנדנ ווילנ צו דערנידעריקנ אימ. — געווימ געדענקט איר — ווי לאנג...

— א יאר... צוויי... — האט ער פארשעמט געטומענ ציילנ בימלעכ־וויז, ווי א קינד, וואס מ׳האט געכאפט בײַ א פארברעכנ אונ עס צע־עפנט צוביסלעכ זײַנ צונויפגעדריקט פויסטל. — איכ בינ א גארנישט.. בערטע, א גארנישט!..

— א מענטש!.. ווי אלע — א מענטש!.. — האט זי געווארפנ בייז, אופטרעטנדיק הארט צו אימ. זיכ אפגעקערט פונ אימ, אונ ווידער זיכ אנגעווארפנ אפ אימ: — פאר אײַער רובל פרעסט איר אפ א מענטשנ... ווי די כאזיירימ, פרעסט איר... פאר אײַער געלט צעטרעט איר א נעשאמע — מיט די שטיוול אײַערע צעמאלט איר... איר... ווער האט אײַכ געטריבנ אהער?.. איכ בינ דא... דרײַ וואכנ, די פערטע... פאר די האר האט מענ מיכ אהער ארײַנגעשלײַדערט... א־א!.. יונגעלעכ פונ דער מאמעס שויס, לויפט איר אהער מיט דער מאמעס קליינגעלט אפ נאשערײַענ... זײַט איר געלאפנ אהער נאשנ — אונדזער בריסט, אונדזערע — טפוי!..

בעב האט זיכ א טרייסל געטאנ אונ האט זיכ קוימ אנגעכאפט אנ א נאענטנ שטול אונ אנ אימ זיכ אנגעשפארט. ער האט זיכ גע־קנייטשט אונ געקרעכצט.

זי האט צערוישט א פאר טריט געמאכט אינ צימער, אונ האט זיכ רויקער אונ שטילער צו אימ צוריקגעקערט.

— ווייסט איר וואס — גייט אוועק, אונ לאזט מיכ צורו... גענוג מיר...

האט בעב עטוואס אופגעהויבנ דעמ קאפ אונ אנגעהויבנ שטיל, אונ וואס ווײַטער — העכער אונ דרייסטער.

— כ׳בינ שוינ אוועק, כ׳האב געוואלט אוועקגיינ... נאר כ׳האב זיכ אומגעקערט, געבליבנ דא, אז מ׳זאל צו אײַכ קיינעמ ניט שיקנ מער... קאלזמאנ איכ בינ דא... פונ אײַערטוועגנ, בערטע... מארגנ וועל איכ אויכ קומענ — היטנ אײַכ... אנדערע זאלנ ניט קומענ אונ ניט טשע־פענ אײַכ...

— ניט טשעפּען... און איר — וועט אויך ניט טשעפּען?.. כאַ־כאַ! אירט ניט טשעפּען, ניט נאַשן מיך, ניט פרעסן, ניט... דרייַ נעכט ווי איר פּייניקט מיך פאַר אַייער רובל... ס'איז מיר גרינג?.. האַ־אַ?..

בעב האָט זיך פאַרן קאָפּ געכאַפּט.

— געשרעכט!.. געשרעכט!... — האָט ער אײַן אַ ווײַלע אַרום אַרויסגע־זאָגט: — נאָר איך... האָב ניט געוווסט... ניט געשרעכנט... איצטער ווייס איך... איצטער — וועל איך אײַך פאַרהיטן... אירט זען.... גלייבט אמאָל...

זי האָט זיך צוגעזעצט אַף אַ שטול, און דעם קאָפּ אַפּן טיש — געלאָזט אים, דעם מידן און צערוישטן, רוען אַפּן האַרטן ברעט, אָדער — לעפּאָכעס: זאָל ער, דער צערוישטער און צעברויזטער, צורו לאָזן אַ ווײַלע איר פאַרקלעמט האַרץ...

ניט אַזוי גיך קומט רו.

נאָר בעב האָט געמיינט, אַז ער האָט שוין פאַר איר גרייט די רו. האַסטיק האָט ער זיך אַ לאָז געטאָן צו איר:

— קומט מיט מיר! קומט אויך מיט מיר... מיר וועלן ביידע אוועקגיין פונדאַנען... ביידע — קומט!

זי האָט זיך ניט אומגעקערט.

ער האָט אָנגענומען פאַרן טוך אַף אירע אַקסלען, האָט אַ צי געטאָן.

זי האָט זיך ניט באַוועגט.

— בערטע! קומט מיט מיר... — האָט ער פעסטער געצויגן, — מיט מיר קומט!..

זי האָט זיך אויפגעטרייסלט און האָט אים שטרענג אָנגעקוקט.

— מיט אײַך — אין אַ נומער — פון אַ האָטעל?.. אין אַ נומער ווילט איר מיך האַלטן? אין אַ נומער?.. שוין גלײַכער דאָ...

די אויערן האָבן אים רויט געפּײַערט און געברוישט פון אירע ווער־טער.

ער האָט אָפּגעטראָטן, און איז צוריקגעקומען, זיך דערנענטערט און שטיל געשרעדט — צו אַ קאָפּ אויפגעשויבערטע האָר און צום טישל.

— בערטע, בערטע... גלייבט אמאָל... אירט זען... בערטע, פאַר־לאָזט זיך אַף מיר... פּרובירט אמאָל, גלייבט...

... און שאָענ האָבנ זיכ געצויגנ לאנגע פונ לאנגזאמע מינוטנ אינ אנ ענגנ פירקאנטיקנ צימערל באַ א שוואכער שײַנ, פונ א לעמפּל, אונטער א ראָזעווענ פונ פאפיר געקנייטשטנ קאָלפּאק, וואָס האָט סומנע פארקאָלירט א צעבורעטע בעט מיט א צעשלײַדערטער קאָלדרע, מיט איר צעשלעפטנ שאָטנ, ווי א צעצויגענע געשטאלט אָנ א קאָפּ, האלב אפנ ברעג פונ בעט אונ האלב אפ דער פּאָדלאָגע צעקרימט. אונ א טונקל-ראָזעווע לופט האָט געגליווערט ארומ, האָט געשטיקט אפילע שאָטנס, וואָס פלעגנ אמאָל פארשווינדנ, אונ ווידער זיכ אָנרוקנ איימעדיקע, אײַנגעהויקערטע, אונ — פארנעמענ ווערטער שטילע אונ אומעטיקע, ווי א גערויש פונ טרוקענע צווײַגנ אפ א בעסוילעמ אינ דער נאכט, אונ ווערטער רײַסנדע אונ ראצנדע, ווי א דערשראָקענער כריפּ דורכ א כאָלעמ א שווערנ.

אונ אינ מינוטנ שטילע — צווישנ ווערטער פארדראָסיקע אונ ווערטער פארבענקטע, אינ מינוטנ שטייענדיקע — אינ א שווײַגנדיקער האפסאָקע פונ ריידנ אונ דערציילנ, פלעגט דאָס לופט נעמענ פלאטערנ שווער אָנגעלאָדנ, אונ די שאָטנס — זיכ הוידענ אונ שווינדלענ.

אינ זיצנ אונ ארומגיינ, אָנגעקוקט האָט געקווייטלטע טישטעכל אפנ טישל אָדער די געפארבטע פּאָדלאָגע אונטער די פיס — האָט בערטע ווי פונ א מעגילע, אמאָל שטילער אונ אמאָל העכער — אויסגעלייענט, פאר זיכ, פאר בעבנ, צי פאר די אָנגערוקטע שאָטנס: א בלעטל דאָ אונ א בלעטל דאָרטנ, אויסגעמישט וואָס פריִער — וואָס שפּעטער — איבערהיפנדיק דאָס פריִערדיקע, אונ דערנאָכ דערמאָנענ...

דער באַגינענ דרויסנ אפ יענער זײַט פונ פארהאנגענעמ פענצטערל האָט געבלייכט אונ מאָדנע אויסגעצויגנ בערטעס פּאָנעמ, וואָס האָט ווי א גויסעס געװײַלט דעמ לעצטנ לעבנס-אָטעמ אויסצוהויכנ... זי האָט אינ קרעמפּנ א האַרצ אָנ אָנגעלאָדענעס געװײַלט אויסצולײַדיקנ — ווײַבאלד זי האָט שוינ די קניפלעכ צעבונדנ אונ א שפּארונע געעפנט... האָט זי א לעבנ אינ ווערטער אויסגעשאָטנ נאָכאנאנד אונ אינ איינ אימפעט, אונ האָט זיכ ניט אומגעקוקט, ווו איר ווײַ פאלט, אונ ווו איר אנגסט שיט אויס.

מיטנ „גרויסנ טאָג", וואָס האָט זיכ העל צעשפּרייט אינ ענגנ פירקאנטיקנ צימערל, האָט די שוואכע שײַנ פונ לעמפּל זיכ פארנורעט אונ געשטיקט אונטערנ ראָזעווענ געקנייטשטנ קאָלפּאק, איז אליינ ניט

אימשטאַנד געווען די אייגענע שאַנד צו פאַרווישנ, אונ קיינער האָט אינ דעמ ניט אויסגעהאָלפנ...

בערטע איז געזעסנ אפנ נידעריקנ קוישל אינ ווינקל פאַרזיקט — ווי אינ שיווע פאַרוויקלט — לאַנג שוינ פאַרשטומט.

בעב מיטנ פאַרטונקלטנ פּנעמ אינ די הענט באַהאַלטנ אונ פאַר־שטעלט איז לאַנג געזעסנ אַזוי אונ געוואַרט נאָכ אפ אירע ווערטער. נאָר ווערטער, ווי שאָטנס, זײַנענ לאַנג שוינ צעשראָקענע פאַרשוווּנדנ פאַר דער העלער שײַנ פונ ליכטיקנ טאָג.

פאַרבליבנ איז אינ ווינקל, אינ דער נידער פאַרוואַלגערט, ווי א זאַק אנ אויסגעטרייסלטער ביז ליידיק — די פאַרשטומטע בערטע אינ טרויער געהילט נאָכ אירע ליידנ אונ פּײַנ, וואָס זי האָט זיי אָקאָרשט פריש מיט אירע אייגענע ווערטער, ווי מיט קיווער־ערד באַשאָטנ, פאַרשאָטנ.

5

בעב האָט די הענט אוועקגענומענ פונ זײַנ פּנעמ, האָט זיכ קוימ אופגעשטעלט אונ האָט שטיל אינ אָפּשײַ אונ פאָרכט טריט געמאָסטנ אונ טריט געהיפּט, אונ איז אינ גאַסנ אוועק.

דורכ גאַסנ רוישיקע אינ טאָג אינ ליכטיקנ איז ער אָנגעלאָדנ אוועק מיט קלאַנגענ סומנע־הילכיקע, מיט געשטאַלטנ צעפלאָסענע באַגלייט, וואָס האָבנ אימ אינ טונקל אונ אינ נאַכט געהאַט ארומגעקרײַזט, אינ אימ ארײַנגעדרונגענ אונ אינ באַהאַלטענע ווינקעלעכ זיכ פאַרבאָרגנ, אונ דערווײַל זיכ ניט אנטפּלעקט... ווי א כאָלעמ א שווערער, וואָס מ'פאַר־געסט אימ אינ פלוג באַמ דערוואַכנ, נאָר מע פילט נאָכ די שווערקײַט אונ דעמ שווינדל.

בעב איז דורכגעגאַנגענ דעמ ליידיקנ בולוואַר, האָט ער זיכ צוגע־זעצט אפ א בענקל, געדרייכערט, געוואָלט פאַר זיכ באַנעמענ אלצ... ער האָט נאָכגעקוקט דעמ וועכטער, ווי ער קערט אומ בלעטלעכ אָפּגע־פאַלענע, שאַרט זיי צונויפ אינ איינ הויפנ — אָנגעקוקט אונ גע־מיינט, אז דער וועכטער שטערט אימ, איז ער אוועק אינ א ווײַטער אליי, זיכ אוועקגעשטעלט איינזאַמ אפנ אויסגעקרימטנ וועג אונ דעמ שטערנ געקנייטשט. געוואָלט האָט ער אופנעמענ צוזאַמענ ווערטער צע־שאָטענע, געשטאַלטנ צעפליקטע אונ בילדלעכ צעריסענע — איינייגעמ

אופנעמענ קלאָר אונ דיטלעכ האָט זיכ אימ אָבער אינ שרעק אויס־געדוכט, אז ער האָט אלצ פארגעסנ... דער קאָפּ איז פול אָנגעלאָדנ, אז די שלייפנ שפּארנ פאנאנדער, און ער קאָנ איצט פונ דאָרטנ גאָרנישט ניט באקומענ. ווי אינ א לאגער פול אָנגעפּאקט, אָנגעוואָרפנ אונ אויס־געמישט, אונ ס'העלפט ניט צו זוכנ.

פארדראָסיק איז ער אוועק שווער אונ מיד.

פארנאכט, ווייניק געשלאָפנ, קארנ אָפּגערוט, האָט זיכ בעב געפּריט צו מאריעטשקענ — פארכאפּנ... איידער עמעצער וועט ארײַנקומענ.

בערטע נייט עפּעס א קאפּטל. האָט ער איר א האנט דערלאנגט אונ האָט זיכ שטיל אוועקגעזעצט בא דער צווייטער זײַט טישל. זיי האָבנ ניט געקוקט איינער אפנ אנדערנ, אונ ביידע האָבנ לאנג אונ שווער געשוויגנ.

— בערטע, וואָס מאכט איר? — האָט ער שפּעטער א פרעג געטאָנ.

זי האָט די אויגנ אופגעהויבנ צו אימ, אָנגעקוקט א ווײַלע זײַנ בלייכנ פּאָנעמ, אונ אינ דער בלייכקײַט זײַנענ די פולע באקנ אָפּגע־האנגענ ווי צעוויאנעטע פּענכערס, די אויגנ — געמאטערטע, אונ די ליפּנ פּײַנלעכע.

נאָכ איידער ס'איז פינצטערלעכ געוואָרנ, האָט ער דעמ לאָמפּ אָנגע־צונדנ.

— בערטע, איר האָט... געשלאָפנ היינט?..

שווײַגט זי.

ער גייט ארומ איבערנ צימער. די בעט איז פארבעט — ווי אפּ שטענדיק. היימיש פארבעט. געפעלט אימ: ניט צעבורעט... זי נייט.

באקומט ער פונ א טאש אינ האָק א ביכל, עפנט עס אופ אונ קוקט ארײַנ. לייענענ קאָנ ער ניט. פארוואָס איז זי ווידער שטיל? ריידנ מיט איר — פעלט מוט. פארשטעלט ער מיט א האנט איינ אויער, ווי זײַנ רעגילעכ אינ דער היימ באמ לייענענ. א בלעטל נאָכ א בלעטל בלע־טערט ער איבער, אָבער, ניט אלע בלעטלעכ דרינגענ אימ אינ קאָפּ ארײַנ.

בערטע מיטנ קאפּטל אפנ שויס אויסגעשפּרייט אונ מיטנ נאָדל אינ האנט הייבט אופ דעמ קאָפּ אונ קוקט אימ אָנ.

... ווי א געוויינלעכער באָכער, אזוי... אז ער זיצט אונ לייענט... ווער איז ער פאָרט? אונ וואָס וועט דערפונ זײַנ?

אירע אויגן פארשלייערן זיך אין טוי פון מאכשאָוועס און טונקלען זיך אנגסטלעך, ווי די פארנאכטיקע שײַנען.

— בערטע, איר האָט געענדיקט נייען?

— וואָס?.. — ציטערט זי אויף און וואַרט אין פאַרזיכט אין כשאד.

— ניין! ניין! — אַײַלט ער אָפּצוענטפערן אַז עפּעס א פראגע, וואָס זי האָט ניט ארויסגעזאָגט, — נייט נייט.. איך וועל לייענען...

א בלעטל נאָך א בלעטל, שטעלט ער זיך אָפּ בײַ א נײַעם קאפיטל. פון דער זײַט קוקט ער אָן זי נייט. שטיל און פארטראכט. און א שאָטן לינקס פון ווינקל האָט זיך צו איר צוגערוקט, אָנגערוקט געהיים. און דאָס קליינע צימערל ארום האָט פארכאַלעמט... דוכט זיך, אין דער שטיל זיך אָפּגעריסן פון דעם הײַזל, אײנײנציק צימערל, האָט זיך אופגעהויבן פון דעם געסל, איז אינדערלופטן איינזאַם פארשוווּמען, ווי פון א שיף, וואָס האָט זיך אין ברויזנדע וואסערן צעקלאַפּט — א צעראַטעוועטע קאַמערל... האָט זיך עס ווײַט און איינזאַם פארטראָגן, און אזוי אין ערגעץ שטיל פארבליבן, לײַכט געוויגט און לופּטיק געהויערעט צוויי פרעמדע צווישנאנאנד און צוזאַמען פארבלאָנדזשעטע — זי מיט געניי און ער מיט א ביכל...

ער הייבט אָן א נײַעם קאפיטל.

זי האָט זיך אופגעהויבן, האָט די נאָדל פארשטעקט אין א ברעג פון פאָרהאַנגל איבערן פענצטער, און דאָס קאַפּטל אָפּ א טשוואָק אין ווינקל אופגעהאנגען, און האָט זיך אָפּגעשטעלט אנטקעגן בעבן, א גראדע, א שטאָלצע.

— נו־או... — האָט זי שפּאָטיש אויסגעקרימט די ווינקלעך פון די ליפּן.

ער האָט אופגעציטערט.

— צו וואָס זײַט איר חײַנט געקומען? וואָס ווילט איר פון מיר?..

— בערטע, כ'האָב אײַך נעכטן געזאָגט... אז קיין אנדערע...

— א, יע... — האָט זי זיך אָפּגעקערט, — א נאכט־שוימער...

— איר זײַט ניט צופרידן, בערטע? איך זאָל אוועקגיין, ווילט איר?

זי האָט געשפּאַנט איבערן צימער.

— ע־עך, וואָס מאכט שוין אויס... מירן זען...

— ניטאָ וואָס צו זען — איך האָב באשלאָסן...

— איר האָט באַשלאָסן? — האָט זי צו אים אומגעקערט דאָס צע־רוישטע פּנים און אים אַ ברען געטאָן מיט שוואַרץ פֿײַער פֿון אויגן־פּאַרטונקלטע, — באַשלאָסן — אין אַ נומער מיך אַרײַננעמען... אומזיסט באַשלאָסן!..

— בערטע, איר קענט מיך ניט, איך בין ניט, ווי איר מיינט... איך בין ניט פּערסיץ...

— און ווער זײַט איר? — זי האָט זיך אָפּ אים אַנגערוקט שטרענג. — מיר חוכט, איר זײַט פּערסיצעס אַ ייִנגערער ברודער... איר האָט איין פּנים — באַנאַכט... אין דער נאַכט נאָר ווערט איר מיר באַקאַנט... נעכטן מעכילע געבעטן, און הײַנט — ווידער דאָ... וואָס זײַט איר מיט פּערסיצן?

— איך בין ווײַט פֿון פּערסיצן... איך בין: גאָלדמאַן! בעניאָמין גאָלדמאַן! איך פֿאַרשטעל מיך ניט פֿאַר אײַך...

— גאָלדמאַן — פּערסיץ, וואָס איז דער אונטערשייד? הײַנט — דער, מאָרגן — יענער, אין אַ נומער, צי אין אַ הײַזל... זאָגט אָפֿן: איר ווילט מיך אַרויספֿירן פֿון הײַזל און אַרײַנזעצן אין אַ נומער... אין אַ שטײַג פֿאַרשפּאַרן, פֿיטערן ווי אַן אָף — פֿאַר זיך... אַף אַ צײַט...

— ניין! ניין! ניט אין אַ נומער!... — האָט בער געהעכערט זײַן קאָל און געוואָלט איר איבערשרײַען, — אַז איך זאָג: ניט! איך טראַכט...

— איר ווייסט אַליין ניט וואָס...

— איך וועל אופֿזוכן פֿאַר אײַך אַ צימער... אַ דירע...

— און ווײַטער — וואָס? עפּשער ווייסט איר אַליין ניט וואָס ווײַטער?.. איך וואָרן אײַך: שטעלט מיר ניט פֿאָר אַ ניסוייען... — זי האָט זיך אויסגעגלײַכט נאָך גראָדער און טאַקיפֿער. — איך וואָרן — איך וועל קאָנען באַצאָלן פֿאַר אַלץ און פֿאַר אַלעמען... פֿאַר אַלעמען — אײַך!.. געדענקט!..

איר פּנים איז געווען אויפֿגעפֿלאַמט, און די אויגן האָבן פֿײַער געשפּריצט.

— רעכט! — האָט זיך בער אָנגעכאַפּט מיט ניצאָכן, — רעכט! איך בין גרייט, אויב איך וועל אײַך פֿויגייע זײַן...

ער איז געוואָרן פֿריילעכער, און זי — טרויעריקער.

א ווײַלע שפּעטער האָט ער שוינ צופרידנ געפּלאָנעוועט אַפּנ קאָל.

בערטע וועט שוינ זענ. א ציִמער וועט ער אופזוכנ בא אָנשטענדיקע לײַט. וועט עס דויערנ נאָכ א טאָג, העכסטנס — צוויי. וועט זי זענ, אַז ער איז קיינ בייז ניט אויסנ... נאָכדעם וועט בערטע מיט אימ אַרײַנגייג צו זיי אַהיימ — ער וויל, זי זאָל זיכ באַקענענ מיט זײַנ מאַמאַ — א קלוגע אונ א גוטע. זי וועט איר שוינ א גוטע אייצע געבנ... זיכ מעיאשעוו זײַנ — עפשער זאָל זי זיכ לערנענ, זי האָט דאָכ א פּאָר קלאַסנ געענדיקט. א באַקאַנטע פרײַלנ וועט זי לערנענ, א באַווערטע איר ווערנ... אונ אויב בערטע וויל, וועט ער קריגנ פאַר איר א ניימאַשינ — א ביסל נייענ קאָנ זי. ביזוואַנענ זי וועט זיכ אײַנאָרדענענ, וועט ער איר אויסלײַענ געלט...

שאָענ אײַלנ זיכ בא א גוט געמיט.

בערטע וויל געוויס שלאָפנ, אָפּרוענ. קאָנ זי זיכ לייגנ אינ בעט — ער וועט זיכ אָפּקערנ צו דער וואַנט, אונ זאָל זי זיכ אויסטאָנ... זי קאָנ זיכ צולייגנ כאָטש אינ די קליידער — ער וועט זיצנ באַמ טישל אונ לייענענ.

אויב בערטע וויל צוגלײַכ מיט אימ זיצנ די נאַכט — אַדעראַבע, וועט ער פאַר איר לייענענ. ער וועט איר ברענגענ ביכער — אינ איר ציִמער, וואָס ער וועט דינגענ. אָט באַלד באַגינט שוינ, טוט ער א לאָפ אונ דינגט א ציִמער...

בערטע שווײַגט טרויעריק. בעב ווערט לוסטיקער.

בערטע וועט נאָכ בא אימ מעכילע בעטנ, וואָס זי האָט אימ פאַרגלײַכט מיט פּערסיצנ, גלייבט אימ ניט... עמעס, נעכטנ האָט ער בא איר מעכילע געבעטנ. ער איז א גאָרנישט... געווענ.... געווענ א גאָרנישט... מע שטיפט, ווײַל מענ איז א רײַכער באָכער... מע האָט כאַווייִרימ שלעכטע... ער האָט אויכ גוטע כאַווייִרימ. ער איז פאַרט ניט ווי אַלע... זי וועט זענ, וואָס ער קאָנ אופטאָנ!.

דער פרימאָרגנ איז געקומענ העל, פריש אונ יונג. בערטע האָט שנעל דאָס פײַערל פונ לאָמפּ אויסגעלאָשנ, איז בלייב געוואָרנ אונ קוימ א ציטער געטאָנ מיטנ גאַנצנ קערפּער.

בעב האָט גאָרנישט באַמערקט. ער האָט איר א האַנט דערלאַנגט.

— אָפּ א ווײַלע — גיי איכ אַוועק...

ער וועט אָדער באַטאָג קומענ שוינ מיט א ציִמער, אָדער — דערווײַל

וועט ער ווידער קומען צו דער נאכט, אויב קיין צימער וועט נאָך ניט זיין.

צופרידן און אויפגערודערט האָט ער זיך געטראָגן איבער ליידיקע גאסן, אים האָט באַזונדערס געפרייט, וואָס ער האָט זיך ווידער געפונען... נעכטן אין דער צייט איז ער עפּעס פארלאָרן געווען — זיך אליין פארלאָרן... און איצט, פילט ער, זיך געפונען: ווידער — בעבן! בעבן איז דאָ, לעבט, טוט, און טום אופ!..

באַלמעלאָכעס און ארבעטער גייען צו דער ארבעט — ווען זיי זאָלן וויסן, אין וואָס פאר א גרויסן איניען בעבן גייט אויך אין די גאסן אזוי פרי!..

ער אײַלט וויַיטער. ער וויל קומען אהיים, אין זיין צימער אריין און אין בעט אריינכאַפּן זיך, איידער די מאמא וועט אופשטיין.

אויסגערוט און אופגערוימט, האָט בעבן אויסגעזוכט אין דער מאַכשאָווע, ווי בעסער אייַנצואָרדענען די „בערטע"! זי האָט דאָך אזוי פיל געליטן, „די בערטע!". איצט גראָד האָט זיך פאר אים אופגעקליבן מיט־אמאָל אלץ, וואָס זי האָט דערציילט. האָט זיך פלוצלינג פון פלאָנטער אויסגעוויקלט און אלע פּראָטים אין א געהעריקער ריי אנטפּלעקט, א וואָרט, וואָס בערטע האָט אומגערן געוואָרפן, פאר זיך אליין אויסגע־שטאמלט, רינגלט זיך איַין אין דער לאנגער קייט.

די מאמע דרייט אים א ספּאָדעק מיט קאווע — „שוין דאָס דריטע מאָל אָנגעוואָרעמט"...

— מאמא, אז איך וואָלט דיר עפּעס דערציילן!..

איצטער קאָן ער עס אלץ גענוי דערציילן! נעכטן האָט ער עפּעס ניט געוווּסט פונוואַנען אָנצוהייבן...

זאָל שוין זיין קאווע... ער וואָלט גלייַך אָפּמיטיקן אויב — ער אייַלט...

— זייער פארנומען... — לאכט אויס די מאמא.

אז די מאמא זאָל וויסן! אזא איניען! טאקע — זייער פארנומען.

# V. א געוויינלעכע געשיכטע

1

בערטע! אינ אייַלנ איבער גאסנ אופצווזוכנ א צימער פאר איר, טראכט איבער נאכ אלצ, וואס בערטע האט אימ אויסדערציילט וועגנ זיכ. הייַנט דאפקע האט זיכ דער פלאנטער פאר אימ אופגעוויקלט — אונ אזוי קלאר.

א געוויינלעכע געשיכטע — מיינט ער, נאר דער מענטש! אזא מענטש! — בערטע!

בערטע איז געבליבנ אליינ. א דערוואקסענע, א שיינע — אליינ. גראשענע לעקציעס — א פאר קלאסנ נאר געענדיקט. די מאמע — ארעמ, דער טאטע — אינ אמעריקע. א נעלעמ. פארנ טויט זאגט אנ א מאמע: פאראנ בא איר א רייַכער קארעוו — טאמער וועט די טאכטער דארפנ... בערטע האט זיכ ניט געוויילט צו גאסט. נאר נויט טרייַבט. האט זי זיכ אינ א שטאט געלאזט אופזוכנ דעמ קארעוו. א רייַכער האלצ־הענדלער. ווינטער אינ דערהיימ ניטא, פארט ארומ איבער ישוווימ אונ וועלדער. די פרוי — אליינ א פרעמדע, האט גראד פרייַנטלעכ אופגענומענ. איבערגעלאזט בא זיכ, געמאכט אנ ארט צומ שלאפנ אינ קינדער־צימער. א פאר מאנאטנ אויסגעווארעמט, אנגעזעטיקט. פאר פייסעכ איז „ער" געקומענ, דער סאמע קארעוו. אויסגעפיטערט, געזונט אונ — שלעכט. טכילעס זיכ געבלאזנ, קרומ געקוקט. דערנאכ גענומענ אייַנטייַנענ מיט דער פרוי: אפשאפנ די דינסט, וואס איז שוינ אלט, שוואכ אונ קאסט געלט... גישקאשע — בערטע קאנ טאנ די שטוביקע ארבעט — זי קאסט דאכ אויכ... אגעוו, וועט זי האבנ אנ ארט, ווו צו שלאפנ, — אינ קיכ... ניט פארנעמענ ארט בא די קינדער — אינ קינדער־צימער...

אז א מאנ הייסט, ווייַזט אופ א כעזשבנ, אונ די קרויווע איז זייַנע — מוז א פרוי נאכגעבנ. איז בערטע אריבער אינ קיכ, אפ דער דינסטס בעטל באנאכט, אונ אפ אירע ארבעט — באטאג. דער קארעוו ווערט גלייַכ צוגעלאזטער, פארברענגט, ווינקט צו, כאפט אנ אפטער פאר א האנט „טשעפעט" זי, אונ — קומט צו איר באנאכט אינ קיכ אריינ. שטייט נעבנ איר בעט, וועקט זי. כאפט זי זיכ אופ — ער האלט זייַנ שווערע האנט אפ איר בלויזנ אקסל...

דערשראָקנ ציט זי ארופּ שטיִפער די קאָלדרע אפ זיכ.

אָפּטמאָל דוכט זיכ איר אינ שלאָפ, אז עמעצער קניַפּט זי, צופּט זי... אמאָל האָט זי דערוואכט אונ דערזענ נעבנ איר בעט עמעצנ אינ וויַיסנ... טוט זי א געשריי... לויפט אריַינ די ווירטנ, די קרויווע, פונ בעט ארהאָפּגעשפּרונגענ אינ איינ העמד.

— אבראשקע, וואָס שלעפּסטו זיכ ארומ באנאכט, ווי צו כאָלעמ?.. אינ איינע אונטערוועש... דאָ שלאָפט דאָכ עפּעס א מיידל, א גרויסע מויד...

— כ'זוכ וואסער... איינענע מענטשנ...

אפ מאָרגנ דערציילט עפּעס די קרויווע אזוי אגעווורכע, אז פאר דער אלטער דינסט איז בא איר געווענ א יונגע, א גאנצ שיינינקע, פלעגט זי שלאָפנ אינ די קליידער, אזוי ווי זי איז אָנגעטאָנ...

בערטע האָט אָנגעהויבנ שלאָפנ אינ די קליידער.

דער קאָרעוו כאפּט זי באטאָג, איינס אפ איינס, שמייכלט צו איר אונ ווערטלט זיכ:—מ'קאָנ דאָכ מיט דיר קיינ מאכזאָקעס ניט מאכנ... וואָס ביסטו אזא שרעקעוודיקע? מ'האָט דיכ, אפּאָנעמ, פונ וויַיג ארויסגעוואָרפנ א קליינינקע?... אזא גרויסע זאָל מאכנ קוילעס, אז מ'קומט צו איר באנאכט... מאלע וואָס מע קומט — טאָמער איז עס דיַינ טויווע... דארפסטו די גאנצע שטוב אופמאכנ?... עפּשער אזוינס, וואָס פאסט ניט פאר איידעס... אונ אז א גלעט טאָנ — א סאקאָנע א גרויסע.... וואָרט א וויַילע — העלפ מיר ציילנ... קיינער ניטאָ אינ שטוב — העלפ ציילנ...

ער שיט ארויס אסיגנאציעס פונ א גרויסנ לעדערנעמ טאש.

— צייל א ביסל — צו הונדערטער אינ א פּעקל... אונ די אסיגנאציע וויַיסטו, באקאנט מיט אזא אסיגנאציע? א פינפ־אונ־צוואנציקער. נא! דו קאָנסט נעמענ: אז דיַינ מאמע האָט דיר געזאָגט — א קאָרעוו, מיסטאָמע ווייסט זי עפּעס... וועל איכ דיר שענקענ, נאָר זיַי ניט קיינ קאפּריזנע... אונ דו זאָלסט באנאכט קיינמאָל ניט שריַיענ...

בערטע איז ארויס פונ צימער אונ פונ שטוב.

אינ יענער נאכט האָט בערטע לאנג ניט געקאָנט איַינשלאָפנ. אינ די קליידער אָנגעטאָנ, איז זי אונטערנ קאָלדרע אפ איר בעטל געלעגנ אונ מיט אויגנ אָפענע שטאר אונ פארקלעמט געקוקט אינ פענצטער צו דער קלאָרער ליכטיקער נאכט, וואָס האָט זיכ א ציַיט געהוידעט,

און צולעצט פון ערגעץ דערהויבן א לעוואָנע, און אנטקעגן פענצטערל אָפּגעשטעלט צו שפּינען דורך בלינדע שויבן לאַנגע זילבערנע פּע־דעם, וואָס האָבן געשווידערט ארום קיכ־טישל און זיך געצויגן אַנגע־דראָטעוועט וויַיטער ביז די הינטערשטע פּיסלעך פון איר בעטל.

אן ערשטן מאָל אָפּ איר לעבן האָט זי אזוי אָנגעקוקט וואָס א לעוואָנע טוט באנאכט... און אין איר קלעם האָט זי מעקאנע געוועזן די זילבער־פעדעם, וואָס א לעוואָנע שפּינט אין דער נאכט: קיינער וועט זיי מיט די הענט ניט כאַפּן און ניט פּיַניקן אין זיבן ווייען... ווי ווערט מען א פּאָדעם, געשפּינט פון דער נאכט?

טריט שטילע, באָרוועבע גאַנוועגען זיך.

בערטע האָט האסטיק אָפּגעשלײַדערט די קאָלדרע און זיך אופגע־זעצט.

ער איז דאָ — א הויכער, אין וועש, א וויַיסער. פון א בעט ארויס — מיט צעשויבערטע האָר פון קאָפּ, די בענדלעך פון די אונטערהויזן פלאָנטערן זיך אין די נעצן פון די זילבער־פעדעם אפן פּאָדלאָגע.

— בערטע, דו שלאָפסט נאָך ניט!.. ש־שא... דו וואַרטסט טאקע? אָבער — שא: כ׳האָב דיר געבראכט — דעם פינף־און־צוואַנציקער... ש־שא...

ער זוכט אירע הענט און שפּאַרט די גרויסע אסיגנאַציע. זי שטויסט אָפּ זײַנע הענט, לייגט ער אוועק דעם פינף־און צוואַנציקער אפן קאָל־דרע, און מיט באַפריַיטע הענט וויל ער א גלעט טאָן א באַק, אָנגע־מען איר אָרעם, און זאָגט אָן קעסיידער: „נאָר שרײַ ניט... שא־שא־שא...״

זי פארבײַסט די ליפּן ביז ווײ, באַדויערט, וואָס זי האָט ביז איצט ניט אײַנגעשלאָפן — פון שלאָף וואָלט זי שרײַען הויך, גוואַלדיק... א וואַכעדיקע שעמט זי זיך... וועט זי שטיל — דראַפּען, בײַסן...

— בערטע, זײַ א מענטש, און מאַך ניט קיין גוואַלדן... ס׳איז ניט קיין סאַקאָנע — דו וועסט בעסער מאַכן מיט גוטן...

זי שרײַט ניט...

כאַפּט זי ארום פעסטער, ענגער, פארשטיקט איר צאַפּל, וואַרפט איר קאָפּ אפן בעט. ראַנגלט זי זיך, הייבט אוף דעם קאָפּ צוריק. טוט ער א שטויס צערייצט. כאַפּט אָן פארן קאַפּטל, וויל אופשפּילען, רײַסט זי אים אָפּ די הענט. וואַרפט ער איבער א האַנט, קלאַמערט זיך אָן אין א ברעג פון קאַפּטל, און טוט א ריס פּלוצלינג ביזן ארבל, און די

צווייטע האנט קריכט אנטקעגנ, ווי א שלאנג — אינ בלויז צומ בוזעמ... טוט זי זיכ א שלײַדער צו אימ, ווארפט זיכ אנ אונ כאפט ארײַנ א שטיק ארעמ זײַנס אינ אירע ציינ, אונ שפײַט אויס... טוט ער א געשריי אונ — גלײַכ א זעצ איר אינ ברוסט... זײַנ אייגענער געשריי קײַקלט ארויס זײַנע צעמישטע וואסערדיקע אויגנ... ער כאפט אופ דעמ פינפ־אונ־צוואנציקער פונ קאלדרע אונ מיט דעמ דריקט ער צו אונ שטילט דעמ וויי פונ דעמ צווייטנ אנגעביסענעמ ארעמ אונ גייט ארויס פונ קיכ אײַנגעבויגנ, קלאגעדיק אונ געגורעט...

אפ מארגנ איז אינ שטוב כווישעכ. אלצ איז ניט אינ דער צײַט, ניט אפנ ארט. בערטע איז א טויגעניכטס, א פוילעניצע — וואס האלט מענ עס?..

— זאל יענער זארגנ, פאר וועמענ זי טויג ניט, — ווארפט די פרוי. — גענומענ זיכ ביגדנ.. איכ קענ אימ ניט, אבראשקענ?.. ס'האט אימ ניט געגאלטנ.. — ווארפט זי צולעצט מיט אויגנ פארשעמטע. — דײַנ קרוויווע — טרײַב זי...

האט מענ בערטענ אפגעשאפט. די פרוי האט איר בישטיקע אינ דער האנט ארײַנגעשפארט א פאר איינציקע רובל, אונ גיכ זיכ אפגעקערט.

צוויי טעג אונ צוויי נעכט אומגעבלאנקעט איבער גאסנ. אונ גאסנ זײַנענ שווידערדיקע מיט שטיבער פרעמדע אונ פארמאכטע. פארלירט מענ א ווינקל אינ איינעמ פונ די שטיבלעכ, ווערנ גאסנ אלע פארפרעמדט אונ פרעמד.

## 2

אפנ דריטנ טאג האט זי באשלאסנ — גיט צוריקערנ אינ איר פריערדיקנ שטעטל: ס'איז איר מיעס פאר איר רײַכנ קארעוו... פארוואס האט זי זיכ בא אימ ניט אײַנגעהאלטנ? איז זי מיט א דאמפער אפגעפארנ אהער, אינ דער גרעסערער שטאט, איז אינ א ליכטיקנ זומערדיקנ טאג אראפ אפנ ברעג פונ טײַכ, האט זיכ א ווײַלע אומגעקוקט אפנ גערודער, צוגעהערט צומ געטומל, אונ — ס'איז איר וויסט געווארנ אפנ הארצנ. איז זי אוועק גלאט אזוי מיט דער ערשטער גאס בארג ארופ. שטייט אנטקעגנ א בולוואר. גייט מענ ארײַנ, אונ אינ א זײַט אפ א בענקל זעצט מענ זיכ צו. אונ די ערשטע מאכשאווע אינ דער נײַער פרעמדער שטאט וויל זי מאכנ פאר דער לעצטער:

— שפּעטער, אז ס'וועט פינצטער ווערנ, וועט זי מיט דעמ זעלבנ וועג צוריק גיינ צומ טײַכ אונ — אינ טײַכ...

איצטער — וועט מענ דערזענ אונ ניט לאָזנ.

קאָנ מענ שוינ דערווײַל דאָ אָפּרוענ — דער קאָפּ איז שווער. די אויגנ מאַכנ זיכ צו — ניטאָ שוינ וואָס אומצוקוקנ זיכ ארומ. דרעמלט מענ אײַנ אונ מע דערוואַכט, אונ עס איז נאָכ אַלצ ליכטיק, ווענ וועט שוינ טונקעלער ווערנ?

באַלד וועט ווערנ אָוונט — זי וועט נאָכאַמאָל די אויגנ צומאַכנ.

ווער איז עס דאָ אָפּנ ברעג פונ בענקל? ער איז דאָ פריִער אויכ געזעסנ, צי ער איז ערשט ניט לאַנג צוגעקומענ? ער רוקט זיכ נענטער צו איר.

— פרײַלנ, וואָס איז מיט אײַכ? איר האָט געשלאָפנ. איר האָט ניט וווּהינ צו גיינ? אײַער קלומעקל, א קליינס אפילע, האָט מענ גע־קאָנט צוגאַנווענענ — איכ האָב עס געהיט... איר זײַט פונ ערגעצ אָנ־געפאָרנ אונ ווייסט ניט וווּהינ צו גיינ... לאָזט זיכ דינענ, וועל איכ אײַכ...

ער פרובירט אוועקלייגנ „אומגערנ” א האַנט אַפּ איר אַקסל.

ער פאַרשטייט, וואָס א פרעמדע שטאָט איז...

אונ א האַנט גליטשט זיכ אויס באַ אימ איבער איר פוס, בלײַבט ליגנ.

ער זעט, אז זי איז דאָ א פרעמדע, אונ קיינ אייגנס האָט זי אויפ ניט מיסטאַמע...

אונ א האַנט קריכט אונ פויזעט איר איבערנ פוס אָפּנ קלייד.

וואָס מאַכט עס אויס? אַלעמענ וועט זי ניט צעבײַסנ... אונ דער אָוונט איז שוינ נאָענט, אונ דער טײַכ — ניט ווײַט...

— קומט, פרײַלנ, מיט מיר... איכ וועל אײַכ הערווײַל אײַנאָרדענענ... ס'איז שוינ טונקל ארומ — מ'דאַרפ ערגעצ איבערנעכטיקנ...

נעמט מענ זי פאַר א האַנט אונ מע פירט.

אינ דער זײַט פינקלענ פײַערלעכ אינ טונקעלנ וואַסער — דאָרטנ איז דער טײַכ, אונ זי גייט פונ אימ אַוועק, דערווײַטערט זיכ פונ אימ.

ווו וועט זי אימ דערנאָכ זוכנ — דעמ טײַכ?

גאַסנ אומבאַקאַנטע — נאָר די פינצטערקייט פונ נאַכט איז אומע־טומ א באַקאַנטע, א היימלעכע. פּלוצלינג א ליכטיקער אַרײַנגאַנג. א

האָטעל. א שווייצער באגעגנט העפלעכ. א נומער איז דאָ א פרייער.
וואָס מאכט שוינ אויס — דער טייכ וועט דערווייל ניט אויסרינענ.
האָט מענ אנ עלעקטרישנ לעמפל אָנגעצונדנ, אונ אויסגעלאָשנ, גע־מאכט אמאָל ליכטיק אונ אמאָל פינצטער... איז נאכט געווענ, אונ נאכט איז אוועק אונ באגינענ האָט א שיינ געטאָנ, אונ טאָג איז געקומענ.
אפנ האָטעל־בעט איז געלעגנ א פינפ־אונ־צוואנציקער א צעביטע־נער: צוויי רויטע צענערס אונ א פינפער אינ דער זייט... איז א פינפ־אונ־צוואנציקער א צעביטענער — דער זעלבער פינפ־אונ־צוואנציקער — נאָר אנ אנדערנס... ניט זיינער — דעמ רייכנ קאָרעווס... אבי ניט זיינער.
קלאפט עמעצער אינ טיר אונ קומט באלד אריינ.
דער באדינער פונ נומער.
— די פריילנ קאָנ זיכ דאָ פילנ געמיטלעכ. דער הער האָט פארנ נומער באצאָלט פאר א וואָכ פאָרויס, באשטעלט עסנ אונ אלצ. וואָס די פריילנ וועט פארלאנגענ... וואָס אריינברענגענ איצט?
א טאָג, ווי א נעפל, פארטונקלט אונ קריכעדיק — פויזעט אונ פוי־זעט אונ ווערט אינ נאכט פארשלונגענ. פינצטער. האסטיק עפנט זיכ די טיר פונ א באלעבאטישער האנט. א הילכ, ווי א שנעל, מיטנ קנעפל פונ דער עלעקטרע, ווערט ליכטיק, אז זי פארמאכט די אויגנ.
— וואָס זיצסטו אינ דער פינצטער, מאמעלע?
צו וואָס מע געברויכט „מאמעלע“!..
„ער“ עסט מיט אפעטיט אונ טרינקט גערנ, ווי אפ א סימכע. מאכט מענ פינצטער, מאכט מענ ליכטיק — איז א נאכט פארביי... אבי פארביי... קומט א טאָג ווידער — צו וואָס? אונ דער אָוונט רוקט זיכ אימ ארויס אזוי גיכ...
קומט „ער“ אינאָוונט אופגערוימט, מיט צוויי באוויירימ לוסטיקע. איינער — א געזעצטער, א ברייטלעכער, האָט אנגעטראָגנ וויינ אונ נאשערייענ. שטיפט. ער וויל מיט איר טרינקענ גלייכ אפ גלייכ. ער וויל — פריילעכ! ער קנייפט זי אונטער... לאכט מענ אונ מע קוועלט — דאָס איז א לעביונג! מאכט מענ פינצטער, מאכט מענ ליכטיק — אונ די נאכט איז א שווערע, א קאָסטיקע, פעכיק־קלעפיק... אינ לאכנ א פיינלעכע, אינ געפילדער א פארקלעמטע — נאכט. ווייטעקנ גלידער, אונ א הויט ברענט, גליט ווי אינ פייער... ווערט אנ אָטעמ געשטיקט אונ א קערפער — געפייניקט... טוט עס א צאפל פלוצלינג, דרייט זיכ

אויס, שלײַדערט אַראָפּ פֿון בעט, און שפּרינגט אופ, און וואַרפט זיך ווילד מיט צעשפּרייטע בלויזע הענט, וואָס לײַכטן אויס אין דער פֿינצ־טער:

— ניט געוואַנט מער... איך וועל מײַמעסן!..

— ברענט זי אַפֿן פֿײַער!.. — וואַרפט אײַנער דערשראָקן, — זי וועט נאָך מאַכן אַ סקאַנדאַל — אַפֿ גאַנצ שטאָט!..

— זי איז שיכּור... — טרײסט אַ צווייטער, און לאָזט זיך צו איר האָפֿערדיק.

זי האָט שטאַרק אָפּגעשטויסן — איז ער צו דער טיר געפֿלויגן.

— נו, נו, באַרויִקט זיך, — וויל אײַנשטילן דער ערשטער — וואָס איז אײַך מיטאַמאָל? אַזאַ שטילינקע געווען, אַ פֿאַרשלאָפֿענע, און פּלוצלינג — זיך אָנגעכאַפּט מיט אַזעלכע געוואַלדן!..

— אַרויס! אַרויס! אַלע אַרויס!.. — זי האָט זיך אומגעקוקט אין צימער, וואָס מ'האָט ערשט באַלויכטן, איז צוגעלאָפֿן צום קאָמאָד און־טערן הענגענדיקן שפּיגל, ווו עס האָבן זיך אַ טאָג געוואַלגערט צעוואָרפֿן דרײַ אַסיגנאַציעס — דער פֿינף־און־צוואַנציקער אַ צעביטענער, — האָט זיי אַלע מיטאַמאָל אָנגעכאַפּט אין הויפֿן גיריק און אומפּעדיק, ווי דאָס איז דער איקער, האָט זיי פֿיבערדיק מיט אַלע פֿינגער צעריסן אַפּ פּיצלעך און געוואָרפֿן און געשאָטן זיי אַלעמען דרײַען אין פּאָנעם, אַפּ די אומגעקערטע אַקנס און אַפּ די געבויגענע קעפּ, און האָט זיי געיאָגט... אַז זיי זײַנען שוין פֿון צימער אַרויס, האָט זי נאָך זייערע שאָטנס אין טיר געשלײַדערט פֿלאַשן, גלעזער און טעלער...

3

פֿרי, אַפּ אַ פּאָר שאָ פֿריִער גראָד, ווי אַלעמאָל, איז דער באַדינער פֿון האָטעל אַרײַנגעקומען אין נומער — אופֿראַמען.

זי איז שוין לאַנג אַ באַרוויקלטע אַפּ אַ שטול געזעסן, דאָס פּאָנעם אומגעקערט צום פֿענצטער אין הויף.

— וואָס דאָ טוט זיך אָפּ! — האָט ער פֿאַר זיך הויך גערעדט! וואָס דאָ האָט זיך אָפּגעטאָן! איך האָב פֿריִער געוווּסט, אַז דאָ האָט זיך געקערט וועלטן... אַ דינער הערט אַלץ און זעט אַלץ, וואָס אין די נומערן טוט זיך אַפּ בײַטאָג און בײַנאַכט — ניט אַ וואַנט פֿאַרשטעלט און ניט אַ טיר אַ פֿאַרשלאָסענע באַהאַלט.

ער דרייט זיכ ארומ איבערנ צימער מיט דער בארשט אינ האנט אונ זוכט, קלוימערשט, א פאסיקנ ווינקל, פונוואנענ אנצוהייבנ.

— יע, יע, באכערימ רייבע — אפ מיר געזאגט געווארנ א הונדערטביילעק דערפינ, וואס יעדער איינער פונ זיי פארמאגט!.. די גרעססטע געשעפטנ אינ שטאט: בא איינעמ — פונ די בעסטע מאנופאקטור, באמ צווייטנ — פונ פעלצנ אונ טעפיכער, באמ דריטנ — פונ פארטיקע קליידער. לעביונגעני! האבנ ליב א לעב צו טאנ... זשאלעווענ ניט א שיינע קאפעקע אפ אויסצוהאלטנ א מיידל אינ א נומער, באדאשימ־לאנג מיט קאלטאוו — קליידנ אונ נייענ...

— אי־אי! — האט ער מיטאמאל דערשראקנ אויסגעשריענ, אונ האט זיכ א ווארפ געטאנ איינגאנצנ אפ דער פארלאגע נעבנ טיר. — אזוי פיל געלט צעריסנ... אונ אפ מאנעלעכ, אפ פיצלעכ, אז מ'זאל גאר ניט קאנענ אפראטעווענ... אז מע זאל דארפנ לעבעדיקע געלט מער נישט, ווי אינ מיסט ארויסווארפנ... אי! אי!

— וואס טשמאקעוועט איר דארטנ אזוי? — האט זי זיכ אנטקעגנ פענצטער געקרימט אינ עקל. — ווארפט ארויס די פאסקודסטווע אונ אנ עק...

— וואס רעדט איר עפעס, פריילנ? ס'איז דאכ א הארצרייסעניש... אזא „באל מאשכימ" — אי; אי! דריי טעג האט זיכ געלט, ווי מיסט ניעפריטקאמ געוואלגערט עפעס — פריער אפנ בעט, דערנאכ אפנ פענצטער, אונ נאכדעמ אפנ קאמאדל... וואלגערנ זיכ, ווי מאמזײרימ עפעס... אנ ערלעכער דינער קוקט אפ דעמ מיט וויי אינ הארצנ, אונ טשעפעט ניט... אנ ערלעכער דינער — לעסאפ האט איר דערפונ א שיינעמ טאכלעס געמאכט... איר האט עס גאר צעריסנ... איר ווילט זיי אנלערנענ — איכ פארשטיי... אוואדע געדעכט! א מיצווע גדוילע אפרעכענענ זיכ מיט זיי... מע קאנ בא זיי כאפנ א שיינע מאטבייע... אוועקגיינ צו זייערע מאגאזינענ, מאכנ א טומל, א סקאנדאל... מ'האט פארפירט אנ ערלעכ מיידל, פארנארט אינ א נומער — עפעס א קלייניקייט!.. וועלנ זיי אפשטעקנ די פעטע מאטבייע, אבי שווייגנ, שאשטיל... אדרעבע, אויב איר ווילט, וועל איכ אייכ שוינ ווייזנ... דעמ נומער קאנ איכ איבערלאזנ פאר אייכ ביזוואנענ איר וועט באקומענ די מאטבייע. נישקאשע, איר וועט מיכ אויכ באפרידיקנ... ווארעמ איכ קאנ אייכ ווייזנ, וואהינ צו גיינ...

— רעב ייִד, זײַט זיך ניט מאַטריִעך...

האָט ער אױפגעראַמט. און ראַמט מיט דער באַרשט, און די אַרבעט איז ניט שפּאַרעוודיק, די צונג קערט זיך פלינקער, ווי די באַרשט.

— נו, זייט איר מיט זיי מערוצע? אַדרעראַבע! איך וועל אײך די מאַראַכע ניט קאַליע מאַכן... איך וועל דאָ אױפראַמען, וועט איר ווידער קאָנען פאַרברענגען... קומט אויס אַמאָל איבעריקס אױפצוראַמען — מײלע, גוטע באַכעריִמ, זיי וועלן מיך באַפרידיקן... ס'טרעפט אַמאָל א „ספּאָטיטשקע", מ'נעמט אַן איבעריקס ביסל װײַן, צי אַזוי עפּעס — ווערט א „ספּאָטיטשקע"... און א נומער טרעפט זיך אַלץ. איך קאָן זיי אָנזאָגן — קומען...

— מ'בעט אײַך ניט...

— ווילט איר ניט, נו... און זיי וועלן זיך אױך דעם פּעלץ ניט רײַסן... מײנט ניט, פרײַלן, זיי קריגן די סכוירע... אי, קריגט מען פאַר געלט!.. און אַז ניט א היימיש „פּרוכטל", גלײַך פון גאָרטן — הייסט מען מיר ברענגען אַהער אין נומער א שיין מיידל פון דאָרטן... פון די הײַזלעך... זיי קאָנען באַצאָלן פאַר אַלץ... זיי זײַנען באַזאָרגט. אָבער איר — אַז איך טראַכט: וואָס וועט איר טאָן? איר זײַט דאָך ניט קיין היגע, איר האָט דאָ קיינעם ניט... אַז איך זאָג, ווייס איך. א דינער פון האָטעל דאַרף אַלץ וויסן — וויאַזוי, וואָס, ווער... מ'מוז וויסן, קעדיי מ'זאָל כאָלילע ניט אַרײַנפּאַלן... איז וואָס וועט איר טאַקע טאָן? פון נומער דאַרפט איר אַוועקגיין, ווײַבאַלד ניט זיי. ווער וועט אײַך דאָ האַלטן? און וווהין וועט איר גיין?

ער האָט זיך אָנגעשפּאַרט אַפן הויכן שטעקן פון באַרשט און צו איר ניט אומגעקערט דאָס פּנים, נאָר באַלד האָט ער געלאָזט די באַרשט מיט א ביסל אױפגעראַמטע מיסט אינמיטן צימער, און האָט פון טאַש אַרויסגענומען די שטויב־פּעדער און גענומען פאַרטראַכט ווישן דאָס ווענטל פון ווייכן קאַנאַפּ.

— וווהין גייט מען? איך וואָלט א באַלן געוועןצו וויסן, וווהין?..

ער האָט צו איר אָנגעשטעלט זײַנע קליינע געלבלעכע אויגן.

זי האָט אָפּגעקערט איר פּנים צום פענצטער, האָט אַף אים זײַטיק א קוק געוואָרפן מיט עקל, ווי אויסגעשפּיגן אין ברוד, און האָט שפּאָטיש בײַז אויסגעקרימט די ווינקעלעך פון אירע ליפּן:

— ווּהינ? אינ הײזל... אינ א הײזל... אינ א הײזל...

ער האָט די וויש־פעדער אפּגעקאַנאפּע געוואָרפנ, אונ געכאַפּט די באַרשט.

— אינ א הײזל?.. — האָט ער צעטומלט דאָס הײפּל מיסט צוריק צעשלײַדערט עפּעס איבערנ צימער. נאָר באַלד האָט ער מעיושעווודיק אונ געלאַסנ מיט דער באַרשט אופגענומענ מיסט צעשפּרײטע אונ מיט דער צונג אופגעקליבנ ווערטער מיסטיקע פונ פוילע צײנ, אונ האָט אופגעראַמט אונ גערעדט:

— אינ א הײזל — וואָס איז די מײַלע? אונ וואָס איז די כאַפּעניש? אינ א הײזל וועט מענ אַלעמאָל אַרײַנלאָזנ... קאָנ מענ נאָכ דערווײַל זײַנ, איג גומער, קאַלזמאַנ „זײ” וועלנ נאָר אויסהאַלטנ... דאָ זײַנענ פּאָרט לײַטישע באָכערימ, מיט נעמענ: פּערסיצאַס א זונ, ביילינס אונ באַבינס — א בוידעש, צוויי קאָנ מענ נאָכ אַרומ זײ אָפּלעקנ א ביינדל... אינ הײזל וועט איר ניט אָנווערנ... אונ וואָס איז דאָרטנ? די סכירעס?.. גלאַט א קאַשע דאָרטנ — אַלע צוזאַמענ אינ איינ קנויל. אינ איינ נאַכט קערנ זיכ איבער נעפּאַשעס — היגע אונ ניטהיג׳ע, שטיקער פאַרשווינע, אָנ נעמענ, אָנ אַדרעסנ, אָנ א גוט־מאָרגנ אונ אָנ א זײַ־געזונט... ס׳איז דענ מעגלעכ צו דערקענענ, ווער ס׳קומט — אָנ א צורע אַפילע, ווו זעט מענ דאָרט א פּאָנעמ? אַלע אינ איינ קנויל...

— עפּשער גלײַכער איג איינ קנויל... איידער פּערסיצעס צורע... אײַער באַבינס פּאָנעמ... איר האָט גרויס כיישעק אָנצוקוקנ זייער פּאַרצעפּ...?

— איכ? האַלעווײַ זאָל איכ זײ ניט האָרפנ, וואָלט איכ אופ זייערע טריט שפּײַענ... די הולטײַסקע פּענעמער! פונ אַלע נומערנ די מיסט איז ווייניק זייערע פּאַסקודנע צורעס אויסצושמירנ!.. יאַ־אַ!..

ער האָט א טרייסל געטאָנ האַסטיק מיט דער באַרשט אונ האָט פונ איר אויסגעטרייסלט יאָריקע שטויב אונ מיסט.

פונ דעמ גערודער אונ דעמ אַלטנ שטויב אַנטקעגנ האָט זיכ אופגעטרייסלט דאָס פרישע הײפּל מיסט, האָט זיכ צעטראָגנ אונ צעשפּרייט. האָט ער צאָרנדיק מיטנ באַרשט אופגעשאַרט, אונ די באַרשט יעדע ווײַלע א קלאַפּ געטאָנ אינ פּאָדלאָגע אונ אָפּגעטרייסלט. אונ ווידער צערודערט אונ צעמישט — אַלטע שטויב אונ פרישע מיסט.

האָט ער עפּעס געקאָסט און אויפגעבראַכט זיך געראַנגלט מיט שטויב און מיסט איינגעזעסענע, באַהאַלטענע, און ברויז און אָפּפאַל פרישע.

— נראַו... — האָט ער אויפגעהערט צו באַברען זיך מיט דער אַלטער אויסגעטערכעטער באַרשט און האָט זי געלאָזט זינקען אין הויפּן מיסט און אָנוואַקסן מיט שטויב. — נו־אָו... זאָל זיין אין הייזל... אַז איר ווילט אין הייזל — קאָן איך אייך אַוועקפירן... איך וועל נאָך באַקומען פּעט... דאָ ווילט איר נים? אין א נומער!.. ס'איז ליבער דאָרטן — וועל איך אייך אָפּפירן אַהין...

— פּאַני מעשאָרעס, ווי איז אייער קאָשערער נאָמען? צו געדענקען...

— מיין נאָמען איז שימשן... אין האָטעל פּאַסט ער ניט... רופט מען מיך דאָ סאַמסאָן...

— און מיין קאָרעוו רופט מען: אַבראַשקע... ווען איך זאָל מיין קאָרעוו אַבראַשקע ניט געקענט, וואָלט מיר ניט אויסגעקומען אָנצוקוקן דעם מעשאָרעס סאַמסאָן... סאַמ־סאָן...טפּוי!..

# VI. אויסגעדונגענע

## 1

א צימער האָט בעל ניט לייכט אויפגעזוכט אזא, ווי אים האָט זיך געוואָלט. ער איז געוואָרן צעטראָגן, אָנגעשראָקן אַפילע: איבער אזא גאָרנישט זאָל נאָך ניט פּלאַצן בא אים דער גאַנצער אויפטו... מאַריעטשקע וויצלט זיך איבער אים:

— וואָס האַרפּסטו אוועקגיין און קומען: באַזעץ זיך שוין דאָ אין הייזל — צוזאַמען מיט בערטען אין צימערל...

די מוידן דערקענען אים שוין און שמייכלען:

— דער הימלשער כאָסן גייט צו דער מאָנאַשקע...

און בערטע ווערט אַלץ מער אויפגערעגט, שווייגט בייז און אָנגערוקט. דעם לעצטן אָוונט זונטיק, אַז ער האָט איר א האַנט דערלאַנגט באַם אַריינקומען, האָט זי זיך אָפּגעקערט און די האַנט ניט אָנגענומען. אין א גרויסער טוב איינגעוויקלט אַף די קליידער און איבערן קאָפּ, האָט זי זיך אַף שאָען אַריינגעשפּאַרט אין פּאַרהאַנגענעם פענצ-

טערל, ווי זי האלט עס וועלנ דורכשפארנ — אונ ארויס. אינ פארלויפ פונ שאענ האט ער איר בלויז אינ איינציקע ווערטער אונ אינ האלבע ווערטער ארויסגעזאגט, אז א צימער איז שוינ איינגעטלעכ פארראנ... אינ א זײטיקער גאס בא צוויי עלטערע פרויענ — שוועסטער נייטעריקעס. איינע אנ אלמאנע — די יינגערע. די צווייטע, א גראע שוינ, אנ אלטע מויד. ווילנ זיי אפגעבנ א צימער, פאר א פרײלנ א גיימערנ, אויב צו איר וועלנ ניט גייג קיינ יונגעלײט. אנ טומל — זיי לײדנ אפ קאפשמערצנ. האט ער זיי געזאגט, אז קיינ באקאנטע האט זי דא ניט, ער איז איר שוועסטערקינד, ברויכט ער אויכ אפצופארנ אינגיכנ. בלײבט זי אליינ. א שטילע. זײנענ זיי מאסקימ. מארגנ פרי וועלנ זיי געבנ אנ ענטפער... פארוואס מארגנ? ער האט מיט זיי גענוג געטײנעט, — טײנעג קאנ ער. העלפט עס ניט. מארגנ פרי... אלטע מוידנ... אינ אוונט וועלנ זיי דעם אלמער פונ יענעמ צימער איבערשטעלנ אינ זייערנ אונ זענ, ווי וועט עס ארויסקומענ בא זיי אינ צימער... דערווײל ווילנ זיי קיינ אופגאב ניט נעמענ. מארגנ קאנ ער קומענ גאנצ פרי מיטנ אופגאב... דער צימער איז באזארגט, אונ די צוויי מאדנע ברויִמ געפעלנ אימ דאפקע. דערהויפט די גרויע. זי וויל אפריער צוקלײבנ דעמ צימער פאר דער שכיינע, וואס איז א פרײלנ... דעמלט ערשט וועט זי נעמענ אנ אופגאב... מארגנ פרי זאל ער ברענגענ דעמ אופגאב.

בערטע קערט זיכ ניט אומ פונ פענצטערל.

אונטנ אונ ארומ הוידעט אונ רודערט. סטעליעס אונ פאדלאגעס וואקלענ זיכ שיקערע. געפילדערס שלײדערנ זיכ, ווי באלנ פלאצנ, פליענדיק. אונ עס דעמפט הילכיק הייסער שוימ, וואס שלאגט ארומ צימערל אונ גריזשעט אימ די ווענטלעכ, ווי הונגעריקע מײז. וויגט זיכ דאס קאמערל אינ שווינדל אפ א יאמ א שיקערנ א צעווילדעוועטנ. אונ וועלנ קנוילנ זיכ אונ ברומענ, אונ כוואליעס ברודיקנ זיכ אונ פליעסקענ, אונ אינ יאמער דראעט אינ דרייט א שוידער, ווי א טונקעלער געווירבל אינ א ווײ־געשריי פארכלינעט אונ פארשטיקט.

זײטיק, שטאנדיק שלײכט אפ פונ פענצטער די פארוויקלטע בערטע, גאנוועט זיכ צו צומ בעט, וואָרפט אנידער דעמ אויבערשטנ טייל קערפער, אונ די פימ הענגענ אראפ. זי ציט ארופ די קישנ איבערנ קאפ, וויל זיכ פארטויבנ אפ דער נאכט: די נאכט פונ זונטיק.

בעב האָט פארשטומט, פארשעמט. די ווײַסע קישנ איבער בערטעס קאָפּ האָט ווי א שאַרבנ פונ א מעס אימ באַטאָימ געצײלט... אימ פאַר אַלעמענ.

ער האָט דאָס געבליײכט פאָנעמ אינ די הענט באַהאַלטנ אָפּנ הארטנ ברעטל פונ טישל, אונ די שוואכע שײַנ פונ לעמפּל אונטערנ ראָזעווג געקנײטשטנ קאָלפּאַק האָט איבער אימ קוימ ביז באַגינענ געצאַנקט.

צומ גרויענ באַגינענ האָט ער קוימ דעמ קאָפּ דערהויבנ א צעגעגטנ, האָט צעקרימט די נאָז, אונ אַפּגיכ ארויפגעדרייט דעמ שמעקעדיקנ צעסמאליעטנ קנײטל אינ לאָמפּ, אונ איז האסטיק אוועק.

2

פאַר האלבנ טאָג איז שוינ בעב צוריקגעקומענ. אינ ארײַנגעלאָפנ מיט אימפּעט. בערטע איז געזעסנ מיטנ פּאָנעמ אינ פענצטער — עפּשער אימ אויסגעקוקט אונ אָפּ אימ געוואָרט.

ער ציט אָפּ דעמ אָטעמ צעטראָגנ, אופגעמונטערט.

— גענומענ דעמ אופגאָב!.. — אָט זײַנעג ברויִמ!.. מ׳האָט צוגעקליבנ דעמ צימער, ווי פאַר א קאַלע, אָנגעשטעלט בלומענ, אָנגעהאנגענ בילדער, אונ מע לאָזט מיכ ניט ארויס... איכ זאָל גוט אָנקוקנ דעמ צימער... אָט איצטער קאָנ מענ נעמענ דעמ אופגאָב. — אז ס׳איז ווי געהעריק... כי־כי... רעכטע ברויִמ! אײַכ וועט דאָרטנ זײַנ גוט...

בערטע האָט מיט אײנ באַוועגונג אָפּגעוואָרפנ די טוכ פונ איר קאָפּ. איר פּאָנעמ האָט זיכ געררויטלט, די אויגנ צעבליצט.

— הער גאָלדמאַנ!.. כ׳דארפ אײַכ זאָגנ דאָס לעצטע מאָל...

— כ׳ווייס... כ׳ווייס, איר וועט מיר די אויגנ אויסדראַפּענ, אויב איכ וועט עפּעס.. אָנגענומענ אַלע טנאָיִמ אײַערע... נו, גוט?

— זע־עט! — זי האָט א פינגער אינגדערלופטנ אויסגעשטעקט.

דאָס הײַזל שלאָפט ערשט. די ווירטנ איז אינ ערגעצ ניטאָ. איכ זאָל זיצנ געמיטלעכ האלב אָנגעטאָנ צווײַ מוידנ מיט אָנגעלאָפענע אויגנ אונ בלויִלעכע ברעמענ אונ גלעטנ מיט די הענט: איינע א פלאַש בראָנפנ, די צווייטע — א גלעזל. זיי האָבנ אימ דערזענ אונ האָבנ ביידע מיטאמאָל הייזעריק אונ בייז אויסגעשריִענ.

— אוועק! אוועק! לאָז אָפּרוענ... געקומענ אזוי פרי... ס׳ברענט אימ...

אינ אנ אָפענער טיר פונ א צימער האָט אימ א שײַנ געטאָנ א מעגושעמדיקע פרויענ־פיגור, דוכט זיכ אימ: די ווירטנ. איז ער אַרײַנ־געשפרונגענ אונ פארמאכט די טיר אהינטער. די פרוי, וואָס איז אנט־קעגנ שפיגל געשטאַנענ מיט צעלאָזטע האָר אינ אײנ העמד, האָט זיכ האסטיק א קער געטאָנ צו אימ אונ מיט צעשפרייטע הענט, רויטע אונ אָנגעדראָלענע, ווי פלייש־שיידלעכ אפ אירע אָרעמס, כאפט זי אימ אונ בלאָנדזשעט איבער אימ מיט צעמישטע, שיקערע צי ניט דערשלאָפענע אויגנ:

— טײַערער מײַנער, ליבינקער, קאָנפעטעלע מײַנער! געקומענ טאַ־קע צו מיר... כ'האָב געוווּסט, דו וועסט קומענ... אויסגעהונגערט — ליבינקער...

— לאָז אָפּ! — רײַסט ער זיכ. — איכ זוכ גאָר...

— זוכ ניט... ניטאָ וואָס צו זוכנ, קאָנפעטעלע מײַנער... — זי האָט די העמד אראָפּגעלאָזט פונ זיכ, — נאָ!.. קײנ בעסערס וועסטו ניט געפינענ...

איז ער ארויסגעלאָפנ. זי האָט זיכ געלאָזט נאָכ אימ מיט א שווי־מיקנ געשריי. אינ קאָרידאָר איז אנטקעגנ געקומענ די ווירטנ.

— שאַ! וואָס איז דאָ! פּאַש־קאַ! — האָט די ווירטנ אָנגעשריִענ, אונ האָט מיט איר ברייטער האנט ארומגעארעמט בעבנ ווי צו שיצנ.

— איז דאָס גאָר דײַנ קאָנפעטעלע? — האָט פּאַשקע אויסגע־גלאָצט די אויגנ, האָט זיכ גלײַכ אומגעקערט, אונ איז רויִק אונ גע־לאסנ, פויל אונ מעגושעמדיק אוועק צו איר אינ צימער, טרייסלענ־דיק פליישיקע אָנגעפּאלדעוועטע שטיקער.

— דו ביסט נאָכ אלצ דאָ, צי דו ביסט שוינ ווידער געקומענ? אונ וואָס האָט פּאַשקע געוואָלט פונ דיר, צי דו פונ איר? — האָט די ווירטנ געשאָטנ.

— כ'ווייס, פּאַשקע איז מיסטאָמע שיקער... האָט זי געמיינט, אז איכ בינ איר קאָנפעטעלע... קומ, איכ האָב צו דיר אנ איניענ...

זיי זײַנענ אַרײַנ צו איר אינ צימער. האָט זי ריישים געוואָלט אימ אויפנעמענ, דערלאַנגט קיבועד. נאָר ער אײַלט. ער וויל באקומענ פונדאנענ בערטענ... מיטנעמענ... וויפל דארפ עס קאָסטנ?.. צו הער זאָכ...

זי לאכט אויס, וואָס ער אײַלט. זי דארפ ערשט זאָגנ אונ זאָגנ.

וואָס דאַרפ ער אַזאַ שוועריקײַט — אויסהאַלטנ בערטענ?.. אונ ער וועט ניט אײַנהאַלטנ... זי וועט צוריק אַנטלויפנ... אונ וואָס אַרט אימ, אַז דאָ? ביליקער — אונ גרייט פאַר אימ אַלעמאָל. בעסער וואַרפנ די נאַרישקײַט... אויב ער וויל זייער האָבנ בא זיכ אײנע — קאָנ זי אימ געבנ דאַפקע פּאַשקענ — אַ טײַערע „שטיק“, אַ געזונטע, אונ האָט נאָכ אַ טעווע אײַנליבנ זיכ, וועט זי זיכ אײַנ אימ אײַנקלעפּנ, ווי אַ פּעכ... ער וועט דאַנקענ!

וויל ער זי מאַזיקנ — מאַזיקנ, אַז דאָס לאָשנ זאָל איר אָפּנעמענ. נאָר ער קאָנ נאָכ קאַליע מאַכנ. הייבט ער אָנ דאַפקע מיט גוטנ, מיט שפּאַס.

פּאַשקענ זאָל זי לאָזנ בא זיכ — אַפ אַזאַ „שטיק“ זײַנענ דאָ באַלאָנימ, אונ בערטע איז קאַפּריזנע, ניט קיינ אַרבעטערנ, וועט זיכ קיינמאָל ניט צוגעוווינענ... בעסער אָפּלאָזנ אַזאַ סכוירע, ניט קיינ רעווהעכדיקע...

זי האָט ניט נאָכגעגעבנ:

— ס'איז מיר אַ ראַכמאָנעס אַפ בערטעטשקענ, — הייבט זי גאָר אָנ: אַנ עלנטע נעבעכ, אונ דו ביסט אַ ווינט, וועסט זי איצט פאַרדרייענ, אונ שפּעטער — וואַרפנ... אונ זי האָט זיכ דאָ שײַנ אַ ביסל צוגעוווינט אונ וועט זיכ נאָכ מער צוגעוווינענ, וועט זי דאָ לעבנ בעהאַרכאָווע, אָנ קלעמעניש....

— גענוג די שטיק!.. וווּ איז דער מאַנ? איכ וועל מיט אימ ריידנ.

— דער מאַנ... צעלאַכט זי זיכ, — געפונענ מיט וועמענ צו האַנדלענ! דו ווייסט ניט, אַז דעמ געשעפט פיר איכ אײַנגאַנצנ? מאַצבלענ אינ אַזאַ געשעפט ווייסנ נאָר שיקערנ אונ וואַלגערנ זיכ ערגעצ בא די מיידלעכ...

— גענענדיקט! — רײַסט ער איבער, — לאָז אָפּ בערטענ, אַניט וועל איכ...

— דו שרעק מיכ ניט... — לאַכט זי אויס. — כ'האָב גאָר קיינ מוירע ניט: איכ האָב אַ פּאַטענט, ס'איז אַלצ רעגיסטרירט... אַפ אַלצ איז דאָ אַ „זאַקאָנ“... יע, דו פאַרהאַלט מיכ ניט, מ'דאַרפ זענ, זיי זאָלנ זיכ הײַנט ניט פאַרשלאָפנ ביז דער נאַכט, אָדער זיי זאָלנ זיכ ניט אָנטרינקענ... הײַנט איז מאָנטיק — דאַרפ מענ זיי שיקנ, די קינדערלעכ, צומ דאָקטער... אַלצ „פּאָ זאַקאָנו“...

— אונ איך וועל דיר אויך ווײַזנ א „זאַקאָנ"—כאַפּט ער אופּ גערנ,— איך וועל באַ דיר בערטענ באַקומענ פּאָ זאַקאָנו!..

— גיי שוינ, גיי... — לייגט זי אַרופּ געמיטלעכ איר ברייטע האַנט אַפּ זײַנ צערודערטנ קאָפּ. — גיי זוכ זי, אַז איך וועל ניט וועלנ...

עס האָט לאַנג געדויערט. בעב האָט ווידער אָנגעהויבנ ווייכ, זיכ געמאַכט טאַמעוואַטע, איר אינ אַלצ נאָכגעגעבנ, זיכ צוגעלאָזט, גע־שמייכלט צו איר, געטרונקענ מיט איר „לעכײַים", אונ אײַנגעטײַנעט:

— זאָל זי טאָנ א טויווע — צוליב א קאַפּריז פונ א יונגנמאַנ. מיט יונגעלײַט דאַרפ מענ ניט אײַנרײַסנ. א קונד דאַרפ מענ שאַנעווענ — איינער ברענגט א צווייטנ, מ'פירט קאָמפּאַניעס. ער וועט טאַקע ניט אופּהערנ צו גייג צו איר — ווו קריגט מענ אַזעלכע נעקייוועס, ווי באַ איר?..

— אָט! אָט! —האָט זי צופרידנ אימ געהאַלדזט.

בעב ווייס דאָס שוינ לאַנג. ער זאָגט דאָס אַלעמענ, אַז אַזאַ הײַזל אונ אַזאַ באַלעבאָסטע וועט מענ ניט קריגנ... זאָל זי זײַנ א „גוטע"...

גייט שוינ אַפּ א וועג. 'מע דינגט זיכ אײנ מעקעכ.

צוויי קאַטערינקעס — לעצט מעקעכ... אַזאַ שײנע! אונ דאַפקע א קאַפּריזע — פאַר א מיוונ... צוליב אימ, ער איז טאַקע א קאָנטעטעלע— לאָזט זי אָפּ א פינ־אינ־צוואַנציקער. ער טוט איר אָנ העזעק.... אָבער — גאָר! אויב ער וועט נאָכ רייחנ אונ זיכ דינגענ, וועט זי אימ נעמענ שלאָגנ...

אָבער בעב האָט גערעדט אונ זיכ געדונגענ. אונ ענדלעכ איז מענ דורכגעקומענ.

געשווינד איז ער פונ איר אַנטלאָפנ, ווי פונ עקלדיקנ שמוצ. אַרײַנגע־לאָפנ צו בערטענ אינ צימערל אונ האָט נאָכ אַלצ מיט די הענט אָפּגע־טרייסלט זײַנ רעקל, אימ אָפּגעשטויבט אונ געגלעט.

— ווו האָט איר זיכ אויסגעוואַלגערט, וואָס איר שטויבט זיכ אַלצ אָפּ? —האָט בערטע פאַרדעכטיק געפרעגט.

— נעשטאַנענ נעבנ מאַריעטשקענ... אָפּגעכעזשבנט זיכ מיט איר, מיט דער... איכ גיי נאָכ א פורל, גרייט זיכ צו...

3

בעב איז צוגעפאָרנ מיטנ פורל. מאַריעטשקע איז גלײַכ פונ טיר אַרויס צו באַגלייטנ. צוליב דעם האָט זי זיכ יאָנטעוודיק אויסגעפוצט אינ א

זײַדן קאַפּטל מיט אַ גאָלדענעם זײַגער, אַראָפּגעהאַנגען אויף אַ לאַנגער קייטל, און אויף אַלע פאַרשוואַרצטע פינגער — רינגען און רינגעלעך מיט שטיינדלעך.

בעת האָט אַראָפּגעפירט בערטען און איז מיט איר אַרויס פון הײַזל. בײַ דער טיר דרויסן אויף אַ בענקל איז ברייטלעך געזעסן פּאַשקע — אויסגעוואַשן, פאַרקעמט און אָנגעטאָן. זי האָט זיך פול אויפגעהויבן, איז צוגעגאַנגען צו בערטען און פריילעך געזאָגט:

— וווּהין — שפּאַצירן, צי אין אַ נומער?

די ווירטן האָט צו פּאַשקען סאָליד מיט אַ מאַנצבלשער שטים געזאָגט:

— וואָס רעדסטו? ער נעמט זי צו פון אונדז אײַנגאַנצן...! צו זיך אויף אַ קוואַרטיר...

פּאַשקע האָט זיך אויך סאָליד אויסגעצויגן און געלאָזט אויסשטעקן אַן אָנגעזעענעם גיידער און איז כּאָשעוודיק צוגעגאַנגען צו בעבן:

— הער, יונגאַטש! — דו ביסט נאָך אַ יונגער — זע דו זאָלסט זי ניט קריוודען, ניט באַליידיקן... זע, יונגאַטש! דו זאָלסט אונדזערע ניט...

זי האָט מיט אַ שווערן פינגער געדראָעט אינדערלופטן.

באַלד האָט זי זיך מאַסיוו אַ לאָז געטאָן אין שטוב, אַנגעזאָגט אַלעמען:

— מיידעלעך, גייט...

מאַשקע איז אַרויסגעשפּרונגען, און אירע שווערע צעפּ זײַנען איר נאָכגעשפּרונגען און צוגעפּאַטשט איבערן קערפּער. זי האָט אירע הענטלעך געשטעקט בערטען און בעבן, און האָט שטיל, די ווירטן זאָל ניט הערן, געשעפּטשעט:

— קומט צו אונדז ניט מער — ביידע ניט... ניט דו, ניט דו — קומט ניט מער...

פאַרסאָפּעט איז פון טיר געלאָפן מאַריוסקע, טרייסלענדיק אירע הויכע פולע בריסט, און האָט נאָך איין געלאָפּ צוגעשפּיליעוועט מיט איין האַנט דאָס קליידל און מיט דער אַנדערער — דאָס קאַפּטל.

— אײַ, בין איך צופרידן, קינדערלעך! בין איך צופרידן! —

— וואָס ביסטו צופרידן? גיי, משוגענע! — האָט די ווירטן אָנגעשריגן.

פון צוויי פענצטער צום גאס האבן זיך ארויסגעשליידערט צוויי האלבע פרויען־פיגורן, אנטבלויזטע, צעשוויצטע, מיט צעפּאטלטע האָר אפ די קעפּ, האָבן געפּאָכעט מיט די הענט און הייזעריק און שלעפעריק געמורמלט:

— מיט מאזל! מיט גליק!

דער אלטער פורמאן האָט א הייב געטאָן דאס היטל, אפּאָנעם, זיך געוואָלט ציילעמען, און האָט זיך מעיאשעוו געווען, אז ניט קעדיי דאָ. האָט ער געשאָקלט מיטן קאָפּ: — אפּ און אייגענער דירע — זייער רעכט! ריכטיק, מיט מאזל...

פּאשקע איז ארויסגעשוווּמען פון שטוב מיט א קיילעכדיקן שפּיגל אין די הענט און האָט עס אין פורל פאָרזיכטיק איינגעלייגט.

— א מאטאָנע...

האָט מאשקע אראָפּגעצויגן א רינג פון איר פינגער, מאריוסקע איז געלאָפן אין איר צימער און האָט ארויסגעטראָגן א זיידענעם קאָלירטן שארף...

— משוגע!.. — האָט זיך די ווירטן צעשריען,—איך וועל ניט לאָזן..

בערטע האָט געכאפּט ארומנעמען די מיידלעך — דאס ערשטע און דאס איינציקע מאָל נאָענט אָן זיי זיך באַרירט.

בעב האָט צו זיי גוטמוטיק געשמייכלט:

— מ'טאָרף ניט קיין מאטאָנעס — פאראן אלצדינג...

— אוועק פונדאנען! — האָט די ווירטן געיאָגט, — מאַמענטאל זאָל מען זיך אָנטאָן — מ'דאַרף גיין היינט צום דאָקטער... שוין שפּעט. נו, מאָמענטאל!

זי האָט אופגעקליבן אלע אָנגעוואָרפענע כפייצים, האָט אָנגעלאָדן ביידע הענט און איז ניט אָפּגעטראָטן פון פורל — עמעצער זאָל ווידער עפּעס ניט ארויסטראָגן אהער.

בערטע און בעב זיינען שוין אפן פורל געזעסן.

דער פורמאן האָט צוגעיילט, מיט די לייצעס געהיצט די פערד:

— וויאָ! מיט אלע פיס — לעבעדיקער! לויפט פונדאנען געשווינדער... פאר א גוטן פערד איז דאָ אויך קיין אָרט ניט... — האָט ער אויסגעשפּיגן.

ארויסקירעווענדיק פון געסל און ארייַנפאָרנדיק אין דער ערשטער ברייטער גאס, האָט ער אָפּגעשטעלט דאס פערדל און איז אראָפּ פון פורל—פא־

ריכטנ דעמ שפאנ. דאָ ארט אימ ניט, דעמ אלטנ, צו מאכנ שיִעס, פארזאמענ אינ דער ארבעט אונ אופּציִענ טאקע שטייפּער די אָגלאָבליעס אונ ארומזוענ אגעוו די רעדער. דאָ ארט אימ ניט לענגער פארברענגענ. ביזוואנענ ער איז צוריק ארופ אפנ קעלניע, האָט זיכ איינגעזעצט בעהארכאָוועדיק, צוויי מאָל איינגעפונדעוועט דאָס צעראטנ קישעלע אונטער זיכ אונ באלעבאטיש ארייִנגענומענ די לייצעס אינ די הענט, — איז פונ געסל ארויס א הייפּל פרויענ אינ טונקעלע מאנטלענ אונ אינ לאנגע שווארצע זשאקעטנ, די קעפּ אינ טונקעלע שאלנ פארוויקלט, האָסראָוו — נידעריק אפ די אויגנ, אונ אלע — קימאט דאָס גאנצע פּאָנעמ פארשטעלט.

בערטע האָט א ציטער געטאָנ שווידערדיק, האָט געזוכט בעבס האנט, האָט עס אָנגעכאפּט אונ מיט אירע ביידע הענט א ווייִלע פלאטערנדיק צוגעדריקט. גלייִכ אפּגעלאָזט זייִנ האנט, אונ די אויגנ פארמאכט אפ איר געבלייכטנ פּאָנעמ.

בעב האָט זיכ אומגעקערט, דערזענ די טונקעלע פיגורנ אונ האָט גלייִכ דערקענט, אז „זיי“ גייענ עס צומ דאָקטער אפּנ „סמאָטר“... ער האָט אָבער ניט פארשטאנענ, וואָס איז דאָ אזוינס פּאָרגעקומענ מיט בערטענ... ער האָט ניט פארשטאנענ אויכ, פארוואָס ציִענ „זיי“ אָנ אפ זיכ אזא טרויער, אָט די מיידלעכ, ביים זיי גייענ צומ דאָקטער... גייענ זיי דאָכ אינ שטאָט, אינ די גאסנ ארויס שפּאצירנ אזעלכע האָפערדיקע אונ פארשייִטע, אויבגעפוצטע אונ אויסגעצירטע — דאפּקע לעכערלעכ־שרייִענד אויסגעצירט! אונ — ביימ זיי גייענ צומ דאָקטער, ציִענ זיי אָנ אפ זיכ אזא אווייִלעס, שלעפּנ מיט אזא טרויער — זעענ אויס אזוי אראָפּגעשפּאָלנ אונ פארשעמט... בא דעמ „געזעצלעכנ אקט“, בעשוטפּעס פונ דער מאכט אונ דער דאָקטאָריע, פארלירנ זיי דאָס לעצטע ביסל מוט — צו וואַרפנ כאָטש זייער כוצפּע אנטקעגנ דער געזעלשאפט, וואָס האָט זיי פאר געלט פארקויפט אונ מיט געלט דערנידעריקט.

בעב איז צופרידנ געווענ פונ זייִנע מאכשאָוועס...

— Скоты — האָט ער אויסגעזידלט די אָרדענונג, אונ ער האָט זיכ אָפּגעקערט. לאנג טראכטנ פונ עפּעס איז ניט פאר בעבנ אָנ אייסעק.

— וויאָ! וויאָ! — האָט דער פורמאנ געיאָגט, אונ בערטע מיט די פארמאכטע אויגנ איז געפלויגנ — האָט געוואָלט פארפליִענ ווייִט, ווייִט.

# 4

בעב איז טעג נאָכאַנאַנד פאַרנומענ געווענ. קריגנ געלט אונ אויס־געבנ געלט. בעטנ בא דער מאַמענ, לייענ באַמ ברודער אונ באָרגנ אינ קראָמענ, ברענגענ בערטענ א שפּיגל אפנ טיש, א שירמ א מאַטאָנע — ס'איז האַרבסט אונ ס'רעגנט. היינט דאַרפ ער איר קעסיידער אונ לאַנג איינריידנ, זי זאָל גיינ מיט אימ אינ די קראָמענ קויפנ פאַר זיך קליידער אונ אָנטאָנ זיך, ווי געהעריק, צו באַווייזנ זיך פאַר זיינ מאַמאַ — זי מוז אַריינגיינ צו איר.

— וואָס וועל איך טאָנ בא אייער מאַמאַ? — האָט בערטע אינ פלוג געשמייכלט.

— בערטע, ניט גערעדט! איך דאַרפ, איך מוז אייך ווייזנ דער מאַמאַ...

— וואָס בינ איך אזא מעשונעדיקע בריע?.. — ציטערט איר שטימ פונ פאַריבל.

— בערטע...

— איך בינ אייך ניט בערטע... שוינ אויס בערטע!.. געזאָגט אייך, דוכט זיך... מ'רופט מיך לייקע! לייקע! אונ געדענקט שוינ אמאָל, אז איר זייט בעב, בינ איך לייקע.. אונ אויב 'איך בינ בערטע, זייט איר — יאַשקע... אַלציינס גלייך! ווו איר האָט באַגעגנט בערטענ, דאָרטנ האָב איך שוינ אָנגעטראָפנ — יאַשקענ...

— גוט! גוט! לייקע! לייקע! אָבער צו מיינ מאַמאַ דאַרפט איר אַריינגיינ.

רעדט ער זי איינ צו גיינ מיט אימ אינ די קראָמענ.

— עפּשער פּאַסט ניט פאַר אייך צו גיינ מיט מיר? איר קאָנט נאָך אָנטרעפנ באַקאַנטע...

— איך שפּיי אויף זיי אינ פּנימ, — קאָכט ער זיך, — ווער זיינענ זיי? איר זייט א שענערער מענטש פונ זיי... פאַר וועמענ פּאַסט ניט — פאַר פּערסיצנ, פאַר באַבינענ? איך וויל דאַפקע צו זיי אינ מאַגאַזינ אַריינגיינ...

— ניינ! ניינ! זאָגט מיר צו, אז איר וועט מיך ניט אַריינפירנ צו זיי...

— איך וויל דאַפקע גיינ מיט אייך אינ אַלע גאַסנ, — רעדט ער זיינס, — וועמענ הער איך? מיינע קרויווימ? אייער קאָרעוו דער האָלצ־הענדלער... וואָס 'איז...

— ווי איר... — שפּאָט זי — הער גאָלדמאַנ, וווּ האָב איכ אײַכ באַ־געגנט?

— איז באַגעגנט... וואָס בינ איכ, פונ א שטיינ? איכ בינ אײַכ אַנ עפּעלע פונ דעמ אַלטנ בוימ... קאָנט איר גיט מוחל זײַנ?.. פאַר־בלאָנדזשעט אַמאָל.

— אונ — אירט מער נית בלאָנדזשענ?..

— אָט איז א מענטש וואָס גלייבט נית — וויל נאָכ אַלצ נית גלייבנ..

5

בעב איז פאַרנומענ. אָבער אינ יענע טעג האָט ער זיכ פּאָרט אָפּגע־ריסנ אונ אַרײַנגעלאָפנ אינ ביבליאָטעק. פייגינ האָט אימ מיט פרייד אָנגעזאָגט, אַז ס'זײַנענ אָנגעקומענ פונ פּעטערבורג א סאַכ נײַע ביכער. דאָרטנ אינ צימער זיצט טאַקע דאַוויד בלומ אונ קוקט זיי איבער אונ מאַכט רעשימעס פאַרשיידענע, וואָס אונ וועמענ צו רעקאָמענדירנ.

גלײַכ נאָכ בעבנ איז אַרײַנגעשפּרונגענ מערקינ מיט רייזל אינ טיר נאָכ.

— אָט האָב איכ דיכ געטראָפנ — ווו ביסטו פאַרפאַלנ געוואָרנ? זע, א פּאָנעמ ווי א פייגער... אָנגעלאָפנ זיכ, בעב, אָפּ דײַנ בלײַבעניש?..

— הער אויפ! הער אויפ! לאָז אָפּ!

— הער, איז דאָכ טאַקע אַנ עמעס: ס'קלינגט מיט דיר שטאָט...

— ווער קלינגט אינ שטאָט, אַז נית דו?

— מע זאָגט, אַז דו האָסט אַרויסגענומענ אַ נעקייווע פונ א הײַזל, אונ דו האָסט זי באַהאַלטנ אינ אַנ אויבערשטיבל — „זי'ער־הייבנ" ווערנ צו איר אינ די נעכט...

— דאָוויד, זאָגט איר אימ, ער זאָל פאַרמאַכנ דעמ רינשטאָק... — האָט בעב זיכ געווענדט צו דאָווידנ, וואָס האָט באַמ טיש געבלעטערט ביכער אונ פאַרצייכנט עפּעס אָפּ באַזונדערע פּאַפּירנ.

מערקינ איז אימ נאָכגעגאַנגענ: — א שיינ מיידל?

— זייער א שיינע... ביכקאַל — א זעלטענע!.. קריסטאַל — ריינ! אונ א כאַראַקטער!.. א גאַנצע מײַסע... זי קאָנ זיכ אויסכאַפּנ מיטאַמאָל, אונ זיכ אויפהייבנ פונ א גרוב, ווי טיפ ס'זאָל נית זײַנ... אָ קראַפט! מיר דוכט... — בעב האָט זיכ געהיצט, געקוקט אָפּ דאָווידנ, וואָס האָט אויפגעהויבנ דעמ קאָפּ פונ טיש אונ אָנגעשטעלט צו אימ פאַרטראַכטע אויגנ.

— דערווייל האָב איך עפּעס אופגעטאָן, — פונ „דאָרטנ“ ארויסגעראטעוועט! — זאָגט ער מיט גאדלעס:

— וואָס מיינסטו דערמיט? — לאכט מערקינ — כאסענע האָבנ?..

— איך קאָנ דאָך ניט כאסענע האָבנ מיט אלע מיידלעך, וואָס איך וועל פונ „דאָרטנ“ ארויסנעמענ...

— אי, א מאגייפע אפ דיר! דו מאכסט עס פאר א פּראָפעסיע — צוגעמענ פונ דאָרטנ אלע מיידלעך, — וועסט דאָך די וועלט כאָרעוו מאכנ..

— אזא וועלט, וואָס האלט זיך אפ דעם, מאָג כאָרעוו ווערנ...

— א נייער צאדיק — בעך! פּאָשעט — א סאָדיערזשאנקע... כוילע איז ער — דער טאטע האָט קיינ געלט ניט? צי בעך האָט שוינ פארלאָרנ די כושיוס?.. ווער גלייבט איים, בעבנ? איך גלייב ניט...

בעך האָט צוגעקוקט, ווי דאָוויד האָט זיינע שארפע בליקנ געשטאָכנ אינ מערקינען, און ער האָט דערייבער אופגערייצט אָפּגעוואָרט:

— יע־יע... — האָט דאָוויד אופגענומענ קנייטשנ צווישנ זיינע ברעמענ, — מ׳גלייבט אינ וואָס מע וויל... כ׳מיינ — מ׳גלייבט אינ וואָס מע פילט, אז מע וואָלט עס אליינ אזוי געטאָנ... אינ וואָס אייגעה גלייבט! כאראקטעריסטיש — אינ וואָס אונ ווי ׳מע גלייבט...

מערקינ האָט געציטערט און זיך נעקנייטשט פונ ווערטער אונ פונ בליקנ.

— געפונענ מיט וועמענ צו ריידנ — האָט בעך געדנ אונטערגעכאפּט, — א קייטיקע נעשאָמע, שפּריצט מיט שמוץ.. מיילע איך — בינ ווערט פאר אמאָל — זאָג אפ מיר... אָבער א מיידל, וואָס דו קענסט זי ניט — וואָס שיטסטו אפ איר פּעך און שוועבל?.. געווענ בינ איך א שטיפער, א האָפּערדיקער — האָט זי מיך א בראָך געטאָנ אזוי!.. טאקע א פייער, וואָס האָט די גאנצע שמוץ און מיסט אינ מיר ארויסגעברענט מיטאמאָל... זי האָט אליינ, קענטיק, לאנג געטליעט אינ זיך, ווי א פונק, שטארק פארשאָטנ מיט אש, און מיטאמאָל האָט זי זיך צעפלאָקערט — פלאם־פייער!

ער האָט א ווײַלע געשוויגנ פארקלעמט אונ פארטראכט. צולעצט האָט ער א וואָרפ געטאָנ מיט א האנט פונ זיך, ווי אָפּגעשליידערט בילדער, וואָס האָבנ אים שוינ ארומגעקרייזט, אונ אָפּגעשארט ווערטער, וואָס זייער געהילכ האָבנ אים שוינ אָנגעפילט, און ער האָט זיי איצט ניט געוואָלט ארויסזאָגנ.

— דאוויד, קומט ארײַנ מיט מיר צו איר.

— ווא—אס?. — האָט דאָוויד אָפּגעצויגנ, אונ איז שנעל אוועק פונ זיי בײדנ.

## VII. באמ גאָלדענעמ האָדעס

### 1

בעב האָט באשלאָסנ — הײנט רעדט ער מיט דער מאמענ. לענ-גער אָפּציִענ איז אומעגלעכ, בײַ אימ איז אויס געלט. אונ געלט קאָנ ער איצט באקומענ סײַדנ דעמלט, ווענ די מאמא וועט וויסנ פונ אלצ. אונ אגעוו — זאָל זי זענ די מאמא, אז ער איז גאָר ניט אזא שטי-פער, — ער טוט עפּעס רעכטס אונ ערנסט!

האָט ער זיכ קוימ דערווארט די שפּעטערע קאווע אינ דער הײמ— ווענ ס'איז קײנער ניטאָ, אויסער דער מאמא אונ ער.

— מאמא! — דו ביסט דאָכ א קלוגע, א פּיקויעכ, א דײַטנ אונ א גוט הארצ...

די מוטער האָט צו אימ א שמײכל געטאָנ:

— בעב, די האקדאָמע געפעלט מיר ניט... זי איז צו גרויס פאר מײַנ קעשענע...

— מאמא, איכ וועל עס מאכנ קירצער: דו פארשטײסט פונ א ווונק... נויט, ארעמקײט ברענגט צו אלע אומגליקנ, אינ רײַכקײט, ווײלטיק פירט צו אלע אוולעס, צו אלע נעוואָלעס אפ דער וועלט... מיט דיר הארפ מענ א סאכ ניט רײדנ: דו ביסט דאָכ בײַ מיר קימאט א סאָציאליסטקע!..

— פרעג בײַ דײַנ באקאנטנ... ווי רופט מענ אימ? בלומ — בײַ בלומענ פרעג, — האָט זי זיכ צעקרימט, — וועט ער דיר זאָגנ, אז איכ בינ א טיפּישע בורזשויקע... א טי—פּישע!..

— פונוואנענ ווײסטו בלומענ? בײַ מיר איז ער קײנמאָל ניט גע-ווענ... איכ האָב אימ דאפּקע עטלעכע מאָל גערופנ, גײט ער ניט צו מיר אהײמ...

— אונ איכ וואָלט אימ ניט רופנ דעמ גאדעלניק... גענוג, אז דו באגעגנסט זיכ מיט אימ אינ גאס — גענוג! זאָל סלאוועק גינזבורג האָבנ דעמ נאכעס פונ אזא בלומ מיט די גרויסע געקרײַזלטע האָר...

— קענסטו דאָכ אים טאקע...

— סלאווקענ קענ איכ אוואדע... אונ בלומ איז אויכ א קענטיקער... סלאווקע איז געווענ רײַכ, אונ זי קאָנ זיכ פארגינענ דעמ גרעסטנ קאפּצנ... איר טאטנס פארמעגנ וועט קלעקנ פאר ביידנ...

— אָבער פונוואנענ נעמסטו, אז בלומ זאָגט עפּעס אפ דיר?.. — רײַסט בעב איבער.

— אפ מיר וועט ער זאָגנ!? איכ קענ אימ, וואָס? אפ אונדזער וווילטעטיקײַט, אפ אונדזער קלאלארבעט... אפ אלע אונדזערע דאמענ זאָגט ער — טיפּישע בורזשויקעס... גאנצ שטאָט רעדט שוינ — אָט, מאדאמ מאנדלשטאמ...

— מאמא, זאָל דיר ניט פארדריסנ. אונ אפ בלומענ האָב גיט קיינ פאריבל — ער איז ביכלאל צו שטרענג... בא אימ בינ איכ אפּיגע אויכ נאָכ ניט קיינ סאָציאליסט... נאָר — א רײַכער באָכער, וואָס שטיפט... בינ איכ מיט דיר פונ איינ מינ — אינ זײַנע אויגנ...

— בעב! — לאכט שוינ די מאמע אפונ קאָל, — דו האָסט מיר שוינ אונטערגעקויפט מיט דײַנ גוטער מיינונג וועגנ מיר... זאָג שוינ קורצ צו דער זאכ.

אונ זי איז צופרידנ, אז בעב געפעלט ניט אָט דעמ בלומענ, איז בעב איר — נאָכ טײַערער אונ ליבער...

— מאמא, איכ וועל דיר זאָגנ גאָר קורצ: דו דארפסט אויסהעלפנ איינער א פרײַלנ, אז זי זאָל קאָנענ קאָשער אונ ערלעכ לעבנ...

זי האָט א בלענצל געטאָנ מיט אירע קלוגע אויגנ.

— אונ גאָר?.. איכ מיינ, דו קענסט זי, בעב? צי עמעצער האָט דיכ געבעטנ פאר איר? ווער איז זי?

— מע האָט זי ארויסגענומענ פונ א הײַזל... — האָט זיכ בעב אויסגערעדט אומגעריכט, האָט ארופּגעלאָזט די אויגנ. נאָר ווי ער האָט עס שוינ ארויסגערעדט, האָט ער גלײַכ אופגעהויבנ דעמ קאָפּ אונ איבעריקס הויכ צוגעגעבנ:

— מאמא, איכ האָב זי ארויסגענומענ פונ הײַזל... איכ! איכ וועל זי ברענגענ אהער, וועסטו זענ...

— בע—עב! — האָט זי זיכ אופגעשטעלט — א קורצע, א פולע, א קײַלעכדיקע, מיט אזויפיל איימעדיקע שטאָלצ אינ איר הויכ־אופגעריסענעמ קאָפּ מיטנ הארקאָווערדיקנ פּאָנעמ, אז בעבנ האָט זיכ אויס־

געדוכט: ער איז קינדיש אנטקעגנ איר... איכ בעב איז דאפקע געראָטנ געווענ אינ פאָטער: א הויכער, א ברייטער.

— בעב, דו זאָלסט זיכ ניט דערהוועגנ!.. — האָט זי מיט א קליינ פויסטל, מיט שליסעלעכ אינ זיי פאָרדריקט, א קלאפ געטאָנ אינ טיש: בע—עב! דאָס איז שוינ א סאכ שלימער, ווי דער סאָציאַליזמ דיינער...— האָט זי ווי פאר זיכ שטילער געוואָרפנ, צוזאמענ מיט די שליסעלעכ איבערנ טיש, און האָט זיכ אָפגעקערט.

— די גאנצע מייסע געפעלט מיר ניט... — האָט זי זיכ ווידער אופגערעגט. — דאָס איז שוינ גאָר מיִעס — א כארפע!..

— און א „סאָדיערזשאנקע“, ווי בא מישענ, איז שענער?..

— בע—עב!—האָט זי אפ אימ אויסגעבליצט בייזע און צעשראָקע־נע אויגנ.

— און צו א הויז־מיידל קריכנ, ווי דער אָנקל באָרים — איז ניט מיִעס?

— בע—עב; פאר ווענענ רעדסטו אזעלכע ווערטער?!.. — האָט זי ווידער פונ טיש די שליסעלעכ אופגעכאפט, און מיט זיי געסקריִעט אי־בער א טעלער.

— אינ אזעלכע הייזלעכ גייענ איז נישקאָשע?..—האָט זיכ בעב ניט אָפגעשטעלט. — ביסט דאָכ טאקע א טיפישע בורזשויקע!... גוואלד, איכ האָב מיכ גענארט אינ מיינ מאמא....

— און איכ—אינ מיינ זונ... כ'האָב מיכ גענארט... איכ האָב אלצ נאָכגעגעבנ... ברענגט ער מיר אריינ אינ שטוב מערקינענ און נאָכ אזעלכע גוטע לייט — רעכט. אינ וועלכער רייכער הויז לאָזט מענ עס אריינ אבי וועמענ פונ גאס? ברענגט ער מיר, בעב, סאָציאַליזמ אינ שטוב — פראָקלאמאציעס בא דער מאמא באהאלטנ... איכ אלצ נאָכגעגעבנ. וועט ער מיר נאָכ אריינברענגענ א...

זי האָט זיכ ניט צו דערלאנגענ שטאָלצ אָפגעקערט, איז אוועק צומ בופעט און דאָרטנ לאנג עפעס זיכ געייסעקט, געעפנט דאָס טירל און פארמאכט, צוגעשלאָסנ מיטנ שליסל און אופגעשלאָסנ. אָנ די שליס־לעכ אינ די הענט האָט זי זיכ צוריק אומגעקערט, האָט דעמ אומע־טיק־שווייגנדיקנ בעבנ אוועקגעזעצט אפ א שטול און, אויסקומענדיק דעמלט העכער פונ אימ, האָט זי גענומענ גלעטנ זיינ קאָפ.

—בעב, אי בעב!.. בעב, דו ביסט א שטיפער, א האָזעניק, דו

זידלסט אויס בורזשויעס... אָבער אנטקעגנ א מאמא, בעב, טאָר מענ אזוי ניט ארויסשפּרינגענ...

בעב האָט מיט זײַנע ביידע הענט זיכ געצויגנ צו איר און אָנגענומענ אירס א האנט. ער האָט געוווּסט, אז זי גייט שוינ אפּ עפּעס א האנאָכע.

— ווי רעכנסטו זי אײַנאָרדענענ, בעב?

— דו וועסט מיט איר ריידנ, וועסטו זענ.

— וואָס בינ איכ, א קאָהאָלשע מאמע? וואָס וועל איכ מיט איר ריידנ? — האָט זי ווידער אינ שרעק געהעכערט איר קאָל און אָפּגעצויגנ פונ אימ איר האנט. — נאָר אָנ סקאנדאלנ, בעב, — האָט זי זיכ צוריק דערנעענטערט, — דו האָסט שוינ געוויס גאנצ שטאָט אופּגערודערט... דו אליינ, פלאפּלער, האָסט שוינ אלעמענ דערציילט — זיכ געגריסט מיט דער מיצווע... וועט נאָכ דערהערנ דער פּאפּא...

— דער פּאפּא... — האָט זיכ בעב א כאפּ געטאָנ, טאָר די מוטער האָט צו דער צײַט די האנט ארױפגעגליטשט פונ זײַנ קאָפּ און אימ דאָס מויל פארשטעלט.

— שטיפערײַ דארפ אויכ האָבנ א שיר, א ברעג... גענוג שוינ קינדערײַענ... דו דארפסט פאר איר אפּ א דירע? פאר קעסט באצאָלנ?

— א דירע געדונגענ שוינ...

— וואָס נאָכ דארפסטו? נאָר דו לאָז זיכ ניט פארפירנ — אזעלכע מיידלעכ קאָנענ פארפירנ... זי זאָל דיכ ניט ארײַנעמענ אינ די קלאַמערנ...

— מאמא, זי איז ניט אזא... דו דארפסט זי זענ... — האָט זיכ בעב נאָכגעגעבנ געבעטנ.

— וואָס זי איז אזא שיינע? — האָט זי געלאסנ, אָבער מיט קאַוואָנע געפרעגט.

— א שיינע — א זעלטענע שיינע! — האָט ער מיט היספּײַלעס ארויסגעזאָגט.

— האָט זיכ דיר דאָס קעפּעלע פארדרייט... — האָט זי קלוימערשט געשמייכלט און אימ ווידער דעמ קאָפּ געגלעט. — ווילסט איר עפּשער פאר א שנור צו מיר ארײַנפירנ? — האָט זי געשטעלט איר הארבסטע פראגע און דאפקע אזוי ווי גלײַכגילטיק.

— ניינ, מאמא, — האָט זיכ בעב דרייסט אופגעשטעלט, — אויב

דו ביסט נאָר דאָס כווישעד, קאָנסטו זיכער זײַנ... ניט פאַרליבט, עס הייבט זיכ ניט אָנ...

— דו ווייסט געוויס, אז עס הייבט זיכ ניט אָנ? — האָט זי אוי־סערלעכ רויִק אויסגעפרעגט, — אונ וואָס פאַר א מענטש איז זי? וואָס פאַר א נעפעש?...

— מאַמאַ, זי איז שיינ, זי איז קלוג, — אונ א כאַראַקטער!..

— איז עס נאָכ אַלצ ווייניק, אז זי זאָל דיר דעמ קאָפּ פאַרדרייענ...

— אז זי וויל ניט פאַרדרייענ...

— אַי, ביסטו נאָכ א קינד, בעבעלע...—האָט די מוטער געוואָרנט מיט א פינגער, — נו... בעב, ברענג זי צו מיר... נאָר אָנ סקאַנדאַלנ... אָנ שטיפעריי...

2

אז בעב איז פאַרטיק געוואָרנ מיט דער מאַמאַ, האָט ער זיכ ווידער אונ שטאַרקער גענומענ פאַר בערטענ. זי האָט שוינ קליידער פײַנע, — פאַר־וואָס־זשע שעמט זי זיכ אַרײַנגיינ צו זײ אַהיימ, פאַרצושטעלנ זיכ זײַנ מאַמאַ?

— הער גאָלדמאַנ, — האָט זי אימ אײַנגערעדט, ווי א קאַפּריזנע קינד, — וואָס האָט איר זיכ אײַנגעשפּאַרט אינ נארישקײַט? צו וואָס איז דאָס נייטיק?

— זי וועט אײַכ אײַנאָרדענענ, די מאַמאַ.

— שוינ אײַנגעאָרדנט... איכ פיל מיכ איצט שטאַרקער אונ גע־ניטער, ווי פריִער... אפּאָנעמ נאָכ א פאַל — פילט מענ זיכ זיכערער אפנ גרעסטנ גליטש... א נאַר פאַלט צוויי מאָל... מיר דוכט, אז איכ קאָנ שוינ איצט אַליינ באַשטיינ אַלצדינג...

— מײַנ מאַמאַ וועט אײַכ כאָלילע ניט באַליידיקנ...

— זי קאָנ מיינענ, אז איכ קוק אַרויס אפ איר זונ...

— איכ האָב איר געזאָגט, אז ניט... קומט! זאָל זי זענ, אז איכ... איכ האָב איר אַלצ דערציילט... זאָל זי זענ, אז ס'איז ניט אויסגע־טראַכט...

זי האָט געוואָלט א שמייכל טאָנ, איז עס אויסגעקומענ פאַרקלעמט.

— איכ זאָל זײַנ דער איידעס, בעניאַמינ! — האָט זי פּלוצלינג איבערגעריסנ איר קלעמעדיק שמייכל אונ איר שטימ איז געוואָרנ האַרציקער, — איר זײַט נאָכ א קינד... נאָר — איכ וועל דאָס שוינ טאָנ

צוליב איַך... איר האָט דאָך פאַר מיר עפּעס געטאָן... איר זיַיט אמאָל א וויל יינגל... א קינדיש יינגל....

## 3

די מאַדאַם גאָלדמאַן האָט זיך געגרייט צו דער באַגעגעניש. זי האָט באַטראַכט און באַשלאָסן — ניט דערציילן אפילע מיכאַילן — דעם עלטערן זון: ס'זאָל ניט ארויסקומען א סקאַנדאַל. און דעם מאַן — ניט דערמאָנען אפילע. זי וועט שוין אַליין זען, וואָס צו טאָן. דערוויַל א מאַמע דאַרף אַלץ אויסשטיין — אַליין... דערהויפּט צוגרייטן געלט — אַף יעדן פאַל. מיט פאַרשיידענע טערוצים האָט זי באַ דעם מאַן אויסגעדרייט צוויי הונדערטער אויסער די געוויינלעכע הויצאָעס. א הונדערטער געליִען באַ מיכאַילן: ס'איז איר נייטיק. האָט זי דריַי „קאַטערינקעס" — גאַנצע זיַינען באַקוועמער, באַהאַלטן אין קליינעם טעשל פון איר גרויסן רעדיקול. און זי האָט צערודערט געוואַרט אַף עפּעס „נייַעם קאַפּריז".

אין יענעם פּרימאָרגן צו דער שפּעטער קאַווע האָט זיך מאַדאַם גאָלדמאַן צוגעפּוצט וואָס רייַכער. אָנגעטאָן א סאַמעטענעם קלייד און א זיַידן קאָפּטל — זאָל זיַין ביידע מינים. אַף איר רונדן האַלדז האָט זי אין עטלעכע מאָל אָנגעדרייט א לאַנגן שנור פּערל און דאָס אייבעריקע ערשט געלאָזט אַראָפּהענגען אַף איר גווירישער ברוסט. אין דעם גרויסן אויסגעברייטערטן קריַיז פון דער לאַנגער גאָלדענער קייט, וואָס האָט זיך אַף איר געשלענגלט פון ביידע זיַיטן קאַרק איבער די אַקסלען און זיך געצויגן שטאַרק נידעריק צו דעם אַראָפּגעהאַנגענעם זייגערל. אין די אויערן — די לאַנגע וואַגיקע בריליאַנטענע אוירינגלעך, ווי גלעקלעך, וואָס האָבן זיך געטרייסלט, געקלונגען און געפינקלט. די טונקעלע האָר אַפן קאָפּ זיַינען געווען אָנגעהויפנט אין דער הייך און באַשאָטן מיט קעמעלעך, זילבערדיק באַזוימטע, און שפּילקעלעך מיט קעפּעלעך באַגילדטע. און די הענט, וויפל זיי זיַינען אויסגעבלויזט — אין בראַסליעטן, רייפן און רינגען.

אַפן עס־טיש האָט זי אַליין — די דינסטן דערביַי גראָד ניט באַנוצט — ארויסגעשטעלט זילבערנע געפעס און גאָלדענע קיילים, וועלכע מע האָט געברויכט און וועלכע מע האָט דאָ ניט געברויכט, ניט הייַנט און ניט אין אַנדערע טעג. אפילע דעם מאַנס גאָלדענער פּאָרט־

סיגאר מיטנ מאָנאָגראמ פונ בלישטשענדיקע שטייִנדלעכ, אונ דער אויסטערלישער „האָדעס" פונ גאָלד מיט גלעקלעכ אונ קייטעלעכ — האָבנ זיכ אויכ, קלוימערשט, געוואַלגערט דאָ אפנ טיש צווישנ קא־וויטע מײַכאָלימ אונ זעלטענע געטראַנקענ.

— אדראַבע, — האָט די מאדאמ א צופרידענע מאכשאָווע דער־בײַ געהאט, — זאָל זי זענ — אָט דאָס „מיידל", זאָל זי זענ דאָס אײַנקומעניש, וועט זי פארשטיינ ווי הויכ אונ ווי ווײַט דאָס איז פונ איר... אונ זאָל זיכ איר ניט דוכטנ...

זי האָט זיכ דערמאָנט, אונ האָט צומ טיש נענטער אומגעדרייט אונ אויסגעמערקירט, אז פונ טיש אפנ אויג זאָל עס אויסקומענ — די הויכע טומבע מיטנ „קעסטל זילבער"... האָט זי אופגעשלאָסנ דאָס קעסטל, דאָס דעקל איז אופגעשפרונגענ, אונ עס האָט אויסגעפינקלט, אויסגעבליצט גאנגעצ לעפל, מעסער, גאָפלענ...

די מאדאמ האָט פרובירט זיכ צו שטעלנ, אײַנזעצנ זיכ פונ דער אנדער זײַט טיש — אונ איז אליינ געווענ צופרידנ איבעראשט.

איצט וועט מענ זענ... צי אזא מיידל וועט נאָכ האָבנ די האָזע...

4

בעב האָט זיכ עפעס פארוואונדערט, דערהערנדיק ווי בערטע רופט אָנ פאר דער מאמא איר נאָמענ: מינצ. אונ אימ איז דער טאָמען גע־פעלנ געוואָרנ.

די מאדאמ גאָלדמאנ האָט זי לאנג באטראכט מיט ברייט אופ־געריסענע אויגנ.

„אזא פלאסטיש מיידל!" — איז איר דורכגעפלויגנ אינ דער מאכשאָווע, ווי א בליצ פאר צעעפנטע אויגנ, וואָס באלויכט פלוצלינג אונ מאכט ווײַ... — אויגנ — קארשנ, באקנ — רויזנ, אונ א מוילכל, ווי ערשט אָפגעקושט...

א זעל—טע—נע שיינ—הײַט! אונ אזא שטאָלצ נעהויבענער קאָפ.

די מאדאמ האָט זיכ דערשראָקנ — געשראָקנ פאר דער זיכערקײַט אינ איר ניצאָכנ בא דער באגעגעניש.

נאָר זי האָט זיכ ווי מעגלעכ אויסגעצויגנ העכער, צעשפרייט אירע קײַלעכדיקע הענט אונ זיכ אלנפאלס געברייטערט, אונ האָט — מיט שטאָלצ אונ מוט זיכ גענענטערט צומ טיש.

זי האָט באַזונדערס העפלעכ אונ דורכ דעמ אויכ באַזונדערס
זעלבסטווירדיק אײַנגעלאַדנ בערטען זיצנ, גלײַכ פאָרגעלייגט קאַווע,
טערטלעכ, אונ האָט אָנגעהויבנ א זײַטיקנ אונ היימישנ שמועס פונ
געראָטענע זעמל אונ טאָרטנ.

— בא אונדז אינ שטאָט באַקומט איר אזעלכע צוקער־געבעקס!..
אונ בא אײַכ אינ שטאָט? איר זײַט דאָכ ניט קיינ היגע... — מאכט זי
אַנגעוו.

— פונ א קלענערער אינ געמיינערער שטאָט....

— דער קאָסטיומ אונ הוט איז דאָכ פונ אײַער שטאָט? זייער
עלעגאַנט! אינ דעמ האַרבסט זיכ ערשט באַוויזנ... — האָט זי גיכ באַ־
מערקט, ניט געוואָלט קלוימערשט זיכ אָפּשטעלנ דערויפ, — אינ קלע־
נערע שטעט איז דאָס לעבנ געמיטלעכ...

— די קליידער זײַנענ היגע... אײַער זונ האָט מיר געלט אויסגע־
ליִענ...

די מאמא אונ דער זונ האָבנ ביידע זייערע אויגנ אופגעהויבנ צו
איר: בעב — צופרידנ פאַרוואונדערט פונ אזא אופריכטיקייט, אונ די
מאדאמ — אינ שרעק אויספירנדיק: וואָס אזא „כוואַט“ קאָנ נאָכ צו־
געבנ נאָכ אזא אַרײַנפאָר...

— איר האָט א שול געענדיקט? — האָט זי געפרעגט פונ אנדערש
וואָס.

— א פּאָר קלאַסנ.

— אונ דערנאָכ א פּראָפעסיע געלערנט.. הײַנטיקע צײַטנ דאַרפנ
פרויענ קאָנענ א פּראָפעסיע...

— היימיש נייענ...

— וואָלט איר קאָנענ זיכ באַשעפטיקנ דערמיט... יע, א מאשינ
ברויכט מענ.. נאָר אינ א קלענערער שטאָט איז לײַכטער. דאָרטנ זײַ־
נענ פאַראַנ באַקאַנטע... די מאָדעס ווערנ ניט אזוי געפאָדערט... אינ
א קלענערער שטאָט...

בערטע האָט זיכ אָנגעשפּיצט צו הערנ אונ געוואַרט.

— וואָס איז? — מישט זיכ אַרײַנ בעב,—מאָדעס לערנט מענ אויס.

— דו ביסט נאָכ א קינד, בעב... די פרײַלנ פאַרשטייט בעסער
פונ דיר, אַז דאָ, אינ א גרעסערער שטאָט, איז פאַר איר קיינ אָרט
ניט... בעב...

די מוטער האָט געהאַט א באַוועגונג א גלעט צו טאָנ בעבנ איבערנ קאָפּ, ווי שטענדיק, ווענ זי וויל אימ פאָרויס באַרויִקנ, נאָר זי האָט האַסטיק צוריקגעצויגנ די האַנט: האָ איצט, פאַר „דאָס מיידל“ אינ די אויגנ איז עס ניט קעדייַ צו גלעטנ אימ...

— בעב, — האָט זי חאַפּקע האַרט גערעדט, — דו ביסט נאָכ א שטיק ווינט, אז מע זאָל קאָנענ פאָלגנ דייַנע אייצעס... מאָדעס לערנט מענ ניט אויס אזוי גיכ... אונ דאָס לעבנ איז טייַער אינ א גרויסער שטאָט... ווי מיינט איר, פרייַלנ? נאָר אינ א קלענערער שטאָט! -- האָט זי געפילט איר אונטערזאָגנ, — צי איר האַלט טאַקע פונ מייַנ בעבנ, פונ בעניאָמינ מאַרקאָוויטש — איר האַלט עפּשער מער, ווי איכ, זייַנ מוטער? — האָט זי פלוצלינג א קער געטאָנ דעמ געשפּרעכ — ווי האַלט איר פונ אימ? א מוטער אינטערעסירט א מיינונג...

בערטע האָט געשוויגנ, שטומ פינקלענדיק מיט אירע אויגנ אפ דער אויסשפּירנדער מאַדאַמ.

— איכ זע שוינ, אז איר האַלט פונ אימ גאָרניט... איכ וועל אייַכ אונטערזאָגנ: א לייַכטזיניקער, א יונגער שטיפערל, א נאָכגעגעבענער. אונ מ'קאָנ אימ אָנטרויענ, וואָס ווייניקער... וואָס ווייניקער, איז געזינטער... — האָט זי קלוימערשט געשמייכלט.

בעב האָט געצוווּנגענ צוגעשמייכלט.

— איכ בינ עלטער פונ אייַכ אונ איכ בינ א מאַמע, אנ אייגענע מוטער זייַנע, וואָלט איכ אייַכ האַפּקע ניט געראַטנ צו גלייבנ אימ, בעבנ — א ווינט אפ דער גאַס... אונ איר זייַט טאַקע קלוג, ווי די וועלט, אז איר גלייבט אימ ניט אונ איר האַלט ניט פונ אימ... איר דאַרפט אזא אייגעמ האַלטנ טאַקע פאַר א גאָרנישט...

— מאַדאַמ! — האָט בערטע קוימ א שמייכל געטאָנ אונ אויסגעקרימט א ווינקל פונ די ליפּנ, — איכ וועל מיט אייַכ ניט אינגאַנצנ אייַנשטימענ...

— ניט אינגאַנצנ, — האָט די מאַדאַמ אונטערגעכאַפּט, — אָבער איר זייַט מאַסקימ, אז ס'איז ניטאָ אפ וועמענ צו בויענ...

בערטענ האָט זיכ פאַרגלוסט צו רייצנ זי. אינ אירע אויגנ האָט פונ דער טונקל אלץ מער אויסגעגליט א פלאַמיק פינטעלע אונ האָט געשווידערט אפ דער מאַדאַמ. בערטע פאַרשטייט גוט איר קאַוואָנע, אונ עס גלוסט זיכ צו ערגערנ זי.

— בעניאָמינ מאַרקאָוויטש, — דריקט זי אויס די ווערטער באַ־זונדערס באַשעוודיק, — איז ניט גאָר א גאַרנישט... פאַר מיר האָט ער גוטס געטאָנ... איכ קאָנ עס ניט פאַרלייקענענ...

די מאַדאַמ האָט זי א שטאָכ געטאָנ מיט די אויגנ. נאָר געזאָגט האָט זי געלאַסנ:

— כ'בינ זייער גערירט דערפונ — פונ אייער אָפּנהאַרציקייט אונ פונ אייער גוטער מיינונג וועגנ מיינ זונ...

— אהא, מאַמאַ! — האָט זיכ בעב ארויסגעכאַפּט זייער צופרידנ, — דו זעסט, שוינ גאָר ניט אזא שלעכטער זונ...

— א גוטהאַרציקער... ריכטיק, — האָט די מאַדאַמ צוגעגעבנ, — זייער א גוטער! 'אינ אנ אומגעפּלאַמטער: ציינדט זיכ אָנ, ווי א שטרויעלע א טרוקנס... נאָר עס ברענט אויס גיכ, ווי א שטרוי... א קינד נאָכ — וואָס זאָל מענ פונ אימ ווילנ? — אונ נאָכ מיט א גאַנצנ ווינטמיל אינ קאָפּ... — האָט זי צופרידנ געשמייכלט פונ איר ווערטל: — בוינעג קאָנ מענ אָפּ אימ זייער ווייניק...

— קיינער רעכנט ניט צו בוינעג אָפּ אימ, — האָט בערטע גאַנצ הארט געזאָגט.

— אנטשולדיקט, פריילנ, איכ רייד, ווי א מוטער, וואָס צערעדט זיכ... אָנ פּניעס אונ אָנ זייטיקע קאַוואָנעס... אז מענ רעדט... אז איר זייט באַ מיר אינ שטוב, — זי האָט אומגערנ אזוי דעמ פּאַרטסיגאַר צוגערוקט נעענטער, אונ דעמ „האָרעס" אָפּגעשטעלט אינ א זייט... אז איר זיצט באַ מיר נעבנ טיש, זיינענ מיר ניט די מענטשנ פונ גרויסקייט...

זי האָט זיכ אָפּגעשטעלט, האָט א פּאָר טריט געמאַכט צומ „קעסטל זילבער", האָט דאָרט געהאַט אראָפּגעלאָזט דאָס דעקל, נאָר גלייכ האָט זי עס צוריק אויפגעהויבנ, אונ געקוקט אָפּ בערטענ, אונ דערביי גערעדט:

— פונ גנווע האַלט איכ ניט... ווי מיינ זונ איז אויכ ניט קיינ באַל־גנווע — רייד איכ מיט איינ, פריילנ, אָפּנ...

זי האָט זיכ צוריקגעקערט צומ טיש אינ פּאַרדראָס, וואָס אָט „דאָס מיידל", קענטיק, ארט גאָרניט די זילבער מיט די גאָלד מיט דאָס גאַנ־צע גוטס...

— בעב איז נאָכ א קינד, זאָג איכ — ער לאָזט זיכ אמאָל פאַר־

פירנ... אָבער ער מאָג שוינ טראכטנ... טראכטנ, פרײַלנ, פריִער, שפּע־טער — א שידעכ...

זי האָט אירע אויגנ אָנגעשטעלט אפ בערטענ צוקוקנ: צי וועלנ איר די ווערטער אויכ ניט ארנ... אזוי ווי דאָס „קעסטל זילבער“...

בעב האָט זיכ צעלאכט, ער האָט זיכ געוווּנדערט, וואָס די מאמא געפינט אלצ נײַע אונ נײַע שמועסנ, צו פארנעמענ דעם שווײַגנדיקנ גאסט. בערטע אָבער האָט שוינ לאנג דערפילט איינע אונ א געצילטע קאווענע, וועלכע זי האָט אָנגעקוקט באשײַמפּערלעכ, ווי א לעבעדיקע שלאנג זאָל זיכ שלענגלענ אינ ווערטער אונ זיכ שלײַדערנ אינ אר־מישנע באוועגונגענ. אונ בערטע האָט אלצ בייזער אונ שפּאָטישער געשלייפט אירע שארפע בליקנ, אונ אינ די ווינקלעכ פונ אירע ליפּנ האָט זיכ אלצ ברייטער געשפּרייט דאָס כויזעק־שמייכעלע.

— מײַנ בעב לאכט, קלוימערשט, פונ שידוכימ... אָבער איכ זאָג אײַכ, פרײַלנ — בעב איז דאָ ניטאָ... מיר ריידנ צווישנ זיכ: בעב וועט א שידעכ טאָנ מיט א רײַכער פאמיליע, מיטנ גרויסנ יִיכעס, וועט אראָפּנעמענ די שיינע קאלע, א געלערנטע, מיט די פולע טויזנטער נאדנ — וואָרעמ מיר וועלנ אנטקעגנ געבנ, קיינ איינאָרע, די פולע טויזנטער... איכ וויל זיכ ניט בארימענ, נאָר אזוי איז דאָס, אז עס קומט צו רייד... איכ רייד אנטקעגנ דעמ, וואָס אימ איז שוינ צײַט צו סטאטקעווענ זיכ... פרײַלנ, איר האָט געזאָגט, אז בעב האָט פאר אײַכ א טויווע געטאָנ, טוט איר אימ אָפּ צוריק א טויווע — האָט זי גע־שמייכלט, — איכ זע, אז איר קענט... אז ער זאָל ווערנ א בארדאס אונ ניט לאָזנ זיכ פארפירנ... יע, א גוטע זאכ טאָנ, אויסהעלפנ א מענטשנ אינ א נויט — אדעראבע! נאָר איר זאָגט אימ, זאָל ער זיכ דאָס קינ־פּעלע ניט פארדרייענ... אנטשולדיקט, פרײַלנ, וואָס איכ האָב זיכ פאר־רעדט — איר האָט קיינ צײַט ניט געווּס... אונ וואָס אינטערעסירט אײַכ מײַנ בעב?...

— ער אינטערעסירט מיכ גאָרניט, — האָט בערטע געוואָרפנ, — נאָר א דאנק קומט אימ. האָט ער, אפּאָנעמ, געוואָלט, אז איכ זאָל אימ אָפּדאנקענ פאר זײַנ מוטער אינ די אויגנ...

דאָס כויזעק־שמייכעלע האָט איר ווי אופגעזאָדענע בלעזלעכ גע־שפּרודלט צווישנ די ליפּנ, וואָס האָבנ זיכ אינ ריידנ שנעל באוועגט.

— איר זײַט געווּס גערעכט: ער דארפ אײַכ גאָרניט אינטערעסירנ

און קאָן אײַך ניט אינטערעסירן... און אײַער דאַנק — דאָס איז זײער פֿײַן פֿון אײַך, עס פֿרײט מיך! איך װיל אױך עפּעס טאָן פֿאַר אײַך — א קלײניקײט, װאָס איך קאָן, געװײנלעך, — האָט זי עס געמאַכט עקסטרע באַשײדן. — אָבער ניט בעבן, נאָר דאַפֿקע אײַך װעל איך דאָס איבערגעבן — איר זאָלט קאָנען אינגאַנצן שױן זיך אײַנאָרדענען... א דרײַ־הונדערטער איז דאָ... זאָל זײַן מײַן מאַטאָנע אײַך — מײַנע, פֿרײַלן, װעט אײַך קלעקן אױף רײַזע־קאָסטן, װוּהין איר װילט, אױף א ניימאַשין, און...

בעב האָט געלױכטן. ער האָט גאָרניט געװוּסט, אַז די מאַמאַ האָט אַזאַ סורפּריז צוגעגרײט. ער האָט זיך אָנגעבױגן א קוש טאָן דער מאַמאַ אין האַנט. די מאַמאַ האָט עפּעס איצט די דאָזיקע צערעמאָניע געמאַכט קורץ, און אױף דער גיך צוגעשאַרט די דרײַ הונדערטער צו בערטען.

בערטע האָט זיך געלאָזן אױפֿגעהױבן פֿון איר שטול. א געװיקסיקע, א שטאָלצע, מיט אױגן אָנגעצונדענע אין פֿלאַמען, און די באַקן — צעהיצט און צערױשט.

— מאַדאַם, איר דאַרפֿט מיך ניט אָפּקױפֿן מיט קײן הונדערטערס...

די מאַדאַם האָט זיך אױפֿגעשטעלט בלײך און צעשראָקן.

— איך האָב ניט געמײנט און איך װיל ניט — האָט בערטע שאַרף אױסגעדריקט — איך װיל ניט פֿאַרפֿירן אײַער בעבן...

— אַנטשולדיקט, פֿרײַלן, איר האָט מיך ניט גוט פֿאַרשטאַנען...

בעב האָט צעמישט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ.

— איך האָב מיך לײדער אױסגעלערנט צופֿיל צו פֿאַרשטײן... — זי האָט געמאַכט א טראָט, און זיך אָפּגעשטעלט: — קײן רײַזע־הױצאָעס גרײט ניט פֿאַר מיר, און — פֿאַרשיקט מיך ניט אין ערגעץ... ניט איך בין די סאַקאָנע פֿאַר אײַער זון...

— פֿרײַלן מינץ, — האָט די מאַדאַם גערופֿן.

— בערטע! — האָט בעב געבעטן.

— אײַער זון, מאַדאַם, איז געזיכערט! — בערטע האָט מיט ביטל געשמײכלט. — איך אים — װיל ניט פֿאַרפֿירן, און ער מיך — קאָן ניט פֿאַרפֿירן...

זי האָט א בליק פֿול עקל און כױזעק געװאָרפֿן אַרום, אױף מענטשן און אױף זײערע גיטער, אױפֿן אָנגעמיסטיקטן טיש און אױף דער אומגע־

לומפערטער טומבע איינמיטנ צימער מיטנ „קעסטל זילבער“ איינמיט־דרינען, און האָט זיך צעלאַכט — ברייט און לוסטיק צעלאַכט, און איז דערהויבן אַוועק.

5

אַרײַנקומענדיק פונ גאַס אינ איר צימער, האָט בערטע זיך גאָרניט פאַרוווּנדערט, וואָס זי האָט בעבן שוינ דערהוויסט בא זיך.

— בערטע, — האָט ער זיך צו איר געוואָרפן, — וואָס זײַט איר ניס־פּאָעל געוואָרנ פונ דער מאַמאַס רייד? — אַ קלוגע ייִדענע האָט אויך נײַנ מאָס ר ייד. זי האָט גאָרניט געמיינט האַפּקע... איך וועל אײַך ברענגענ האָס געלט — שוינ אָפּגערעדט מיט דער מאַמאַ...

זי האָט אים אָנגעקוקט מיט איר בוויזעק־שמייכעלע, פונ וועלכנ ער־דרייט זיך צונויפּ, ווערט קלענער און הייבט זיך אָנ צו טומלענ.

— דעמ האַוודאָלע־האָדעס שטעלט מענ בא אײַך צום טיש אַלע טאָג צו קאַווע?... — האָט זי פּלוצלינג אַ פרעג געטאָנ.

בעב האָט אײַנגעבויגנ דעמ קאָפּ, ווי פונ אַ שטיינ, וואָס פליט אינ אים.

— הער גאָלדמאַנ, — האָט זי רויק אַרויסגעזאָגט, — געענדיקט! פאַר אײַערס — האָב איך אײַך אָפּגעדאַנקט פאַר אײַער מאַמאַ אינ די אויגנ...

זי האָט גוטמוטיק צוגעשמייכלט. — איך בינ איצטער גראָד אַרײַנ אינ אַ וואַרשטאַט, געפרעגט וועגנ אַרבעט...

— בערטע, פונעמ געלט זאָלט איר זיך ניט אָפּזאָגנ, ס׳וועט אײַך צוניץ קומענ, און בא זיי, בא מײַנ מאַמאַ מיטנ פּאַפּאַ וועט מער בלײַבנ...

זי האָט געלאַכט:

— בעניאַמינ, איר זײַט פּאָרט אַ קינד... גענוג! און הערט אויפּ צו גייִנ צו מיר! נו, גייט!

— כ׳וועל אײַך איבערלאָזנ אַ פּאָר רובל, — האָט זיך בעב געטומלט און געכאַפּט אַויסצושיטנ פונ זײַנע קעשענעס דאָס קלייִנגעלט.

— בעניאַמינ, גענוג! זײַט זיכער — קיינ גליטש איז שוינ פאַר מיר מער ניטאָ... אַלע וועגנ זײַנענ שוינ פאַר מיר ניט גליטשיק... און לאָזט מיך צורו... און פאַרגעסט אינגאַנצנ... די גאַס איז ניטאָ, דאָס

הויז — ניטאָ, דער צימער — ניטאָ און איכ בינ ניטאָ... איר גייט ארויס פונדאַנענ, און ס'איז אַלצ אָפּגעמעקט... נו, נאָט אייַכ א האַנט: אַדיע! אוי—אויס!נו—גייט!..

## VIII. קנוילט זיכ א קנויל

### 1

פויגלסאָנ האָט איבערג שוועל אריבערגעטראָגנ און דאָ גלייַכ אפּ דער פּאָדלאָגע אָפּגעשטעלט א זודיק סאַמאָוואַרל, און האָט פייַערלעכ אָנגעזאָגט:

— אָט איז טיי...

— דערוויַיל נאָר געזאָדענע וואַסער... — וואַרפט צו הורוויטש.

— מיט סקעפּטיקער איז ניטאָ וואָס צו ריידנ...—און פויגלסאָנ האָט גענומענ זוכנ „קיילימ" פאַר אַלעמענ, און קלייַבט פונ פענצטער, פונ טישל און פונ א פּאָליצע א געווינקלטע צווישנ צוויי ווענט. האָט ער שוינ אינ די הענט א בלעכנ קווערטל פונ וואַסער, א קענדל פונ קאַר־טאָפל — צו גרויס, וועט מענ אָנגיסנ א האַלבע, — א טעסל מיט א פּאָר אויסנעלאָשענע פּאַפּיראָסנ — וואַרפט מענ זיי אַראָפּ אפּ דער פּאָדלאָגע, בלייַבט א „קיילע" פאַר עמעצנ, — א ליימענע קריגעלע פונ מילכ, עפּעס איז דאָ געווענ אַמאָל מילכיקס, און צולעצט, — ער האָט אַלצ געהאַט דורכגעלאָזט, נאָר אַז עס פעלט קיילימ, מוז ער דאָס אויכ צורעכענענ — דאָס גלאָז אפּנ פענצטער מיטנ ביסל טינט אפּנ דעק.

— ווער האָט עס אָנגעגאָסנ טינט אינ א גלאָז? — פרעגט פויגלסאָנ סטאַמ.

— ווער עס שרייַבט, יענער האָט אָנגעגאָסנ, — רייַסט זיכ אָפּ וואָרקע פונ טאַבורעט. ווו ער האָט געהאַט דערווייַל א טעאַרעמע.

פויגלסאָנ זאָגט אָנ, מע זאָל וואַרטנ, ער וועט א לאָפּ טאָנ צו כאַיע לייענ און נעמענ בא איר צוקער—מ'האָט איר צוגעשיקט פונ דער היימ.

— וואָ—אָס? —גלאָצט אויס וואָרקע די אויגנ און באַלד צעבייגט ער זיכ און צעברעכט זייַנ לאַנגנ דאַרנ קערפּער אינ לאַכנ — צו כאַיע־לייענ? אהינטער דעמ נייַעמ מאַרק? וויפל וויאָרסט אַנערעכ?

— כאַיע־לייע איז יאָכ איצטער אינ דער אַקושערנ־שול — וואַרפט צו דאָבקינ.

— דאָס איז גראָד א קלייניקייט, — מאַכט וואָווקע, — ער דאַרף ניט קיינ דערלויבעניש אפ נעמענ... פויגל, וואָס האָט פרוהאָנ געזאָגט וועגנ אייגנטומ? — מיר איז א כידעש, וואָס דו ווילסט ניט א לאָפּ טאָג אינ שקלאָוו צי איג אָרשע נאָכ א פּאָר שטיקעלעכ צוקער — צעלאַכט זיכ וואָווקע באַטאמט, — ווי דו טוסט א לאָפּ איבערבייטנ ביכער...

— פויגלסאָנ, — רייסט איבער פּלוצלינג איטקינ, — דו ביסט טאָקע געווענ אמאָל א פּאַליעסטינ־יעצ? וואָס האָסטו דערמלט געטאָנ?

— ער האָט גע—טאָ—אָנ, — פאַרגייט זיכ וואָווקע אינ לאַכנ. — ער פלעגט שפּיי—ענ אפ דעמ גאַנצנ גאָלעס... אונ איז אַוועק צופים ביז אַדעס... הערטנ האָט אימ דער יאָמ אָפּגעשטעלט: אפנ וואַסער גייט מענ ניט צופוס...

— נו, יע, איכ בינ א מענטש פונ מייסימ. גיינ איז — גיינ...

— כאַ—כאַ—כאַ!.. — האָט וואָווקע אויסגעפּלאַצט. — נו, גענוג. פויגל, איכ וועל פאַר דער צייט שטאַרבנ א לאַכעדיקער... הורוויצ, איכ האָב א פּלאַנ וועגנ צוקער: גיב מיר דיינע שיכ, טו איכ א שפּרונג אפ מיינ לעקציע אונ באַקומ געלט פאַר א מאָנאַט...

ניסנ הורוויצ רייסט אופ דאָס קורצע נעזל אינ דער הייכ, טוט א שטויס סימכענ אינ עלנבויגנ אונ אופגערוימט אזוי.

— ווי לאַנג איז וואָווקע צוגאַסט געווענ אפ זיינ לעקציע?..

— אינ וואָס באַשטייט דאָס? — רייסט איבער פויגלסאָנ פאַרדראָסיק: — אז ער וויל אָנטאָנ דיינע שיכ, מוז ער שוינ גיינ אפ דער לעקציע?.. ער בעט שיכ, גיב אימ...‏" ער וויל זיכ דורכגיינ... מעג ער אויכ אינ דיינע שיכ... א מענטש דאַרפ שפּאַצירנ...

— אָט דאָס מיינט מענ טאָקע, — טוט הורוויצ נאָכאַמאָל א שטויס סימכענ אינ עלנבויגנ, — איכ בינ שוינ אָנגעלערנט: ער וועט אוועקגיינ צו כאַיע־לייענ, מע האָט אימ דערמאָנט...

— איכ פאַרשטיי ניט, — בייזערט זיכ פויגלסאָנ: — אינ וואָס באַשטייט דאָס? דאָס פאַרפלוכטע אייגנטומ! דיינע שיכ האָבנ זיינ אפ דיינע פיס... אונ ער האָט קיינ פיס ניט? זאָל ער גיינ צו כאַיע־לייענ. וואָס אַרט עס דיר?

— גיב אימ דיינע שטיוול...

— מיינע שטיוול? דאָס איז זיינע ווי מיינע... דאָס זיינענ שטיוול. אונ איצטער טראָג איכ זיי...

— בא וועמענ האָסטו זיי גענומענ?

— הוכט זיך, בא באָריסנ... ער טראָגט שיך, האָב איך אָנגעטאָנ די שטיוול... איצטער ווילסטו אָנטאָנ — נא! נאָר איך דארפ באלד גייג אינ אָרשע...

— אינ אָרשע? דאָס איז א ימוז? דו גייסט „פּאָ ראספּיסאניו“? וועסטו גייג אינ א וואָך ארומ... דערווײַל וועלנ די פּרעסט אָפּפאלנ...

— איך פארשטיי ניט — צעקאָכט זיך פויגלסאָנ: — א מענטש האָט דאָרטנ אָנגעהויבנ צו לייענענ א בוך, אונ איך האָב עס צוגענומענ אונ פארטראָגנ אינ קאָפּיסט... א טײַערע מיידל פאראנ אינ קאָפּיסט — האָב איך איר איבערגעלאָזט דעמ בוך — ספּענסערס... אונ די טעג האָב איך באקאָיע-לייענ דערזענ דאָס לעצטע בוך פונ „מיר באָזשי“ מיט א גוטנ ארטיקל... האָב איך איר אָפּגעטראָגנ דעמ „מיר באָזשי“, אונ אָפּגענומענ ספּענסערנ... טראָג איך אימ גלײַך אָפּ צומ באָכער... א מענטש זיצט אינ אָרשע אונ וואַרט...

— כעווריע! — האָט וואָווקע פלוצלינג מיט האסט זיך געוואָרפנ צומ טישל אונ מיט אויסגעשפּרייטע הענט פארשטעלט עטלעכע ביכער, — האלט צו! פוינל וועט פארשלעפּנ א לאטיינישע גראמאטיק, א גריכישנ ווערטערבוך, לאָגאריפמענ — אונ פארטראָגנ אינ באָברויסק, כיס-לאוויטש...

פויגלסאָנ האָט אינ דער שטיל געמורמלט: — בורזשויעס! ביכער באהאלטנ זיי אויך... אלצ זיך! אונ קיינעמ קיינ נוצנ ניט. איך גיי.

— אונ טיי! — האָט אימ הורוויץ דערמאָנט.

— א גלאָז טיי וועל איך שוינ אויסטרינקענ בא דאַווידנ: איך גיי פארבײַ — בא אימ האָב איך נעכטנ געזענ א נײַעמ בוך — „Развитие капитализма в России“.

— וול. אילינ'ס — מאכט פײַטל. — יע, איך האָב עס געזענ טאקע בא דאווידנ.

— מיסטאָמע, א גוטע זאך, — קוועלט אָנ פויגלסאָנ, — בא דאָווידנ איז שוינ געווענ פונ די אנטיקנ...

— דאָס פאָדערט ער אלצ, קעדיי ער זאָל דיר די שטיוול ניט געבנ... — שמייכלט ניסנ הורוויץ.

— די שטיוול? אינ וואָס געשטייט דאָס? — פויגלסאָנ שפּארט זיך אָנ צומ פּריטולקע פונ טיר, הייבט אופּ א פוס אונ ציט אראָפּ א

שטוייל, דאָס צווייטע פוס, און וואַרפט זיך נאָך אַ שטיוול און בלײַבט שטיין מיט בלויזע, האָריקע צעשרומפּטע און געשטופּלטע פיס.

— אָט דאָס פאַרשטיי איך, — וואַרפט הורוויץ לוסטיק, — מײַנע שטיוול — דײַנע פיס...

וואָווקע איז זײַנע שטעקשיך אַף די פיס האָט זיך אויפגעשטעלט הויך און האַר, האָט זיך אין ברוסט געקלאַפּט מיט פאַטאָס און האָט דעקלאַמירט, ווי אין גימנאַזיע אַ רעדע פון ציצעראָ:

— איי, שטיוול, פאַרפירערישע! איי, שטיוול פאַרעטערישע! — פײַטל, ווי איז דאָרטן, ווײַטער בײַ ציצעראָ? — איי שטיוול פון פעל! איבער אײַך וועט אַ באָכער אין אָרשע פאַראָוולט ווערן אָן ספּענסערס „ווייסנשאַפטלעכע יעסוירעס”! איבער אײַך וועט אַ מיידל אין קאָפּיסט ווייסט פאַרעלטערט ווערן אַף טעג און אַף וואָכן אָן אַ „מיר באָזשי”! אָ, ניין! אַזאַ קאָרבן קאָן איך ניט אָננעמען... אַוועק פון מיר! אַוועק! אַוועק! — האָט ער מיט האַסט צוריקגעשלײַדערט די שטיוול.

די מאַטעמאַטיקער האָבן פאַרענדיקט אַ טעאָרעמע, האָבן זיי אומגעדרייט דאָס טאַבורעטל אין דער לענג, און ביידע האָבן זיך אַוועקגעזעצט אַף אַ פּיסל — אָפּרוען: אַזוי לאַנג געשטאַנען אַף די קני.

— אויב אַזוי, — האָט הורוויץ אַ שטויס געטאָן סימכען אין עלנבויגן, — גיב איך אַף צוקער 5 קאָפּיקעס... געוואָלט קויפן פּאַפּיראָסן.

— ניין, — האָט וואָווקע געשריען, — איך פּראָטעסטיר! גאָר — פּאַפּיראָסן!

— איך פּראָטעסטיר קעגן פּאַפּיראָסן! — האָט פויגעלסאָן געשריען, — טאָלסטאָי האָט דאָך געזאָגט...

— גיב צוריק די שטיוול! גיב אַהער! — האָט וואָווקע אַלץ מער זיך באַגײַסטערט אין שפּאַס און שפּאָט, — גיט מיר שטיוול! וועל איך אין וועלדער אַוועק, פון שטאָט אַנטלויפן, און זיך דערווײַטערן פון אייגעם אַזאַ, וואָס לייענט...

— דו האַלטסט, אַז מע דאַרף ניט לייענען? — האָט פויגלסאָן ערנסט געפרעגט.

— כאַ—כאַ... — האָט זיך וואָווקע געשלײַדערט אין לאַכן, — דו דאַרפסט אַוואַדע ניט לייענען — בײַ דיר ווערט פון אַ וואָרט — אַ קוילעטש...

— הערט אים ניט, — האָט פויגלסאָן זיך געווענדט צו אַלעמען

ארום, — גאָר לייענען! לייענען, קריטיקירן, און אויפקלערן! אָדער ווי ליבקנעכט זאָגט... ער זאָגט... נו, איר ווייסט..: ליבקנעכט: איינס ביז איז דאָ אפ דער וועלט — די אומוויסנקייט, און אנטקעגן דעם איז דאָ איינע טרופע — בילדונג...בילדונג — ניט טראָפנווייז, נאָר אין 10-עמערדיקע פעסער — בילדונג... האָט פיסאַרעוו געזאָגט.

— פונוואַנען ווייסטו דאָס? — האָט אים וואָוקע קלוימערשט גע־לאַסן געפרעגט.

— פון דיר געהערט—האָט זיך פויגלסאָן געבייזערט,—פון דיר, דו לייענסט, און טוסט גאָרניט. ליגסט און פוילסט... אַדרעהאַבע, גיב ארויס פאַר אַלעמען דיינע קענטעניש! אַבלאָמאָווישטשינע איז שוין אויס... ארויס פונדאַנען! וואָס ליגסטו דאָ? ארויס!

— פויגל! דו ווערסט אינטערעסאַנט... דו טרייבסט מיך פון מיין צימער?!

— וואָס הייסט דיינער? דער צימער איז שוין אויך זיינער? דאָס איז קיינעמס צימער... ארויס פונדאַנען! גיי אין גאַס, אין לעבן אריין... דו קאָנסט ניט גיין אין א ציגל־זאַוואָד ארבעטן, ווי איך? הונדערטער ארבעטער שמאַכטן נאָך א לעבעדיק וואָרט... איך האָב דאָרטן...

— איך שטעל מיר פאָר, וואָס דו האָסט דאָרטן...

— איז גיי דו... קום, איך וועל דיך אוועקפירן, און אויב דו קאָנסט ניט גיין, וועל איך דיך אוועקטראָגן אהין, — שמייכלט ער צופרידן אין זיין היפש טונקעל בערדל, — איך וועל דיך אפ זיך טראָגן, אבי קום, העלפן אויפקלערן...

— לאָז אים צורו, — זאָגן מאַטעמאַטיקער — ער גרייט זיך צום עקזאַמען.

— ווער דאַרף זיין עקזאַמען? — האָט זיך פויגלסאָן צעלאַכט, — עקסטערן—ווער דאַרף דאָס? אונדז איז גענוג זיינע פריערדיקע קלאַסן... גיי ארבעטן! און דאָבקין, און איטקין — ארויס פונדאַנען! פעסי־מיסטן, קרעכטשער — וואָס קאָנט איר ניט גיין ביכלעך טראָגן פאַר ארבעטער, לייענען מיט זיי, קריטיקירן, אויפקלערן? טפוי!.. איך גיי אוועק פון אייך...

— פויגלסאָן!—האַלט אים אָפּ הורוויץ, — און דער סאַמאָוואַר?

— איך וויל ניט מיט אייך... — האָט ער אויסגעמורמלט און צע־עפנט די טיר.

2

אין דער געעפנטער טיר האָבן זיך פון דרויסן דערנענטערט דאַוויד און טאָליע.

— האָסט זיך באַדאַרפט מאַטריען זײַן, פויגל? — האָט וואָווקע געשמייכלט.

— און דאָ איז נאָך אַלץ פול, און וואָווקע — אין דער מיט... מאַכט טאָליע: — מע פאַרברענגט די יאָרן אין כאָכמענען זיך און שפּאַסן...

— וואָס מאַסערסטו אויף מיר פאַר דאַווידן? דאַוויד אין זײַן סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט דאַרף אַרײַנעמען פונדעסטוועגן מיך — אַן עמעסן פּראָלעטאַריער, און ניט דיך, אַ בורזשוי. גענויער — אַ קלײנבירגער, וואָס גייט צו בורזשואַזיע. און איך בין פאָרט אַ פּראָלעטאַריער...

— און ניט אַ לומפּן־פּראָלעטאַריער — דערווײַל? — האָט דאָוויד איבערגעריסן.

— דו הייבסט שוין אָן מיט דײַן דיאַלעקטיק מעסטן און וועגן אַפּן קווינט...

— נו, קום אַרויס! — רופט אים טאָליע, — אַנגערויכערט און אַנגעטשאַדיעט.

— כאַ—כאַ! איך האָב געזאָגט: אַ בורזשוי — ער קאָן ניט אַריבערטראָגן דעם רייעך פון אַ פּראָלעטאַרישן צימער...

— ווי וועט ער גיין — ער האָט ניט קיין שיך, — האָט סימכע באַמערקט.

— ווער האָט עס אײַך געזאָגט? וואָווקע האָט אײַך געזאָגט? — האָט טאָליע געלאַכט, — דאָס מיסטיפיצירט ער, ער האָט אַ פּאָר נײַע שיך...

— איך האָב געזאָגט, אַז מ'דאַרף אים אַרויסטרײַבן, און זאָל ער גיין אַרבעטן... — האָט פויגלמאַן זיך געגרייסט מיט זײַן אופטו.

— טוט אַ זוך די שיך זײַנע — אונטערן טיש אונטערן בעט, — האָט טאָליע פאָרגעלייגט, — ערשט יענע וואָך איז ער כאַ קאַיע־לייען געווען אין נײַע שיך...

דער אוילעם האָט זיך געוואָרפן זוכן. טאָליע האָט צוגעקוקט און געלאַכט,

— שיכ! איינ שוכ... איינ שוכ איז שוינ דאָ, — האָט סימכע אָנגעכאַפּט פונ אונטער א בארג ביכער, געזוכט ווײַטער אונ געציילט: איינ שוכ... איינ שוכ...

— צוויי שיכ! — האָט אויסגעשריִענ לויבקע פונ אונטערנ בעטל.

— אזוי — וי! — האָט ניסנ זיכ געוואָרפנ באַטראַכטנ די שיכ — עפּשער זײַנענ זיי אפ אימ קליינ... אָדער זיי זײַנענ אפ אימ גרויס... אז ער טײַנעט אַלצ, ער האָט ניט קיינ שיכ... מעסט אָנ אָקאָרשט! פאַר אַלעמענ אינ די אויגנ...

— גוט, גוט! — האָט וואָווקע געשמייכלט, — אפ מײַנע פיס פאסנ זיכ אַלע שיכ — בא מיר זײַנענ גוטע פיס — זייער גוטע פיס...

— וואָס הייסט גוטע? — האָט זיכ פּײַטל פאַראינטערעסירט.

— גוטע פיס... — קוועלט אָנ וואָווקע, — דו ווייסט גאָר ניט? בא מיר זײַנענ גוטע פיס... איכ קאָנ אָנטאָנ אפ מײַנע פיס דײַנע שיכ, וואָס זײַנענ, דוכט זיכ, קליינינקע, אונ איכ קאָנ אָנטאָנ אפ זיי פויגלסאָנס שטיוול, וואָס זײַנענ אַזעלכע גרויסע... בא מיר זײַנענ גוטע פיס... אָט ס'ארא פיס איכ האָב!..

— אָט אינ וואָס א מענטש בײַטלט זיכ אויס... — האָט טאָליע זיכ געווענדט צו דאָווידנ, וואָס האָט געקנייטשט אינ פאַרדרוס אונ געשוויגנ.

— כעווערע, טוט אימ אָנ די שיכ, אונ זאָל ער ארויסגיינ....

דאָוויד האָט ארויסגערופנ פּײַטלענ אינ דרויסנ. ער האָט אימ אָנגעזאָגט, אז דאָקטער בראַנזבורג איז מאסקימ מיטנ פּלאַנ. פּײַטל זאָל ארבעטנ אינ ביבליאָטעק צוזאַמענ מיט פייגינענ, אונ זאָל זיכ פאַרנעמענ מער מיט די ארבעטער־לייענער.

וואָווקע איז ארויס אינ דרויסנ, אונ אינ דער אָפענער טיר האָט ער זיכ אומגעקערט, גרויסאַרטיק זיכ פאַרנייגט אונ פאַטעטיש ארויסגעזאָגט: — אָט דאָס איז דער סאָפ פונ א מענטשנ — זיצט, זיצט אינ צימער, אונ גייט ארויס אפנ גאס....

— וווּהינ גייט איר דאָס זאַלבעדריט? — האָט זיי פויגלסאָנ נאָכגעיאָגט.

— דו זיצ האַרטנ, — האָט אימ וואָווקע אָפּגעטריבנ, — מיט די עקסטערנע, מיט די „פּעסימיסטנ“. דאָוויד, איכ בינ דיר א גוטער פרײַנט, וואָרנ איכ דיכ, אז פויגלסאָנ וויל אוועקטראָגנ בא דיר א בוכ... בא דיר איז פאַראַנ „Развитие капитализма в России“

— באַ דיר איז עס דאָ? — האָט זיך טאַליע אָנגעכאַפּט. — מיסטאָמע האָט עס דיר סלאַווע צוגעשיקט פֿון פּעטערבורג... איך זוך שוין לאַנג. אַן אינטערעסאַנטס בוך.

— זייער אַ גוט בוך... אַ נייטיקס.

— אין „נאַטשנאַיאַ אָבאָזרעניע" געווען אַ קריטיק, און אַן ענטפֿער אויף דער קריטיק... כ'האָב געלייענט. וואָל. איליין — ער איז אַן אָרטאָדאָקסאַלער מאַרקסיסט..

— ניטאָ קיין אָרטאָדאָקסאַלער מאַרקסיזם! — האָט דאַוויד קוימאַט אויפֿגעבראַכט איבערגעריסן,—פֿאַראַן מאַרקסיסטן, דורכגעדרונגענע מיטן מאַרקסיזם. און פֿאַראַן ניט־מאַרקסיסטן, וואָס פּשעטלען זיך אין מאַרקסן, קעדיי אָפּצולייקענען אים...

— נו, נו... ס'איז אויך פּשעטל... — אָט טאַליע געשמייכלט, גיב מיר דאָס בוך.

דאָוויד איז געגאַנגען, ווי אַ זײַטיקער. די קאָלנערס פֿון רעקל און פֿון מאַנטל אויפֿגעשטעלט, און זיי האָבן זיך אַרײַנגעשפּאַרט אין די געקרײַזלטע און געדיכטע האָר.

— אין גרויסע פֿרעסט — האָט וואָווקע אָנגעוויזן טאַליען — גייט ער האָפּקע מיטן מאַנטל אויף אַלע קנעפּלעך פֿאַרשפּיליעט, ס'איז אים הייס... און הײַנט, אַז ס'איז גאָר ניט קאַלט, זײַנען באַ אים אַלע קאָלנערס אָנגעשטעלט...

— ס'איז אים קאַלט אויף דער נשמה...

וואָווקע האָט לוסטיק אויסגעגלאַנצט די אויגן אויף דאָווידן און האָט שוין זײַנע דינע ליפּן צעקנייטשט. געוואָלט זאָגן, אַז די שטימונג איז שוין לאַנג, זינט ס'איז אָפּגעשפּאַרן... נאָר ער האָט גאָר עפּעס אַנדערש געזאָגט:

— וואָס זײַט איר הײַנט צו מיר געקומען — אויסצומוסערן מיך?

— גיי, שווײַג דו מענטש! — ווער וועט דיך שוין אויסמוסערן?.. זאָג מיר, ווי האַלטסטו וועגן ציִעניזם? אַרוואַקאַט שטיינבערג גרייט אַ גרויסע ציִעניסטישע פֿאַרזאַמלונג — קלוימערשט אַ דיסקוסיע... און אַז מיר וועלן קיינער ניט גיין און ניט אַרויסטרעטן, וועט עס הייסן, אַז ס'איז ניטאָ קיין קעגנער. דאַרף מען גיין...

— דאָוויד, דו האָסט עס אים אַזוי אָנגעלערנט? ער רעדט דאָך נאָר, ווי פֿון אַ שפּאַרגאַלקע? צי פֿאַניע האָט עס אים אויפֿגעגעבן אַזאַ פּראָגראַם? טאַליע...

— צו דער זאַכ אָבער? מע דאַרפ אָפּריידנ, אײַנטיילנ די טעמעס, וועגנ וואָס יעדער איינער זאָל ריידנ. נאָכעמ וויל ארויסטרעטנ קעגנ זייער קאָלאָניאַל־באַנק — ער איז א פינאנסיסט, אינ בערלינ געהערט לעקציעס בא שמאָלערנ...

— ווהינ גייענ מיר? — האָט וואָווקע זיכ אָפּגעשטעלט. — אַנשטאָט צו ענטפערנ וואָווקענ, האָט טאָליע געפרעגט דאָווידנ:

—דאָוויד, דו וועסט ארײַנגײנ צו פאניענ?

— אונ דו— ווילסט ארײַנגײנ צו פאניענ?—האָט וואָווקע געפרעגט טאָליענ מיט אנ אויסלאַכ, — איכ וויל ארײַנגײנ, אונ דו?..

טאָליע האָט זיכ אינ פלוג צעמישט.

— מירנ ארײַנ צו פאניענ, דאָרטנ וועט מיסטאָמע זײַנ נאָכעמ...

— אבי בא דיר געפויעלט... האָט וואָווקע אָפּנ אויסגעלאַכט, — איכ האָב געמיינט, אז דו ווילסט ניט ארײַנגײנ צו פאניענ...

טאָליע איז געוואָרנ רויט.

— שטענדיק מיט דײַנע שטעכווערטלעכ... וואָס ביסטו כוישעד?..

— איכ בינ ניט כוישעד... כ'האָב געמיינט, אז דו האָסט שוינ אָפּגעלאָזט פאניענ — פאַר נאָכעמענ... ער איז איצטער געהויבנ: א העלד! שטודירט עקאָנאָמיק אינ בערלינ... האָט געבראַכט אהער צוויי סעפערנ מיט אומלעגאַלע ליטעראַטור...

— וואָס מיינסטו? דורכפירנ די גרענעצ צוויי סעפערנ אומלעגאַלע ליטעראַטור — דאָס איז ניט, ווי דו ליגסט אינ צימערל אונ כאַכמעסט זיכ...

— אהא, גענומענ מיכ מוסערנ... דאָוויד, נא דיר א האַנט! איכ גיי אוועק אפ א זאַוואָד... פויגל זאָגט...

— פויגלסאָנ! פויגלסאָנ!—האָט דאָוויד מיטאַמאָל פאַריכט.

— נו, פויגלסאָנ זאָגט... דו פאַרהיטסט דעמ קאָוועד פונ א פראָלעטאַריער... פויגלסאָנ זאָגט, אז די ארבעטער וואַרטנ אפ דער אינטעליגענצ...

— נו, גוט, — מאַכט טאָליע — וועגנ וואָס וועסטו ריידנ אפ דער ציִעניסטישער פאַרזאַמלונג? דו האָסט א צינגל אונ ביסט א קלאַסיקער... דאָרטנ וועלנ זײַנ די דיפּלאָמירטע אינטעליגענטנ, זאָלסטו ציטירנ אינ לאַטײַנ...

— קאַי גראַקכנ... — האָט וואָווקע געלאַכט — אונ דו? כ'האָב גע־

מײנט, אז דו ביסט א גרויסער לאטײַניסט... דו שטעלסט אלץ ארײַנ לאטײַנ: ערגאָ, עאָ איפּסאָ, סינא קווא נאָנ...

זײ זײַנענ געװענ בא דעמ הויפ, װו עס איז געװענ דינעם צימער

— טאָליע, פארװאָס האָט זיכ פאניע איבערגעקליבנ צו דינענ?

— אונ דו ביסט ניט קײנ היגער, דו װײסט ניט? אז פאניע איז מיטאמאָל געבליבנ אָנ א צימער: די באלעבאָסטע האָט איר אָפּגע־זאָגט..

— װײַל דו מיט נאָכעמענ פלעגנ דורכנ נאכט שפּרינגענ אינ די פענצטער...

— אָט װאָס ביסטו אויסנ געװענ — ארײַנזאָגנ...

— זאָג נאָר, װער װעמענ האָט עס געװאָרפנ דורכנ פענצטער אינ־מיטנ נאכט? מע זאָגט, אז ס'איז געװענ דרײַ—פיר אזײגער באנאכט...

— נאָכעמ — מיכ... — האָט טאָליע געשטאמלט אונ איז רויט גע־װאָרנ. — גאָר? —

— אונ פארװאָס זאָבער? װײַל דו גײסט צו פאניענ? צי װײַל דו ביסט ניט קײנ קאָנסעקװענטער מארקסיסט? דאָװיד, טאָליע איז א מארקסיסט? נײנ! בא אימ אינ קאָפּ זײַנענ קעסטעלעכ באזונדערע אָנ־געפּאקטע: בעלטאָװ אונ װאָלגינ — א קעסטעלע, מיכײַלאָװסקי אונ ני־קאָלײַ—אָנ" — א קעסטעלע... א ביבליאָטעק מיט ביכער... אונ איכ שטעל מיר פאָר: די ביכער בא אימ אינ קאָפּ מיט צעטעלעכ אָנגעקלעפּטע, אפ זײ שטײענ אײנס נעבנ אנדערנ רויִקע, שטילינקע — די סאמע קעג־נערסטע, שטויסנ זיכ ניט, טשעפּענ ניט אײנס דאָס אנדערע... עמעס, טאָליע?

אונ װאָװקע האָט געקװאָלנ פונ דעמ בילד, װאָס ער אלײנ האָט אויסגעמאָלט.

— דאָװיד, קומ שוינ ארײַנ! — האָט טאָליע אפגיכ אונ מיטאמאָל אויפגעעפנט דאָס פערטל פונ הויפ.

— אונ דו, — האָט װאָװקע געאײַלט נאָכ חאָװידנ אונ גערעדט: — דו װילסט אימ נאָכ געבנ «Развитие капитализма в России»

װעט בא אימ אינ קאָפּ צוקומענ נאָכ א פארפאקט קעסטעלע... גיב עס מיר בעסער! מיר!

## 3

פאניע, א קרעפטיק מיידל מיט רויטע הענט, איז געזעסנ באמ טיש אונ געלייענט פאר זיכ, אונ נאָכעמ — א שווארצער, א פלינקער אונ נערוועז רירעוודיק — האָט געשפאנט איבערנ צימער — אויכעט פאר זיכ.

— א, א... — האָט פאניע עפעס אויסגעצויגנ, ווענ טאָליע האָט אופגעפנט די טיר, אונ זי האָט דערזענ אויכ דאָווידנ אונ וואָווקענ. זי האָט זיכ אופגעשטעלט מיטנ פארבלעטערטנ בוכ אינ האנט אונ איז צו זיי גערנ אנטקעגנ געגאנגענ. נאָכעמ האָט זיכ א ווײַלע אָפגעשטעלט, האָט קרומ אָנגעקוקט די אָנגעקומענע, אונ איז עפעס פארברויגעזט נאָכ שטארקער אוועק שפאנענ איבערנ צימער.

— מיר האָבנ אימ, אפאָנעמ, געשטערט, — פאטשט אָנ וואָווקע טאָליענ אפנ אקסל.

פאניע האָט גלײַכ אָפגעפירט דאָווידנ אָנ א זײַט אונ האָט צו אימ לאנג אונ אמאָל צופרידנ גערעדט אונ דערציילט. זי האָט שוינ פארטיק אלע יעדיעס. נאָכעמ איז א כוואט, כאָטש א ביסל ניט א געשטעלטער... ער איז מיט איר ארומגעגאנגענ איבער א צענדליק גאסנ, אויסגעווענ אינ אלע ווארשטאטנ, פארצייכנט ווי וויפל לוינ־ארבעטער אונ וויפל לערנייִנגלעכ, ווי לאנג איז דער ארבעטטאָג, ווי גרויס איז דער לוינ, ווי צאָלט מענ — פונ שטיק, צי פונ וואָכ, צי ארבעט מענ שאבּעס־נאכט... אינ איינ אָרט האָט מענ זיי שיִר ניט פארהאלטנ: „ווער האָט אײַכ געשיקט? ווער זײַט איר? צו וואָס פרעגט איר דאָס אויס?" נאָר די פויעליומ פארהיטנ זיי... צי זיי פארשטייענ עפעס, אָדער — זיי האָבנ דאָכ ניט וואָס צו באהאלטנ.. זי האָט זיכ אָנגעטאָנ אינ מאנצבלשע קליידער, גענומענ בא טאָליענ... אונ נאָכעמ האָט בא „זײַנ" יעשיווע־באָכער געליִענ דאָס כאלאטל, דעמ שארפ אונ דאָס יעשיווע־באָכערישע היטעלע... מע זאָל זיי ניט דערקענענ...

וואָווקע קוקט אָנ פונדערווײַטנס די גאנצע צײַט דאָס פארבלעטערטע ביכל בא איר אינ האנט — עפעס זײַנענ די בלעטער טונקעלער, בורבלדיק, די שריפט — בלאסער: עפעס א באקאנטער מינ בוכ...

— פאניע, ווײַזט! וואָס לייענט איר? — דערנעענטערט ער זיכ.

— אונ אז איר וועט אמאָל ניט וויסנ?

— ווײַזט! ווײַזט!

זי בלעטערט אופ דאָס שארבלעטל אונ רוקט אים צו אונטער די אויגנ.

— א. א...

„Подпольная Россия“—Степняк

ער גייט אָפ צו נאָכעמענ אונ ווײַזט אים אָנ אפנ ביכל:

— דײַנע סבוירע... דו האָסט די גאנצע שטאָט פארפלייצט...

— הא—א... — ציט אויס נאָכעמ סטאמ, אונ ווארפט צו טאָליענ,— פארשטייט זיך: רענטע איז בעסער בא ריקארדאָ... אונ פינאנסנ — בא אדאמ סמיט...

פאניע האָט דעמ פארבלעטערטנ בוכ פארשטעקט אונטערנ קישנ אפנ בעט.

— האָלענדער, איכ האָב א פעקל גרוסנ, — געקומענ מארוסקע...

— מארוסקע! — האָט ער געפאטשט מיט די הענט, — געקומענ ווידער... וויפל מאָל האָט זי שוינ עקזאמענ געהאלטנ?! אָבער אינמיטנ ווינטער—וואָס?

האָוויד איז געזעסנ אינ א ווינקל אונ דורכגעקוקט האלבע בויגנס פאפירנ, פארשריבענע מיט א בלײַפעדער. פונ צײַט צו צײַט פלעגט צו אים אָנלויפנ נאָכעמ, א שטעק טאָנ א פינגער, צי א גאנצע האנט אינ פאפיר אונ צעקרימענ א שמייכל, אָנ ווערטער. ער פלעגט זיכ דערמאָנענ אָנ עפעס, וואָס ס'האָט מיט אים פאסירט אינ א ווארשטאט, אונ פלעגט נאָכ שנעלער אָפלויפנ צו טאָליענ אונ ארויסווארפנ נאָכ א פאָר אָפגעהאקטע ווערטער:

— רענטע... פינאנסעווער קאפיטאל...

— ווידער דאָס זעלבע... — רײַסט איבער טאָליע, — זעצ זיכ אָדער שטיי אײַנ אפ אײנ אָרט אונ רייד... זאָג אמאָל א גאנצע פראזע, מיט אנ אָנהייב אונ א סאָפ...

— יאָרנ אונ מענטשנ, אונ געשעענישנ קנוילנ זיכ אינ א קנויל... פעדעמ ציִענ... — האָט וואָוקע מיטאמאָל ארויסגעזאָגט אונ דערלאנגט פאניענ א האנט.

— פאניע, איכ גיב אײַנ א האנט! איכ גיי אוועק אפ א זאוואָד אר־בעטנ... געזונט, וואָוקע, געזונט! מער גיי איכ ניט צו מיר אינ צימער ארײַנ — דאָרטנ איז רזשאווע לופט, וואָס צעעסט אפילע שטאָל... טאָ־

ליע, דו האָסט עס געזאָגט? איכ געדענק שוינ ניט, ווער וואָס האָט געזאָגט... יאָרנ, אונ מענטשנ, אונ געשעענישנ קווילנ זיכ אינ א קנויל... דאָס האָט מיסטאָמע דאָוויד געזאָגט...

— וואָס פּלאָנטערט איר עפּעס? — האָט פאניע געשמייכלט.

— איכ גיי מער ניט צו מיר אינ צימער אריינ — היינט בלייב איכ דערווייל דאָ נעכטיקנ... אונ מאָרגנ גיי איכ אוועק אפנ וואָקזאַל... פאניע, הייסט מיר עפּעס טאָנ! וואָס, איכ קאָנ אינ א טורמע ניט זיצנ, צי איכ קאָנ ניט גיינ אינ סיביר? בא מיר זיינענ פיס גוטע... איכ האָב היינט איינגערעדט טאָליענ, אז איכ קאָנ מיינע פיס קלענער מאכנ אונ גרעסער מאכנ... אלע שיכ טויגנ אפ זיי... פאניע! נעמט א האַנט — נאָט אייכ אנ אויסגעשלאָסענעמ גימנאזיסט, פונ זעקסטנ אינ זיבעטנ — אויסגעשלאָסנ, אונ מאכט פונ אימ א מענטשנ... פאניע, הייסט מיר עפּעס טאָנ!

— די ערשטע ארבעט: אופהערנ צו ריידנ...

— איכ פאָלג. אָבער איכ בינ אַזעלכער... אונ אויב איכ וועל צוריק־גיינ אינ מיינ צימער, וועט עס זיינ אייער שולד, פאניע! איכ בלייב דאָ... יאָרנ אונ מענטשנ...

4

קליינמאנ איז אריינגעקומענ מיט דער יונגער ווערע. קליינמאנ האָט נאָכ מער אויסגעקרימט זיינע קרומע אויגנ, צוקוקנדיק זיכ פונ דער נאָענט צו יעדנ אינ צימער. ער האָט באגריסט, אָנרירנדיק מיט די שפּיצנ פינגער וועמענ א האַנט, אונ עמעצנ אפנ אקסל, אונ געמורמלט דערביי — א!, א!, אונ האָט געקוואָלנ, אפּאָנעמ, וואָס אלע זיינענ דאָ, אונ ער האָט זיכ שווער צוגעזעצט אפ א שטול. ווערע האָט שטארק געשאָקלט יעדערנ די האַנט, אונ בא יעדער שאָקל שטארקער אויסגע־שאָסנ מיט א געלעכטער. זי האָט זיכ אופגעזעצט אפנ בעט, די פיס אופגעצויגנ צו זיכ, אונ האָט נאָכאנאנד אונ הילכיק געלאכט.

— ווו איז מארוסקע? — פרעגט קליינמאנ, — איכ בינ עס צו איר געקומענ...

— פארשפּאָרט צו זאָגנ, — האָט פאניע זייטיק באמערקט, — ניט צו מיר.

— וואָס שווייגט איר אלע? — האָט ער ווידער געפרעגט.

— מיר האָט מען געהייסן אויפהערן צו ריידן, — האָט וואָווקע געזאָגט.

— א גוטער דאָקטער, א געניטער: געטראָפן אײַער קרענק, — קליינמאַן האָט צעשפּיליעוועט זײַן מאַנטל און באַקומען א פּאַפּיראָס, — וויפל יאָר ניט ריידן?

— אזויפיל יאָרן, אַז וויפל וועראָניטשקע איז יינגער פון אײַך...

— ווייניק... אינגאַנצן מיסטאָמע 16—15 יאָר...

קליינמאַן האָט צעטריבן דעם רויך ווײַטער פון זיך און האָט געשמייכלט.

— האַוויר, איך האָב אײַך לאַנג ניט געזען, — האָט ער אויסגעצויגן זײַן האַלדז און צעקנייטשט זײַנע אויגן צום ווינקל, וווּ דאַוויד איז געזעסן: — איר שטודירט נאָך אַלץ מאַרקסן? — מאַרקס! מאַרקס!—מאַרקס זאָגט... מאַרקס! דאַוויד, וואָס זאָגט מאַרקס וועגן מיר?

— אינטעליגענטישע קאַפּצאָנעס! — האָט נאָכעם גיך אויסגעמורמלט.

— איר זײַט אויך א מאַרקסיסט? — האָט אים קליינמאַן נאָכגעזאָגט מיט די קרומלעכע אויגן. — וויפל מאַרקסיאַנעס ס'האָבן זיך דאָ אין שטאָט פאַרפּירט!..

— אינטעליגענטישע קאַפּצאָנעס!... — האָט נאָכעם נאָך נערוועזער געשפּאַנט איבערן צימער.

קליינמאַן האָט געשמייכלט, און, שמייכלענדיק, פלעגט ער ציִען אין נאָז.

וועריקע האָט זיך צוגערוקט צו דאַווידן, האָט אים די הענט געטרייסלט און אין הילכיקן לאַכן צו אים געשריִען:

— מאַרקס! מאַרקס! — הערט נאָר, בלום, ס'איז עמעס? קליינמאַן זאָגט, אַז איר לייענט אין קרײַזלעך מאַרקסן, פון מאַרקסן לייענט איר מיט אינטעליגענטן, און זיי פאַלן אַפּ דער גאַז... שלאָפן אײַן? הייבט איר זיי אויף די ברעמען און... כא—כא—כא... מיט קליי.... קלעפּט איר צו די ברעמען... כא—כא—כא—כא!.. צום שטערן קלעפּט איר צו כא—כא—כא! זיי זאָלן ניט אײַנשלאָפן...

— א ליגן! — האָט פאַניע זיך געהיצט, — קיינער דרימלט ניט אײַן... א ליגן!

— דאָס איז מיר געפעלן—כא—כא! — האָט וואָווקע געקוואַלן, — פאַניע, וואָס אַרט אײַך, אַז ס'איז א ליגן?.. פאַרוואָס פאַרגינט איר אונדז

ניט א לאַכ טאָנ... קליינמאַנ, דאָס האָט איר צוגעטראַכט? ווי דאָוויד שטאָפּט — שטאָ—אָפּט אינ אַלעמענ די „פּראָגראַמ“. יענע שלאָפּנ אײַנ, נעבעכ, אונ ער הייבט זיי אופ די ברעמענ אונ קלעפּט זיי צו צומ שטערנ... נאָר ניט מיט קליי—מיט טריוואַקס געפּעלט מיר „בעסער... כעוורע, מיט טריוואַקס... כאַ—כאַ!

טאַליע פּאַטשט מיט די הענט אונ לאַכט, כאָטש ער האָט עס שוינ לאַנג געהערט, נאָכעמ האָט געשפּיגנ אונ מיט א פינגער געצופּט זײַנע מאַגערע באַקנ.

— בלומ! — זאָגט ווערקע, — איכ וויל אינ אַזעלכנ קרײַז לייענענ מיט אײַכ.

— קליינמאַנ, דאָוויד וועט בא אײַכ צונעמענ אפּילע ווערקענ... — האָט וואַוקע געררייצט.

— דאָוויד, מאַרקס זאָגט טאַקע וועגנ מיר: אינטעליגענטישע קאַפּצאַנעס?

דאָוויד האָט זיכ צוגעשטעלט אַנטקעגנ קליינמאַנענ אונ האָט ערשט אָפּגעלייגט דעמ קאָלנער פונ מאַנטל. האָט מענ עס פאַרשטאַנענ, אַז ער וויל קליינמאַנענ ענטפערנ... אָפּ אַלצ אונ — פאַר אַלצ...

אינ טיר האָט זיכ אַרײַנגעלאָזט א געהילכ אונ א געטומל.

5.

אינ צימער האָט זיכ אַרײַנגעשאָטנ א הײַפל מיידלעכ אונ באָכערימ. אונ די ערשטע אונ מערקבאַרסטע—מאַרוסקע. ניט קיינ הויכע, א קײַלעכדיקס, אַנ א טאַליע, ווי א קלעצל, נאָר אָפּ שרויפנ, דרייט זיכ, קירעוועט זיכ א צעשמייכלטע, אויגנ קײַלעכדיקע, לוסטיקע, א צעטומלטע אונ א טומלדיקע. קעסיידער גערעדט אונ אונטערגעזונגענ.

Из дальних странствий возвратясь — כע—כע, זע איכ זיכ ווידער מיט מײַנע פרײַנט, — האָט זי ביידע הענטלעכ אויסגעשטרעקט אונ באַגריסט צו פאָר אָפּ א מאָל, — דיכ, טאַליע, האָב איכ שוינ געזענ, — האָט זי א פּאַטש געטאָנ איבער זײַנ האַנט.

די מיידלעכ האָבנ פונ זיכ אַראָפּגעוואָרפנ מאַנטלענ, זשאַקעטנ, — היטעלעכ אונ טיכלעכ אונ האָבנ עס אינ הויפנ צונויפגעלייגט אָפּ א קווישל אינ א ווינקל. פאַרסאָפּעט האָט צוגעײַלט די שווערע צייטע, וואָס האָט מיט ביידע הענט דאָס קאָפּטל אָפּנ ברוסט געצויגנ פונ זיכ אונ

געפּאַכעט: „איכ שטארב אוועק... אזוי געלאָפנ... פארמאטערט“. עס איז פאמעלעכנ ארויסגעשווומענ כאיע-לייע, אונ עטל האָט זיכ גאר-לעסדיק ארומגעקוקט אונ פלוצעמ א ריס געטאָנ מיט א געלעכטער.

די באָכערימ האָבנ זיכ באגריסט. פאוועל, דער עלטערער פונ אלע, א הויכער מיט לאנגע בלאָנדע האָר, וואָס צעפליִענ זיכ אינ אלע זײַטנ פונ זײַנ אייגענער האסטיקײַט, — האָט געלויכטנ אונ ארומגענומענ יעדערנ באזונדער. מאכליִנ האָט פונדערווײַט צוויי מאָל א פּאָכע געטאָנ מיט דער האנט צו אלעמענ, אונ וואציעטימ האָט א האלבנ קרײַז אינדערלופטנ געצייכנט מיט דער האנט אונ זיכ פארנייגט.

— וואָס מאכסטו, פאוועל? — האָט וואָווקע געפרעגט.

— ער מאכט סקאנדאלנ... — האָט מארוסקע אָפּגעענטפערט.

— נו, סקאנדאלנ? — שמייכלט ער — ארויסגעבראָכנ א צעגדליק שויבנ, ארויסגעזעצט צוויי ראמענ אונ צעקלאפּט א טיר, אָנגעפירט מיט א „סקאָפּישטשע“ אונ אױפגערייצט אנטקעגנ דער מאכט...

—וואָס? וואָס? וואָס איז דאָס פאר א נײַעס?—האָבנ אלע זיכ צו-גערוקט צו אימ.

— גאָרנישט. אנ אָפיציעלער פּראָטאָקאָל... זאָלנ זיי זיכ האלטנ מיט אימ...

И скучно и грустно

ווינקט מארוסקע צו פאוועלנ.

И некому морду побить

ריכטיק! — קוימ געכאפּט א מאָרדע. צעלאכט ער זיכ.

דערציילט מארוסקע: — שאבעס פארנאכט שפּאצירנ יִידנ אפ די „בריקלעכ“ אינ שטעטל. איז אָנגעקומענ דער „פּרעהוואָרדיטעל דוואָ-ריאנסטווא“ א שיקערער אונ גענומענ שטויסנ. א יִידנ — א שטויס! האָבנ גענומענ א פּאָר באָכערימ אונ אימ צוריק א שטויס געטאָנ: א שיקער — עפּשער וועט עס אײַנגייִנ... האָט ער זיכ אינ זיי אײַנגע-טשעפּעט, אונ געהייסנ פּאָליציי ארײַנזעצנ... אפ מאָרגנ האָט זיכ דער-פונ דערוווּסט פאוועל, — האָט זי אימ א גלעט געטאָנ זײַנ קלייִנ בלאָנד בערדל, — „פאווליק!“... האָט ער צונויפגענומענ כעוורע אונ איז אוועק צומ פּרעדוואָדיטעלס הויז אונ גענומענ ברעכנ שויבנ... ער, וואציע-טימ... נאָר דעריקער ווייסט מענ אינ שטעטל פאוועלנ... זוכט אימ פּאָליציי... אונ ער איז אָפּגעפאָרנ...

— איז בא אונדז א גאסט!... — האָט וואָווקע א וואַרע געמאכט פאר אים.

— ווערקע, קומט מיט מיר אַרײַנטראָגנ שטולנ, — האָט פאניע גערופנ.

— אונ גלעזער, — האָט פאוועל לוסטיק אָנגעזאָגט, — מיר גייענ נאָכ ביר, עפּשער די „סיוועניקע?", — ער האָט א ווונק געטאָנ צו מאכלינענ.

דאָוויד האָט שוינ לאנג צוריק אויפגעשטעלט דעם קאָלנער פונ זײַנ מאנטל אונ איז אינ א ווײַטערנ ווינקל געזעסנ.

— אײַ, איז מיט אײַכ אומעטיק, מיט די געלערנטע! — האָט מארוסקע זיכ געקרימט. — קליינמאנ וועגט אוואדע — הונדערט יאָר... אונ דאָוויד — האָט אָנגעשטעלט אלע קאָלנערס... דאָוויד, וואָס האָט איר זיכ ניט אָפּגעגאָלט?

Аль изменница девчонка
В час урочный не пришла?
Это горе нам не в горе —
Мы привыкли хуже жить...

האָט זי צו אים געזונגענ.

די מיידלעכ האָבנ פונ אלע זײַטנ צו איר געשריענ: — מארוסקע! מארוס—קע!..

— איכ האָב ניט גוט געזאָגט?.. אָדער דאָווידנ 'זאָל איכ ניט טשעפּענ?..

ס'איז אַרײַנגעקומענ פונ גאס דינע — האָפערדיק אונ שפּילעוודיק, אונ אהינטער איר זײַנענ אָנגעגאנגענ פאניע אונ ווערקע מיט שטולנ.

— פאניע! פאניע! — איז כאיע-לייע מיטאמאָל איר אנטקעגנ געלאָפנ, — גיב מיר דײַנ האָברינינענ! מײַנ האָברינינ איז בא מיר פונ צימער ניט געוואָרנ.

— כא, כא! — האָט זיכ וואָווקע אינ האנאָע צעלאכט, — האָברינינ — אקושערסטוואָ?.. האָברינינ — „אקושערסטוואָ" רופט זיכ דאָס?.. וויים איכ...

— וואָס ווייסט איר? — האָבנ די אקושערנס עפּעס פארשעמט אים אויסגעפרעגט.

— איכ ווייס, ווו דער בוכ איז„ האָברינינ — „אקושערסטוואָ"... אינ קאָפּיסט...

— וואָס איז קאַפּיסט? — האָט כאַיע־לייע אָנגעשריִען, — וואָס פּלוידערט ער?

— פויגלסאָנ האָט געמיינט, אַז דאָס איז „מיר באָזשי“, האָט ער עס צוגענומענ אונ אָפּגעטראָגנ צו א באָכער קיינ קאַפּיסט — לייענענ, קריטיקירנ אונ אופקלערנ... כאַ—כאַ! דינע, איכ האָב דאָ די טענ געזענ באַ איַיכ א בוכ, דוכט זיכ, דערענינ «Болезни зубов». איז ער באַ איַיכ דאָ, צי פויגלסאָנ האָט אים אָפּגעטראָגנ צו א מיידל אינ אָר־שע?.. געמיינט, אַז ס'איז ספּענסער...

— האָלענדער, מ'וועט זיכ באַגיינ אָנ איַיכ... — האָט דינע אָפּגע־פּאַסלט.

קליינמאַנ האָט געקנײַכט.

— איז ווו איז מײַנ דאָבריניִנ? — האָט כאַיע־לייע באַ עמעצנ געמאָנט.

— באַ סאַראַ שפּרינצאַק, — האָט פאַניע אינ שמייכל געוואָרפנ,— זי האָט מיר געזאָגט, אַז זי האָט באַ דיר גענומענ... דו ביסט אינ דער היימ ניט געוועז...

אונ פאַניע איז שנעל אוועק צומ ווינקל, וו נאָכעמ האָט גערוועז אונ האַסטיק אינ דער שטיל עפּעס געטיַינעט צו דאָווידנ.

— ס'איז גוט! גוט! — האָט קליינמאַנ געקוואָלנ. — פויגלסאָנ האָט געמיינט, אַז ס'איז „מיר באָזשי“... אַפּ דאָבריניִנס „אקושערסטוואָ“...

נאָר קיינער האָט ניט געהערט, וואָס ער האָט אינ פרייד אונ אינ געלעכטער אויסגעטיַיטשט. פּאַוועל איז אַריַינגעקומענ מיט ביר, אונ מאַכליִנ — מיט וווּרשט אונ ברויט. פּאַוועל האָט געמאַכט אָרדענונג אונ געפּילדערט, מאַכליִנ האָט צעשטעלט גלעזער, אונ מיידלעכ האָבנ געלאַכט פונ זייער בייִדנס אַרבעט. טאָליע האָט געשניטנ ברויט, אונ פאַניע האָט געכאַלעשט, קוקנדיק, אַז ער קאָנ קיינ „האַמוּיִצע“ ניט אָפּ־שניַידנ. דינע האָט זיי אַלעמענ צעטריבנ אונ גענומענ אַליינ באַלעבאַ־טעווענ.

דינע האָט עפּעס מאָדנע אָנגעטלעכ א שמייכל געטאָנ.

— טרעפט, קינדערלעכ, ווער איז באַ מיר היַינט געוועזנ אינ קאַ־בינעט?—

— סאָלאָמאָנ!.. — האָט זיכ עטל שטאָלצ אויסגעגליַיכט, — כ'האָב גליַיכ געטראָפנ...

— סאָלאָמאָנקע איז דאָ? ווידער דאָ?

— נעכטנ געקומענ, אונ מאָרגנ פאָרט ער אַוועק... — דינע האָט זיכ ניט אָפּגעריסנ פונ איר אַרבעט, — אַניוטע, זאָגט ער, אײַלט זיכ...

— אַניוטע?! וועלכע אַניוטע?.. וואָס פאַר אַנ אַניוטע?..

— פונ האָמעל... זי איז מיט אים אַהער געקומענ אַפ א פּאָר טעג... דינע האָט באַטראַכט דאָס שטיקל וווּרשט, פונוואַנענ אָנהייבנ צו שנײַדנ...

— צוליב אַלטע גוטע פרײַנטשאַפט, — האָט עטל געשמייכלט, — איז ער פאַרלאָפנ צו דיר.

— אָפּ די ערטער! — האָט פּאַוועל קאָמאַנדירט. ער האָט אינ די גלעזער אָנגעגאָסנ צו ביסלעכ, ס'זאָל קלעקנ פאַר אַלעמענ, אונ גענומענ טײַלנ.

— דאָס פאַרשטיי איכ! — האָט זיכ אַרײַנגעלאָזט פויגלסאָנ מיט צופרידענע קוילעס:

— וואָס פאַרשטייסטו? — האָט אים וואָוקע אויסגעלאַכט, — א לעק אָפּנ דעק... —

פּאַוועל האָט געטײלט אונ געהיפּט: וועמענ דערלאַנגט א גלאָז מיט ביר, אונ וועמענ — ניט. דערבײַ האָט ער מיט א נידעריקער באַס־שטימע אונ מיט א גאַלאָכישנ נ י ג נ צוגעזונגענ:

Тебе — булка! Тебе — нет! Тебе — булка! Тебе — нет!

— וואָס איז דאָס פאַר א שפּרוכ? פּאַוועל: ווערטער!

פּאַוועל האָט אויפגעשויבערט זײַנע לאַנגע בלאָנדע האָר:

— בא אונדז אינ סעמינאַריום, אינ אינטערנאַט פלעגט מענ אינדער־פרי צו טיי טײַלנ בולקעלעכ ווײַסע... אונ א סעמינאַריסט, וואָס פלעגט זיכ פאַרזינדיקנ, ניט אַזוי גוט פירעפלענ, פלעגט מענ אים באַשטראָפנ אונ ניט געבנ קיינ בולקעלע. פלעגט דער גאַלעכ, דער עקאָנאָם טײַלנ די בולקעלעכ אונ באַסעווענ:

Тебе — булка! Тебе нет!

— Предания давно минувших дней... — האָט מאַרוסקע אַרויסגעזאָגט, — מע האָט דיכ שוינ לאַנג אַרויסגעטריבנ פונ סעמינאַריע, אונ דערנאָכ פונ דער אַגראָנאָמישער שול אויכ געבעטנ מע־בילע...

— Тебе — нет! — האָט פּאַוועל מיט א קלוימערשטנ בייזער אָפּגעצויגנ א גלאָז פאַרבײַ מאַרוסקענ.

— און מיר! — איז צוגעשפרונגען ווערע, א לאכעדיקע, א פרייליכע.

— Тебе — булка! — האָט ער איר דערלאנגט א גלאָז, האָט אָנגעקלאפט מיט זיין גלאָז. — איך טרינק פאר דער יוגנט!

— И кто с молоду был молод..., — גיט צו מארוסקע.

פאוועל נעמט אָן זיין היפש בערדל אין דער האנט, ווייזט עס מארוסקען און פרעגט זי מיט די גוטמוטיקע אויגן: צי מיינט זי ניט, אז ער איז שוין אלט...

האָט זיך אויפגעהויבן וואצענטים, א פעסטער לעט, פויעריש אָנגעדרודלט, וואָס האָט די גאנצע צייט אין שווייגן מיט די אויגן געבלאָנדזשעט נאָך מארוסקען.

— מיין טאָסט איז קורץ! — האָט ער זיך גערויטלט און אָנגעשטרענגט: — מיין טאָסט איז: אייערס זאָל זיין — אונדזערס, און אונדזערס זאָל זיין — אייערס!

— דאָס איז א שיפר, — מאכט נאָכעם נערוועז.

— ער מיינט: מארוסקע זאָל זיין זיינע... — האָט אים עטל ארייַנגעשעפטשעט.

— בראַוואָ! — שרייט אויס פאוועל פאר אלעמען, — ער מיינט סאָלידאריטעט פון אלע פעלקער; אלע נאציעס צוזאמען... אייך געזינד... עמעס, וואציעטים?

— איין פויסט קענען איין סוינע... — האָט וואציעטים צוגעשאָקלט.

— Тебе — булка! — האָט פאוועל געטייַנעט צו דאָווידן, וואָס האָט זיך אָפגעזאָגט פון ביר.

— דאָוויד איז היינט אומעטיק, — האָט מארוסקע א פלאַטער געטאָן מיט אירע לענגלעכע ברעמען, זי האָט אָנגעשטעלט ליפן, ווי א קינד פארן וויינען:

Друг мой, брат мой, усталый, страдающий брат...

— איך בין ניט קיין „усталый“ — האָט דאָוויד האסטיק און אפילע ברוגזלעך ארויסגערעדט.

— אויב אזוי, — האָט מארוסקע שטיפעריש א בלענצל געטאָן מיט אירע קייַלעכדיקע אויגן, — אויב אזוי — איז ווו איז אונדזער דאָוויד — דער שטורעם? פלעגט זיצן דאפקע אפן ווענטל פון שטול אין דער הייך, רייטן, זינגען. א קאָפ — א וואלד, און אין וואלד א שטורעם! — זי האָט זיך אוועקגעשטעלט אהינטער אים, האָט אָפגעבויגן

דעמ קאָלנער פונ זײַנ מאַנטל, אָפּגעלייגט דעמ קראַנג פונ ראָק, אָפּגע־גלעט די געקרײַזלטע האָר אָפּ זײַנ קאָפּ, אונ האָט אָנגעהויבנ זינגענ מיט איר הילכעדיקנ קאָל, וואָס האָט לײַכט אונ ווי פונדערווײַטנס זילבערדיק געקלונגענ.

Что-ж ты, су-уженец, не весел,
Беззабо-о-отный сорванец?
Что-ж ты бу-у-уйную повесил —
Али пу-у-уст твой карманец? —

אַלע האָבנ צופרידנ אונ מוטיק אונטערגעכאַפּט:
Это го-о-оре нам не в горе —
Мы при-выкли все так жить…

פויגלסאָנ האָט זיכ באַזונדער אונ אַליינ געדרייט, אונ געמורמלט אינ דער שטיל:

Али пу-у-уст твой карманец—…

דאָוויד האָט אײַלנדיק אופגעזוכט זײַנ היטל.

— דאָוויד, — מיר דאַרפנ זיכ זענ ערגעצ, — האָט וואַציעטימ אימ אינ דער שטיל אָנגעזאָגט.

— רעכט, — האָט דאָוויד קורצ געענטפערט.

—דאָוויד, איכ וויל גיינ מיט אײַכ, — האָט זיכ ווערקע א לאָז גע־טאָנ צו אימ.

— דאַוויד האָט אַפּילע מיטנ שווײַגנ בײַגעקומענ אײַכ — האָט וואַווקע געדרייצט קלײַנמאַנענ; — ווערקע גייט צו אימ... אונ ניט צו א „אינדיווידואַליסט”...

— א „אינדיווידואַליסט”, וואָס וועגט הונדערט יאָר... — האָט מענ געשמייכלט, דערמאָנענדיק מאַרוסקעס פריִערדיק ווערטל.

— זאָרג ניש‍ט, — האָט מאַרוסקע געטרייסט קלײַנמאַנענ, — זאָל ווערקע בא דאָווידנ לערנענ די נײַע טוירע, זי איז דאָכ א יונגע! אונ דיר וועלנ מיר געבנ אַנ אַלטינקע, אינ שפּאַקולנ, פאַר דײַנ אַלטער טוי־רע וועט גענוג זײַנ...

מאַרוסקע מאַכט הײַנט ניט קיינ טאָעסנ... — האָט וואָווקע באַ־מערקט: — בראַוואָ!

אינ צימער איז אַרײַנגעשפּרונגענ סאַלאָמאָנ.

ער האָט זיכ צעמישט אַרומגעקוקט:

— אלע... די גאנצע קאמפאניע...

דינע, א ווײַלע געבליבנ, האט זיכ אויסגעגלײַכט מער, ווי געוויינ־לעכ און האט זיכ שנעל צו אים דערנענטערט.

— אניוטע איז אויכ מיט דיר? — האט זי שטיל געפרעגט.

— ניינ! — האט ער אומצופרידנ אפגעשניטנ א, מארוסקע!

— סאלאמאנקע! Умер, касаточка, умер родим...

— וואסי? — האט סאלאמאנקע איבערגעריסנ איר געזאנג.

זי האט אים א צי געטאנ פאר אנ אויער און האט אים ארײַנגע־שעפטשעט:

— מע זאגט, אז דו האסט שוינ אנ אניוטקע...

— דינע! — האט ער מיט א פינגער געדראעט: — דאוויד, דו גייסט האב, איכ גיי אויכ, איכ דארפ מיט דיר... דינע, איכ וועל נאכ ארײַנקומענ — שפעטער...

דרויסנ איז געווענ טונקל. סאלאמאנ האט אויסגערופנ: „אניוטע!". אז דאס מיידל האט זיכ דערנענטערט, האט דאוויד נאר באמערקט גלאנצנדיקע אויגנ און א לענגלעכ פנים, א גוטמוטיקס.

— דאס איז: דאוויד. איינער פונ די בעסטע... אניוטע, לאנג פאר־ברענגענ מיט אים וועל איכ דיר ניט לאזנ, ווארעמ דו קאנסט נאכ זאגנ, אז ער איז בעסער פונ מיר... אלע זאגנ אזוי... נאר איכ קאנ ניט גלייבנ אינ אזא זאכ...

זי האט זיכ צעלאכט.

— אניוטע, דו גיי אפריער, ווארעמ איכ דארפ אים עפעס זאגנ...

— דאוויד, איכ פאר קיינ ביאליסטאק, איכ פיר אפ אניוטענ — זי בלײַבט דארטנ אלס אגיטאטערנ... דו פארשטייסט?.. וואס הערט זיכ דא בא דיר? כ'האב הײַנט באגעגנט איסאקנ — שטומ, ווי די וואנט, ער רעדט קיינ ווארט ניט... א קאנספיראטער... זאג מיר... יע, איכל דיר עפעס זאגנ: מירל בירנפעלד — געדענקסטו? האט מענ זי ארעסטירט ארומ סאראטאוו, א צײַט אפגעזעסנ... איצטער ארבעט זי ערגעץ — ניט א לעגאלע, מיט אנ אנדער נאמענ...

דאוויד האט זיכ אפגעשטעלט.

— איז מארגנ זעענ מיר זיכ. איצטער קאנ איכ ניט לאזנ אניוטענ אלײנ... כ'האב דיר א סאכ צו דערציילנ, גו, דערווײַל גענוג. מארגנ גאנצ פרי...

דאָוויד איז נאָכ לאנג אליינ געבליבנ שטיינ אינ דער טונקעלער נאכט.

## IX. ציִעניסטישע אסיפע

### 1

די ביליקע קיכ האָט מענ גאנצ פרי נאָכ גענומענ צוקלײַבנ פאר דער פארזאמלונג. דער מאשגיִעכ פונ קיכ — א ייִד מיט א פעסטנ כאראקטער, האָט נאָר מיט א פינגער איינ מאָל א קראצ געטאָנ די פאטיליצע אונ גלײַכ באשלאָסנ — פונ די מיטיקנ ארויסגעבנ הײַנט נאָר א העלפט פאָרציעס. „געגנוג וועט זיי זײַנ — די שלעפערס"... ער האָט קעסיידער אונ נאָכאנאנד צו „אלע רוכעס" אונ „טאטנס טאטנ ארײַנ" געשיקט יעדנ מעשאָרעס באזונדער אונ אלעמענ אינאיינעמ — מ'זאָל מאכנ ריינ, זויבער.

— דאָס איז אײַכ הײַנט ניט קיינ ביליקע קיכ פאר שלעפערס — דאָס זאָל מיר הײַנט ווערנ א זאל! פאר א ציִעניסטישער אסיפע... עס וועט זײַנ „שטאָט" — די גאנצע „פניי"... מ'עסט פונ זיי ברויט — דארפ מענ זיכ שטעלנ לײַטיש...

האָט מענ קאפצאָנימ ארויסגעיאָגט אונ קאפצאָנימ ניט ארײַנגעלאָזט פונ האלבנ טאָג אָנ. האָט מענ זיכ געכידעשט: וואָס איז הײַנט — א טאָנעס?... נאָר מעשאָרסימ האָבנ קיינ צײַט ניט צו ענטפערנ. מע וואשט, מע רײַבט, מע שײַערט, מע רייניקט. אז דער מאשגיִעכ שטייט אפנ קארק אונ גיט אכטונג. דאָ איז מיסט — אוואדע פאר־א־יאָריקע. דאָ איז שפינוועבס, ווי א קנויל אָנגעוויקלט. אונ אפ די טישנ — שמוצ פארטריקנטע, אז מע דארפ עס מיט די גרויסע מעסערס אָפשאָבנ...

ווענ דער מאשגיִעכ איז אוועק אינ א ווײַטערנ ווינקל קאלופענענ מיטנ שטעקנ אינ א קויל ברוד, ווי אינ אָנגעוואָקסנ שוועמל, כאפט ארײַנ פריידל די שאָבערקע אונ זאָגט ארײַנ צו מאטליענ די קעכנ:

— אָהאָ! ווענ ער זאָל אזוי אכטונג געבנ יעדנ טאָג, וואָלט די קיכ האָבנ א רעכטנ אויסזענ...

אונ פארשוויצט האָט מענ געארבעט, שויבנ געוואשנ אונ פענצטער צעעפנט, אונ דעמ קנויט פונ גרויסנ בליצ־לאָמפ מיט א שער ארומגעשאָרנ, אונ דרײַ מאָל אָנגעצונדנ אונ דרײַ מאָל אויסגעלאָשנ, אונ צו־

לעצט זיך מאמצי געווען און געשיקט קויפן א נייע גלאָז מיט א ברייטערן אונטן... און אז דער לאָמפ האָט זיך יאָנטעוודיק צעבליצט איבער א פריש געוואשענער פאָדלאָגע און ביז העל אָפגעריייניקטע ווענט, האָט מען פינף גרעסערע טישן צונויפגערוקט אינײנעם, איבערגעדעקט מיט ווײסע טישטעכער—פון גארדעראָב. און צום אויבנאָן צוגעשטעלט דעם שרײבטיש פון קאָנטאָר מיט דעם אָפגעבערשטלטן געוואַנט. האָט מען שטולן צונויפגעטראָגן פון קאָנטאָר, פון קאסע און פון שפײַכלער — נייע, נאָך ניט קיין געניצטע. און ערשט ווײַטער אין זאל אראָפּ צו האָט מען אויסגעשטעלט די „ווײַסע" בענקלעך פון די עסערס — אלעמאָל טונקעלע, און איצט אָפגעוואשענע. צו די ווענט אָן דער זײַט האָט מען צוגערוקט עטלעכע איבערגעבליבענע טישלעך.

דער מאשגיעך האָט זיך צוגעקוקט עקספּערטיש, פריִער פון אונטן ארויף, צום אויבנאָן: „זייער געהויבן!", דערנאָך פון אויבן אראָפּ — צו דער טיר: „גאנץ פֿײַן!"

ער האָט אָנגעקוקט אויך דאָס באקאנטע ווינקל באַם ארײַנגאנג. מיט א מעכיצע פון שטייענדיק אָנגענעגלטע ברעטלעך אָפּ דער פּאָדלאָגע איז אָפגעצווימט א טישל, וואָס איז דערהויבן אָפּ ברעטער אויסגעבעט איבער קלעצלעך. פון דעם טישל באקומען עס די עסער די אָפגעשניטענע „האמויצעס" און די מעטאלענע שיסלעך.

„נו, יע"... האָט ער איצטער עפּעס מיטאמאָל טיפער און כקירעדיק וועגן דעם זיך פארטראכט: „זייער פּראקטיש"... דאָס טישל איז טאקע אופגעשטעלט איבערן געווײַנלעכן מענטשלעכן וווּקס — מ'זאָל ניט קאָנען גלאט אזוי, פארבײַגייענדיק גלײַך דערלאנגען — אראָפּשארן, און צושלעפּן... זאָל מען טאקע דארפן די האנט אויסציִען אין דער הייך, קוים דערלאנגען דעם בלעכענעם נומער פון קאסע, דעמלט בייגט זיך אָן די „טיילערקע" און לאָזט אראָפּ א „האמויצע" מיט א שיסעלע. „גאנץ פּראקטיש"... מאלע וואָס קאפּצאָנים זײַנען ברויגעז און רופן אָן דאָס טישל — דער „שולכן" פון דעם „לעכעם האפּאָנים"... קאפּצאָנים זײַנען אלעמאָל ברויגעז...

דער מאשגיעך איז צופרידן. האָט ער געהייסן דער „עקאָנאָמקע" און דעם „שרײַבער", זיי זאָלן צולויפן אהיים זיך אָנטאָן פּאסיקער, און באלד צוריקקומען צו דער אסיפע. — מ'טאר זײַן: עס פּאסט ניט"... אגעוו, זאָלן זיי ארײַנלויפן צו באַם דעם ברויטבעקער און

צו שלוימע דעמ קאצעוו און דערמאָנענ נאָכאמאָל, זיי זאָלנ קומענ
צו דער אסיפע. נישקאָשע, זיי לייזנ געננוג פונ דער קיכ...

דער מאשגיעכ אליינ איז געווענ שאבעסדיק אָנגעטאָנ נאָכ פונ פרי, פונ דער הײמ ארויס, האָט ער איצטער אינ קאָנטאָר נאָר אָפּגעבער־שטעלט די מאלבושימ, אָפּגעוואשנ די הענט און דאָס פּאָנעמ, און דע־ריקער — צעקעמט די גרויסע באָרד זײַנע, וואָס וואָלט קלעקנ פאַר א גאנצנ מיניענ.

2

גאבאימ און „מעקוראָווימ“, און גלאט געהויבענע לײַט האָבנ די פוטערס אויסגעטאָנ אינ קאָנטאָר, און מ'איז אינ ווארעמענ זאלארײַנ אינ שווארצע סורדוטנ, אינ עלעגאנטע ראָקנ, און דאמענ — אינ שווערע קליידער מיט זײַדענע שאלנ אפ די אקסלענ אָדער מיט פוטערנע פע־לערינקעס מיט עקלעכ, וואָס באָמבלענ זיכ.

— א פײַנע קיכ!

— א זעלטענע קיכ!

האָט מענ זיכ אינ האנאָע ארומגעקוקט אינ ציכטיקנ, ליכטיקנ זאל.

— אָנגעלעבט אנ אייגנס! — האָט אדוואָקאט שטיינבערג אייגנטי־מעריש־צופרידנ באשטעטיקט א לעצטער און אויסערלעכ באשיידנ, אלס פאָרזיצער פונ דער פארוואלטונג: פארהאנ מיט וואָס צו ווײַזנ זיכ!

דעמ מאשגיעכס באָרד האָט פריידיק געפלאטערט פונ די שוואָכימ, אז ער האָט צופרידנ א טראכט געטאָנ: „א קאָפּ האָב איכ! צוגעקליבנ פאַר זיי...“ האָט זיכ די באָרד נאָכ כאָשעווער געלענגערט צו דער שײַנ פונ בליצ־לאָמפּ.

מיט רעספּעקט צו זיכ אליינ זאָגט ער ארויס ווירדיק:

— א פײַנע אסיפע וועט הײַנט זײַנ בא אונדז...

ער האָט געצילט און עקסטרע געזאָגט „בא אונדז“. ניט פונ אזעס, נאָר פארקערט — צוליב: ווײַזנ אז ער רעכנט זיכ אויכ פאר א ציוע־ניסט און איז צופרידנ מיטנ איניענ, וואָס גאבאימ ווילנ און זוכנ דע־רופ באלאָנימ.

— איכ האָב אויכ גערופנ עטלעכע פײַנע באלעבאטימ בא אונדז פונ מיניענ, — איכ האָב זיי געזאָגט: אדעראבע, קומט ארײַנ, וועט איר, רײַשימ, זענ אונדזער נײַע קיכ, וואָס מיר האָבנ זיכ אָנגעלעבט

אינ שטאָט, אונ איר וועט טאקע הערנ די עמעסע, די גוטע אָראטאָ־רעס, די הייסע ייִדנ...

— זייער פיינ! — האָט שטיינבערג געלויבט, — אדעראבע, ציט צו מענטשנ צו דעמ ייִדישנ איניעג... איר זייט דאָכ אויכ א ייִדישער מענטש...

שטיינבערג האָט א שמייכל געטאָנ, אונ דעמ מאשגיִעכס באָרד האָט זיכ דערפונ א קנייטש געטאָנ, ווי אינ האלב געבראָכנ. איז א באָרד רוכט זיכ נאָר, מ'זאָגט: איר זייט דאָכ אלייג א „קאָהאָלשער" מענטש...

אינמיטנ דעמ זאל האָט זיכ פאוואָלינקע, לאנגזאמ ארומגעדרייט, ווי א „כאָכעמ", ווי אזא איינער, וואָס ווייסט, וואָס ער טוט — א שמאָלער ייִד אינ שאבעסדיקנ סורדוט מיט א לאנגנ „סטאָנ", אונ האָט קלוימערשט באטראכט די ווענט, די פענצטער אונ דעמ לאָמפ. אָבער אינ טאָכ האָט ער זיכ גוט צוגעקוקט צומ הייפל „פניי", פאר זיכ אָנ־געמערקט אונ פארגעדענקט, ווו ווער עס שטייט אינ דעמ רעדל, ער זאָל, כאָלילע, ניט געשטרויכלט ווערנ... אונ דאָס, אייגנטלעכ, האָט ער גע־האלטנ פאר א כאָכמע: א סאָכרישער מענטש, א קליינער סויכער אפי־לע, דארפ זיינ אויסגערעכנט אונ אויסגעכעזשבנט, ניט נאָר מיט דער פענ אפנ פאפיר, נאָר אויכ מיט דער מאכשאָווע אינ קאָפ...

דערמיט, נאָכ די גענוגע האכאָנעס, האָט ער אפ די שפיצ פינגער זיכ דערנעענטערט צומ רעדל, האָט אָנגעטראָפנ, פונקט ווי ער האָט גע־צילט, צוערשט אנטקעגנ דעמ אדוואָקאט שטיינבערג, האָט שטארק א שאָקל געטאָנ מיטנ קאָפ אונ געלאָזט אויסשטרעקנ זיינע א האנט — גענומט!

— זייער פיינ! זייער פיינ! — האָט שטיינבערג, אנ אדוואָקאט אונ א צוגעלאָזטער, געלויבט, — עס דארפ אונדז פרייענ, וואָס אונדזערע באַ־לעבאטימ, די מיטעלע ייִדנ, דער יעסאָד פונ דער אומע — פארשטייט שוינ אויכ א קלאל־איניענ, דעמ גרעסטנ קלאל־איניענ, דעמ ציִעניזמ, אונ קומט צו אונז...

דער ייִד אינ שאבעסדיקנ סורדוט מיטנ לאנגנ „סטאָנ", מיט אנ אויסגעשיינטנ פאָנעמ, מיטנ ארופגערוקטנ ווייכנ קאפעליוש פונ אויבנ אונ מיטנ שיטערנ בערדל פונ אונטנ — האָט זיכ געבייגט אונ געבוקט אהער אונ אהינ. אונ נייגעריק זיכ, האָט דער בארעכנטער ייִד פאר זיכ אינ דער מאכשאָווע פארצייכנט: דאָס איז דער יונגער האמבורגער,

וואָס מיט דער באנק־קאָנטאָר... און אָט — סאַמע צייטליך, פון „וואזא־ימני" דער קאַפע... און אַפּאָנעם, מייערסאָן, צייטלינס איידעם... און זאָל זיין — דער געלערנטער מאנדעלשטאַם...

ס'איז אריינגעקומען דאָקטער בראַנזבורג, ווי זיין שטייגער, האסטיק, און זיין פרוי האָט אים קוים אָנגעיאָגט. בעב גאָלדמאַן, גאָרדאָן און נאָך א פּאָר פון דער יוגנט האָבן זיך גלייך א קער געטאָן און זיי ארומגעקרייזט.

— מאַרק באָריסאָוויטש!—האָט שטיינבערג געיילט דער ערשטער באגריסן, און געוואָלט מיט א זייטיקן וואָרט אָפּהאַלטן זיין „אָפּאָ־נענט": ער וועט דאָך היינט געוויס ארויסטרעטן קעגן אים...—ווי גע־פעלט אייך אונדזער אנשטאַלט?—ער האָט מיט א האַנט ברייט א קרייז געמאַכט אין זאַל, אָנווייזנדיק די ראַכוועס, די אויפגעראַמטקייט, די ליכטיקייט:—אַן אַנשטאַלט—א מוסטער! און איר זייט אלעמאָל אין דער אָפּאָזיציע—ראַק אייך געפעלט ניט...

— און מיר געפעלט איצטער אויך ניט,—האָט בראַנזבורג אָפּגע־שניטן,—איצטער ערגער ווי אלעמאָל, ווייל ס'איז אויפגעראַמט פאַר די גאַבאָים, צום פּאַראַד, ביים ס'איז שמוציק שווידערלעך, ווען ס'דאַרף זיין ריין, אז מענטשן עסן דאָ.. — ער האָט ניט געוואָרפן ווערטער א נ זיך אומגעדרייט צושטורים. — ווו איז ער? ווו איז ער? דער מאַשגיעך? האַ, קומט אהער!

יענער האָט צוגעיילט צעמישט.

— פאַני מאַשגיעך, איך בין א דאָקטער,—זאָג איך אייך, אז בע־שאַסן עסן ברויכט צו זיין ריינער און ליכטיקער, ווי בעשאַס א פאַר־זאַמלונג.

— הער דאָקטער, ס'איז אלעמאָל... איר מיינט...

— כ'מיין ניט, כ'האָב געזען... דאָס אויפנעמען עסערס... ניט די גאַבאָים...

— הער דאָקטער, איר זייט א שטרענגער גאַבע.

— ניט קיין גאַבע...

— א „טשלענ פּראַוולעניאַ",—האָט שטיינבערג געשמייכלט.

— „טשלעני פּראַוולעניאַ", קומען נאָר צו פאַרזאַמלונגען, אז מע קלייבט צו אפּריער, און זעען, אז ס'איז א מוסטער!.. — בראַנזבורג האָט האַסטיק גערעדט, אָפּגעקערט אין א זייט, — און איך בין א

פּראָסטער מענטש, איכ לויפּ אַרײַנ אינמיטנ טאָג, אונ אינ דרײַ נאָכ א נימער, כאַפּ איכ א שטויס פונ עמעצנ, אונ אינ טומל בא דער קאַסע שרײַט מענ אָנ אַפּ מיר, אונ באַמ טישל פעלט מיר א לעפל... ווייס איכ דעמ גאַנצנ עטאַפּ...

— מאַרק באָריסאָוויטש, א באַלאַנגעס פונ אײַכ צו שטעלנ זיכ אינ רײַ מיט אַלעמענ גלײַכ... אונ אַלצ צוליב רעוויזיע... אַלצ אויספּרובירנ...

— אונ מע דערקענט אײַכ ניט?

— ווענ מ׳זאָל מיכ דערקענענ, בינ איכ דאָכ א „טשלענ פּראַוולע-ניא“, וואָלט מענ מיר א טוצ לעפל אנטקעגנ געטראָגנ...

בענעדיקט האַמבורגער האָט זיכ אָפּגעקערט — פאַרשעמט, וואָס מע דערקענט ניט האַמבורגערס איידעמ....

„דער הער דאָקטער איז אַלעמאָל מיט די אָרעמע אונ פאַר די אָרעמע“... — האָט זיכ אינ דער שטיל אונ פאַר זיכ אינ דער זײַט גע-קוויקט דער ייִד אינ שאַבעסדיקנ סורדוט מיטנ לאַנגנ סטאָנ.

— איכ שרײַב א קאָרעספּאָנדענצ — א שיינער אַנעקדאָט...— קוועלט אָנ מערקינ, — דאָקטער! מ׳האָט אײַכ נאָכ עפּעס אויסגעזידלט — פונ דאָרטנ! פונ דעמ „שולכנ“. „שלעפּער! שאַר זיכ ניט אַרומ דאָ, דו ווערסט נאָכ פאַרשלעפּנ א שיסעלע“... מערקינ האָט געקוואַלנ, — איכ שרײַב! אײַ, א קאָרעספּאָנדענצל!..

בענעדיקט האַמבורגער האָט צעקרימט זײַנע שטײַפע וואָנצעס אונ האָט א צי געטאָנ נאָכ זיכ דעמ דאָקטער בראַנזבורג.

— מאַרק, דערצייל ניט מער אַזעלכע אַנעקדאָטלעכ, רײַנע אַנעק-דאָטנ...

— וואָראָס? — האָט בראַנזבורג אינ פלוג געפרעגט צעטראָגנ.

— א סטאַט פונ א דאָקטער, פונ א גרויסנ דאָקטער!.. ס׳פּאַסט טאַקע פאַר האַמבורגערס איידעמ — מאַכנ אַזעלכע אָנשטעלנ... אינ ביליקער קיכ אינ דער רײ... מיט אַלע קאַפּצאָנימ... האַמבורגערס איי-דעמ קאָנ זיכ אָנטאָנ אַזוי, אַז מע זאָל אימ פאַר א ווערסט דערקענענ, פאַר א ווערסט! — אַז ס׳איז האַמבורגערס איידעמ!.. אַז מ׳זאָל אימ ניט פאַרבײַטנ...

נינעט האָט צוגעײַלט צו זיי ביידנ. איר דוכט זיכ, אַז בענעדיקט קריגט זיכ מיט מאַרקנ. נאָר בענעדיקט איז שוינ אוועק צו מערקינענ.

— מערקינ, איכ וויל אײַכ עפּעס פרעגנ...— ער האָט אימ אָפּגעצויגנ

אינ א זײַט עטוואס ווײַטער, — מערקינ, איכ זאג אײַכ, מערקינ, איר זאלט עס ניט ארײַנשרײַבנ אינ אײַערע קארעספאנדענצנ....

יענער האט אימ אנגעקוקט, באטראכט אונ צוגעשמייכלט.

— הער האמבורגער — דאס איז דאכ א רעקלאמע — איכ בינ אויסנ נאר די רעקלאמע... די גרעסטע רעקלאמע... די גרעסטע רעקלאמע פארנ דאקטער בראנזבורג, אונ פאר אײַער פאמיליע אינגאנצנ... שטעלט אײַכ פאר: א דאקטער, א גרויסער דאקטער, אונ פונ אזא פאמיליע — גווירימ אונ אריסטאקראטנ, — איכ וועל דאס אלצ ארומשרײַבנ... אונ אזא... אזא ליבעראל... א ראדיקאל!.. פארנ פאלק... אזא...

— מויכל... מויכל... אזא רעקלאמע — מויכל. געדענקט־זשע, מערקינ! פאר דעמ נאמענ „האמבורגער“ בינ איכ דער ארעוו, ניט מארק מיט זײַנע שטוסערײַענ... מיר פארשטייענ זיכ דאכ, מערקינ... וויפל באקומט איר פאר אײַער שרײַבערײַ — פאר א קארעספאנדענצל? אלצ טוט זיכ דאכ פאר געלט, מערקינ... מיר ווייסנ, אז געלט איז ניט שמעלט... כא כא... קאנט איר עס בא מיר באקומענ פאר ניט געשריבנ... ווענ איר ווילט, קומט ארײַנ צו מיר אינ באנק־הויז, אינ מײַנ קאבינעט... פאר אײַכ — די טיר אפנ אלעמאל... אפגעמאכט!...

אונ בענעדיקט האמבורגער האט נאכ שטײַפער פארדרייט די זארטע וואנצעס, אונ געהויבנ זיכ צוריקגעקערט צו זײַנע לײַט

— ברענענ זאלסטו מיט דײַנ באנק־הויז צוזאמענ!.. — האט מערקינ נאכגעשאקלט מיטנ קאפ, אונ האט זיכ אינ האסט א לאז געטאנ צו בעבנ.

— אזא שויטע, אזא גאדלעניק!

— ווער? וועמענ מיינסטו איצטער? ווייניק שויטימ דא?

— אט דער בענעדיקט!.. — האט מערקינ ארויסגעווארפנ פונ מויל, ווי א קלעפיקע לייכע, וואס טשעפעט זיכ אנ, פארהאלט זיכ, אונ מ׳דארפ עס ווידעראמאל אויסשפײַענ: — בענעדיקט!.. ער האט מיר געפאטערט א קארעספאנדענצל...

— הער אימ ניט — שרײַב, — האט בעב זיכ אנגעשטויסנ, וועגנ וואס ס׳גייט.

— ניינ, איכ וועל אימ שוינ צודינענ אנ אנדערש מאל... „מערקינ“ בינ איכ אימ מיטאמאל געווארנ... א פאניבראט זײַנער — געדענקט־זשע, „מערקינ″...

— דערווייל נא דיר א קאָנפעטל, וועט דיר זיסער ווערנ אָפ דער נעשאָמע...

— איכ וועל אימ שוינ א שרייב טאָנ!.. „וויפל באקומט איר פאר אייער שרייבערייַ?“ ברענענ זאָל ער! א מיִעסער נעפעש... דו ווייסט, וואָס ער דערלויבט זיכ, אזא... געלט־שמעלט... אזא... — אונ מערקינ האָט זיכ געדרייט, געשליידערט מיטנ צונג אונ מיטנ קערפער, אונ האָט פאר בעבנ עפעס ניט געקאָנט איננאנצנ אונ בעפיירעש ארויסזאָגנ דעמ איקער, וואָס האָט אימ אזוי געערגערט.

— „צו מיר אינ קאבינעט“, ווענ איר ווילט... א קלייניקייַט?! או, או!... אָבער ער וועט זיכ בא מיר ארייַנכאפנ, בענעדיקטל אליינ, וועל איכ אימ מיט א פסעוודאָנימל... „א דורכפאָרער“... אָ, איכ ווייס: „א ריטל“, א טייַער פסעוודאָנימל, וועל איכ אימ א שמיצ טאָנ...

— דו האָסט זיכ הייַנט פארפלאָנטערט, — לאכט בעב, — איכ פארשטיי ניט. ער האָט דיכ, אפאָנעמ, גוט אויסגעשמיסנ, דו ביסט גאָר א בלייבער... איכל גיינ בעסער געבנ מאקסנ א קאָנפעטל...

בעב האָט פינקטלעכ אופגעלייגט א ליידיק פאפירל פונ א קאָנפעט, געטראָגנ צו מאקס שיינפעלד, אונ האָט אונטערוועגס פאר זיכ געקוואָלנ.

דער ייִד אינ שאבעסדיקנ סורדוט מיטנ לאנגנ „סטאָנ“, ארומדרייענדיק זיכ „כאָכעמדיק“ איבערנ זאל — א ייִד א דייַטנ דארפ אלצ באטראכטנ, האָט מיטאמאָל דערזענ, אז די פארזאמלטע האָבנ זיכ שוינ אייַנגעזעצט. האָט ער זיכ אָפגעשטעלט פונדערווייַטנס — ווידער אונ נאָכ טיפזיניקער באטראכטנ, ווי מע זיצט ווי מע שטייט — אינ דער סאָכרישער וועלט, אזוי זיצט מענ אפ דער אסיפע, יעדערער לויט זייַנ גראד. אהינטער די באנקירנ אונ די גרויסע מאנופאקטוריסטנ, ווי גינזבורג, פערציס, אונ די געלערנטע — אלצ ארומ טיש אפ די ווינער שטולנ, אהינטער זיי זיצנ די זאוואָדטשיקעס — די אופגעקומענע — הוטנער, מאָנאָסאָנ, דער יונגער שייניג... דורכגעלאָזט צוויי רייענ שטולנ ליידיקע, — אפ די „ווייַסע“ בענקלעכ האָבנ זיכ אויסגעזעצט: גינזבורגס עלטערע פריקאזטשיקעס, — גינזבורג האָט זיי, אפאָנעמ, „געהייסנ“ קומענ, דער בוכהאלטער פונ „ווזאימני“ — מיסטאמע פונ צייטלינס צאד, שטיינבערגס „שרייַבער“ — ער מוז דאָכ געוויס זייַנ... א פאָר מיטעלע קרעמער, עטלעכע מעלאמדימ, אונ — שלוימע דער קאצעוו, כאיִמ דער ברויטבעקער... ווי קומענ זיי אהער?

און ער האָט געגומען ניט, ניט צינג דאָס שיטער בערדל, ווי גע־
פליקט פון אונגטן ארום, צו די וואָנצעס צו—דאָס האָט ער שטאַרק
און האַסטיק געטראַכט, וואָס קאָן עס זײַן. און ס'האָט אים פאַרדראָסן,
וואָס ער קאָן נים פאַרשטיין, וויאַזוי קומען זײ אהער, שלוימע דער קא־
צעוו און כאַים דער ברויטבעקער...

ער האָט זיך געקוקט כאָטש דערמיט, וואָס ער פאַרשטייט, פאַר־
וואָס מע האָט אויסגעלאָזט ליידיקע צוויי רייען שטולן: מיסטאמע
דאַרפֿן נאָך צוקומען געהויבענע לײַט, אָדער — מע האָט גלאַט גע־
לאָזט ליידיק — צווישן די „פּניי" און די „ווײַסע" בענקלעך.

האָט ער זיך אויסגעגלײַכט, פאַריכט דעם קאַפּעליוש אפן קאָפּ און
איז געלאָסן אוועק, און זיך אנידערגעזעצט אפּ א בֿרעג שטול פון דער
צווייטער ריי ליידיקע ווינער שטולן. שטיינבערג אליין זאָגט דאָך, אז ער
איז א מיטעלער באַלעבאָס, פאַרוואָס־זשע זאָל ער זיך נים זעצן אפּ א
מיטל שטול? דערווײַל, אוואדע.

באַלד האָט זיך געבן אים צוגעזעצט דער מאַשגיעך פון קיך.

— רעב פינכעס, א, רעב פינכעס! ווי לאַנג איז עס שלוימע דער
קאצעוו געוואָרן א... א ציוני?..—האָט ער גלײַך קליגעדיק א פרעג געטאָן.

— כי־כי־כי, — האָט דער מאַשגיעך געפּליוכעט אין זײַן גרויסער
באָרד, — עמעס, עמעס, רעב הירש־בער, כי־כי־כי... ער האנדלט מיט
אונחז, שטעלט צו פלייש אין קיך... האָב איך אים געזאָגט, אז ער
דאַרף דאָ זײַן היינט...

— און ברויט נעמט איר בא כאַים דעם בעקער... — האָט הירש־
בער שיין אליינ צוגעגעבן, און איז עפּעס מאָדנע צופרידן געווען פון
דער גאַנצער וועלט, וואס פירט זיך אזוי קלוג.

**8**

— אלזאָ, וועלן מיר אָנהייבן! — האָט אדוואָקאט שטיינבערג זיך
געווענדט צו דער פאַרזאַמלונג. — מאַרק באָריסאָוויטש, מע קאָן אָנ־
הייבן, רעכן איך. דער אָפיציעלער אָפּאָנענט און דער שטענדיקער אָפּאָ־
זיציאָנער מײַנער—ער קוקט מיט א פאַרשלייערטן שמייכל ד"ר בראַנז־
בורגן אין די ערנסטע אויגן אריין — דער אָפּאָנענט איז דאָ... איך
גלייב, אז איר וועט היינט אויך ארויסטרעטן אנטקעגן מיר... הייבן מיר
אָן. מאַרק באָריסאָוויטש, עפּשער וועט איר זײַן דער פּאָרזיצער?

בראנזבורג האָט אפ אימ אנ אומצופרידענעמ בליק געוואָרפנ. ער האָט זיכ אויסגעדרייט אפ צוריק, און האָט זיכ צוגעזעצט בא א טישל צו דער וואנט, האלב זײַטיק צו דער אָפיציִעלער אסיפע.

„בא „דעמ“ איז פאר זיכ שאבעס...“ האָט דער מאשגיִעכ א טראַכט געטאָנ, — אינ זיינ בארויגעזנ נאָכ פאר פריִערדיקע.

שטיינבערג האָט זיכ אופגעשטעלט באמ שרײַבטיש, באלעבאטיש זיכ אָנגעשפארט מיט די דלאָניעס אפנ גרינעמ געוואנט, און זיכ געווענדט צו מאנדעלשטאמענ:

— יעפימ סאָלאָמאָנאָוויטש! פאר א געלערנטנ וואלדקענער פאסט עס, איז אָנגעמאָסטנ צו זײַנ הײַנט פאָרזיצער, עס גייט דאָכ וועגנ א לאנד, וועגנ „גרונט, וועגנ ערד...

— ניינ, ניינ, ניינ, איכ ווייס נאָר די צאָפנ-וועלדער... און יענע קאנטנ, די מיזרעכ-פאלעסטינע איז פאר מיר א טערא-אינקאָגניטאָ...

— איכ האָפ, איר וועט זיכ באקענענ, און נאָענט באקענענ... נו, פאָרלויפיק וועלנ מיר בעטנ דעמ ה' צייטלינ... מאָיסיי יאקאָוולעוויטש! מיר וועלנ דאָ הײַנט באטראכטנ אויכ א באנק-אקציע, דעמ ייִדישנ קאָלאָניאל-באנק, און אזוי ווי איר זײַט דאָכ א באנקיר, דער פירער פונ אונדזער „ווזאימני קרעדיט“ — בעטנ מיר אײַכ... — האָט ער אָנגעוויזנ אפנ ברייטסטנ שטול באמ שרײַבטיש.

צייטלינ האָט זיכ גרונטלעכ אײַנגעזעצט, פרובירנדיק דעמ שטול פאר זײַנ קאָמפלעקציע — ווער קאָנ וויסנ א שטול פונ א ביליקער קיכ?

— די באנק-קאָנטאָר איז אונדזערע עלטער פונ „ווזאימני קרעדיט“, — דאָס ווייסט איר אלע; נאָר מאָיסיי יאקאָוולעוויטש איז עלטער פונ מיר — עמעס... — האָט בענעדיקט האמבורגער גאנצ הויכ גערעדט אינ שמייכל און גענומענ פאטשנ „בראוואָ“. מיר בעטנ, מיר בעטנ!...

צייטלינ האָט מיט א פינגער עפעס אָפגעשנעלט, און זיכ א קער געטאָנ צו שטיינבערגנ:

— איכ בעט אײַכ! אײַער פאָרטראָג, מיסטאָמע...

שטיינבערג האָט זיכ לעבעדיק אופגעשטעלט, און האָט אָנגעקוקט די פארזאמלטע — אויגנ אינ אויגנ: — און מיטאמאָל האָט ער זיכ אײַנגעאנצנ, ווי א בראָכ געטאָנ, דעמ קאָפ עטוואָס אָנגעבויגנ, די הענט איבערגעפלאָכטנ אפ דער ברוסט:

— ליבע ייִדנ! ברידער אינ ציִענ! ליבע אונ טײַערע ייִדנ...

— פּונקט ווי דער ערשטער פּאַרליבטער אפֿנ סצענע...— האָט בעב זיכ צוגעבויגנ צו מאַדאַמ מאַנדלשטאַמ אונ איר אַרײַנגערוימט אינ דער היפּשער דעקאָלטע. זי האָט אימ גערנ צוגעשמייכלט, וואָס בעב פּאַר־פֿרייִלעכט איר אַזאַ אומעט, ווי ייִדנ אונ ציאָנ...

— דער גרעסטער אונ הייסטער ייִד ד״ר הערצל...

ס'איז אַרײַנגעקומענ דער שטאָט־מאַגיד אינ אַנ אָפּגעטערכעטנ פּוּ־טערל, אונ די פּאָלעס זײַנענ זיכ צעפֿלויגנ, ביז ער איז געשווינד דורכגעגאַנגענ אינ זאַל.

הירש־בער האָט צופֿרידנ א זאָג געטאָנ צומ מאַשגיִעכ: — פּאַר־שפּעטיקט, אָבער געקומענ... א קאָמפּלימענטש! פֿאַרשטייט הײַנטיקע זאַכנ...

— יע, יע, — האָט דער מאַשגיִעכ נאָכגעגעבנ. — דער ראָוו וועט ניט קומענ...

— דער ראָוו, — האָט הירש־בער אינ דער שטיל געזאָגט,—איז על־טער, אַלט! אונ א גרויסער „גאָדל“ — האַלט ניט פֿונ קיינעמ... ער זאָגט, אַז דער ציִוניזמ איז א מינ קליינ זײַדנ טאַלעסל, וואָס אַריסטאָ־קראַטנ טוענ אָנ אפֿנ האַלדז, ווי א שאַרפֿ אונ מיינענ, אַז זיי זײַנענ דערמיט יוצע א טאַלעס... די „גרינגע“ ייִדנ ווילנ מיטנ שטיקל ציִע־ניזמ יוצע זײַנ די גאַנצע ייִדישקײַט...

— אי, אי, אי — גע־זאָגט! — האָט דער מאַשגיִעכ אָנגע־קוואָלנ.

— אונ אַלעמאָל אונ אומעטומ, — האָט שטיינבערג געצויגנ אונ א פֿינגער באַוועגט פֿאָרויס, — אומעטומ אינ דעמ לא־אנגנ אונ שווע־רנ גאָלעס...

אינ זאַל איז מיטאַמאָל אַרײַנ א הײַפֿל יונגעלײַט. די טיר איז פֿאַר־בליבנ אָפֿנ, גייענ נאָכ אונ נאָכ — טומלדיקע, לאַכעדיקע, מיט גרויע באַשליקלעכ אונ טונקעלע שאַרפֿנ אַרומגעוויקלטע באָכערימ, אינ פּלאַ־ציקע באַראַשקענע היטעלעכ אונ קאָלירטע באַשליקלעכ — מיידלעכ.

בעב אונ מערקינ האָבנ זיכ א לאָז געטאָנ אַנטקעגנ, צו דער טיר.

— קומט! קומט! ערשט אָנגעהויבנ, קומט אַהינ...

— א, גוט! — האָט נאָכעמ מינקינ אויסגעשריענ אונ האָט זיכ גלײַכ אַריבערגעכאַפּט אַהינטער דער מעכיצע פֿונ די ברעטלעכ, ניט ווײַט פֿונ טיר, אַרומ טישל, וואָס איז אינ דער הייכ געשטאַנענ אפֿ

ברעטער אויסגעבעט איבער קלעצער. — כעוורע, אהער! — אנ אנ-
טיק; מיט א פארטיקער בימע פונ אונטנ — ארופ...

וואָווקע איז געשפרונגענ, פויגלסאָנ האָט אריבערגעשפרײַזט, אונ טאָליע האָט ערגעצ פארטשעפעט א פוס אונ פארלאָרנ א קאלאָש. האָט עטל זיכ צעקלונגענ לאכנדיק: „א, שלימאזל“! אונ צייטע האָט אימ אָנגעכאפט פאר אנ אקסל, צוגעהאלטנ אונ געשריִענ: „איי, איכ שטארב: ער וועט דאָכ צעברעכנ די שפאקולנ אונ צעקאלעטשענ אנ אויג..“

— בענקלעכ נעמט! פונ דאָרטנ...

דער מאשגיִעכ האָט זיכ פונ זײַנ אָרט אויפגעהויבנ, אָפּגעשטעלט איינ פוס צו דער טיר צו, אונ די אויגנ אומגעקערט צומ אויבנאָנ — אינ פארלעגנהײַט, צי דארפ ער גײַנ זיכ ארײַנמישנ... האָט ער דערהערט דעמ יונגנ גאָלדמאנס קאָל:

— גריגאָרי מאטווייעוויטש, —האָט בעב געשריִענ צו שטיינבערגנ,— באלד וועט ווערנ רויִק, וועט איר קאָנענ ריידנ מיט מער פרישקײַט — פאר אזא אאודיטאָריע...

אז מע האָט זיכ רעכט אײַנגעאָרדנט אהינטער דער באזונדערער מע-
ביצע, האָט מענ גענומענ צעבינדנ די באשליקלעכ, צעוויקלענ די שארפנ אונ צעשפילענ די מאנטלענ.

— וואָס איז דאָ, אשטייגער, אלע מאָל? — האָט וואָווקע געוואָלט וויסנ.

— דאָ איז די הינער-שטײַג... בעב, איר ווייסט דאָכ: איר זײַט דאָכ א זייעריקער — דאָ האָדעוועט מענ די הינער, וואָס בע בראָט פאר די אָרעמעלײַט... — שמייכלט קליינמאנ.

— איי, גוט געזאָגט! — קוועלט מערקינ, — מ'דארפ דאָס „זיי“ איבערזאָגנ דאָרטנ.

ארומ טיש אויבנאָנ איז געווענ אָנגעצויגנ שטיל. מיט אָנגעשטרענג-
טע פענעמער צומ ארײַנגאנג אויסגעצויגנ, איז מענ שוינ מיד געוואָרנ צו קנייטשנ זיכ אונ ציִענ מיט די אקסלענ. פרויענ האָבנ זיכ אלצ מער געטוליעט אינ די זײַדענע שאלנ אונ אינ די פוטערנע פעלערינקעס — אז ס'האָט מיטאמאָל עפעס אזוי ווינטיק געקילט פונ ערגעצ!.. מאנצ-
בלענ האָבנ שטרענגע אויגנ אָנגעשטעלט אפ באָכערימ אינ שארפנ, וואָס שפרינגענ מיט בענקלעכ אונ טיילנ זיכ ערטער. נאָר דער אדוואָקאט שטיינבערג האָט כיטרע געשמייכלט. ער האָט זיכ צוגעבויגנ צומ טיש,

דערהויפּט זיכ געווענדט צו מאַנדלשטאַמען, ד"ר קאַפּלאַנ אונ אזעלכע ווי זיי:

— מיר זײַנענ אויכ אַמאָל געוועזנ סטודענטנ...

— דאָס זײַנענ סטודענטנ? — האָט דער פּאָרזיצער צייטליג איבער־געפרעגט.

— בימקווימ סטודענטנ... יונגנט שטודירנדע... מיר האָפנ א ביסל לײַדנ פונ דער יוגנט... אונדזערע... ביטערע... עקסטערנע... נאָר ניט מיט בייזנ מיט זײַ...

בעב אונ מערקינ זײַנענ שויג צוגעגאַנגענ אהער.

— דערלויבט מיר איצט, — האָט שטיינבערג אָנגעהויבנ שטיל אונ מאָדנע ווייכ, — נאָכ אָט דער ניט פאָרמעלער האַפּסאָקע... דערלויבט מיר צו מאַכנ א באַמערקונג: אונדזער פאַרזאַמלונג הײַנט איז צוליב א דיסקוסיע. מיר ווילנ אויסהערנ אָפּאָנענטנ, אויכ ס'זײַנענ דאָ אזעלכע... גיכער זײַנענ דאָ אזעלכע, וואָס האָבנ זיכ נאָכ ניט געענדיגט באַקענט מיט דער נײַער גרויסער אידיי...

— דאָס וועט מענ שוינ זענ שפּעטער... — האָט וואָוועקע ארײַנגעזאָגט.

— מיר זײַנענ צופרידנ, וואָס עס זײַנענ דאָ אלע קלאַסנ ייִדנ: די אינטעליגענצ אונ דאָס פאָלק, די פרײַע דענקער אונ די רעליגיעזע ייִדנ... — ער האָט א בליק געוואָרפנ אפנ מאַגיד, — די רײַכע אונ דער מיטלשטאַנד, — ער האָט זײַנע אויגנ אָפּגעשטעלט אפנ ייִדנ אינ שאַ־בעסדיקנ סורדוט מיטנ לאַנגנ „סטאָנ", — דער מיטלשטאַנד איז דער יורעש פונ אונדזער געשיכטע, פונ אונדזערע פאָלקס־טראַדיציעס...

— באַיע־לייע, טו נאָר א קוק, — האָט עטל אָנגעוויזנ, — ד"ר בראַנז־בורג דרייט זיכ אונ קערט זיכ אפּ זײַנ בענקל: ער קאָנ ניט רויִק אײַנ־זיצנ.

— אונ ווענ ער, דער מיטלשטאַנד, איז מיט אונדז, — האָט שטיינ־בערג ווידעראַמאָל מיט זײַנע אויגנ פיקסירט דעמ ייִדנ אינ שאַבעסדיקנ סורדוט, וואָס האָט צוריק אפּ אימ מעוווהלדיק אונ צעשראָקנ א קוק גע־טאָנ, ווי ער וואָלט דערפילט, אז מע וואַרפט אפּ אימ א גרויסע לאַסט, — ווענ דער מיטלשטאַנד איז מיט אונדז, האָבנ מיר באַ זיכ — דעמ בויער פונ אונדזער צוקונפט!

— כאַ־כאַ־כאַ! — האָט זיכ נאָכעמ מינקינ צעשאָקלט אינ א גע־לעכטער, וואָס איז זיכ פאַרגאַנגענ אינ א קוויטשערײַ. באַיע־לייע אונ

פאניע האָבן אים געשטילט: זײַט ניט קיין מעוווּלוועלער... האַלט זיך סטאטיק...

— אז ער זאָגט: דער מיטלשטאַנד איז א בויער... דאָוויד! דו האָסט געהערט?.. כּאַ־כּאַ... דער מיטלשטאַנד איז א צעקריכעניש... האָט קיין מאַמאָשעס ניט... דאָס איז אַן איבערגאַנגס־קאַטעגאָריע: דער גרעסטער טייל וועט אַוועק צום פּראָלעטאַריאַט, און א קלײנינטשקער טייל וועט ווערן — פּאָשעטע בורזשואַזיע... — די נערוועזע מוסקולן פון זײַן פּאָנעם זײַנען אים געלאָפן אויף און אָפּ.

— אָבער עס פרייט אונדז זייער, — האָט שטיינבערג געהעכערט זײַן שטים, — וואָס די יוגנט איז צו אונדז געקומען. די יוגנט פילט, אז זי דאַרף זײַן מיט אונדז, דאָ איז איר אָרט! זי האַלט זיך נאָך פונדער־ווײַטנס, ווילן קלוימערשט דאָ, אין א פאָלקס־איניען, מאַכן פאַר זיך א ביידער־שיינע, האָבן זיך צעזעצט אַבי־סע־לע ווײַטלעך, אהינטער א מעביצע... נאָר איך בין זיכער, אז זיי וועלן זיך באַלד דערנענטערן און וועלן צוגיין צום אַלגעמײנעם טיש, מיט קאָל־יִיסראָעל צוזאַמען, — האָט ער מיט די הענט געווונקען און גערופן: — צו אונדז! צו אונדז!

— אַן אַקטיאָר! — האָט פאַניע געקאַסט: — אַן אַקטיאָר!

— אונדז איז דאָ גוט! — האָט פּויגלסאָן אויסגעשריִען.

— מירן באַלד זען, — האָט שטיינבערג געשמייכלט: — די יוגנט קומט צו אונדז, דאַרף קומען צו אונדז — זיכער! — האָט ער אָנגעהויבן מיט א ברען, מיט צווויפנגעדריקטע פויסטן, פאַכנדיק איבערלופטן. — די יוגנט איז א טייל פון פאָלק — א טייל ייִדן! נאָך מער — די יוגנט איז א טייל פון דער ייִדן־פראַגע, א טייל פון דעם פאָלק־שמערץ!... — ער האָט מיט א האַנט א זעץ געטאָן אַן טיש... — איר, אונדזער שטו־דירנדע יוגנט, איר זײַט א טייל פון אונדזער פאָלק־שמערץ!.. איך מיין — די פּראָצענט־נאָרמע, — די געשלאָסענע טירן פון די אוניווערסיטעטן...

— אַנו „קוכאַרקיני דיעטי"?.. — האָט וואָוקע אַרײַנגעוואָרפן.

— וואָס האָסטו דאָ אַרײַנגעדרייט „קוכאַרקיני דיעטי"? — האָט גראָסמאַן געקאַסט.

— איר וועט ביידע רייִדן פון דער בימע, — האָט קליינמאַן גע־שמייכלט.

שטיינבערג האָט לאַנג און ברייט גערעדט פון באַגרענעצונגען און באַשרענקונגען, געבלעטערט די „צײַטווײַליקע טאַקאָנעס", האָט מיט

נעמענ אונ דאטעס געוויזנ, ווענמעס הענט אינ וועלכנ יאָר האָבנ נאָכ מער פארשמעלערט דאָס שלייפל אפנ האלדז פונ דער ייִדישער יוגנט, האָבנ ענגער פארקוועטשט די פענטעס אפנ ייִדישנ פאָלק...

...פארוועדט אונ באשרענקט: אינ בילדונג, אינ ווירטשאפט, אינ באַשעפטיקונג... א ייִדישער דאָקטער, א גראָטעטנער, א פייִקער, — האָט ער דאפקע אזוי ווי אגעוו געוואָרפנ צומ זײַטיקנ טישל בא דער וואנט, — איז נימ זויכע צו זײַנ פראָפעסער... פונ דאָרפ ארויסגעיאָגט, ערד־באַזיצ פארבאָטנ, שענקענ אפילע אָפגענומענ — אָט ערשט... הײַנט דער ניירעש מאָסקווע אינ 91טנ יאָר... אונ איבער דעמ אלעמ שווידערט נאָכ דער געשפענסט פונ די פאָגראָמענ אינ די 80-ער יאָרנ...

דאָס פאָנעמ האָט געטונקלט, די אויגנ — אינ פינצטערנ געשלייערט:

— די אומדערטרעגלעכע רעכטלעכע לאגע ברענגט אויכ צו דעמאָראליזאציע, צו דעגראדאציע, פיזישע אונ זיטלעכע, געפאלנ די קולטור די אמאָליקע... נאָר שולדיק איז, פארשטייט זיכ, די אומנאָרמאלע רעכט־אָרדענונג, וואָס האָט א פאָלק געבונדנ אונ עס געוואָרפנ העפקער פאר פאָגראָמשטשיקעס...

ער האָט לאנג אונ ברייט גערעדט, נימ געקארגט קיינ שווארצע שווידערלעכע פארבנ, — אָט וואָס מיר האָבנ דא!.. דא נאָר? אונ דער אנטיסעמיטיזמ אינ אייראָפע!.. אָט פונ וואָס מיר ווילנ אוועק!... אָבער וווהינ? איז געקומענ דער גרויסער ייִד, דער שטאָלצער ייִד; ד״ר הערצל, מיט דער גרויסער אידיי, — א „ייִדנשטאט“, אנ אייגענע טעריטאָריע... דאָס איז — א... רע-וואָ־ליו־ציע!.. — האָט ער אויסגעקוועטשט פונ צוגעמאכטע ציינ, — ס׳זאָל אויסקומענ אי אויסדריקלעכ, אי שטיל: מיט אזא וואָרט ווארפט מענ זיכ נימ צו שרײַענ... — יע, יע.. אנ אופשטאנד פונ נעכטיקע אונ הײַנטיקע קנעכט... וואָס ווילנ אויסגלײַכנ דעמ קערפער, אופהייבנ דעמ קאָפ, א פאָלק צווישנ פעלקער! — מיט אנ אייגענער טעריטאָריע, זעלבשטענדיקע באלעבאטימ, מיט אנ אייגענער קולטור! אינ אלטנ לאנד, מיט די אלטע טראדיציעס, אנ אופגעלעבט פאָלק מיטנ אופגעלעבטנ וואָרט פונ די נעוויִמ...

פײַטל האָט זיכ שוינ לאנג ארויסגעשארט פונ יענער זײַט מעכיצע, האָט זיכ גערוקט אלצ נעענטער אינ זאל, אז סע גלוסט זיכ אימ בעסער צו הערנ... אינ שטילע וואקלדיקע טריט, ווי בלינד זיכ גערוקט, שלאָגט ער זיכ אָנ בא דעמ אקסל פונ דעמ ייִחנ אינ שאבעסדיקנ סורדוט.

— זעצט זיכ, יונגערמאנ, אט איז אנ ארט נעבנ אונדז... אט הערט.

שטעלט אנ פײטל אפ אימ צעמישטע פארצויגענע אויגנ, און טוט א קער צוריק, גייט האסטיק אהינטער דער מעכיצע און שטעלט זיכ דארט אהינטער סימכענ מיט אנ ארא͏פגעלאזטנ קאפ, ווי פארשעמט. נאר וואוקע פוילט זיכ ניט, אז מע באדארפ, שטייט אופ פונ זײַנ ארט, גייט צו צו פײטלענ:

— וואס, פײטעלע, געלאפנ כאפנ דארטנ קולטור — די אלטע קול־טור...

...אבער ווי קומט מענ צומ לאנד? — יאגט שטיינבערג מיט די בליקנ דעמ באכער, וואס האט געבלאנדזשעט אהער, און איז ווידער אוועק... ווי? — האט ער אונדז געגעבנ, ד״ר הערצל, דעמ גרויס: פראיעקט פונ א קאלאניאל־באנק...

ער האט געלאסנ אופגעקלערט און אויסגעטײַטשט. — אלזא — וואס איז נייטיק? געלט! געלט! אקציעס קויפט! — האט ער פארענדיקט, — פארשרײַבט זיכ, און דאפקע געײַלט!

שטיינבערג האט געוואלט טייקעפ אויסנוצנ דעמ אײַנדרוק פונ זײַנ רעדע, האט ער פארגעלייגט דעמ ד׳ר קאפלאנ גלײַכ איצט, פאר די דעבאטנ, לאזנ א ליסטע צו פארשרײַבנ זיכ אפ אקציעס. שטיינבערג האט זײַנ סכומ אנ ערשטער געשטעלט און נאכ אימ — ד׳ר קאפלאנ, און מ׳האט גענומענ רוקנ דעמ בויגנ, איינער דעמ אנדערנ קאווער אפ־געבנ: — „פריער א באנקיר“... — „ניינ, ניינ, פריער זײַנענ די סאכ־רימ“... — „נו, זאלנ אפריער די געלערנטע... זיי פארשטייענ האב מער“... האט מענ באשיידנ און מיט רעספעקט אפגערוקט ווײַטער די ליסטע. דער ייד פונ „מיטלשטאנד“ האט זיכ עטוואס אופגעשטעלט פונ זײַנ ארט, בעסער זיכ צוקוקנ אהינ אויבנאנ ווי ס׳גייט אנ מיטנ פאר־שרײַבנ זיכ. ער האט דערזענ, אז גווירימ רוקנ זיכ ניט. האט ער גע־גארט, אז דער בויגנ זאל שוינ דערגייג צו אימ, וועט ער דאפקע גלײַכ ארײַנשרײַבנ זײַנ נאמ מער, ווי ער איז בעיעכוילעס, „זיי“ אפ לעהאכעס, ווײַזנ „זיי“.

ד״ר בראנזבורג האט זיכ ווי א ריס געטאנ פונ זײַנ זײַטיקנ שטול און האט גלײַכ אונ האסטיק א שאט געטאנ בייזערדיקע רייד.

אלע האבנ גערנ א שאקל געטאנ מיטנ קאפ צו שטיינבערגנ און צו ד׳ר קאפלאנ בא דער ליסטע: „נו, נו — שפעטער“... און מע

האָט זיך אַ קער געטאָן צום רעדנער, ווי צו אַ וואַנט, אָן וועלכער מ'כאַפּט זיך אָן פֿון אַ גליטש.

ד"ר בראַנזבורג בייזערט זיך, וואָס מ'וויל די קעפּ פֿאַרשלאָגן מיט באָבע־מעשׂיות און פֿאַנטאַזיעס. דאָס איז ניט רעאַל... און צו וואָס ווי־דער פֿאַרקריכן אין אַזיע — אין זומפּ פֿון אָבערגלויבעריַי און אָפּגע־שטאַנענקייט... מ'האָט שוין אַרויסגעשלעפּט די קלאַפּערגעציַיג פֿון פֿאַר־ציַיטיקע טראַדיציעס און אַמאָליקער קולטור... דאָס איז רעאַקציע! ער וויל ניט אויסמעקן הונדערטער יאָרן פֿון אייראָפּעיִשער ציוויליזאַציע און וועלטלעכן פּראָגרעס. מ'דאַרף זיַין ראַציאָנעל — געבן דעם פֿאָלק וועלטלעכע בילדונג, די נייַסטע קולטור, און אַריַינציִען אין דער פּראָ־דוקציע — לערנען פּראָפֿעסיע... האַנטווערקער האָבן וויַינרעכט אויסערן „טכום"... און עמיגראַציע — אין קולטורעלע לענדער... און וויסטע כאַ־לוימעס...

די יוגנט אַהינטער דער מעכיצע און אייניקע פֿון דער יוגנט בײַ די טישן אין זאַל האָבן וואַרעם אַפּלאָדירט.

שטיינבערג האָט זיך אָנגעבויגן צום פֿאָרזיצער און האָט זיך באַלד אויסגעגליַיכט און אויסגערופֿן אַהין צו דער וויַיט.

— וויל נאָך ווער עפּעס רעדן? עפּשער פֿרעגן? — מירן אַלעמען ענטפֿערן.

4

אַהינטער דער מעכיצע איז אַ וויַילע שטיל געווען.

דאָוויד האָט אַראָפּגעוואָרפֿן דעם אויבערמאַנטל פֿון זיך.

— עפּשער וועט דער רעדנער צוגיין צום טיש? — האָט שטיינבערג פֿאָרגעלייגט.

— ער וועט פֿונדאַנען דערלאַנגען, — האָט וואָוקע אָפּגעענטפֿערט, און די מיידלעך האָבן גליַיך אַרומגעקריַיזט דאָווידן, ווי ניט געוואָלט אים אָפּלאָזן פֿונדאַנען.

דאָוויד האָט אַ קנייטש געטאָן דעם שלייף איבערן לינקן אויג, און האָט אָנגעהויבן שטיל, אָבער דיַיטלעך און הילכיק:

— ציִוניזם איז נייַ, ציִוניזם איז אַלט. איך וועל ניט זאָגן, אַז דער „ייִדנשטאַט" איז נאָר — איז נאָר און מער ניט, ווי אַ פֿאַרברייטערטע איבערזעצונג פֿון „ותחזינה עינינו", וואָס ד"ר הערצל האָט עס בריַיט

און קאָמענטאַטאָרישע איבערזעצט אויף אייראָפּעיִשע שפּראַכן און מאָדער־
ניזירט פאַר זיך און פאַר אַזעלכע ווי ער... דאָס וועט זײַן היסטאָריש
ניט ריכטיק. איר האָט: דעם פאַרקלאָגטן רעליגיעז-מאָשיִעכישן אַני־מאַ־
מין אין דער לאַנגער קאַפּאָטע... דערנאָך — דעם ראָמאַנטיש פאַר־
בענקטן קאָלאָניע־פּאַלעסטיניזם — כיבאָסציִען (ביל"ו) אין אַ פאַר־
פּראָסטערט פּויערש העמדל מיט לאַנגע שטיוול... שפּעטער קומט דער
ייִדנשטאַטלעכער פּאָליטישער ציִעניזם־הערצליזם — אין אַ דיפּלאָמאַ־
טישן פראַק און אַ באַנקירישן צילינדער... און צוגלײַך מיט אים —
מיט אַ טאָג פריִער, צי שפּעטער — זײַן צווילינג: דער אַכאַד־האָמיס־
טישער „גײַסטיקער צענטר" — קולטורעלער ציִעניזם — אין אַ קורצן
עמאַנסיפּירטן ראָק פון ד"ר פּינסקער און אַ ווײַכן באַלעבאַטישן קאַ־
פּעליוש, עקלעקטיש־אָנגעפּאַקט מיט כקירע פון ראַמבאַם ביז ספּענ־
סער, און מיט שירע פון ר' יעהודע האַלייווי, ביז יעהודע לייב גאָרדאָן,
פאַרבאַפּנדיק אויך היינריך היינען... די אַלע פּראָכטן זײַנען אויסגע־
וואַקסן און זיך צעבליט אויף פאַרשיידענע צווײַגן, מיט באַזונדערע
וואָרצלען, וואָס האָבן יעדע אַ יעניקע באַקומען פון אַ באַשטימטן
באָדן... אידעאָלאָגיע וואַקסט פון דער ערד...

און דאָוויד האָט אַ בלעטער געטאָן געשיכטע, און זיך ברייט צע־
רעדט פון שטאַנדן און שיכטן אין פאָלק געכטן, און פון קלאַסן און
צווישקלאַסן אין פאָלק היינט...

— ...די ציִעניסטישע אידעאָלאָגן הייבן אָן זייער אידעאָלאָגישן טאַנץ
פון אייך אויוון — אַנטיסעמיטיזם! אַנטיסעמיטיזם איז אָבער ניט קיין
ראַסן־באָראָדאַווקע, ניט קיין האָר־פאַרב, ניט קיין ביאָלאָגיש אייגנ־
שאַפט. דאָס איז אידעאָלאָגיע־שימל, אָנגעוואַקסענער אין אַ פּײַכטסטן
ווינקל — בײַ דער קלייןבורזשואַזיע. אַנטיסעמיטיזם, האָט בעבעל גע־
זאָגט, איז: סאָציאַליזם פון נאַראָנים, פון שוטים... מיינען די שווי־
טים, אַז בײַ ייִדן איז נאָר איין ראָטשילד — אַ גרויסער באַנקיר!..
בײַ ייִדן זײַנען דאָ אָבער אַ סאַך, אַ סאַך ניט קיין ראָטשילדס —
אַרבעטנדע און עקספּלואַטירטע, און אַפילע, אַגעוו אויך: נאָך אַ
ראָטשילד, אַ האָרעפּאַשניק, בײַ אונדז דאָ אין שטאָט — ראָטשילד אַ...
פאַרשטשויק...

— אײַ, אײַ! — האָט זיך אין היספּײַלעס אַ שטעל געטאָן דער ייִד־
אין שאַבעסדיקן סורדוט, האָט צעדרודלט אומגעקערט זײַן פּנעם צום

אויבנאנ אונ האט צעוואָרפנ די הענט מיט צעשפּרייטע לאנגע אונ ביי-
נערדיקע פינגער, אונ עפּעס זייער צופרידנ געסאָפּעט מיט הייזעריקע ווערטער: — עמעס, עמעס... בא טריפאנאָוונ איז באָד ארבעט, נעבעכ, אנ אָרעמער פארשטשיק, א ייִד — ראָטשילד. אונ דאָס איז ניט קיינ צונעמעניש פאר זײַנ גרויס אָרעמקייט... — האט זיכ דער ייִד געקאָכט, — דאָס איז זײַנ עמעסע פאמיליע אינ די פאפירנ פארשריבנ אפ דויר־דוירעס...

אונ מיטאמאָל איז ער פארשוויגנ געוואָרנ, האט זיכ עפּעס פארשעמט צוגעזועצט.

— נו, נו... א פארגרעבטער ייִד... — האט דער מאשגיעכ אים געשטילט.

— איכ האָב שוינ וועגנ דעמ א גאנצע אויספאָרשונג געמאכט, — האט מערקינ געהאָלט ווײַזנ פאר די פּניי ארומ טיש זײַנ באהאווונטקײַט, — ווער איז דער פארשטשיק.

די „פּניי" האָבנ זיכ, ווי אײַנגענורעט אינ הארטע קראגנס אונ אָנגעקראָכמעלטע ברוסטנ פונ אויבערהעמדער — טויב אונ שטומ: אויסהערנ נאָכ אלצדינג וועגנ א פארשטשיק אינ א באָד, וואָס פארמיעסט א פאמיליע, אזא פאמיליע!..

— ...דאָס איז א רעוואָליוציע... אנ אופשטאנד פונ נעכטיקע קנעכט — האט מענ דאָ געזאגט, — האט דאָוויד בייזעריק געוואָרפנ אינ זאָל, אונ נאָכ די ווערטער געלאָזט יאָגנ בליצנדיקע בליקנ פונ זײַנע קארע אויגנ, — מאכט ניט קיינ פראָפּאגאציע! עמעס, איר זאָגט ארויס דאָס וואָרט „רעוואָליוציע" מיט א פארמאכטנ מויל, קוימ וואָס איר שעפּטשעט עס ארויס. דאָס איז ניט אײַערס! ס'איז אײַכ פרעמד אונ שווידערנד! איר האט דערפאר מוירע — ניט נאָר, אז מ'זאָל עס דערהערנ, — נאָר פאר דאָס גופע האט איר מוירע!..

...אויב אנטיסעמיטיזמ איז סאָציאליזמ פונ נאראָנימ, איז ציעניזמ, אויב איר ווילט זייער, — א רעוואָליוציע פונ פאכדאָנימ... אנ אופשטאנד פונ אנטלויפער... קנעכט ניט נאָר פונ נעכטנ, נאָר פונ הײַנט אונ פונ מאָרגנ... וואָס מיינענ אונ זעענ ארומ זיכ אינ דײַטשלאנד — איינ שטעקער, אינ רוסלאנד — איינ פאָבעדאָנאָסצעוו... אונ ווו איז בעבעל, ליבקנעכט? ווו איז?..

— א דעמאָקראט פונ די... א... — איז א מורמלעניש געוואָרנ באמ טיש.

...אַ וואַיוורעכ־רעוואָליוציע — איז א הינקעדיקער שפּרינגער... זוו איז א פאָלק, וואָס איז ניט צופרידנ מיט די פירער אונ דעמ פיר אינ לאַנד — זאָל אוועק זוכנ אנ אנדער לאַנד?.. אומגעלומפּערטע אדוואָקאטנ זײַנענ באהאוונט אינ געזעצנ — באַגרענעצונגענ אונ באַשרענקונגענ — זיי דארפנ אָבער געדענקענ דעמ פּרינציפּ, אז געזעצנ זײַנענ גאָר אנ אידעאָלאָגישער אויסדרוק פונ פּראָדוציר־פארהעלטענישנ... די עקאָנאָמיק...

— ער איז שוינ ארויס אפנ ברייטנ שליאַכ, — מאכט גראָסמאנ צו קליינמאנענ.

— באַלד וועט זײַנ: מארקס!.. — שמייכלט צו קליינמאַנ.

— דאָ איצטער טומלט כאָטש ניט... — האלט זיי אופ באַיע-לייע.

— נו, זאָגט מיר, צו וואָס דארפ ער די עקאָנאָמיק? — שטייט צו גראָסמאנ צו באַיע-לייענ, — ער רעדט אזוי אויב זייער גוט... ברויכט ער דאַפקע די „עקאָנאָמיק"...

— „דער עקאָנאָמישער באַזיס"... — שפּאָט אויס גראָסמאַנ.

— אונ איר ווילט ניט די עקאָנאָמיק, — פאלט אָנ אפ זיי ביידע מיט א בייזער פויגלסאָנ, — איז גייט צו „זיי", צו די בורזשויעס... ווער דארפ אײַכ?

זיי האָבנ זיכ ביידע צעלאַכט: קליינמאַנ אונ גראָסמאַנ.

...אונדזער שטאָלצער ייִד איז ניט ד"ר הערצל... אונדער שטאָלצער ייִד, אויב איר זוכט א שטאָלצנ ייִדנ, — האָט חאווער אלץ מער געהערט זײַנ שטימ, — קאָנ זײַנ לאַסאַל... איז — קארל מארקס! אונ נאָכ זיי — שטאָלצע ייִדנ פיל פאראנ, אונ א סאַכ וועלנ זײַנ! איר וועט זיי זענ, ווענ זיי וועלנ אינ די מאסנ ארויסטרעטנ אפ אונדזערע אונ אַנדערע גאסנ... דער פאָלק־שטאָלצ איז ערגעצ אנדערשוו, בא די, וואָס קויפנ ניט קיינ רעכט פאר געלט — מיט גילדיע אונ פאטענטנ... בייגנ זיכ ניט פאר אונטערדריקער, גיבנ ניט קיינ העסקעמ צו הערשערישע רייד, אז מיר זײַנענ פרעמדע... מיר זײַנענ בירגער! אונ מיר ווילנ אונ וועלנ זײַנ גלײַכע בירגער פונ גאָר דער וועלט... די שטאָלצע ייִדנ די האָרעפאַשניקעס וועלנ ארויסטרעטנ פעסט אונ זיכער, אונ פונ פולנ מויל, ווי פונ אנ אָנגעלאָדענעמ האַרמאַט, וועלנ זיי פרײַ, ווי די סטיכיי, אויסדונערנ: רע—וואָ—ליוציע!..

די פענעמער בא דער יוגנט אפ יענער זײַט מעכיצע האָבנ זיכ צע־

פלאמט, ווי פונ א פלאקער, וואס עמעצער האט זיי אנטקעגנ מיטאמאל אופגעבלאזנ. אנגעלאדענע האבנ זיי זיכ אופגעשטעלט, אנגעצויגנ אונ מוטיק. נאר קליינמאנ האט עלטעריש געשמייכלט שלעפעריק, אונ גראסמאנ, וואס האט די גאנצע צייט שטייענדיק צוגעהערט אופמערקזאמ אונ גיריק, האט זיכ איצט דעמאנסטראטיוו צוגעזעצט מיט א קליגעדיקנ אויסלאכ; „ער האט זיי אזש גאר אופגעהויבנ, די אלע ברוימ...

—עפשער גענוג אימ...—בייגט זיכ צו דער פארזיצער צו שטיינבערגנ.

—ניינ, ניינ, איר זאלט עס ניט טאנ — ס'וועט ווערנ א טומל... זאל ער אפריידנ... ניט מיר ריידנ, ער רעדט דאכ...—האט ער צוגעגעבנ צו בארויקנ.

...פאגראמענ... ציעניסטנ ווילנ דאפקע מישנ זייער מאזלטאוו מיטנ יארצייט פונ פאגראמענ... ווייל... — דאוויד האט אינ שוידער געקרעמפט זיינ געבלייכט פאנעמ אונטער צעבליצטע קארע אויגנ, פארגרעסערטע אונ אנגעלאפענע: — ווייל מיט דעמ שפרוכ מיינט מענ צונויפקלעפנ די באזונדערע אונ פארשיידענע טיילנ פונ קלאסנפיינטלעכע אונ שיכטנ־קעגנערישע צווישנאנאנדער — אויסקנעטנ דעמ קאל־ישראעל... צונויפפארנ ראטשילדנ דעמ באנקיר אונ ראטשילד דעמ פארשטשיק?!... פאגראמענ — מארקס האט פארויסגעזאגט די פאגראמענ...

— ווידער מארקס! — האט גראסמאנ קימאט אויסגעשריענ הויכ.

מינקינ איז צו אימ צוגעשפרונגענ מיט צונויפגעדריקטע פויסטנ:

— איכ געפעלט ניט!

טאליע מיט אנ איינגענורעטנ קאפ אינ די ברייטע אקסלענ איז צורגעלאפנ פארשוויצט, האט אנגעכאפט מינקינענ פאר די הענט: „מאכ ניט קיינ סקאנדאל..."

„...באנדיטנ, פיראטנ האבנ זייער זינקענדיקנ שיפ געוואלט ראטעווענ פונ די ברויזנדע כוואליעס אינ שטורמדיקנ יאמ, — האט דאוויד שווארצ־גליענדנ האס, ווי קוילנ, געווארפנ פונ א געקרעמפטנ מויל. אינ דער זאל האט געשווידערט, — האבנ זיי נאריש אונ מערדעריש פונ שיפ אינ די כוואליעס מענטשנ געווארפנ: נאט אייכ קארבאנעס! מיר ווייסנ די מעכאניק פונ פאגראמענ... זיי וועלנ די כוואליעס ניט אפנארנ: זייער שיפ וועט אונטערגיינ, אונ די מערדער וועלנ זייער שטראפ באקומענ... עס קומט א טאג — ס'איז שוינ נאענט!.. דער צארנ פונ

אַרבעטער־פֿאָלק איז שוין אָנגעצונדן, פֿון שאָ צו שאָ צעפֿלאַקערט ער זיך העלישער... שפּריצט אַרויס פֿונקען אין אַלע ווינקלען... דאָ און דאָרטן ציִען זיך אָן הויפֿנס...

—זע, — האָט דינע אין דער שטיל געצויגן עטלעכע פֿאַרן קאַפּטל און אָנגעוויזן אויפֿן ייִדן אין שאַבעסדיקן סורדוט, וואָס איז שוין גע־שטאַנען האַרט בײַ דער מעכיצע אַקוראַט אַנטקעגן דאָווידן, די אויגן אויפֿגעריסן צו אים, און געסאָפּעט: — ער שלינגט די ווערטער, און שוויצט...

...דער בויער איז דער האָרעפּאַשניק, דער אַרבעטער! ניט דער מיטלשטאַנד, וואָס איז שוין ניט שטאַנדהאַפֿטיק. ער וואַקלט—גע־שטויסן פֿון פֿאַבריק, פֿון אַנגראָ־סוחר. די עקאָנאָמיק ווערט באַנײַט. דער „וואָזיִמני“ באַנײַט די שטאָט, אַפֿילו אונדזער אָפּגעשטאַנענע שטאָט... העלפֿט פּלאַנצן זאַוואָדלעך און פֿאַבריקלעך — און האָדעוועט אַנגראָ־סאָחרים. דערפֿאַר וואַקסט אָבער די צאָל לוינאַרבעטער, עס וואַקסט אַ קראַפֿט, וואָס זאָל און וועט דאָס אַלטע, דאָס פֿוילע צעשמע־טערן, און אין אַלע לענדער אַן אייגן לאַנד מאַכן פֿאַר האָרעפּאַשני־קעס!.. דער אַרבעטער, דער פּראָלעטאַריאַט וועט זײַן נײַעם פֿאָטערלאַנד שאַפֿן איבער גאָר דער וועלט — אַ לאַנד פֿאַר אַלע פֿעלקער, וווּ אַלע לעשוינעס וועלן זײַן היימיש, אַ לאַנד פֿון פֿרײַער אַרבעט און פֿרייד, פֿון גליק און גערעכטיקײַט!

דאָוויד האָט זיך שוין לאַנג אָפּגערוקט פֿון טישל, האָט זיך אַוועק־געשאַרט שטיל אין אַ ווײַטן ווינקל. ווען דער ייִד אין שאַבעסדיקן סור־דוט האָט פֿאַרטראַכט אַראָפּגעלאָזט זײַנע אויגן, האָט אין מאַכשאָוועס באַלעסטיקט אומגעקערט זײַן קאָפּ און האָט צום ערשטן וועמען ער האָט דערזען נעבן זיך, צו מערקינען, אַ זאָג געטאָן: נע, נע, נע! פּלאַם—פֿײַער!... אַ גאַוורע ראַבע!... וואָלט זײַן דער גרעסטער אַדוואָ־קאַט.

אַהינטער דער מעכיצע איז געווען אַ ווײַלע מאָדנע שטיל. אַנדע־רע — פֿאַר זיך פֿאַרטראַכט, און אַנדערע — אין רעספּעקט אויפֿגע־האַלטן, לאָזן דאָווידן אין שטיל צו זיך קומען. פֿאַניע האָט אויף די שפּיץ פֿינגער אַ בענקל צוגעטראָגן און מיט אַ ווונק נאָר אָנגעוויזן, ער זאָל זיך זעצן. דינע האָט זײַנע אַ האַנט אָנגענומען, און מיט איר אַנ־דער האַנט געגלעט און געגלעט — צוליב אים, צוליב זיך...

ארומ טיש בא די „פניי“ האָט געזוימט:

—„זיי“ זיינענ שוינ דאָ אויכ פאראנ... „זיי“ האָבנ זיכ „פארפירט“ אומעטומ...

— אנ ערודיציע באשטימט... אונ טאלאנט אינ ריידנ...

— אָנגעכאפט... בראָשורנ...

— אזא שיינער יונג!.. — האָט מאדאמ מאנדעלשטאמ געפיפסעט צו מאדאמ גינזבורג, — אונ ער צערעדט זיכ, איז ער דעמאָניש! — מ׳קאָנ מיט אימ אנטלויפנ...

— איר האָט דאָכ געהערט, אז ער האלט ניט פונ אנטלויפנ... — האָט מאדאמ גינזבורג עפעס עקסטרע געשמייכלט.

— ווו איז סלאווא באָריסאָוונא? אינ פעטערבורג נאָכ? — האָט יענע מיטאמאָל א פראגע געמאכט דערפונ.

— יע — יע... — האָט מאדאמ גינזבורג אָפגעענטפערט גיכ, אונ האָט זיכ צוריקגעקערט צו אירע מאָדנע מאכשאָוועס. וואָס האָבנ זיכ די גאנצע צייט, ווי א פלאָנטער אלצ מער פארוויקלט אינ קלעמ. די גאנצע צייט, וואָס „דער בלומ“ האָט גערעדט, האָט זי אפ אימ געקוקט—מיטנ גאנצנ ווייזנ געקוקט, אונ האָט אינ ציטער געזענ פאר זיכ איר סלאווקענ... סלאווקע א יונגס, א קליינס, די פריערדיקע — וואָס נאָר „מאמא“ אונ „מאמא“... סלאווקעלע, ווי א שאָטנ, שווידערט אינ־דערלופטנ, באווייזט זיכ, אונ רייסט זיכ אָפ פלוצלינג, אונ פאלט דורכ, ווי אינ אנ אָפגרונט... ווי „דער בלומ“ ווארפט ארויס אינ ריידנ זיינ ענערגישע האנט, טרייסלט אופ זיינ געקרייזלטנ קאָפ, בליצט ארויס מיט די אויגנ, — דערזעט זי גראָד, ווי פארקישעפט, איר סלאווקעלענ... פלאטערט ארויס פונ ערגעצ אינ שווידער, אונ פארשווינדט. דער מאַמעס אויגנ פארלויפנ זיכ, אונ דאָס הארצ ווערט פארפרעסט. זי האָט שוינ וויפל מאָל די גלעזלעכ פונ אירע פענסנע טרוקנ געווישט — עפּשער האָבנ זיי אָנגעשוויצט אונ זיינענ פארנעפלט... אונ ס׳האָט ניט געהאָלפנ.

— ...דער קאָלאָניאל-באנק,—האָט נאָכעמ מינקינ שטארק אומגע־שאָקלט דעמ טישל אפ יענער זייט פונ דער מעכיצע. האָט האסטיק געוואָרפנ ווערטער, אונ נאָכ האסטיקער האָט ער זיינ מאָגער פאָנעמ גע־קנייטשט:—דער קאָלאָניאל־באנק איז א קאפיטאליסטישע אונטערנע־מונג... אקציע... דיווידענד... רענטע... אקציאָנערנ־געזעלשאפט... זיינענ

ווערטער אינ זאל געפאלנ, ווי פייגעלעכ אונטערגעשאָסענע, פליִענדיק, — דער קאָלאָניִאַל־באַנק לויט דער פאָרמ אונ וועזנ, לויט דעמ סטאַטוט, איז עס א קאַפּיטאַליסטישע אקציִע־געזעלשאַפט, וואָס וועט ווערנ אַנ אינסטרומענט פונ עקספּלואַטאַציע... — האָט ער צולעצט מאָדנע אָנגע־שטרענגט אויסגעמאָלט צווישנ די ציינ, ווי דורכ מילשטיינער, אונ האָט איינ אומגעדולד אָפּגעריסנ, אונ איז אראָפּגעשפּרונגענ פונ דער מעכיצע.

האָבנ זיכ אייניקע נאָכ אימ געלאָזט:

— נאָכעמ, וואָס איז? פאַרלאָרנ די רעדע? צעבראָכנ די ציינ?...

— מירנ גיינ... ניטאָ מער וואָס צו ריידנ מיט „זיי"...

— גענוג וועט זײַנ... — האָט טאָליע גערנ מאַסקימ געווענ. וואָרעמ ער האָט געברויכט איצט ארויסצוטרעטנ, אונ ער האָט שוינ געשוויצט אונ דאָס הארצ האָט אימ געקלאַפּט.

— א שאָדנ, איכ האָב זיי געוואָלט מעכאַבער זײַנ מיט קיי גראַקכנ... — האָט וואָוקע געשפּאָט, אונ האָט צוגעווונקענ מיט די אויגנ, מ'זאָל אוועקגייג פונדאַנענ.

איז געוואָרנ א גערודער. מ'האָט זיכ טומלדיק מעיאַשעװ געווענ.

— בעסער רעדט שוינ ניט מער... נאָכעמקע האָט דאָכ זייער גוט געמאַכט... — האָט עטל איראָניזירט.

— א מענטש זאָל ניט קאָנענ רויִק ארויסזאָגנ, וואָס ער וויל אונ וואָס ער ווייס... — האָט פאַניע פאַרגעוואָרפנ נאָכעמקענ.

וואָוקע האָט אומגעקערט זײַנ פּאָנעמ צומ אויבנאָנ אונ האָט הויכ ארויסגעזאָגט:

— מיר ווילנ קיינ צײַט ניט פאַטערנ אפ דיסקוסיעס מיט אײַכ... מיר האָבנ נאָר געוואָלט ארויסזאָגנ אונדזער שטאַנדפּונקט אונ ווײַזנ, אַז דאָס פאָלק איז ניט מיט אײַכ... איר זאָלט ניט קלאַפּנ, אַז דאָס גאַנצע פאָלק איז — ציִעניסטנ...

מ'האָט געײַלט ארומגעוויקלט די שאַרפנ, געבונדנ די באַשליקלעכ, אונ אַנדערע זײַנענ מיט אָפענע מאַנטלענ געלאָפנ פונ דער טיר.

— מיר האָבנ ניט וואָס צו טאָנ בא די בורזשויעס!.. — שרײַט אויס פויגלסאָנ.

דער לעצטער איז געלאַסנ אוועק דאָוויד מיטנ מאַנטל אפ די אקס־לענ, אונ דינע האָט אימ דעמ וועג פאַרשטעלט: — איכ וועל אײַכ ניט ארויסלאָזנ, ווי איר וועט ניט אָנטאָנ דעמ פּאַלטאָ אפ די אַרבל,

— איי, איך שטארב! — האָט צייטע געשריִען, — ער וועט זיך פארקילנ.

5

— א בראָכע אפנ וועג!—האָט בענעדיקט האמבורגער איראָניזירט, אונ מיט א צופרידענעמ שמייכל אפנ פּאָנעמ האָט ער א האנט אויסגעצויגנ צו דער ליסטע.

— אדעראבע! אדעראבע! — האָט שטיינבערג גיך צוגערוקט דעמ בויגנ: איר ווילט זיך פארשרייבנ? בענעדיקט מארטינאָוויטש וויל פארשרייבנ א מאָנע יאָפּע!..

— איצטער דארפ מענ שוינ מער ניט קיינ דעבאטנ...—האָט בענעדיקט האמבורגער שטיפער געדרייט די וואָנצעס...—איצט איז קלאָר... פריִער האָב איך גערעכנט: ע—עט—פאראנ בעסערע געשעפטנ... וואָס זאָגט איר, הער צייטלינ, מאָיסיי יאקאָוולעוויטש. מיר זײַנענ דאָך באנקירנ, ווייסנ מיר, וואָס הייסט אקציעס... פאראנ אקציעס—סארמאָווע! הא?.. אָדער א נײַע אקציִענ-געזעלשאפט, ווי מיר פארשטייענ...

ער האָט געקוואָלנ פונ זיך אליינ, פונ זײַנע רייד, פונ זײַנ וויסנ.

— וואָס איז א קאָלאָניאַל-באנק — מיט קלאל-יִסראָעל שותפעס? הא—א? וואָס זאָגט איר? — האָט ער זיך אומגעדרייט צומ מאנופאקטוריסט גינזבורג אונ צו מייערסאָנענ, — גאָר אזוי האָב איך פריִער געמיינט. אונ איצטער, אויסהערנדיק אָט די בעוורע...

— יע, יע אוואדע... — האָבנ אנדערע עפּעס אונטערגעזאָגט.

—וויבאלד זיי קערנ אהינ, דארפנ מיר קערנ אהער...

— איצטער איז דער קאָלאָניאַל-באנק אויך א געשעפט... אפ אָפּציִענ פונ זיי... זאָל זיך דאָ וואלגערנ אונדזערע א פּאָר רובל...

ער האָט אינ גרויסקייט געשטעלט א ציפער, אונ ברייט זיך אונטערגעשריבנ אונ פארצוקט ווי אפ א טשעק, אונ אונטערגערוקט דעמ בויגנ צו צייטלינענ.

— איי, וויניק... — האָט שטיינבערג געשמוצערט — כ'האָב זיך גערעכנט אפ מער...

— כא-כא-כא!—האָט האמבורגער אויסגעלאכט—וואָס איז דאָס— א געשעפט?.. קיינ קאפּיטאלנ אינ אזעלכע זאכנ לייגט מענ ניט אוועק...

דאָס איז דאָך גיט מער, ווי א... א סטראכאָווקע — פון א סריפּע, זאָל דיכטן א סטראכאָווקע!..—האָט ער געקוואָלן, און האַפּערדיק אונטערגע־שטויסן אין עלנבויגן דעם עלטערן צייטליגען. — און אין סטראכאָווקע טראָגט מען אריין נאָר א פּראָצענט פון קאַפּיטאל...

— נע—ען! נע—ע—ען! — האָט ער זיך מיטאמאָל צעקרימט, צו־קוקנדיק די ציפער, וואָס צייטליג האָט פאר זיך ארויסגעשטעלט: גאָר ווייניק!..

— כ'האָב אויסגערעכנט, אז האָס וועט אנערער באטרעפן א פּראָצענט פון מיין קאַפּיטאל, — האָט צייטלין געלאסן געענטפערט,— א פּראָצענט אין סטראכאָווקע...

—נו, נו... פארשרייבט זיך וואָס מער! — האָט בענעדיקט צוגע־רעדט: — נישקאָשע: איר וועט דערפאר באקומען א נאכלע אין פּא־לעסטינע — א דאַטשע... פאר א לוסטרייזע אפ נאָך־קור, נאָך מאָנ־היים, צי נאָך באדען... זאָל זיך וואלגערן...

— און איר? אייער ציפער קלעקט עפּעס ניט פאר א דאַטשע...

— איך בין נאָך יונג צו פארזאָרגן זיך שוין מיט נאָך־קור און אַפּרו... און איך קאָן נאָך צושרייבן,—האָט ער א צי געגעבן דעם פּאַ־פּיר, — נאָר אן אקציע — אפ מארקן, צי אפ נינעטס נאָמען...

— מ'בעט דיך ניט, — האָבן ביידע געשריען פונדערווייטנס.

— נו, אפן פּאַפּאַס נאָמען...

— אָט איז א הייסער ייִד! — האָט שטיינבערג געלויבט, — אז א ייִד צעגייט זיך...

— נו!.. נו!.. — האָט מען ארומגערוקט דעם בויגן פון גינזבורג צו מייערסאָנען.

די ליסטע איז דערגאנגען צו הוטנערן, דער גרעסערער זאַוואָד־טשיק, האָט ער עס גלייך אָפּגערוקט צו שייגינען: — נא! — דאָס איז דיינע זאבאבאָנעס...

—פאני הוטנער, מיר פּאַסט ניט פארשרייבן זיך פריִער פון אייך...

— ס'פּאַסט, ס'פּאַסט! דו ביסט ייִנגער, און דו האלטסט דערפון...

— נו, — האָט שייגין פארריכט די פּענסנע אפן נאָז און הויב ארויסגעזאָגט, אז אלע זאָלן הערן — מ'דארף עפּעס אויסטאָן פאר'ן יונגן דאָר, אוועקשטעלן פאר זיי אפן ורעג א... ווייזער, זיי זאָלן ניט פאר־בלאָנדזשען... מ'דארף זיך פארשרייבן...

ער האָט פארצייכנט זײַנס, און צוריק אונטערגערוקט די ליסטע צו הוטנערן.

הוטנער האָט א צי געטאָן א שטיק באָרד אין מויל, געקײַט מיט די ליפּן און געמורמלט: — א שמיץ די כעוורע מיט אן אקציע?.. זיי דארף מען פּאַשעט שמײַסן!..

— און איר, ייִדן, וואָס האָט איר זיך אזוי דערוויטערט פון אונדז? — האָט שטיינבערג געפּאַכעט מיט דער ליסטע און געווינקט צו די ייִדן, וואָס זײַנען אזוי ווײַט געזעסן, אָפּגערוקט פון די פּניי. — דער־נעענטערט זיך! אהער! אהער! —

— שלוימע, גיי פארשרײַב זיך...—האָט דער מאשגיִעך געמונטערט דעם קאצעוו.

— א! נו!.. וואָס וועל איך גיין צו זיי?..

—מ'דארף דיך — גיי צו און שטעל דײַן ציפער...

—וואָסער ציפער האָב איך?

— דו ביסט א צו שעמעדיקער, וועל איך דיך פארשרײַבן... אף צוויי?..

— אײַ, איר קוילעט מיך אָן א מעסער...

—נעבעך, א בידנע קעלבעלע... דו וועסט זיך אויסבריקען, און מיטן מעסער דאפקע א שניט טאָן פון איין ביילעק פלייש און פונעם אנדערן, וועסטו נאָך פארדינען פון דעם געשעפט...—און דער מאשגיִעך האָט גע־יײַלט צום טיש.

— פארדינען,—האָט שלוימע געמורמלט,—אז ראק גיב: א י ם גיב, זיי גיב! און אלץ צוליב דער שטיקל קיך, וואָס נעמט א ביילעק פלייש אמאָל אין א שמיטע...

דער מאשגיִעך האָט מיט אופיר־קסאוו פארשריבן זיך, דעם קאצעוו און דעם בעקער, האָט ער זיך דערפילט דערגרויסט, און האָט מוטיק פונדאנען אויסגערופן:

—רעב הירש־בער! איר זײַט נאָך ניטאָ דאָ? וואָס ווארט איר?

דער ייִד אין שאבעסדיקן סורדוט מיטן לאנגן „סטאָן” האָט א בלענצל געטאָן מיט די אויגן, האָט געמאכט א טראָט פאָרויס און זיך אָפּגעשטעלט.

פריִער האָט ער גערעכנט פארשרײַבן דאפקע א גרעסערע סומע, אָבער איצטער, נאָך „יענעמס” רייד, איז ער עפּעס ניט גאר קיין

גרויסער באלנ... ער האָט טאקע געזאָגט, דער „פּײַערדיקער”, אז וואָס האָט ער פאר א שײַכעס מיט „זיי”? דער מיטלשטאנד וואקלט... מע שטייט טאקע אפ פוילע פיס... נאָר, מיילע, אפּשטיינ פונ קלאל יידנ איז נאָכ ניט קיינ צײַט... דערווײַל שטייט מענ נאָכ אפנ פלאצ, מע האנדלט, קאָנ מענ זיכ ניט מאכנ, ניט פאר א קאמצנ, און ניט פאר א קאפּצנ...

ער איז שוינ באם טיש און גענומענ די פעדער אינ האנט, וואָס שוידערט אים: פארשרײַבנ—א מיטעלע סומע... ניט אָפּצושטיינ דער־ווײַלע...

— א! בינימינ מארקאָוויטש! און איר? — האָט שטיינבערג זיכ דערמאנט.

— איכ בינ ניט פונ איַערע, — האָט בעכ זיכ געגרויסט.

— מאכט ניט קיינ אָנשטעל... מירנ געזענ, אז „יענע” האָבנ איכ ניט געדנ גענומענ אינ זייער קאָמפּאניע... בלײַבט שוינ בא אונדז... וויפל?

— פארשרײַבט אפ בעכס נאָמענ, — האָט די מאדאם גאָלדמאנ עפּעס צוגעײַלט. זי האָט זיכ צוגעבויגנ איבערנ טיש און אינ דער שטיל ארויסגעזאָגט די סומע, וויפל צו פארשרײַבנ; זאָל זײַנ בעכס נאָמענ בעסער דאָ, ווי ערעצ אנדערש...

## X. ערשטער מײַ

### 1

שטיל און באהאלטנ. קאמער פארשפּארט. טיר — געריגלט, און פענצטער פארהאנגענ פונ פריטאָלקע אפ פריטאָלקע. לײַכט א לעמפּל געהיימ, און סוידעסדיק שפּארנ זיכ ווענט צו א הילצערנער קאנאפּ.

דרײַ זיצנ מיידלש־כיינעוודיק. פארשיידענע און איינע. זיי אנטקעגנ, אפ דער פאָרלאָגע געקניט, — צוויי פריידיקע באָכערימ.

פּײַער־רויט איז לײַוונט אינ דער נידער געשפּרייט — אפ מיידלשנ שויס איבערגעבעט און אפ באָכערשע אויסגעשפּרייטע הענט אנגעצויגנ.

באָכערשע אויגנ פריידיקע קוקנ צו — ווי מיידלשע פינגער מיט נאָדל און באוול קישעפנ איבער רויטנ פלאטער. צאפּלענ זיכ אויסיעס

ארויס פונ פלאַטערנדיקנ רויט, לעבעדיק אינ דער רייַ אויסגעשטעלט—
פראָלעטאר.. לענדע... פאַרייניק...

כאַנקעס אויגנ זודיקע גליִענ די בלאַסע צייכענונג — „פראָלעטאר־
יער“, אונ מיטנ האַסט פונ אירע שטאָלענע פינגער יאָגט זי אינ אימ־
פעט ארויס א שטייַפע געשלאָסענע רייַ. ליזעלע מיט בלויע פארצויגענע
אויגנ קוקט טרוימעריש אינ „לענדער“, ריוועלעס טונקעלע קארע אויגנ,
שטילע, גוטע, בענטשנ האַרציק די אויסיעס אירע: „פאַרייניקט“.

דרייַ זיצנ זיי. איינע בא דער אנדערער — פארשיידענע אונ אייגנ.
מיידלשע קעפ — צוויי טונקעלע אונ א דריטע — א בלאָנדע, וויגנ זיכ
קוימ אינ לאַנגזאַמענ טאַקט, אונ אלע צוגלייַכ ציִענ איניינעמ, מעלאָ־
דיש איניינעמ— 
שטיל אונ אייַנגעהאלטנ.

אינ קאַמער פארשפארט האָט זיכ מעלאָדיש געוועבט א טרוימ אינ
דער נאַכט. געפלאַטערט, געטרילט, שטיל אונ געהיימ, געוויגט אונ
געווייט, מיידלשע שטימענ אינ זיכ פארגאַנגענ, ווי א מאַמעשעס
האַנט אינ וויגנ פארטראַכט.

זאַלמענ אונ שלוימע ברומענ צו אינ דער שטיל, אינ דער ניִדער,
דורכ ליפנ פארמאַכטע, ווי א פארבאָרגענער רויש אַהינטער ביימער
געדיכטע.

ברומט צו אונ ער שמייכלט איסאַאק פונ דער זייַט. איבערנ טישל
געבויגנ, צייכנט ער אויסיעס, ציט זיי אינ קרייַז, שנירלט האַלבקייַלעכ־
דיק, געצילט אונ געמאָסטנ. ער וויל — אינ דער מיט זאָל אויסבליצנ,
ווי א פייַל א געשיקטער — 8־שאָיקער ארבעטסטאָג!

ברומט ער אונ שמייכלט. ער ברומט צו פארטראַכט: 

2

— פארטיק! — האָט זיכ כאַנקע אופגעשטעלט אונ גענומענ שלייַ־
דערנ מיט די הענט — פונ זיכ, צו זיכ. ריוועלע מיט ליזעלענ
האָבנ דעמ רויטנ לייַוונט אפנ קאַנאַפע אופגענומענ, אונ אָנגעהויבנ
אויסציִענ זייער מידקייַט. זאַלמענ אונ שלוימע האָבנ זיכ האַסטיק אופ־
געשטעלט, א שפרונג געטאָנ אפנ אָרט. זאַלמענ האָט געהויבנ א פוס
נאָכ א פוס, אונ זיי איינציקווייז געשלייַדערט פאָרויס. שלוימקע האָט
זיכ געפּאַטשט אפ די קני אונ אפ זיי אָנגעריבנ מיט די הענט.

— זע, וואָס עס טוט זיכ אָפּ פונ זיי!..— האָט איסיק געשמייכלט,— זיידענע קינדער, „געבעכ... איר וועט נאָכ בא מיר לאַנג שטיינ אפּ די קני... שטעלט זיכ ווידער!

— וואָס האָסטו דאָרטנ נאָכ?— זיינענ די מיידלעכ צוגעגאַנגענ צומ טישל.

איסאַק האָט אָנגעוויזנ אפנ פּאַפּיר אונ אויסגעטייטשט:

— האַלב קײלעכדיק פונ אויבנ — „פּראָלעטאַריער פונ אַלע לענ־דער פאַרייניקט זיכ!" — דאָס האָט איר שוינ פאַרטיק... אונ אונטנ— אויכ האַלב־קײלעכדיק, — אַנטקעגנ יענעמ:

„עס לעבע דער סאָציאַליזמ!" אונ אינמיטנ — אַנ ארויסגעלאָפּענע שורעלע, אהינ צומ ברעג: —

„8-שאָיקער אַרבעטטאָג!"

— בראַוואָ! דער קאָפּ אַרבעט...— האָט אימ זאַלמענ אָנגעפּאַטשט איבערנ קאָפּ.

— אײַ איסאַק! — האָט אימ כאַנקע אַרײַנגעכאַפּט אונ גענומענ דריקנ.

— ליזעלע! כאַנקע וועט דיר א קוילעטש מאַכנ פונ דײַנ איסאַקנ...

ליזעלע האָט איסאַקנ אָפּגעגלעט די האָר אפנ קאָפּ, האָט אָפּגעצויגנ בא אימ דעמ ראָק אונ האָט אימ באַשאָנקענ מיט מיידלשנ טוי פונ שעמעוודיקע אויגנ.

— כאַנקע, גיב — איכ ונעל דיר אזוי...— האָט זאַלמענ צעשפּרייט זײַנע הענט.

כאַנקע האָט זיכ אומגעדרייט פלינק, זײַנע הענט פאַרפּלאָנטערט אימ פונ פאָרנט, פאַרצויגנ אהינטער, אונ אימ אינגאַנצנ א בויג געגעבנ רעכטס אונ לינקס.

— גענוג שטיפנ!— האָט איסאַק געשמייכלט,— פאַראַנ נאָכ גענוג אַרבעט...

— איסאַק, אונ די ווערטער, דעמ טעקסט ווו האָסטו גענומענ? — האָט שלוימקע געפרעגט.

— בא דאָווידנ, — האָט כאַנקע סאָפּענדיק נאָכ געלאַכט — ער וועט דאָכ דיר אַנ איבעריק מאָל דעמ נאָמענ ניט דערמאָנענ אפילע צווישנ אונדז... ער היט אָפּ...

איסאק האָט דעם ליַיוונט אויסגעשפּרייט איבערנ טיש אונ גענומענ שוינ אפנ ליַיוונט צייכענענ ליניעס אונ אָנמערקנ אויסיעס.

— פונוואנענ ביסטו דאָס אזא קענער? — האָט כאנקע צוגעקוקט פארוואונדערט.

— א טאטע — א פארבער... — שמייכלט איסאק.

— וואָס האָט דאָכ א שייַכעס צו פארבערייַ... — האָט זאלמענ געלאכט, איסאק האָט געלאסנ געשמייכלט:

— א פארבער צו א פארבער איז ניט גלייַכ... מייַנ טאטע פארבט ניט מיטנ גרויסנ פענדזל — ניט געשמירט... ער ארבעט מיט קליינע אונ דינע פענדזעלעכ — איינער אינ שטאָט אפ „פּאָדריאסענ" אונ „פּאָדהוב"... מיט אלע אָדערלעכ, מיט אלע שיכטנ, א קונציקע ארבעט! ניט אזא פארנאָסעדיקע. די אָדערלעכ זאָלנ זיכ שלענגלענ, ווי לעבעדיקע, די סלאָיעס זאָלנ זייַנ אויפגעעפנט, ווי אקאָרשט אויסגעשניטענע שיכטנ פונ בוים...

איסאק האָט זיכ פארטראכט, צוגעבויגנ צומ טיש אונ געצייכנט.

— כאנקע, מירנ זיכ דורכלויפנ א ביסל אינ גאס? — שמייכלט זאלמענ.

— נו! נו... — האָט איסאק זיכ געבייזערט, — איכ לאָז קיינעמ ניט ארויס...

— א קוק טאָנ, צי דער 1-טער מייַ איז שוינ געקומענ...

— געקומענ... אונדזערער איז דאָכ א ניַיכע... מירנ אָפּגעלייגט...

— אלצ איבער דיר, — האָט זיכ כאנקע געהיצט, — מירנ אויכ באדארפט גלייַכ מיט אלע פּראָלעטאריער פונ אלע לענדער...

— ווידער פונ אָנהייב, — האָט ליזעלע פרדהאָסיק באמערקט.

— רייד מיט איר! — האָט איסאק אופגעהויבנ דעמ קאָפּ, — זי מיינט, אז זי אליינ קאָנ באשטייַנ אנטקעגנ אלעמענ — זי אונ מאָטל... זי פארגעסט, אז דער איקער איז — די מאסע, וואָס הייבט זיכ נאָכ ניט אופ דערווייַל אינ א מיטנ מיטוואָכ... אונ מאָרגנ — וועט מענ קומענ...

— ווו איז הייַנט מאָטל? — פרעגט שלוימקע.

— מיסטאמע האָט איסאק אימ ערעצ פארשטעקט... היטנ אונדזערע געשאָמעס...

— נו, גייט ארבעטנ! — מאכט איסאק געלאסנ, — אלצ אָנגעצייכנט.

— איסאק, דו ביסט דאָכ א מאָלער!

און אז כאנקע לויבט איסאַקן, געפינט ליזעלע בא אים אפן שטערן פארשויבערטע הערלעכ, דארפ זי אָפשארנ מיט גלעטנדע פינגער, אונ איסאַק שמייכלט.

3

דרייַ אפ דער קאנאפע מיט נאָדל אונ באוול. די באָכערים אנגעקעגנ אפ דער פאָדלאָגע — געקנייט. אונ ליייוונט אינ דער נידער האָט זיכ פייַער־רויט געשפרייט, אויסגעבעט אפ מיידלשנ שויס אונ אָנגעצויגנ אפ באָכערשע צעשפרייטע הענט.

קאָנ מענ נייענ באַרויט מיטאמאָל. קאמער פארשפארט, פענצטער פארהאנגענ — גיט אכטונג איסאַק. שטיל, מיט אויגנ אפ טיר אונ אפ פענצטער, מיט אויערנ אפ דרויסנ אָנגעשפיצט, גייט ער ארומ געלאסנ, ערעוויאָנטעוודיק אָנגערודלט.

— זאלמענ, דייַנע לייט אָנגעזאָגט? — זיי ווייסנ, וווהינ צו גיינ, אונ ווי?

— שלוימקע, זאָג אים, אז ס'איז אלצ אינ אָרדענונג, — שפאסט זאלמענ. — מיר זייַנענ אויכ ניט קיינ קינדער, כאָטש מייַנ טאטע פארבט ניט מיט קונצנ „פאָד־דוב“... מיט איסאַקס געדולד...

— געדולד איז א גרויסע זאכ... — האָט איסאַק געקוואָלנ: — אפריַער צוקוקנ, ווי ס'איז אינ דער נאטור, אונ דערנאָכ — פאוואָליִנקע, פאוואָלינקע אלייִנ פרובירנ... געדולד...

— איז א סימענ פונ א פילאָזאָפ—פאוואָלינקע...—מאכט זאלמענ כטאמ, אונ ס'איז ניט קענטיק, צי ער מיינט עס ערנסט, צי אינ שפאס.

— אונ פונ א קינסטלער... א פלינקער איז א שמירער... גרויסע קונסט, פייַנע ארבעט איז — לאנגזאמ, פאמעלעכ...

האקלאל, איסאַק! — האָט זאלמענ איג אומגעדולד געוואָרפנ,— שטעל זיכ אפ מייַנ אָרט אפ די קני — געדולד!.. אונ איכ וועל א ביסל מארשירנ איבערנ צימער... אָדער היימ שלוימקענ שטעלנ זיכ אנטקעגנ כאנקענ, אונ איכ — אנטקעגנ ליזעלענ... וואָרעמ אנטקעגנ כאנקענ קאָנ איכ ניט אויסהאלטנ אזוי לאנג...

— געדולד!.. דו וועסט מיט איר אזוי גיכ ניט דורכקומענ...

— עמעס, כאנקע?

— דערווייַלע, עמעס.

איסאַק דרייט זיכ אומ פאַרבײַ טיר אונ ארומ פענצטער פאַמעלעכ אונ אויפמערקזאַמ.

— פאַרטיק! פאַרטיק!

האָבנ זיכ אויפגעשטעלט גלײַכ, ווי צווישנאַנאַנד אָפּגעריסט זאַלמענ אונ באַנקע. ביידע די וואַקסיקסטע צווישנ די איבעריקע, האָבנ דעמ רויטנ לײַוונט אויפגעהויבנ אַפ די הענט איבער זייערע קעפּ, אויסגעשפּרייט אונ אָנגעצויגנ.

האָט איינ קאַמער א פלאַקער א פלאַטער געטאָנ, ווי א פײַערדיקער טויער אינ ערגעצ אינ ווײַט צעעפנט... האָבנ אויגנ צעבליצטע, פרײדיקע, אונ פונ דעמ נײַעמ, געווונטשטנ אונ דערוואַרטעטנ פאַרכידעשטע— צוגעקוקט, אונ פאַר זיכ געלייענט, ווי אויפשריפטנ איבערנ ארײַנגאַנג אינ א נײַער וועלט —

— עס לעבע דער סאָציאַליזמ!—האָט ריווועלע צומ פלאַקער זיכ גענצויגנ, ווי צו א מוטער־שויס.

איסאַק איז געשטאַנענ פונווײַטנ שטיל אונ שווײַגנדיק.

מ'האָט זיכ אַלע מיט דעמ די קעפּ איבערגעדעקט.

נאָר איסאַק האָט עפּעס נאָכ מער צוגענייגט אַנ אויער צומ פענצטער אונ האָט מיטנ קאָפּ צוגעשאָקלט, ווי געציילט. ער האָט דאָכ געהערט א ראַצ איבערנ שויב, אונ דערנאָכ 2—3—4 מאָל אָנגעקלאַפּט שטיל מיטנ פינגער.

— א—א...—צעטראָגנ שטעקט ער אויס א פינגער, דראָענדיק צו די איבעריקע.

צומישט איז מענ א ווײַלע שטיינ געבליבנ. זאַלמענ האָט דעמ לײַוונט שנעל צונויפגעדרייט, פאַרשטעקט צו זיכ אונטערנ ראָק אונ איז אוועק צומ פענצטער אונ געוואַרט, צוקוקנדיק, ווי איסאַק האָט מיט א פינגער עפּעס א ריב געטאָנ די נאָז זײַנע, איז געלאָסנ אוועק צו דער טיר אונ דאָרטנ ווידער מיטנ פינגער נאָכ שטאַרקער א ריב געטאָנ די נאָז.

ער האָט גיט געײַלט אויפגעעפנט די טיר.

— גוט! — האָט זיכ מאָטל מיט דעמ וואָרט ארײַנגעוואָרפנ אונ פאַרבײַגעשפּרונגענ.

האָבנ זיכ אַלע פריילעכ צעלאַכט.

— הער נאָר,—האָט איסאַק אימ נאָכגעיאָגט—געוויס „גוט"? קיינער ניטאָ?

— קיינער ניט... נאָר איכ אונ נאָטקע... נאָטקע גייט נאָכ ארומ אינ געסל...

— כ'האָב געוווסט, אז איסאַק האָט ארויסגעשטעלט א וואַכ...— זאַלמענ שמייכלט:— איסאַק, וואָס איז דיר דאָרטנ פריִער בא דער טיר ביטער געווענ אינ נאָז?

— נו, פּאַרטיק?.. מ'קאָנ נעמענ? — האָט מאָטל געפּילט.

— אונ יענע?— האָט איסאַק געפרעגט.

— שוינ צוגענומענ אונ אָפּגעטראָגנ... באַזאָרגט...

— דו האָסט צוויי פאָנענ צוגעגרייט? — איז שלוימקע צוגעשפּרונגענ צו איסאַקנ.

— אינצווייענ איז שטאַרקער... די צווייטע— מיט רוסישנ טעקסט.

— ווער האָט אויסגענייט? — ווייל באַנקע וויסנ.

— מאָטל האָט מיידלעכ— שמייכלט איסאַק,— איינע מיט פאַרטרעטנ, אונ איינע מיט גראַמענ... אונ... — נו, נעמ עס צו! — נאָר געדענק!..

— איסאַק!.. אי— סאַק!.. מײַנ קאָפּ גאַראַנטירט פאַר די פאָנענ!..

אונ מאָטל האָט פאַרזיכטיק צונויפגעלייגט די פאָנ, אוועקגעלייגט אויפנ ברוסט אונטערנ ראָק אונ עס פאַרשפּילעוועט.

— נו, איכ בינ אוועקגעלאָפנ... — אונ ער איז האַסטיק ארויס אינ טיר.

— זאַלמענ, גיי ארויס נאָכ איומ... פונדערווײַטנ באַגלייטנ ארויסנ געסל... — האָט איסאַק קאָמאַנדירט.

4

דאַוויד האָט פאַרענדיקט אונ רעזיומירט:

...דער ערשטער מײַ — דער טאָג פונ אויפבלי אונ דערמונטערטקײַט, דער טאָג פונ אויפברויז פונ פאַרבאָרגענע קויכעס אינ דער נאַטור — דער ערשטער מײַ דאַרפ ווערנ דער מעריד-טאָג פונ די געדונגענע קנעכט! דער טאָג פונ אויפשטאַנד פונ קנעכט פאַרוויגטע!..

איבער זײַנ געקרײַזלטנ קאָפּ האָבנ רויט געפלאַטערט צוויי פאָנענ, שטאָלצ דערהויבנ אינ זאַלמענס אונ באָרעכס פעסטע הענט.

...דאָס לידעלע „באַשערט פונ גאָט" איז אומגעלומפּערט. גאָט איז

אנ אנאָנימ פונ אנ אויסגעטראכטנ וועזנ, אונ די אקציאָנערנ פונעמ קאַ־פּיטאַליסטישנ שווינדל האָבנ אַפ דעמ אנאָנימ אויסגעשריבנ אקציעס, קעדיי אָפּצונאַרנ דעמ עוילעמ...

באַ די זײַטנ אונ אהינטער אימ זײַנענ אָנגעצויגנ געשטאַנענ, ווי אַפ א וואַכ, שלוימקע אונ באַיִמ, מאָטל אונ שימענ.

...ס'איז אנ אידעאָלאָגיע פונ שווינדל פונ דער בורזשואַזיע, אַז אָרעמ איז דער פוילער, וואָס האָט ניט קיינ איניציאַטיוו, קיינ ענער־גיע... מיט איניציאַטיוו אונ ענערגיע קומט מענ צו רײַכקײַט...

ער האָט די קאַרע אויגנ אויסגעבליצט אַפ די מענטשנ, וואָס זײַנענ אָנגעשטרענגט אונ אופגעצויגנ געשטאַנענ אנטקעגנ אימ.

...„זייער" איניציאַטיוו אונ ענערגיע קלעקט נאָר אַפ צו גאַנווענענ באַ דעמ האָרעפּאַשניק, אַפ עקספּלואַטאַציע... אָבער קנעכט פּראָוויגטע מיט שווינדל־לידלעכ — דערוואַכנ! מיר דערוואַכנ אונ וועלנ אַרויסווײַזנ איניציאַטיוו—אַפ אומצוענדערנ דעמ גאַנצנ פּיר פונ דער וועלט! מיר וועלנ אנטוויקלענ אזא ענערגיע, וואָס וועט קלעקנ אַפ צו באַנײַענ די אַלטע מיִעסע וועלט! אַפ אויסצובויענ א נײַע וועלט!

דאָוויד האָט אופגענומענ קנייטשנ אַפנ שטערנ:

... דער ערשטער מײַ איז דער טאָג פונ אופשטאַנד פונ גערונגענע קנעכט... די בורזשואַזיע מיט אירע אידעאָלאָגנ ווילנ אונדז אָפּנאַרנ: זיי זאָגנ: איר זײַט פרײַ, ניט געבונדנ, שקלאַפערײַ איז אָפּגעשאַפט, לײַבייגנטומ איז אויס... דינגענ אנ ארבעטער איז א פרײַער אָפּמאַכ... א פרײַ—ער?

נאָכעמקע אונ פײַטל, אונ פאַניע האָבנ זיכ אַרויסגערוקט פאָרויס...

...„גערונגענע קנעכט זײַנענ ערגער ווי לײַבקנעכט. „פונ געזעלשאַפט־לעכנ שטאַנדפּונקט — זאָגט מאַרקס אינ „קאַפּיטאַל" — איז דער ארבעטער־קלאַס פּונקט אזא אייגנטומ פונ דעמ קאַפּיטאַל, ווי דער טויטער ארבעטער־אינסטרומענט". דער מענטש אונ זײַנ אינסטרומענט געהערנ בײדע דעמ קאַפּיטאַל — דעמ רובל, דעמ פּאַפּירל, וואָס שאַפט זיכ מיט זאַכנ אונ מיט מענטשנ... צו וואָס לײַבייגנטומ,—אַז אינסטרו־מענט־אייגנטומ לוינט בעסער! נעענטער צו פּראָפיט אונ ווײַטער פונ העזעק. פאַרשקלאַפט די אינסטרומענטנ, פאַרכאַפּט די פּראָדוציר־מיט־לענ, איז דער מענטש, דער ארבעטער, דער פּראָדוצירער מעמיילע פאַר־שקלאַפט...

דאַווידן האָט זיך אַ ווײַלע געבליבן און אַ ווײַלע געריכטיקט פון אויבערויז:

...נידער מיט דער שקלאַפערײַ! נידער מיט דער מאַכט פון קאַפּי־טאַל!

...דער ערשטער מײַ איז דער טאָג פון אינטערנאַציאָנאַלער סאָלידאַ־ריטעט און רעוואָלוציאָנערן אויפברויז. די אַרבעטער אין אַלע לענדער מאַרשירן דורך מיט רויטע פאָנען, גרייט צום קאַמף און צו געראַנגל. ציטערט אויף די בורזשואַזיע אין אומרו, וואָס איר שווינדל ווערט אַנט־פּלעקט. ווײַל די קייטן, וואָס זי האָט פון נאַרערײַ געפלאָכטן און אין זיי דעם אַרבעטער געפּענטעט — די קייטן צעקריכן. דעמאַסקירט זיך די בורזשואַזיע אין דעם טאָג, טרעט אַרויס אָפן: דעם 1־טן מײַ בײַט דער קאַפּיטאַל זײַן כאַיל און זײַן געווער. אָנשטאָט זאָגערס און דראָ־שעס, אידעאָלאָגן און אידעאָלאָגיע פון פרידן און געמיינזאַמקייט, — שטעלט ער אַרויס אין די גאַסן: פּאָליציי און זשאַנדאַרמען מיט ביקסן און האַרמאַטן... אָבער דער דערוואַכטער אַרבעטער־קלאַס איז גרייט צו קאַרבאָנעס און קאַמף! אונדזער פאָן איז רויט! אונדזער ווילן איז מעכ־טיק! אונדזערע פויסטן קרעמפּן! צום קאַמף! דורך רעוואָלוציע—צו סאָציאַליזם!

בא באָרעכן און זאַלמענען האָבן די פויסטן געקרעמפּט, שטײַפער אַרומגעמענדיק די פאָנען, וואָס האָבן רויט און היים געפלאַטערט.

אַ סאַך האָבן זיך נאָך צוגעהערט פאַרטראַכט אַרום צום אָפּקלאַנג פון דאַווידס ווערטער — נײַע, בלאַנקע און שאַרפע, וואָס איינער אין אימפּעט האָט זיי אויסגעהויבן און האָט זיי רווישן און הילכן געלאָזט אין די אויערן פון צוהערער; אַנדערע אין דער מאַכשאָווע האָבן נאָך איבערגעכאַזערט נײַע געדאַנקען, וואָס האָבן העל געפלאַטערט, ווי די פאָנען אין דער הייך, האָבן זיך אין זיי אינווייניק לעבעדיק געצאַפּלט און ווי מיט פליגלען זייער ברוסט אויפגעשלאָגן און געהויבן, — בײַם מענדל האָט שוין געהאַט פאַרענדיקט זײַנע קורצע ווערטער:

— ...אין דעם טאָג דערוואַכט דער אַרבעטער־קלאַס, הייבט אויף זײַן געבויגענעם קאָפּ, גלײַכט אויס זײַן וווּקס דעם ריזיקן... גייט אַרויס דעמאָנסטרירן פאַר אן 8־שאָיקן אַרבעטטאָג. די בורזשואַזיע און איר מאַכט געמען אָן מיטלען נאָך ערעוו דעם 1־טן מײַ, מאַכן אָביסקעס און אַרעסטן.... זאָל לעבן דער קלאַסנקאַמף!

דאָווייד איז זייטיק געלעגנ אפנ גראָז, האָט שטאר געקוקט אפ די ארומיקע אונ ניט געענטפערט אפ זייערע רייד. ער האָט פארוויכערט, אונ די פארטראכטע אויגנ אָנגעשטעלט אפ א ווייטנ בוים. איג אים האָבנ נאָכ געדאנקענ געבלאָנדזשעט אונ ווערטער זיכ געקנוילט — זיינ האסט האָט זיכ נאָכ ניט געשטילט, אונ אינ די שלייפנ האָבנ נאָכ געקלאפט אופגעעפנטע קוואלנ: — „ענגעלס אינ זיינ בוכ: „די לאגע פונ דעמ ארבעטער-קלאס אינ ענגלאנד" זאָגט: „פאר דער בורזשואזיע איז די איצטיקע לאגע ניט אינ אנ ערעכ לוינבארער, ווי די אלטע שקלא-פעריי: ווענ זי וויל, קאָנ זי איצט אָפזאָגנ אירע ארבעטער, אונ ניט אָנ-ווערנ דערביי פונ איר ארייַנגעלייגטנ קאפיטאל"... ער צעקנייטשט זיכ אומצופרידנ, פארוואָס ער האָט פריער, בייס ער האָט גערעדט, זיכ ניט דערמאָנט גראָד אָנ דער שטעל, אונ פארוואָס די געדאנקענ לאָזנ אימ איצט ניט אָפ. וויל ער איבערייסנ דעמ גאנג פונ זיינע געדאנקענ, טוט ער זיכ האסטיק א קער צו הערנ מאטעסנ, וואָס רעדט פארנ אוילעמ.

— ...לאגביימער איז געווענ קינדיש-טאמעוואטע אונ גלאָמפעריש. א קינדער-שפיל מיט הילצערנע ביקסלעכ, מיט פייל אונ בויגנ פונ ריט-לעכ... אונדזער לאגביימער — דער ערשטער מיי — איז א יאָנטעוו פונ דערוואקסענע, באוווסטזיניקע, פונ טאטעס, וואָס ווייסנ פארוואָס צו קעמפנ אונ מיט וועמענ... פונ קינדערייענ, פונ איינגערעדטע אָבער-גלויבערייַ גייענ מיר אריבער צו ניכטערע, בארעכנטע מייסימ. אונ אפ דעמ וועג וועלנ מיר צו א ניצאָכנ קומענ!

— איכ האָב אייכ א קורצנ ווונטש! — האָט איסאַק זיינ קאָל גע-לאָזט הערנ פונ דאָרטנ, וווּ ער איז געשטאנענ, אונ אלע האָבנ זיכ א קער געטאָנ צו אימ: —מיינ ווונטש: מיר זאָלנ איבעראיאָר אזוי גרויס זיינ אינ צאָל אונ שטארק אינ באוווסטזיינ אונ ווילנ, אז מיר זאָלנ אינ געשלאָסענע רייענ דורכגיינ די גאסנ אינ שטאָט מיט אונדזערע פאָנענ!

— אונ איכ זאָל די פאָנ טראָגנ איבער דער גרויסער גאס!—שרייט אוים מאָטל.

— ווינטשנ קאָנ איכ אויכ,—שאָקלט אומ זאלמענ מיט דער פאָנ אינ דער האנט,—איבעראיאָר זאָל די פאָנ די רויטע שוינ פלאטערנ איבער אונדזער מאגיסטראט!

— אונ איכ וויל ניט ווינטשנ,—האָט זיכ באנקע ארייַנגעריסנ אינ

מיטנ הײפּל אױלעמ, — װינטשעװענ איז א טעװע פֿונ א באבעשי... מיר דאַרפֿנ נעמענ אַפּ זיכ, א כױװ אַפּ זיכ נעמענ, אַז איבעראַיאָר זאָלנ מיר אינ שטאָט אַפּ די גאַסנ אָפּנ און פֿרײַ מאַרשירנ מיט געזאַנג און לוסט און גרײט צו קאָרבאָנעס... װאָרעמ אָנ דעמ, אָנ קאָרבאָנעס װעט זיכ עס גיט באַגײנ...

— איכ בינ גרײט—איכ האָב א קאָפּ...—האָט זיכ אָפּגערופֿנ שימענ מאַלעכ, — װאָס אַנדערש קאָנ מײַנ קאָפּ אױפֿטאָנ?... אָבער א קאָרבנ איז ניטאָ נאָכ אַזאַ קאָפּ...

האָט ליזעלע אָנגעהױבנ אינ געזאַנג. «Вы жертвою пали, —»

5

מע האָט זיכ צעװאָרפֿנ ליגנדיק אױפֿנ גראָז מיט דערהױבענע קעפּ און מע האָט געזונגענ. הײַפֿלעכ באַזונדערע זײַנענ געזעסנ און געמיטלעכ געשמועסט. מענדל מיט א הײַפּל באָכערימ האָבנ זיכ צוגעטוליעט צומ זױמ פֿונ װאַלד, װאָס איז געשטאַנענ עטװאָס דערהױבנ פֿונ דעמ פּלאַצ, און מ'האָט באַ זײַנע װאָרצלענ געקאָנט דעמ קאָפּ אָנשפּאַרנ, װי אָנ אַנ אױפֿגעהױבענעמ קישעלע. האָט זיכ מענדל באַלד עפּעס א כאַפּ געטאָנ, האָט זיכ שנעל אױפֿגעשטעלט און צערודערט געקוקט אױפֿנ װאַלד. ס'האָט זיכ אימ געדוכט, אַז אַהינטער די בײמער זײַנענ פֿול באַהאַלטענע... זײ קאָנענ אינ דער שטיל יעדע װײַלע אַרױסקומענ פּלוצלינג און גלײַכ אַפּ זײ אָנפֿאַלנ...

—קומט אַפּ פֿונ װאַלד... ניט האַרט נעבנ װאַלד... בעסער אױפֿנ אָפּענעמ פּלאַצ...

א הײַפּל באָכערימ האָבנ געטומלט, געלאַכט און געשפּאַסט. מאָטל האָט דעמ פֿאַרשעמטנ דאָנענ צוגעפֿירט צו מאַטעסנ.

— מאַטעס, איר האָט הײַנט געדאַװנט?

— װאָס האָט געטראָפֿנ?

— דאָנ האָט הײַנט געדאַװנט, — שימענ האָט אימ באַגעגנט באַגײַענ, װי ער איז פֿונ שול אַרױס מיט טאַלעס און טפֿילנ, און דערנאָכ איז ער אַװעק צומ 1-טנ מײַ... א פּאָר קלײדער!..

די באָכערימ אַרומ האָבנ געקײַכט. — רעבע דאָנ, נעמט אימ אָנ!

— איכ האָב ניט געדאַװנט,—מאַכט מאַטעס געלאַסנ,—איכ דאַװנ

שוינ לאנג ניט — סע גלוסט זיכ ניט... אבער דאנ איז נאכ ניט געקור־ מענ צו דער מאדרייגע — איז דערפאר... זאלנ מיר אימ אפשטויסנ פונ אונדז? אנ ארבעטער איז ער? עקספלואטירט ווערט ער? אונ מיט אונדז וויל ער גײנ? איז בעסער מיט א נאר אינ גאניידנ, ווי מיט א קלוגנ אינ גענעמ...

— אינ וועלכנ גאניידנ?—האט גאטקע געפרעגט.

— אינ גאניידנ פונ סאציאליזמ, ווי אינ גענעמ פונ קאפיטאליזמ...

— אבער א נאר איז ער! — האט מאטל געטײנעט.

— מאטל!—האט יאשקע מאטלענ פאר א האנט גענומענ אונ גע־ טײנעט,—מאטל, הײנט איז אײנ רעליגיע — די פראלעטארישע... דו געדענקסט, אז מיר זײנענ געווענ יינגלעכ, אינ שולכל אפנ הויפ איז בא דיר געווענ „ארבעקאנפעס”, אונ בא מיר — א קרעסט... אונ הײנט: ניט בא דיר אונ ניט בא מיר— אײנ נאציע — די פראלעטא־ רישע...

ער האט אופגעשאקלט דעמ קאפ, ווײל א בינטל בלאנדע לאנגע האר פונ קאפ איז אימ איבערנ שטערנ אפנ לינקנ אויג געפאלנ.

שימענ מאלעכ איז אפגעזונדערט געשטאנענ אונ צוגעקוקט די גע־ פארבטע שטאנגענ פונ די פאנענ, אנגעלענטע בא א בוימ, וואס האט זיכ עקסטרע אויסגעשטעלט הויכ אונ ווּקסיק אפנ פלאצ. געבטיקנ פארנאכט האט ער זיי אפנ גאס נעבנ דער הײמ געפארבט. פארבנ־ גייער האבנ זיכ געווּנדערט, וואס פארבט ער אזוי גינציק הילצערנע שטעקנס —צי ניט כופע־שטאנגענ פאר אנ אײגענער קאלע...

— שימענ, דו קענסט זיכ ניט אנקוקנ... — מאכט אלטער, וואס היט די פאנענ.

— Гори, гори ясно... — הייבט אנ ליזעלע, אונ נאכ איר כאפנ אונטער לעבעדיק אונ לוסטיק כאנקע, דאוויד אונ זאלמענ.

—זע, ווי דאוויד האט זיכ פארשפילט אינ „גארעלקעס“, — מאכט כאיע-לייע צו פאניענ,—אמאל איז ער אזוי געווענ צווישנ אונדז: א פייער, א ברענ! אונ איצט — איז ער צווישנ אונדז עפעס קאלט גע־ ווארנ, אונ דא — צווישנ „זיי“ — זע נאר...

— כאנקע! — האט זאלמענ געשריִע,—דו מאכסט קונצנ... ראק דאוויד כאפט דיכ... — Гори, гори ясно —הייבט ער אנ אונ לאזט ניט אפרוען פונ דעמ ליפנ, — Чтобы не איצטער כאפ איכ.

כאַפּמ דער טאָקער הייבט בײדע הענט אינ דער הייכ:
— קורצ אונ גוט: מײַנ ראָכעלע וועט זינגענ:—הייב אָנ, ראָכעלע:

— Отречемся от старого мира
Нам не нужно златого кумира...

אַלטער אונ שימענ האָבנ עפּעס אויפגעצויגנ די פאָנעס אינ פאַראַד, מאָטל אונ יאַשקע, אונ נאָטקע, אונ שלוימקע האָבנ פונ פאַרשיידענע ווינקלענ צו די פאָנעס מאַרשירט.

# XI. מאַרקס

## 1

סלאַווא באָריסאָוונאַ איז אַרײַנגעקומענ צו קלײנשטיינענ דעמ אײַנבינדער. מאָדנע אויפגערודערט האָט זי פונ א צײַטונג אויסגעוויקלט א גרויסנ דיקנ בוכ — מ'זאָל עס אײַנבינדנ פאַר איר. אונ ס'האָט אויסגעזענ א ווײַלע, ווי זי וואָלט אהער א פרעמדנ בוכ געבראַכט, אָדער זי באַהאַלט עפּעס דערבײַ א סאָד... זי פאַרלאַנגט א פײַנעמ בונד — גאָר א פײַנעמ, אונ אפנ בונד זאָל זײַנ אויסגעקריצט: „На память“ זי לאָזט אראָפּ די ברעמענ אונ די ליפּנ שליסנ זיכ צו.

— דאָס וועט קאָסטנ...—קוקט זיכ אײַנ דער אײַנבינדער אינ איר. ער פאַרשטייט שוינ אַלצ, נאָר קלוימערשט ער רעכנט, — ס'ט קאָס—טנ... אונ ער באַרענקט זיכ ווידער: וויפל אַנ ערעכ קאָנ ער דאָ אויסבעטנ...

— וויפל עס וועט קאָסטנ, — האָט זי זיכ ניט געוואָלט גאָר דינגענ: — נאָר פײַנ!

סלאַווע האָט דערפילט, אונ אומבאַקוועמ דערפילט, וואָס פונ צוויי פאַרשיידענע ווינקלענ האָבנ אפ איר נאָכאַנאַנד אונ פאַרשנד, ווי איר האָט זיכ געדוכט, נאָכגעקוקט א הויקערדיקער ייִד מיט א בלאַסנ קרענקלעכנ פּאָנעמ אונ קלוגע אויגנ, אונ א באָכער א שטאַרקער, א שווײַגער מיט שטיפעדישע יונגע וואָנצעלעכ. די צוויי האָבנ אָנגעשטרענגט צוגעקוקט פונדערווײַטנ, ווי זיי וואָלטנ וועלנ דורכנעמענ דעמ דיקנ בוכ בא איר אינ האַנט, ווי אויכ יעדער שאָקל פונ אירס א ליפּ, אונ א וווּנק פונ אירע ברעמענ, אונ דערפונ צונויפשטעלנ אירע קנאַפּע שטילע

ווערטער... איר האָט זיכ געדוכט — אונ זי האָט געוויילט ארויסצוגיינ. באַ דער טיר האָט זי זיכ צוגעשטעלט. קליינשטיינ איז צוגעגאנגענ מיט א שמייכל, ער פארשטייט זיכ שוינ אפ קונדנ.

— פריילנ, עס וועט זיינ א שיינער בונד...—צו די אויגנ קימאט האָט ער איר צוגעטראָגנ דאָס שטיקל פאפירל, אפ וועלכנ ער האָט מיט גרויסע ניט גלייכע אויסיעס, מער געקסיווועטע, ווי געשריבענע, שוינ פארצייכנט.

—יאָט זעט איר—אָט דאָס וועט זיינ אפנ בונד אויסגעצאצקעט...

זי האָט געשווינד און דערשראָקנ א כאפ געטאָנ דעמ בלייפעדער אונ פאריכט:

— נאָכנ „עמ" א „יא"... ניט קיינ „יע"... געדענקט, ס'זאָל זיינ ריכטיק...

— דאָס איז באַ מיר אזא „יא" א צוגעכאפטער, — האָט קליינשטיינ גלייכ געענטפערט: — עס וועט זיינ גוט, שוינ אונ ריכטיק!

קליינשטיינ האָט צוגערופנ דעמ באָכער מיט די יונגע שטיפערישע וואָנצעלעכ.

— נאָסנ, דו ביסט דאָכ עפעס געראָטנ אפ אויסלייג — „נא פאמיאט" דארפ דאָ זיינ, זאָלסטו געדענקענ... ווו א „יע" אונ ווו א „יא" —„נא פאמיאט". ער האָט אימ אָפגעגעבנ דאָס בוכ אונ דאָס פאפירל, — מאַכ עס אפנ בונד... א גוטנ בונד מאַכ—גיט זייער א גוטנ... נאָר א גוטנ... ווער איז זי, ווייסט ניט?

— גינזבורג, דוכט זיכ...

— א—! או—א!.. האָב איכ דאָכ געקענט נעמענ טייערער...

— מאַכט א שיינעמ בונד, זי וועט באַצאָלנ... — האָט נאָסנ עפעס געשמייכלט.

— מאַכ, ווי דו פארשטייסט... — קליינשטיינ איז אוועק. ער האָט געוויילט מיט א גאנג.

2

נאָסנ איז אפנ זעלבנ אָרט געבליבנ אונ גענומענ עפעס באטראכטנ דעמ בוכ. ער האָט זיכ צוגעקוקט צומ שארבלאט אונ נייגעריק געלייענט: Капитал... Критика политической экономии...

אונ ער האָט זיכ פארטראכט, אָפוועגנדיק דעמ דיקנ שווערנ בוכ

אפנ האנט איגדערלופטנ: — יע, יע, א „קאפיטאל“, א „פאָליטישע עקאָנאָמיע“, א גרויסע „קריטיקע“ מיסטאמע... אונ ער האָט ווידעראַמאָל אָפּגעווויגנ דעם בוך אָפנ האנט... „א—בוך! ווּעמענ קריטיקירט מענ?... אונ אזוי ווי זוכנדיק ווּעמענ מע קריטיקירט, האָט ער מיט א פינגער אופגעהויבנ נאָך א בלעטל אינ חעם ניט צעשניטענעם בוך, אונ ער האָט דערזענ ווידער א שארבלאט, א צווייטנ, אונ ער האָט ווידער גענומענ לייענענ: „Капитал“...

„Сочинение... Карла Маркса...“ — „מאַרקס! אָ—אָ!"

ער האָט געשטוינט, אונ געלייענט, אונ ווידער געשטוינט... דאָס פּאָנעם האָט זיך אים לעכאטכילע דערשראָקנ צעבליכט, דערנאָך צערודערט, אונ וואָס ווײטער — זיך געווייטלט, געלויכטנ... די אויגנ פינקלענ אונ ברענענ, אונ פרייענ זיך...

— אָ—אָ!—האָט ער מיטנ דיקנ בוך איגדערלופטנ געפאָכעט, ווי מיט א פאָנ. איז צוגעשפרונגענ צו מאטעסנ, צום הויקערדיקנ ייִדנ אונ האָט אים דעם בוך דערלאנגט, ווי אפ צו רעווידירנ זיך זעלבסט:

— מארקס, הא?

מאטעס האָט דעם בוך אוועקגעלייגט אפנ פרעס פאר זיך, האָט מעיושעוודיק אונ טיפזיניק באטראכט דעם שאר. נאָסנ האָט אים אונטערגעשטויסנ:

— בלעטערט איבער—פאראנ נאָך א שאר, א צווייטער... דאָרטנ איז דאָס... מארקס!

מאטעס האָט לאנגזאם אונ דרינגענדיק געלייענט מיט די טונקלגרויע קלוגע אויגנ אונ מיט קאוואָנע מיט די ליפנ באדײַטנדיק ארויםגעשעפטשעט יעדעס וואָרט: „קאפיטאל... קארל מארקס... קארל... מארקס... מארקס!..

ער האָט די אויגנ אופגעהויבנ צו דער סטעליע, ווי באדענקט אונ זיך דערמאָנט, אונ האָט צולעצט וואָגיק אונ געהויבנ ארויסגעזאָגט:

— יע, יע, אָט דאָס איז עס... מארקס...

האָט דער שטיפער נאָסנ אים פריילעכ א קיצל געטאָנ אינ זײַט:

— הא—א! וואָס זאָגט איר, רעב מאטעס? ער איז בא אונדז שוינ דאָ!.. מא—ארקס!.. מאטעס... רעב מאטעס... מע מאָג שוינ אָנקוקנ מארקס בוך?..

— מיר האָט איינער געזאָגט, איינער, וואָס ווייס—מאכט מאטעס

אין דער שטיל, — אז א גרויסן און האַרבן בוך לאָזט דורך אַמאָל די צענזור — פאר די געלערנטע... אבי ניט פאר אונדז... מירן דאָך ניט פארשטיין, מיינען זיי... וועלן מיר פרוּוון... מירן זען!..

דאָס בלייכע קרענקלעכע פּאָנעם שײַנט אויס וואַרעם און לעבעדיק, ווי עס וואָלט אף דער זון זיך אָנגעהיצט:

— יע, דאָס איז מאַרקס!.. זײַן גרויסער „וורעדייע" מיסטאָמע... סאמע ער...

נאָסן האָט מיט ביידע הענט א כאַפּ געטאָן צוריק פון פרעם דעם בוך, האָט עס אין באַגײַסטערונג צוגעדריקט צום ברוסט, און געטענצלט זיך, געדרייט ארום מאַטעסן:

— אײַ, רעב מאַטעס!.. מאַטעס, וואָס זאָגסטו?..—האָט ער אין גרויס היספּײַלעס אים אופגעהערט צו אירצן.— דו פאַרשטייסט עפּעס: ער איז דאָ!.. מיר האָבן דאָ מאַרקסן!..—האָט ער אלץ שטאַרקער צוגעדריקט דעם בוך צום ברוסט, — סאמע מאַרקס!..

— אָן טומל, — האָט מאַטעס שטרענג געוואָרנט.

— וואָס איז דאָרטן בא אײַך פאר א קאָשערע מעציִע?

— זע, א סימכאַסטוירע בא זיי!..

— נאָסן, וואָס האָט דיך דערשאָסן?..

האָט מען שוין געשריִען פון אלע זײַטן.

— נאָסן פרייט זיך...—האָט מאַטעס א קנייטש געטאָן מיטן געהויקערטן זײַט און געזוכט צוטראַכטן א וויץ: דאָס בעסטע שוץ-מיטל אלעמאָל, — נאָסן פרייט זיך... וואָס די וואָנצעלעך וואַקסן אים נאָענט צום מויל — האָט ער וואָס צו קײַען...

— כאַ! כאַ! — איז אלעמען געפעלן.

און נאָסענען—מער ווי אלעמען. האָט ער געקוואָלן. ער האָט דעם בוך דערווײַל איבערגעלאָזט בא מאַטעסן: צו אים, ווייס ער, וועט קיינער קיין נאָז ניט שטעקן און ניט מאַכן קיין שײַלעס — פאר מאַטעסן האָט מען אָפּשײַ: ניט אזוי עלטער, ווי קליגער, און ער איז אוועק צו זײַן שטעל און זײַן אַרבעט.

מאַטעס האָט מיטאַמאָל אופגעהערט צו פילן די שטענדיקע שטרויבלונג און קילונג אין זײַנע האַרע פיס, ווי די שטעקלעך אויסגעטריקנטע, וואָס, דוכט זיך, זייער גאַנצע פלייש, פעטס און דאָס קליאָק אפילע פון די קנאָכן אינווייניק האָט אוועקגענומען דער בייזער קרומער הויקער,

וואָס האָט זיך, ווי אַ שלאַנג אויסגעדרייט אַפ זײַנ רעכטער פּלייצע און אפנ לינקנ ברוסט, און דריקט אים און פרעסט אים צונויפ, ווי אנ אײַזערנער שרויפ... ער האָט אויפגעהערט צו פילנ זײַנ אייגענעמ קורצנ אָפּגעהאַקטנ אָטעמ, וואָס שלאָגט קעסיידער דורכ זײַנ שטענדיק אָפענעמ מויל — שלאָגט מיט אַ ריס און וויי... מאַטעס האָט זיך איצט פּלוצלינג אויסגעשיילט פונ יאָרנ און מי, פונ לאַסט און לײַדנ, ווי אנ אייפּעלע פונ וויקלעכ, וואָס פענטענ. ער האָט זיך נאָכ מעכאַניש געפּלאָנטערט מיט הענט אינ דער אַרבעט פאַר אים, אָבער אַלצ מער און אַפ לענגער פלעגט ער זיך אָפּרײַסנ פונ פרעס, אַ בלעטער טאָנ אינ דעמ דיקנ בוכ, און מיט זײַנע גרויע אויפגעבליצטע אויגנ אויפנעמענ, ווי מיט אַ שאַרפ פונ אַ שפּיז, די אויפשריפטנ אַפ אַ זײַטל דאָ און דאָרטנ, און נאָכאַמאָל אינדערלופטנ פאַר זיך די זעלבע אויפשריפטנ לאָזנ פלאַטערנ אינ פײַערנ, ווי בליצנ, וואָס האָבנ זיך אַ לענגערע ווײַלע פאַר די אויגנ פאַרהאַלטנ.

— יע, יע... Накопление капитала.. Прибавочная сгоимость... Рабочий день...

מורמלט ער צו פרייידיק צו יעדער אויפשריפט, און ווידער, און ווידער טוט ער זיך אַ קער צום שאַרבלאַט: Капитал... Карла Маркса

אָט דאָס איז דאָס...

דאָוויד האָט אים געזאָגט... דאָוויד האָט אים דערציילט... דאָוויד. און ער פאַרטראַכט זיך. און פאַרטראַכט זיך — היימלעכ און ליב. ווי נאָכ אַ ווײַטנ מידנ וועג, אַז מע דערזעט שוינ די היימישע פענצטער, און אינ זיי לויכט אַ פײַערל.

צי שײַנט שוינ ניט דאָס פײַערל אַפ זײַנע אויסגעשטאַרטשעטע באַקנ־ביינער, וואָס ראָזעווענ זיך איצט אַזוי און היצנ?!

נאָסנ קוקט אים אָנ פונדערווײַטנ. און ס'האָט אינ אים שטורמיש געברויזט: וואָס שטייט ער לעמעכעוואַטע און גייט צונויפ בלעטער פונ אַלטע זשורנאַלנ — אַז אָט איז... מ'דאַרפ ווײַזנ אַלעמענ: אָט איז! אונדזער מאַרקס!

אָבער מאַטעס האָט געהייסנ ניט מאַכנ קיינ טומל... מאַטעס איז דער פירער פונ דער שטרײַק־קאַסע באַ די אײַנבינדער אינ גאַנצ שטאָט, און ער, נאָסנ, איז באַ אים נאָר אַ צוהעלפער פאַר דעמ אייגנ וואַרשטאַט — דאַרפ ער אים פאָלגנ. אָבער — מאַטעס... מאַטעס קוקט דאָרט אינ בוכ... נאָסנ לאָזט זיך האַסטיק צו אים.

— מאטעס, רעב מאטעס, איר האָט שוינ דאָ עפּעס געפונענ?

מאטעס שמייכלט. די גרויע מידע אויגנ פינקלענ — באַנײַטע, די מאָגערע באקנ שײַנענ גערויטלטע, דאָס שיטער בלאָנד בערדל העלט זיכ, ווי געלע בלעטער אפ א בוימ אינ פריִענ הארבסט בא א שײַנענדיקער זונ.

— געפונענ עפּעס?..

— אלצ באוואָרנט... דאָ איז אלצ...— זאָגט מאטעס כאָשעוודיק אונ לייגט ארופ א האנט אפנ בוכ, — אלצ פאראנ, — שטיק־ארבעט אונ דער ארבעטסטאָג... אונ וועגנ מערווערט... וואָס איכ האָב דיר אמאָל פאר־טײַטשט... אונדזערע, אונדזערע!..— ווינקט ער צו מיט א פינגער, — אונ וועגנ קאפּיטאל, ווי עס וואקסט, ווי א בייזער געשוויר, ציט פונ אונדז דעמ קליאָק אונ דריקט אפ אונדזער קארק, ווי דער הויקער מײַנער...

— איר האָט שוינ דאָ אזויפיל איבערגעקוקט?

— איכ פארשטיי, איכ זע נאָכ די סלאנבאנענ (שלאגבוימענ)...— ווײַזט ער אָנ מיט א פינגער אנ אופשריפט אפ א זײַטל, — די זעסט, אנ אופשריפט אפ א סלאנבאָנ ווײַזט שוינ, וווהינ דער וועג פארקירע־וועט...

— איר ווייסט, ווער ס'האָט דאָס געבראכט אײַנגעבינדנ? די גינז־בורג — פונ די גרופּעס...

מאטעס שאָקלט מיטנ קאָפּ אזוי, אז נאָסנ באנעמט ניט, צי מאטעס קענ זי, צי ניט.

— אײַ! — האָט זיכ נאָסנ מיטאמאָל א כאפ געטאָנ, — איכ האָב פארלאָרנ דאָס פּאפּירעלע...

ער איז אוועק זוכנ, מאטעס האָט אימ מיט באדויער אָנגעקוקט, ווי א פארשטיפט קינד.

— געפונענ? וואָס נאָכ פאר א פּאפּירעלע דארפ דאָ זײַנ?

— אָט איז דאָס! — האָט נאָסנ צופרידנ דערלאנגט מאטעסנ דאָס פּאפּירל. — איכ האָב עס האָרטנ אײַנגעלאָזנ פונ האנט. אָט די ווערטער וויל זי אויסדרוקנ אפנ בוכ...

— א־הא — האָט מאטעס א שאָקל געטאָנ דעמ קאָפּ, אונ האָט דאָס פּאפּירל אוועקגעלייגט צו זיכ אינ קעשענע פונ זײַנ וועסטל אונ האָט עס דערנאָכ מיט א פינגער האָרטנ אָנגעטאפּט: — נאָסנ, דו ביסט צעטראָ־גנ... א צעטראָגענער... דעמ בוכ וועל איכ אײַנבינדנ.

— וואָס הייסט, איר? מאטעס! — האָט זיכ נאָסנ אופגעכאפט פאריבלדיק, — איכ וועל עס איינבינדנ!.. איכ... איכ האָב...

אונ ער האָט די האנט אויסגעשטרעקט צומ בוכ.

— נו, דו וועסט עס איינבינדנ—דו. דײנ מאזל...—האָט מאטעס צוגעשמייכלט,—אָבער איכ וועל אכטונג געבנ... דו ביסט א צעטראָגענער... האָסט געהאט פארלאָרנ דאָס פאפיר.. אונ מע דארפ עס מאכנ מיט... מיט אנ עמעס... — האָט מאטעס ניט געקראָגנ פאָרלויפיק קײנ אנדער וואָרט, ווי אויסצודריקנ, וואָס ער האָט געוואָלט:—מיר, איינבינדער, דו פארשטייסט, — דארפנ אזא בוכ ניט ארויסלאָזנ אבי ווי...

— אוואדע!..—האָט זיכ נאָסנ געקאָכט אונ די אויגנ האָבנ אימ געפלאמט אונ מיט גלאנצ פארשפרענקלט זײנע שטיפערישע קלײנע וואָנצעלעכ: — מאָרגנ נעמ איכ זיכ דערצו.

— אונ איכ וועל אויכ... אכטונג געבנ... צוזאמענ זיכ מעיאשעוו זײנ, ווי שענער... דעמ בוכ וועל איכ הײנט נעמענ צו זיכ אהיימ... באנאכט ארײנקוקנ דערווײל... ארײנקוקנ אינ מארקסנ גופא...

— וועל איכ אויכ צו אײַכ קומענ...

— איצטער אָבער מאכ ניט קײנ טומל, אונ גײ ארבעטנ דערווײל...

מאטעס האָט דעמ בוכ פארוויקלט אינ א פאפיר, אוועקגעלײגט נעבנ זײנ טעפעלע ברינדזע, וואָס ער האָט מיטגעבראכט צו מיטיק עסנ, וועט ער שוינ ניט פארגעסנ מיטנעמענ אהיימ.

נאָסנ איז אינ דעמ טאָג נאָכ היפשע עטלעכע מאָל צוגעגאנגענ צו מאטעסנ, אזוי גלאט שטיפעריש א ווינק טאָנ צו אימ מיט אנ אויג, וואָס זיי בײדע נאָר ווײסנ אונ פארשטײענ. אונ ער האָט יעדעס מאָל א נײעמ פראָיעקט, ווי צו מאכנ דעמ רוקנ אונ די טאָוולענ, אונ וויאזוי אויסצושטעלנ די אופשריפטנ.

— מאטעס, רעב מאטעס,—פלאָנטערט זיכ הײנט נאָסנ א צערודערטער, — איר ווײסט עפשער וועמענ איז עס א מאטאָנע, הא? צומ אָנדענקענ... וועמענ?

מאטעס ווײס ניט, צי מאטעס ווײס, נאָר ער זאָגט:

— „מע פארשטײט דאָכ“... ווער ס'איז זויכע צו האָבנ אזא מאטאָנע — מארקסנ! — דארפ ער האָבנ א שײנס! דארפ מענ עס מאכנ פײנ.

# 3

ס'איז שוינ געווענ רעכט פינצטערלעכ, ווענ מאטעס איז פונ דער ארבעט געגאנגענ. נאָר ער איז געגאנגענ לאנגזאמ אונ געהויבנ, מיטנ בוכ אונטערנ לינקנ אָרעמ אונ מיטנ שטאָק אינ דער רעכטער האנט. דאָס קריגעלע פונ די ברינדזע האָט ער דאפקע אינ ווארשטאט איבערגעלאָזט — וועט ער שוינ מאָרגנ אויסקומענ אָנ ברינדזע, נאָר ס'האָט זיכ אימ ניט געגלוסט היינט „צו שלעפנ“ זיכ מיט א קריגעלע.

לאנגזאמ אונ פארטראכט — ס'איז אזויפיל צו טראכטנ, נאָר אָט איז די היימ.

האָט ער אינ דער היימ זײַנ עסנ געמאכט אפגיכ, גענוג אפ היינט דעמ נאכעס, וואָס א פויעל באקומט נאָכ א לאנגנ טאָג ארבעט: אינ דער היימ אפנ טיש באמ שײַנ פונ לעמפל אָנצוקוקנ די קרופניק־טעלער, אונ ארומ — די קלענערע קינדערלעכ, ווי גרויפעלעכ, אויסגעשאָטנ דאָ אפנ טיש...

אינ קאמער איז געוואָרנ שטיל. די צוויי יינגלעכ האָבנ זיכ דערווײַל צעוואָרפנ אפנ „טאטנס“ הילצערנעמ קאנאפּ. דעמ טאטנס דערפאר, וואָס מאטעס פלעגט אפ דעמ שלאָפנ נאָר מיט איינ יינגל, מיטנ קלענערנ צופוסנס. אונ דאָס עלטערע יינגל פלעגט דערנאָכ, ווענ עס ווערנ פרײַ די שטולנ, אריבערגיינ שלאָפנ אפ צוויי שטולנ מיט א טאבורעט אינדערמיט. דאָס קלענערע מיידל האָט זיכ צוגעלייגט אינ דער מאמעס בעט פונ אויבנופ — אויכעט דערווײַל, ביז מ'וועט שפעטער פאנאנדערנעמענ דאָס בעטגעוואנט.

גלײַכ טאקע איז ארײַנגעקומענ איסאאק — א רויִקער, א שמייכלענדער, ווי אלעמאָל. האָט מאטעסעס ווײַב צו אימ צוגעשאָקלט אונ האָט זיכ צוגעזעצט אפנ בעט, אונ באלד צוגעמאכט די אויגנ. זי וועט נאָכ א גוטנ דרעמל כאפנ ביז איסאאק וועט זיכ אָנשמועסנ.

איסאאק האָט זיכ צוגעזעצט צו מאטעסנ הארט, ווי צוגעוואָקסנ, אונ מע האָט אינ דער שטיל גערעדט. אזוי שטיל רייִדנ אונ מיט קארגע ווערטער אזוי פיל ארויסזאָגנ האָבנ נאָר געקאָנט איסאאק מיט מאטעסנ.

דאָס געמיינע טישל איז הויל. צו דער נאכט האָט מענ פונ אימ צוגענומענ, אויסער די פאָר טעלער אונ לעפל, אויכעט דעמ צעריסענעמ

טישטעכ, אונ אויסגעהאנגענ אפנ שטריקל באמ אויוונ — לופטערנ: ס'איז פאר אנ אלטנ טישטעכ געזינטער... אונ פארנ לעמפּל אויכ, ווארעמ מאטעס האָט זיכ געמאכט א רעגילעס צו לייענענ באנאכט, ביז ער דרעמלט אײַנ: קאָנ ער נאָכ כאָלילע א צי טאָנ דעמ טישטעכ אונ פארשלעפנ דאָס לעמפּל...

דאָס לעמפּל ברענט זייער ניט האָפּערדיק—א היימיש לעמפּל, צו וואָס וועט עס מיט איבעריקע ליכט מאכנ פארשײַט די אייגענע אָרעמקײַט? אז איסאק איז ארײַנגעקומענ, האָט מאטעס געוואָלט ארויסדרייענ דאָס קנייטל, מאכנ ליכטיקער. האָט דאָס לעמפּל געוויזנ, אז מע דארפ ניט: ס'האָט מאטעסנ אנטקעגנ ארויסגעשטעקט א פארשפּיציקטנ רויטשווארצנ צינגל, אז ס'האָט פארויכערט א זײַט פונ דער גלאָז... האָט מאטעס אָפּגעלאָזט דאָס קנייטל צוריק אראָפּ, אומגעדרייט דאָס לעמפּל מיט דער אָנגערויכערטער זייט גלעזל צו דער בעט צו, אונ מיט דער ריינער זײַט צו זיכ. אונ פונ דער בעט, ווו דאָס ווײַב האָט שוינ געדרימלט, האָט געשווארצט א קאָפּ, פונ ערגעץ אָפּגעריסנ, אפ א זײַט אָפּגעוואָרפנ, אונ עטוואָס ווײַטער פונ דעמ קאָפּ האָט א האנט געטונקלט, אינ עלנבויגנ צונויפגעקנייטשט, אונ האָט זיכ ניט געקאָנט אויסגלײַכנ אונ דעמ קאָפּ דערלאנגענ...

אהײנטער מאטעסנ האָט עמעצער פונ זײַנ געהויקערטער פלייצע זיכ געפלײַסט ארויסצוקלעטערנ אונ איבערשטײַגנ זײַנ אופגעהויבנ אקסל, דאָרטנ זיכ אויסקרימענ אונ ארײַנקוקנ אימ אינ די אויגנ... נאָר א צעצויגענער, א צעפלאָסענער פלעגט זיכ עס יעדעס מאָל אָפּרײַסנ פונ אקסל אונ זיכ צוריק אראָפּגליטשנ... פלעגט פונ דער אנדערער זײַט, פונ מאטעסעס אראָפּגעבויגטנ אקסל עמעצער א צווייטער ווי א וועווריקל אויסשטעקנ א קלײנ הענטל מיט פינגער צונויפגעוואָקסענע, ווי א גענדזנ לאפּקע, זיכ אָנקלאמערנ אָנ איסאקס אָנגעקערטנ אקסל. קריכנ אונ פויזענ אפ זײַנ קארק אונ וועלנ צוהערנ אונ פונ די ליפּנ בא אימ אראָפּשארנ זײַנע ווערטער אונ זײַנ שמייכל... נאָר איסאק טוט זיכ א צי אָפּ א ווײַלע פונ מאטעסנ, אונ די שײַנ פונ לעמפּל שפּארט ארײַנ צווישנ זיי ביידנ, שפּרינגט אראָפּ דאָס וועוורילקל, ווי א העזל, אונ פארשווינדט — א האלבער אינ איסאקס ארבל, אונ א האלבער — אינ מאטעסעס א פּאָלע פונ רעקל.

אינ דער שטיל אנטקעגנ דער ריינער זײַט גלעזל פונ לעמפּל, וואָכ

לייכט זיי, רעדט מענ באנאנד אומגעשטערט. איסאק מיינט, אז בא די אייניבינדער איז שוינ צייט צו טראכטנ וועגנ א שטרייק... אָבער מאַ־טעס באשטייט, אז מ'זאָל אָפּוואַרטנ — ביז ס'וועט זיך אָנהייבנ דער סעזאָנ פונ פארגרייטנ לערנביכער...

ביינט מענ זיך אָנ איינער צומ אנדערנ, אונ מ'רעדט שטיל, אונ שאָטנס רוקנ זיך אָנ — שאָטנס ווילנ אלצ איבערשטייגנ אונ פארקריכנ פאָרויס, אונטערהערנ אונ צוקוקנ זיך. נאָר שאָטנס קאָנענ ניט דערלאַנ־גענ...

— ווי געפעלט דיר „סענדער דער געלער"? — פרעגט איסאק.

איסאק האָט ניט געירצט אנדערע עלטערע פונ אים, אונ אנדערע יינגערע האָבנ אים ניט געירצט, אזוי ווי געווײנלעך מיט מענטשנ צו־געלאָזטע.

מאטעס רוקט ארויס דאָס טיש־קעסטעלע אונ פונ א „בענטשערל" נעמט ער ארויס נאָר א קליינ בראָשורל אונ גיט עס אָפּ איסאקנ.

— עט—עט!—מאכט ער מיט דער האנט.—מ'האָט אונדז געקאָנט וויזנ ערנסטער, וואָס אזא הולטײ ווי „סענדער דער געלער" האָט דעם פאָלק אָפּגעקאָסט צאָרעס אונ ליידנ... מיר זײנענ ניט קיינ יינגלעך — מיר ווילנ אלצ וויסנ אינ טאָג... די סאמע געדיכטע...

— דו ביסט שוינ, דוכט זיך, פארקראָכנ אינ די געדיכטע... דו ליי־ענסט, אונ מיט דיר לייענט מענ... וועג האָסטו געזעג דאָווידנ?..

—מ'זעט זיך... „מערוורט" איז א שווערע האלאָכע... דאָוויד האָט מיר פארטײטשט, אונ איך האָב געפרווט פארטײטשנ אנדערע... א שווערע...

— אונ דיר איז אלצ ווייניק... דו ביסט דאָך שוינ באלד א פראָפעסער.

אינ טיר האָט זיך באוויזנ נאָסנ.

— פאריגל די טיר...—האָט זיך מאטעס דערמאָנט,—אונ נעמט שוינ דאָרטנ דאָס טאבורעטל באמ אויוונ. די טיר פאריגלט? — האָט ער נאָכאמאָל געפרעגט.

נאָסנ האָט דאָס טאבורעטל צומ טישל, אפּאָנעם, צו שטארק א שטעל געטאָנ, וואָרעמ מאטעסעס ווייב האָט זיך א טרייסל געגעבנ, האָט דערשראָקנ אופגעריסנ די אויגנ. אז זי האָט דערזענ אונ דערקענט נאָ־סענענ, האָט זי זיך ערשט באקוועמער אָנגעשפּאַרט אָנ ווענטל פונ בעט אונ צוגעמאכט די אויגנ.

— זיי האבנ שוינ א „מעזומענ“, וועט מענ אופ זיינ... — דרימלט זי איינ.

מאטעס קריכט אראפ פונ שטול — שווער, אנהאלטנדיק זיכ מיט א האנט אנ שטול, ווי ער איז געזעסנ. ער מאכט א פאר טריט צומ פענצ־טער אונ באקומט א פעקל, בלאזט ער אפ אפריער שטויב פונ טיש, לייגט עס אוועק כאשעוודיק:

— איסאק, ווייזנ דיר עפעס?.. — ער וויקלט פאנאנדער לאנגזאמ, בלעטערט אופ דעמ אנדערנ שאר אונ טייטלט מיטנ פינגער: — לייענ, איסאק „Капитал“, אונ אט — Карла Маркса

— א!—איז איסאק אופגעשפרונגענ:—טא!—טא! טא! ווי קומט עס צו דיר?..

די פרוי האט זיכ ווידער אופגעכאפט. אפילע דער געלאסענער אי־סאק קאנ אויכ אמאל מיט זיינ פריידיקנ געדרודער אופוועקנ פונ דרעמל...

זי קוקט אנ איר מאטעסנ, ווי זיינ קרענקלעכ פאנעמ שיינט פריילעכ.

— מאטעס, ווי קומט עס צו דיר?—פרעגט איסאק נאכאמאל אונ דערפילט ערשט, אז ס'איז אימ איצט צו ווייניק ליכט. נעמט ער זיכ פארנ לעמפל: האסטיק דרייט ער דאס קנייטל ארופ אונ אראפ. עטלעכע מאל נאכאנאנד אופ אונ אפ, אונ — פויעלט אויס — דאס פייערל האט זיכ איינמאל געהאט פארכליניעט אינ שווארצנ, אונ האט זיכ פארט גע־לאזט אויסלייטערנ אונ געגומענ ברענענ גרעסער, ליכטיקער.

— היינט,—זאגט מאטעס געהויבנ, — בינ איכ גרויס מיט מיינ פאכ, וואס איכ בינ אנ איינבינדער!.. קאנ איכ מיט מיינע הענט כאטש א בונד מאכנ פאר מארקסנ...

נאסענע האט עס פארדראסנ.—וואס הייסט ווידער — מאטעס מאכט דעמ בונד? אונ ער?... נאר מאטעסעס פאנעמ אונ דער קאל האבנ אימ איצט גערירט, אז ער האט פארשוויגנ. דערווייל וועט ער פארשווייגנ...

— ווי קומט עס צו דיר? געבראכט איינבינדנ?!. ווער האט דאס געבראכט?

— די גינזבורג — פונ די גרופעס... — האט נאסנ געוועלט צו ענטפערנ, — זי האט עס ארייגגעטראגנ, האט קליינשטייג מ י ר אפגע־געבנ איינצובינדנ. מ י ר געגעבנ, אונ איכ האב עס באוויזנ מאטעסנ.

נאסנ האט געפלאמט אונ געקוואלנ:—דאס גרייט זי עמעצנ א מאר־

טאָגע — צום אָנדענקענ... אפנ בוינד דאַרפ איכ אויסדרוקנ די ווערטער:
„на память“

— מו—הו,—האָט איסאַק איבערגעריסנ, — דאָס איז...

נאָר ער איז פּלוצלינג אַנשוויגנ געוואָרנ. ער האָט זיכ צוגעשפּאַרט צו מאַטעסנ אונ מיט אים צוזאַמענ אַרײַנגעקוקט אינ בוכ.

איסאַק האָט געשמייכלט. ער ווייס, ער איז זיכער, אַז דאָס איז אַ מאַטאָנע פאַר אים... פאַר דאַווידנ... אונ עס פרייט אים זייער... מאַרקס דאַרפ זײַנ בײַ דאַווידנ... נאָר ריידנ וועט ער שווײַג ניט — וואָס דאַרפ עס נאָסנ וויסנ?

— איסאַק! דו ביסט שוינ שטומ געוואָרנ? — מונטערט אים נאָסנ, — זאָג שוינ אויס...

איסאַק לייגט אים אַרופ ביידע הענט אַפ די אַקסלענ אונ גיט אים אַ טרייסל:

— נו, נאָסנ, דערלעבט יאָרנ — זאָלסטו זײַנ אַ לײַט אונ מאַכנ אַ באַנד — אַנ אַנטיק!

— אָבער וועמענ וועט עס אָנקומענ? וואָלט עס כאָטש אָנקומענ אַ נאַש־בראָט!...

— אוואַדע, אַ נאַש בראָט... סלאַווע גינזבורג וועט עס ניט אָפּגעבנ אַבי וועמענ... ווענ וועט עס זײַנ פּאַרטיק? איכ וואָלט עס וועלנ אָנ־קוקנ — ווי וועלנ אונדזערע פּראָלעטאַריער באַשײַנענ זייער מאַרקסנ... אַ! מאַטעס, גיב אַפ אים אַכטונג.

מאַטעס האָט צוגעשאָקלט, אונ זיכ ניט אָפּגעריסנ פונ בוכ. מיט אַ לאַנגנ אויסגעדאַרטנ פינגער, ווי מיט אַ טײַטל, האָט ער לאַנגזאַמ געפירט צווישנ די שורעס אונ מיט די ליפּנ ענערגיש באַוועגט אָנגעשטרענגט, ווי געשליפנ מירמלשטיינער אונ מיטנ שטערנ שטאַרק געקנייטשט, ווי מיט יעדנ קנייטש געעקבערט גרינטלעכער אונ טיפער...

איסאַק פונ איינ זײַט האָט זיכ צוגערוקט, נאָסנ פונ דער אַנדערער זײַט האָט זיכ צוגעטוליעט — האָבנ ביידע זייערע אויגנ געלאָזט סטאַמ פריידיק לויכטנ איבער שורעס אונ ווערטער — אַנטקעגנ אַ פלעמל פונ לעמפל, וואָס האָט זיכ לוסטיק געהוידעט אונ יעדע ווײַלע שײַנ געשפּרייט אַפ ווערטער קישעפדיקע אונ פענעמער פאַרקישעפטע.

— נו, אָט דאָ!—האָט מאַטעס מיטאַמאָל אויפגעמישט אַנ אַנדער בלאַט אונ אָנגעשטעלט זײַנ לאַנגנ פינגער בײַ אַנ אָנהייב. ער האָט זײַנ

אָפּגעריבענעם הוט מיט די פּאַרטריקנטע אײַנגעבינדערישע קלײַפּלעכן אַרופּגערוקט העכער אױף זײַנע צערונצלטע שטערן. איסאַק און נאָסן האָבן עפּעס דאַפקע שטײַפער אָנגערוקט זײערע היטלען, װי צו אַ שטורעם אַנטקעגן... האָבן זיך בײדע צוגעקלעפּט צו מאַטעסעס שפּיצעכדיקע אַקסלען פֿון בײדע זײַטן, און האָבן זיך אַלע דרײַ גיריק אָנגעבױגן, װי צו אַ לעבעדיקן קװאַל.

און דאָס לעמפּל האָט צו זײ כּאָװערדיק געלױכטן, אין פֿאַרגעניגן אױפֿגעהאַלטן זײַן גאַנצע שײַן אױפֿן טישל פֿאַר זײ, איבערלאָזנדיק אין שאָטן אַלץ אַרום. האָט נאָר מאַט געבלײכט פֿון בעט מיטן מידן פּאָ־נעם מאַטעסעס װײַב, װאָס האָט זיך צעשנאָרכעט מיט דער נאָז און צע־כראָפּעט מיטן אָפֿענעם מױל, װי זי װאָלט װעלן מיטאַמאָל אױסהױבן די מי און שװערקײַט פֿון אַ טאָג און פֿון טעג... האָט זי זיך מיטאַמאָל פֿאַרכליניעט און איז שטיל געבליבן, אָנהאַלטנדיק פֿאַר אַ הענטל דאָס מײדעלע, װאָס איז נעבן איר געלעגן און מיט שטילן אָטעם מוטער־װאַרעמקײַט געצױגן.

אױפֿן הילצערנעם קאַנאַפּע, װי פֿון שאָטנדיקן איבערדעק, האָט דאָס קלענערע ייִנגל אַ הענטל אַרױסגעצױגן, האָט עס צעשפּרײט פֿון זיך און געטראָפֿן דעם גרעסערן ייִנגל איבערן קאָפּ. האָט זיך דערהערט אַ שלאָפֿנדיקער כראָפּנדיקער מורמל: „ע—ע—או“. האָט זיך מאַטעס אומ־געקערט און דערזען, אַז דאָס הענטל פֿונעם קלענערן בלײַכט זיך אין דער טונקל אױפֿן אױקסל פֿון דעם גרעסערן ייִנגל, און בײדע ליגן שױן רויִק, האָט ער צוריק אומגעקערט דאָס פּנים צו ליכט און צו שײַן.

— אַ שװערע געמאַרע — שאָקלט מאַטעס װאָגיק דעם קאָפּ.

— ניט אומזיסט אַ װעלט אױפֿגערודערט!—שמײכלט איסאַק. — אַ װע—עלט!..

— װען איך פֿאַרמאָג עס אין ייִדיש!..—האָט זיך מאַטעס פֿאַרבענקט, האָט איבערגעבלעטערט און מיט אױגן פֿאַרטראַכטע זיך פֿאַרטיפֿט אין שורעס געדיכטע, װי אין קוסטעס פֿאַרװאָקסענע. נאָסן האָט זיך צוגע־טוליעט און מיט אױגן פֿרײדיקע איבער שורעס געשװעבט און זײ אין שטראַליקן נאָכעם געבאָדן. איסאַק האָט זיך אָנגעבױגן, און מיט בליקן שאַרפֿע, זײַטיקע, װי פֿון אונטער די אױסיעס, עפּעס געװאָלט דער־הױבן...

שטיל און פֿאַרטראַכט.

— מאַטעס! — זאָגט איסאַק פּלוצלינג: — דו האָסט „אים" גע-
זען — „זײַנ" פּאָרטרעט...

— אײַ, װײַזט מיר! — בעט זיכ נאָסנ.

— כ'װעל זאָגנ מאָטלענ, ער זאָל דיר ברענגענ װײַזנ...

נאָסנ װערט עפּעס מער פּאַרזאָרגט:

— איסאַק, איצטער ביסטו אױכ דאָ — דו פּאַרשטײסט אינ אײַנ-
בינדערײַ... אונ מאַטעס!.. זאָגט מיר, װי זאָל איכ עפּעס אױסדריקנ די
װערטער «На память» ניט אפּנ רוקנ, ס'געפעלט מיר עפּעס ניט...

— שױנ באַטראַכט, — מאַכט מאַטעס — אפּנ אױבערשטנ טאָװל —
פּאַרשטײסט?.. שטעל אױס די אותיעס אינ דער קרומ, פּונ װינקל אינ
װינקל איבערנ גאַנצנ טאָװל...

אונ מאַטעס האָט װידער איבערגעבלעטערט צו א נײַעמ אָנהײב אונ
האָט זײַנע גרױע אױגנ, װי פּלעמעלעכ צעצונדנ. האָט איסאַק פּונ אײנ
זײַט אונ נאָסנ פּונ דער אַנדערער — אױסגעשפּרײט הענט, װי איבער-
געפּלאָכטנ איבער מאַטעסעס צעװײטעקטע פּלײצעס, אונ דלאָניעס לײַכט
דערהױבנ אפּ זײַנע אַקסלענ. באַהעפּט אונ פּאַראײניקט דרײַענ אױגנעמ.
מאַטעס פירט פּאָרטראַכט מיטנ דאַרנ פינגער איבער שורעס אונ דרינגט
אינ דער מאַכשאָװע, װיאַזױ אונ װי אַרומ קומט אַרױס פּונ אותיעס
אונ װערטער — סאָציאַליזמ! אונ איסאַק גלאָצט אױס די אױגנ,
פּאַרנעמט פּאַרכאָלעמט, װי אינ דער שטילקײט אַרומ הילכט אימ אונ
הילכט עפּעס: פּראָלעטאַריער פּונ אַלע לענדער, פּאַראײניקט זיכ!..
פּרײט זיכ נאָסנ, װאָס ער איז מיט זײ, אונ נעבנ זײ — מאַרקס!—

## XII. אינ װאַלד

1

דעמ ערשטנ טאָג שװעס האָבנ זיכ א לאָז געטאָנ מאָטל, נאָטקע
אונ אַלטערקע — אױפּצוזוכנ א פּאַסיקנ אָרט א באַהאַלטענעמ פּאַר דער
מאָרגעדיקער פּאַרזאַמלונג. אַװעק גאַנצ פּרי. קעסײדער באַגעגנט מענ
מאָרגנע רױקע ײדנ, װאָס האָבנ אפּנ װעג אינ די שולנ קלױמערשט גע-
לאָזנ געשפּאַצירט, פּאַרװונדערט זיכ אַרומגעקוקט, געשטױנט עפּעס,
װאָס באַ דעמ פּאָרעצ זאַקרזשעװסקי זײַנענ בלױע שטאַכעטנ אַרומ

גערטנדל; זיכ געכידעשט, וואָס בא לאַפּינסקענ נעבנ גאַנעק שטייט א לאַמטערנ אינ דער הייכ אַפּ אַנ אײַזערנעמ שטאַנג, אונ פונ דער אַנדערער זײַט גאַנעק עפּעס א שטייַנערנע מאַציִווע — א מענטשעלע מיט א צו־רע, אויסגעהאַקט פונ שטיינ... טאַקע א הוילע נעקייווע, מיט בריסט אונ מיט פּיס... א באַלאַנעמ פונ א פּאַרעצ!.. אַפּנ ווענ איכ די שולנ, יאָנ־טעוו, באַטראַכט מענ די כידושימ אינ גאַס, וואָס מע באַמערקט עס גאָרניט אינ די אַלע טעג, ווענ מע לויפט דורכ פאַרטאָג אונ פאַר־האַסט.

— קומט גיכער! — פאַרטראַכט זיכ ניט... — יאָגט נאָטקע, — איכ וועל נאָכ פאַרשפּעטיקנ אהיימ צו מיטיק. מע גייט דאָכ שוינ צומ אַנדערנ מיניענ...

— ווײסטו זאָגנ, אַז דו האָסט געהערט א כאַזנ אינ דער גרויסער שול... איכ האָב שוינ אויפגעהערט שאַבעס אונ יאָנטעוו צו עסנ אינ דער היימ מיט אַלעמענ גלייכ, — זאָגט מאָטל מיט טאַהלעס, — איכ עס אַליינ, פריער, שפּעטער, ווי ס'קומט אויס...

— אונ מײַנ טאַטנ, — פאַרדריסט נאָטקענ, — גייט ניט אַזוי אינ דעמ, אַז איכ זאָל זײַנ צומ האַוונענ אינ שול, ווי איכ זאָל זײַנ צו מי־טיק אינ דער היימ — אַלע ארומ טיש!

— מײַנ מאַמע, — זאָגט אַלטער אומעטיקלעכ, אומעטיקלעכ שטענדיק, ווענ ער דערמאָנט זײַנ מאַמענ, אָנ דעמ טאַטנ, וואָס איז שוינ לאַנג געשטאָרבנ — מײַנ מאַמע וואַרט... זי מאַכט נאָר אָפּ קי־דעש אַליינ, וואָרעמ איכ האָב זיכ אָפּגעזאָגט פונ קידעש מאַכנ, אונ עסנ — עסט זי ניט אַליינ...

זיי זײַנענ ארויסגעקומענ אַנטקעגנ א ברייטנ צווייגאָרנדיקנ מויער אַפּנ ראָג, מיט צוגעמאַכטע טירנ אונ פענצטער — שטיל אונ שטומ. אַלטער האָט דאָ פאַרקירעוועט אינ א געסל לינקס, אונ מאָטל האָט זיכ עפּעס פאַרקוקט אַפּנ גרויענ מויער אונ מיטאַמאָל זיכ א לאָז געטאָנ נאָכ אַלטערנ אונ אימ א זאָג געטאָנ האַסטיק:

— דער „פּריִאָמ"... דו האָסט געזענ? ווענ ביסטו צומ פּריזיוו? שוינ לאַנג, אַז דו גאָלסט זיכ, בא דיר איז שוינ א בלויע מאָרדע...

— א בלויע מאָרדע איז ניט פונ לאַנגנ גאָלנ זיכ, — האָט נאָטקע אונטערגעכאַפּט, — דאָס ווענדט זיכ גאָר אָנ א הויט: א ראָזעווע, צי א טונקעלע — פאַרשטייסט?

— פארשטיינ איז ניט שווער, — מאכט מאָטל, — אָבער, דוכט זיכ, אז ס'איז ניט אזוי...

— צום פריזיוו, — זאָגט אלטער, — בינ איכ איבעראיאָר — א „פעריווי", אנ „אלטערקע", אנ איינציקער. אונ א מאמע אנ אלמאָנע...

— בינ איכ די עמעסע „טרעטי", — מאכט נאָטקע, — צוויי ברי־דער דינענ אונ איבעראיאָר גיי איכ אויכ... וועל איכ אינ קאזארמע זיינ א סאָציאליסט...

— האָרטנ איז עס שוינ ניט אזוי לייכט, — צווייפלט אלטער.

— לייכטער ווי שטארבנ איז גיטאָ אפ דער וועלט... — צעהיצט זיכ נאָטקע מיטאמאָל! — לעבנ איז ניט קיינ גרינגע זאכ...

ער שטעלט זיכ אָפ אונ מיט ביידע צעשפרייטע הענט שטעלט ער אָפ אויכ ביידע כאווירים. ער קוקט זיכ ארום. זיי שטייענ שוינ אוי־סערנ שטאָט, ווו צווישנ בערג האָט זיכ אינ טיפנ זאמד אָנגעהויבנ א ברייטער וועג צו די דאטשעס.

— יע־יע...—מאכט מאָטל אָפגעצויגנ אונ פארטראכט,—איכ וואָלט וועלנ זיינ אינ סאָלדאטנ—זיכ אויסלערנענ שיסנ... שיסנ דארפ מענ מענענ...

— מאָטל, דו ביסט א פארפאלענער, דו ביסט א לגאָטניק... — לאכט אלטער.

נאָר מאָטל הערט ניט. ער האָט אופגעכאפט נאָטקענ אונטער־אָרעם, גייט מיט אים ראשיק פאָרויס אונ רעדט קאָכיק:

— אז איכ מיט דיר זאָלנ ארייִנפאלנ צוזאמענ דינענ אינ איינ אָרט, אינ א מאָסקווע, אינ פעטערבורג, קאָנענ זיי שוינ רויִק זיינ, די ארבעטער... מיר וועלנ אינ זיי ניט שיסנ... ניי־ניט שיסנ... אלטער, איכ בינ א סאָלדאט!..

— אונ די להאָטע דיינע? — שמייכלט יענער.

— יידנ גייענ להאָטניקעס אויכ... מע שאנעוועט ניט קיינ יידנ...— טרייסט זיכ מאָטל.

אונ לוסטיקע, צעשמייכלטע איז מענ מיט פעסטע געמאָסטענע טריט, ווי זעלנער, איקסל בא איקסל, אוועק איבער דעם ברייטנ וועג אי־נעמ טיפנ זאמד. ארויסגעקומענ צו די בערג אונ בערגלעכ באגרינטע מיט גראָז אונ באוואָקסענע מיט קוסטעס אונ מיט איינצלנע גרויסע ביימער, האָבנ זיי זיכ אָפגעשטעלט, גענומענ טופענ מיט די פיס, אָפ־

צושיטנ פונ זיכ די זאמד. מ׳האָט פונ די קוסטעס אָפּגעבראָכנ דיקערע צווײַגנ און באַטראַכט וואָהינ צו גײנ.

— צו נאָענט צו שטאָט — יאָנטעוו דרייענ זיכ דאָ ארום באָכערים מיט מיידלעכ אינ די זײַטיקע וועגעלעכ, — זאָגט אַלטער.

אָנטקעגנ זיי גראד איז שוינ באלד בארג אראָפּ. זײַנענ זיי צוגעלאָפּנ און אָנגעקוקט. בא דעם בריקל איבערנ טײַכל שטייט די מיל, און אינ דער זײַט — די קופּאַלניקעס. באַרג־אַרופּ אינ דער הייכ שטייענ א פּאָר בײַדלעכ מיט געטראַנקענ, נאַשערײַענ. און דאָרטנ ווײַטער אינ דער לענג פונ ביידע זײַטנ גאַס האָבנ זיכ שוינ געצויגנ שטיבלעכ מיט גערטנדלעכ צום גאַס, און שטיבלעכ מיט גערטנדלעכ אהינטער זיי אינ די הויפנ.

— פונדאַנענ דאַרפ מענ אַנטלויפנ, — מאַכט נאָטקע און גייט שוינ.

— קומט צו פּאַווילאָווקע, — רופט מאָטל.

— אײַל ניט, — האָט אַלטער איבערגעשלאָגנ, — האָרטנ זײַנענ אויכ דאַטשעס... מיר דאַרפנ זוכנ א זײַטיקנ ווינקל צווישנ קאַרפּאַטינקע און פּאַווילאָווקע... נו, געגאַנגענ!

האָט מענ באַגעגנט מיידלעכ און ווײַבלעכ אינ באַלאַכאָנעס און שטעקשיכ. די קעפּ פאַרוויקלטע אינ קאָלירטע טיכלעכ, פאַרקניפּטע אפ דער פּאָטיליציע און די ברעגנ געלאָזט הענגענ, ווי צעפּלעכ, אָדער די זעלבע ברעגנ אופגענומענ אפ צוריק און שטײַפער אויסגעבונדנ אפנ שטערנ. מיט לײַלעכער אינ קיישלעכ געפּלאָכטענע גייט מענ שטיל, אַנדערע מיט אראָפּגעלאָזטע אויגנ און עטוואָס גערויטלט אנטקעגנ באָכערים, פּונקט ווי זיי וואָלטנ שוינ נאַקעטע זיכ געבאָדנ... גייענ מאַנצבלענ האַסטיקע, האָפּערדיקע, מיט האַנטעכער אריבערגעוואָרפנ איבער א שפּילעוודיקנ אַקסל און פונ ביידע זײַטנ געלאָזט אראָפּהענגענ די ברעגנ און פרענדז.

זיי זײַנענ געשווינד דורכגעגאַנגענ פאַרבײַ די זומער־וווינונגענ, און דורכ א קליינ שיטער וועלדל פונ יונגע ביימעלעכ, און זײַנענ ארויסגעקומענ אפ א באַרגיקנ שטיק, וואָס האָט זיכ געצויגנ לאַנג און ברייט מיט גראָז געגרינט, און וו־ניט־וו האָבנ זיכ איינצלנע ביימער דערהייבנ הויכע און שטאָלצע. ערטערווײַז איז דער באַרגיקער שטיק אײַנגעראַצט געווענ דורכ שווערע טריט פונ פּוסגייער, וואָס האָבנ פאַר זיכ

נעענטערע גאנגענ געמאכט און האָבנ אינ דעמ בארג שטענגעלעכ אייַנ־געקארבט, ווי קנייטשנ אינ א יונגנ פּאָנעמ, און די גרינס צעברודיקט און די גרעזער דערשלאָגנ...

אלטער האָט אָנגעקוקט די לאָנקע פונ יענער זייַט בארג און די פעלדער אהינטער דער לאָנקע, אפ בערג און בערגלעכ צעשפרייטע, ווי קאָלירטע טעפּיכער

— איר זעט: די לאָנקע איז די גרענעצ צווישנ קארפּאטינקע און פאווילאָווקע. די פעלדער זייַנענ שוינ פאווילאָווקער.

איז מענ אוועק מיט שמאָלע שטעגעלעכ, ארומגעקרייַזט א פעלד, פארבייַ דער לאָנקע און איבער בערג און בערגלעכ, אָנ וועגנ און שטעגנ, איז מענ צוגעקומענ צומ וועלדל. באַ דער ערשטער ריי ביימער האָט אפ זיי אָנגעהויבנ א טונקעלע, שאָטנדיקע און קילע לופט.

— דאָ רו איכ אָפּ, — האָט זיכ נאָטקע געוואָרפנ אונטער א בוימ.

זיו־זיו־זיו־או...—האָט ער נאָכגעשעפּטשעט, צוהערנדיק זיכ ווי עס זוימט ארומ אימ. — וואָס איז דאָס? ווער איז עס, הא?

— א הייזעריקער באל־קריִע... — לאכט מאָטל.

— נו, קומט! — האָט אלטער געיאָגט.

— לאָז א ביסל האנאָע האָבנ,—האָט זיכ מאָטל אויסגעצויגנ אונטערנ בוימ, — זיכ אָנעמענ א ביסל מיט גרינס...

אלטער האָט זיכ אויכ אראָפּגעלאָזט צווישנ זיי ביידנ, דעמ קאָפּ אפ מאָטלס אקסל און א האנט ארויסגעוואָרפנ אפ נאָטקעס קאָפּ. נאָטקע האָט זיכ צוגעקערט נעענטער, האָט מיט א האנט געשלייַדערט אלטערנ דאָס היטל פונ קאָפּ.

— זאָג מיר, פארוואָס קאָנ די פארזאמלונג ניט פאָרקומענ דאָרטנ, וו מיר זייַנענ געווענ דעמ 1־טנ מייַ? —האָט זיכ מאָטל א באפּ געטאָנ,—אייַ, אנ ערטעלע! איכ וואָלט וועלנ איצטער ווידער א קוק טאָנ אפנ הויכנ ראָזעווענ בוימ, וו איכ האָב די רויטע פאָנ אָנגעשפּארט... אייַ, נאָטקע!

זיי האָבנ זיכ אָנגעקוקט מיט בלישטשענדיקע אויגנ און געקוואָלנ.

— אייַ, זייַט איר א פּאָר ווילדע יאטנ!—האָט אלטער אופגעהויבנ דעמ קאָפּ און זיכ אָנגעשפּארט אפ אנ עלנבויגנ.—ווי קאָנ מענ עס מאכנ צוויי פארזאמלונגענ נאָכאנאנד אפ אייננ אָרט? און ביכלאַל, דארפ מענ בייַטנ ערטער...

נאָטקע האָט מיטנ צווייג אינ דער האַנט פאַרטראַכט געגריבלט אינ ערד אונ מיסט, אָנגעהויפנטע ארומ א קלעצל פונ אנ אָפּגעהאַקטנ בוימ:

— מילבנ! א געדיכטעניש פונ זיי...—ער רוקט זיך אָפּ.—אופגע-בורעט זיי...

מאָטל האָט זיך האַסטיק איבערגעוואָרפנ צו זײַנ זײַט: — מילבנ! מילבנ!

— לאָז אָפּ, — האָט אימ נאָטקע געשטויסנ: — זיי וועלנ נאָכ אָנקריכנ אפ מיר...

— אנ אנטיק!—מאַכט מאָטל אנציקט.—האַלעווײַ, אפ מיר!.. אונ ער קאַשערט אופ אנ אַרבל אפ א האַנט. אונ א בלויזע לאָזט ער עס אראָפּ אפנ אָנגעהויפּטנ בערגל, וואָס הוידעט אונ רודערט, ווי א לעבעדיקס, לאָזט די פינגער נידערנ אינ סאַמע אופגערודערטנ געדיכטנ קנויל. „נו, נו, קריכט אפנ האַנט—אנ אנטיק! אזעלכע כאַיאָלעס! א יישעוו מיטאַמאָל אפנ האַנט...

אַלטער איז אופגעשפרונגענ: — גענוג! לאָז דײַנ ווילטיק אפ שפּע-טער...

נאָטקע האָט זיך האַסטיק אופגעהויבנ, אונ מאָטל האָט זיך לאַנג-זאַמ געצויגנ, פאַרדראָסיק אראָפּגעלאָזט דעמ אַרבל אפ זײַנ געבלויז-טער האַנט אונ אינ שטילנ גאַנג האָט ער נאָכ לאַנג זײַנע אנציקטע אויגנ געהאַלטנ אפ די הויפנס מילבנ, וואָס האָבנ זיך אינ קנוילנ באַ-וועגט, ווי שטיקער לעבעדיקע ערד...

זיי זײַנענ דורכגעגאַנגענ א שטיק וואַלד אונ האָבנ אָנגעטראָפנ אנ אָפּגעליידיקטנ פלאַץ מיט עטלעכע פאַרבליבענע קלעצלעך פונ אָפּגע-האַקטע ביימער באַ די זײַטנ. איז מאָטל אוועקגעלאָפנ דורכ ביימער אונ צווײַגנ אינ איינ זײַט, אינ דער ברייט, ווי אימ האָט זיך געדוכט, צומ ברעג פונ וואַלד, אונ נאָטקע איז געלאָפנ צו דער צווייטער זײַט — זענ, צי איז דאָרטנ אהינטערנ וואַלד נאָענט ערגעץ א שטוב, א פעלד, א לאָנקע. אַלטער איז פאַרבליבנ אפנ אָפּגעליידיקטנ פלאַץ אונ פלעגט איטלעכע ווײַלע אויסשרײַענ „אוּ-אוּ“... פלעגנ זיי אימ פריִער אָפּענט-פערנ אַלץ ווײַטער אונ שוואַכער, ווײַטער אונ שטילער, אונ דערנאָכ צוריק — אַלץ נעענטער אונ שטאַרקער אונ דײַטלעכער, ביז זיי זײַנענ ביידע צוריקגעקומענ צו אימ אונ אינ איינ קאָל קימאַט אויסגעשריִענ:

„גוט“! — דעמלט זײַנענ זיי אלע דרײַ אוועק ווײַטער „אינ דער לענג“ וואלד. אלטער האָט פונ טאש ארויסגענומענ זײַנ זילבערנ זייגערל: „איצטער איז האלב איינס“... אונ מיט אנ אָפּענעמ זייגער אינ דער האנט איז מענ געגאנגענ טיפער אונ טיפער אינ וואלד, וואָס איז אלץ געדיכטער אונ ווילדער צעוואָקסנ געווענ, האָט מענ געבראָכנ צווײַגנ, מיט די הענט זיי פונ פּאָנעמ אָפּגעשארט, אופגעהויבנ איבערנ קאָפּ אונ, קוימ דורכגעגאנגענ, געציילט מינוטנ אפנ זייגער: פינפ, צענ...

— ס'איז שוינ איינס! — האָט מאָטל זיך אײַנגעקוקט אפנ זייגער אונ אָפּגעשטעלט די כאוויירים. — גענוג... דער וואלד איז גרויס... מ'זעט דאָך...

האָט מענ זיך אומגעקערט צוריק צומ אָפּגעליידיקטנ פלאץ. מ'האָט ווידעראמאָל באטראכט די ביימער ארומ, א טאפּ געטאָנ מיט די הענט די אָפּגעשניטענע קלעצלעך. מאָטל האָט געפּרוּווט זיך אוועקזעצנ אפ איינ קלעצל אונ אפ א א צווייטנס, ווי אפ שטולנ, וואָס ער זאָל דאָס צוגרייטנ צו מארגנ... ער האָט א שפּרונג געטאָנ אינ א זײַט אנ זיך א זעצ געטאָנ אפ א קלעצל ווײַט.

— דער איז עפּעס ניט קיינ גלאטער, — האָט אימ פארדראָסנ.

— פאראנ גענוג גלאטע, — האָט אימ נאָטקע געטרייסט.

צופרידנ איז מענ ארויס פונ וואלד, מ'האָט ווידער ארומגעקוקט פונ איינ זײַט די לאָנקע, וואָס האָט זיך געשפּרייט גראד אונ ווײַט, אונ פונ דער אנדערער זײַט דאָס פעלד, וואָס איז אהינטער אָפּגעלאָפנ בארג - אראָפּ.

אלטער האָט אָנגעקנייטשט זײַנ שטערנ.

— איך וועל זײַנ אינ אָנהייב וועלדל — צווישנ די ביימער, אז מע זאָל מיך ניט זענ... אונ איר וועט ביידע זיצנ דאָ... אפנ בערגל וועט איר זיך צולייגנ — ליגט איר אזוי אונ איר קוקט — גלאט אזוי קלוי־מערשט געקוקט... וועט זיך עמעצער ווײַזנ פונ לאָנקע — זאָלט איר צו מײַנ זײַט אינ וועלדל אויסשרײַענ עפּעס... אונ אויב ס'ווײַזט זיך ווער פונ פעלד — זאָלט איר קלוימערשט פײַפנ... איך וועל זיך שוינ צו־הערנ, אונ איך דארפ ויסנ פונ וועלכער זײַט ס'קומט, וועל איך הייסנ מאכנ פלייטע אינ אנ אנדער זײַט... אָפּגערעדט! פארגערעכנט: דאָ — א געשריי, אונ דאָרטנ — א פײַפ... אָפּגערעדט!

— אָפּגערעדט! נאָר איך וואָלט וועלנ דאָרטנ זײַנ, אינ וואלד מיט אלעמענ.

— מאָטל, זײַ א סטאטיק...—האָט זיכ אלטער געבייזערט: — איכ שטיי אויכ ווי א שוימער אפ דער וואכ... דאָס מאָל איז אונדזער גוירל.

צוריק אינ שטאָט איז מענ געגאנגענ מיט פּאווילאָווקער וועג. נאָכנ גרויסנ בארג האָט מענ זיכ צעשיידט אפ דרײַ באזונדערע שטעגנ, קעדיי אויפצוזוכנ נײַע וועגנ, אונ אָפּגערעדט, אז אפ ווילנער גאס זאָל מענ אָפּווארטנ.

2

אפ מאָרגנ זײַנענ זיי געקומענ אהער גאָר פרי, מ'האָט געײַלט צו מאכנ די פארזאמלונג וואָס פריִער, פארענדיקנ איידער דער אוילעמ הייבט זיכ אָנ צו קלײַבנ אהינטערנ שטאָט נאָכ מיטיק. אלטער האָט מיטגענומענ דעמ דרוקער שאָלעמענ אונ בערלענ פונ די סטאָליער אונ איז מיט זיי אוועק פונ ווילנער גאס דורכ פּאווילאָווקע. מיט זיי צוזאמענ האָט ער ווידער ארומגעקוקט דעמ וואלד, ארומגעגאנגענ א מעהאלעכ ווײַט אינ אלע זײַטנ, אונ צולעצט האָט ער זיי שוינ איבערגעלאָזט אפנ פלאצ אונ איז אליינ ארויס צומ בערגל.

— איר זײַט דאָ, — האָט ער צופרידנ געזאָגט צו מאָטלענ אונ נאָטקענ, וואָס זײַנענ אהער געקומענ דורכ קארפּאטיניקע, אונ פונ שטאָט מיט דער גרויסער גאס.

— מע גייט שוינ...—האָט מאָטל אָנגעזאָגט — די סטודענטנ מיט דער בלאָנדינקע.

— הייס, —מאכט נאָטקע. —אונ אָט איז דאָכ דאָרטנ א געדיכטער קוסט, ווי האָבנ מיר עס פארזענ נעכטנ... דאָרטנ איז געוויס קילער.

— איצטער בײַט ניט קיינ ערטער, —זאָגט אלטער שטרענג: — פארפאלנ! געמאכט דאָכ א סימענ פאר אלעמענ — אפנ בערגל זאָלנ זיי אײַכ זענ... אז אלע וועלנ דורכגיינ, וועט איר קאָנענ צוגיינ אונטערנ קוסט...

אלטער איז אוועק אינ וואלד ארײַנ.

באלד זײַנענ פארבײַגעגאנגענ זאלמענ אונ מענדל. זאלמענ — אינ שאבעסדיקנ ראָק מיט א שמאָל שווארצ שניפּסל. אונ מענדל — אינ א בלאָ העמדל מיט א שווארצנ שנור פארגארטלט.

מאָטל האָט זיכ עפּעס האסטיק אויפגעהויבנ מיט א שטיינדל אינ

דער האנט אונ ער האָט עס א וואָרפ געטאָנ צומ וואלד צו. זאלמענ אונ מענדל האָבנ ביידע גלײַכ א שמייכל געטאָנ, זיכ ניט אומגעקוקט אפ זיי, אונ זײַנענ פארבײַגעגאנגענ.

נאָכ זיי, אפ א היפשער שטרעקע ווײַט, זײַנענ דורכגעגאנגענ, האָבנ־דיק זיי אינ אויג, קענטיק, א הויכער סטודענט מיט א בלאָנד בערדל, אינ א סטודענטישער טוזשורקע, ניט צוגעשפיליעוועט, איבער א קורצנ ציצנ העמדל; אונ א סטודענט א מיטלוווּקסיקער מיט ברייטלעכע פלייצעס, וואָס האָבנ פאנאנדערגעשפארט זײַנ ווײַסנ זומערדיקנ קיטל מיט בלישטשענדיקע קנעפ. האַרט אהינטער זיי איז נאָכגעגאנגענ א סטודענט מיט לאנגע בלאָנדע האָר, לײַכטע אונ לופטיקע, אָנגעטאָנ ציוויל, מיט א דיקנ שטעקנ אינ דער האנט, האָט ער מיט דער צווייטער האנט אונטערגעארעמט געפירט א מיידל, איינ וווּקס מיט אימ, אינ א לײַכטער קורצער פאלערינקע אפ די אקסלענ איבער איר ראָזעווענ קאפטל מיט א ווײַסלעכנ גומי־קראגנ, אונ אינ האנט — אנ אָפענעמ שווארצנ שירעמ, צעשפרייט איבער א קלייננ שטרויענעמ הוט, א טיפנ, ווי א קעסעלע, מיט א געלנ געקינסטלטנ בליבל אינ דער זײַט.

זיי האָבנ זיכ א ווײַלע צוגעשטעלט, ווי אינ ייִשעוונ אונ אָנגעקוקט די פאָר, וואָס זײַנענ פאָרויסגעגאנגענ צומ וואלד, אונ די פאָר, וואָס זײַנענ אפנ בערגל געלעגנ. נאָטקע האָט עס באמערקט אונ ליגנדיקערהייט א שטיינדל געוואָרפנ צומ וואלד; דער הויכער סטודענט האָט צוגעשמייכלט אונ מע איז אוועק ווײַטער.

— דאָס מיידל קענ איכ: פאניע... זי האָט ניט לאנג איבערגעשריבנ אלע ווארשטאטנ...—האָט זיכ נאָטקע עפעס צעלאכט,—אונ דער סטודענט מיט די לאנגע האָר איז, דוכט זיכ, א היגער, דעמ אינספעקטערס פונ גימנאזיע — זײַנער א זונ. מײַנ טאטע נייט פאר זיי...

— אונ וואָס אינ קיטל איז פײַנבערגס א זונ,—האָט מאָטל ארויסגעכאפט: — זייערע ברייטע פענעמער... אונ דער אנדערער — איז ניט פונ די רײַכע — איכ ווייס... שא, אָט גייט אונדזער כעווערע.

איצאָק אינ א ווייכנ שווארצנ קאפעלויש איז געגאנגענ געלאסנ אונ כאָשעוודיק, מיט די פינגער זיכ געשפילט מיטנ זייגער־קייטעלע אפנ וועסטל, ווי ס'זאָל אימ גאָר ניט ארנ, וואָס די אימפעטיקע כאנקע, אינ א ווײַסער לוזקעלע אונ א ברייטער שטרויענער הוט מיט א רויטער סטענגע ארומ, האָט זיכ ראשיק געטראָגנ פאָרויס. באָרעכ האָט זיכ פונ

זיי אָפּגעטיילט, האָט זיך זײַטיק דערנעענטערט צום בערגל און צוגע־
שמייכלט: — וואָס מאַכט איר, יאַטנ?

האָבנ זיי צופרידנ ביידע מיטאַמאָל אַ פרעג געטאָנ: — איר ווייסט
ווּהינ?

— מ'זעט דעם וואַלד נאָך די פּלעקענער אַפנ באַרג...

— מענ דערקענט דעם סטאָליער...—האָט מאָטל אַ שאָט געטאָנ
מיט אַ הויפנ גראָז. נאָטקע האָט אים אַ שטויס געטאָנ,—זע, דײַנ ליזע־
לע מיט שלוימקענ?

מאָטל האָט זיך אָבער צוגעקוקט צו דער אַנדער זײַט, ווּ ס'זײַנענ
אָנגעגאַנגענ עטלעכע פּאָר, איינע נאָך די אַנדערע. דאָוויד בלום אינ אַ
ווײַסנ העמדל מיט אויסגעהאַפּטע קאָלנער אונ מאַנקעטנ אונ אויסגע־
נייטע זוימענ. מיט אים איז לײַכט אונ שטאָלצ געגאַנגענ די געוויק־
סיקע סלאַווע גינזבורג. איר צעשפּרייטער שירעם פונ בלויענ זײַד, מיט
אַנ אָנגעקנייטשטער קרייז אַראָפּגעהאַנגענ האָט דאָך נימ פאַרשטעלט דאָס
עלעגאַנטע היטעלע פונ בלאַנציק שוואַרצנ שטרוי, וואָס האָט רעכטס
אַ ברעג שטיפעריש אַראָפּגעלאָזט, אונ לינקס אַ ברעג, ווי אומגערנ,
צעקנייטשט אונ אַרופגעבויגט, אונ דאַ גראָד האָט זיך אַרויסגעוואָרפנ
אַ בינטל טונקעלע האָר שטיפעריש צעשויבערט אַרומ טונקעלע אויגנ.
דאָס גאַנצע קלייד מיט אַ קאַפּטל צוזאַמענ, אַ לײַכטס אונ אַ לופטיקס,
האָט איר אויסגעשטאַלטיקט רייצנד, דער ענגלישער קאָלנער פונ איר
קאַפּטל, מיט אַ ווײַסנ קראַגל אינווייניק, האָט שטײַפ געהאַלטנ אינ
שטאָלצ איר הויכנ האַלדז.

— אַ־אַ־אַ...—האָט מאָטל אָפּגעצויגנ אָטעמ: — זי ווערט זײַנ דאָ־
ווידס קאַלע...

— שוינ לאַנג דאָך זײַנ קאַלע... שטענדיק צוזאַמענ...— מאַכט
נאָטקע.

— נו...—מאַכט מאָטל פּלוצלינג.—זי—אַזאַ רײַכע, אונ דאָוויד—
אַזאַ שטרענגער...

עס זײַנענ האַסטיק דורכגעלאָפנ נאָכעמ אונ כאַיע־לייע. נאָכעמ אינ
בלויע ברילנ מיטאַמאָל... ער האָט האַסטיק דעם קאָפּ געשאָקלט, ווי
דער קאָפּ וואָלט עס גענומענ אַפּ זיך די גאַנצע טירכע פונ דעם גאַנג...
כאַיע־לייע אינ זייער אַ ברייטנ געוואַנטענעמ קלייד אונ אַ קאַפּטל אַ
וואָלענע אַ גרינס מיט אַנ ענגער טאַליע, ווי מיט אַ קיווּנ—האָט מאָד־

גע ברייט אונ פעסט געשטעמפלט טריט אונ געוואָרפנ מיט די הענט, צערודערט אונ פארשוויצט נאָכגעיאָגט נאָכעמענ אינ א היציקער דיס־קוסיע.

מאָטל רוקט זיכ צו פארטראכט צו נאָטקענ, לייגט ארופ א האנט אפ זיינ אקסל:

— אז פראדל שרייבט אהיימ א בריוו, שרייבט זי אינ א גרוס צו שאָלעמענ: „זאָג דעמ יינגעלע"... דאָס מיינט זי מיכ: זי רופט מיכ „יינגעלע"... „זאָג דעמ יינגעלע, אז איכ לעב"... אָדער „זאָג דעמ יינגעלע, ער זאָל זיינ א גוטער, אונ טאָנ, וואָס מע דארפ"...

ער רוקט זיכ אָנ נאָכ ענגער צומ כאווער, זאָגט נאָכ שטילער אונ פארבענקטער:

— פונדעסטוועגנ שרייבט זי מיר אמאָל א גרוס... כאָטש מיר האָבנ אָפגערעדט פאר איר אָפפאָרנ, אז דריי יאָר צייט זאָלנ מיר ניט שרייבנ אונ ניט דרייענ דעמ קאָפ איינער דעמ אנדערנ... סיידנ — די רעוואָליוציע וועט זיינ פריער...

נאָטקע קוקט אימ אָנ א ווײַלע, אונ פלוצלינג כאפט ער אָנ אינ זיינ האנט א הויפנ צעשויבערטע האָר פונ מאָטלס בלויזנ קאָפ אונ דריקט עס אראָפ נידעריק, אונ טוקט זיינ פּאָנעמ אינ גראָז, טיפער, טיפער, אונ לאכט מיט פארגעניגנ.

מאָטל ציט אָפ קוימ דעמ אָטעמ אונ, צערודערט, כאפט ער גיכ פארייכערנ.

פונדערווײַטנ זיינענ אָנגעגאנגענ לאנגזאמ אונ שטיל מאטעס דער אײַנבינדער אונ שמערל דער שלאָסער. מאטעס האָט קעסיידער געהייבנ די רעכטע פלייצע, אויסצוגלײַכנ מיט דער לינקער, ווי דעמלט זאָל אימ גרינגער זיינ צו גיינ. זיינע לאנגע דארע פיס האָבנ זיכ ווי שטעקלעכ געפלאָנטערט אינ ברייטע הויזנ. שמערל א יונגער באָכער, שטארק אונ פלינק, האָט צוליב אימ אײַנגעהאלטנ זיינ טראָט, זיכ אײַנגעהערט צו זיינ שווערנ אָטעמ, אונ ס'האָט אימ פארדראָסנ, וואָס ער, מאטעס, וועט זיכ דאָכ ניט לאָזנ, אז אזא אײַזערנער שלאָסער, ווי שמערל, זאָל אימ נעמענ אפ די הענט אונ צוטראָגנ. פונ דער אנדער זייט האָבנ זיכ באוויזנ דאָנ מיט דער לאנגער באָרד, אינ שווארצנ סורדוט—דעמ שאבעסדיקנ. די הענט אהינטער, פארלייגט אפנ סטאָנ, מיט די דלאָ־ניעס ארופ צו דער יאָנטעוודיקער וועלט. מיט אימ איז געגאנגענ כאָניע

דער קורצער, א יונגערמאַנ, איִנ א קורצנ אונ ברייטנ ראָק מיט קײַלעכדיקע פּאָלעס, וואָס האָט אָפּ אימ אויסגעזענ, ווי א געלײַענער.

— דוכט זיכ, שוינ אַלע — האָט זיכ מאָטל אויסגעצויגנ אױפֿנ בערגל.

— דאָס מיידל פונ די פּאָרטרעטנ איז דאָ אויכ דורכגעגאַנגענ? — איכ האָב ניט באַמערקט, — האָט נאָטקע זיכ צוגערוקט צו מאָטלענ.

— ניינ... זי?... — האָט מאָטל געשעפּטשעט, — זי איז דאָ אַפּאָנעמ ניטאָ, זי איז זייער א גוט מיידל, א ווילע... אָבער...

— אונ זי איז א שיינע? זאָג אויס...

— א שיינע, א ווילע... פונ סאָציאַליזמ איז בא איר נאָר פּאָרטרעטנ פאַראַנ... זייער א טײַערע מיידל... כ'האָב ליב צו איר אַרײַנצוגייענ. אַמאָל באַקומ איכ בא איר א ביכל — אַזוי, א גוט. ביכל... אַז איכ כאַפּ מיכ אַרײַנ צו איר, וויל זי מיכ ניט אָפּלאָזנ קימאַט...

— דו געפעלסט איר, אונ דיר געפעלט — פּראַדל...

— וואָס? —ביידע געפעלנ מיר... — כאַפּט זיכ אופ מאָטל, — זי געפעלט מיר...

— איז וועמענ ווילסטו פאַר א קאַלע?

— גיי, שלעפּ זיכ! — האָט ער אימ א שטויס געטאָנ פונ זיכ, נאָטקע האָט זיכ צעלאַכט פונ זײַנ בייזערנ.

— אַז איכ וויל נאָכ ניט קיינ קאַלע, איכ דאַרפּ נאָכ ניט קיינ קאַלע... דערווײַלע איז מײַנ קאַלע — די רויטע פאָנ... אײַ, האָב איכ מיכ אַרומגענומענ מיט איר אופנ 1-טנ מײַ. כ'האָב זי באַהאַלטנ בא מיר... אָט איז מײַנ קאַלע!

3

איִנ וואַלד אופנ אָפּגעליידיקטנ פּלאַץ, ווו מ'האָט זיכ אָפּגעשטעלט נאָכ דעמ ווײַטנ וועג, זײַנענ אַלע מיטאַמאָל געוואָרנ אומגעדולדיק. איינע זײַנענ געוואָרנ אומרויִק — נאָכ דער זיכערער רו פונ א וועג איִנ גאַנג קאָלזמאַנ מע גייט... אַנדערע האָבנ זיכ דערפילט נערוועז אונ צעטראָגנ. איִנ דער קילער טונקלקײַט אופנ אָפּגעליידיקטנ פּלאַץ, איִנ דעמ פאַרשטעלטנ וואַלד אַרומ, ווי איִנ א פאַרשפאַרטער שטוּב. אַרײַנ — איז מענ, אונ אַרויס?..

איסאַק אונ זאַלמענ, וואָס האָבנ טעכניש אָרגאַניזירט די פאַרזאַמ-

לונג, האָבנ זיכ דערפילט ראפקע באַלעבאַטיש אופגערוימט. די „יאַטנ“ האָבנ אויסגעפונענ א גוטנ ווינקל — מיט קלעצלעכ אפ צו זעצנ זיכ. האָבנ זיי אָנגעקוואָלנ אונ אײַנגעלאַדנ די מיידלעכ „אפ די קרעסלעס“. איסאַק האָט ניט געלאָזט אײַלנ, ס'דאַרפ נאָכ אָנקומענ אוילעמ. מענדל האָט די סטודענטנ באַקאַנט געמאַכט מיט די אָנגעקומענע — אָנשטאָט נעמענ אָנגערופנ די פאַכנ, אינ וועלכע זיי אַרבעטנ. צופרידנ אופגערודערט האָבנ די סטודענטנ באַגעגנט מאַטעסנ אונ בערע דעמ הויכנ, אונ האָבנ א פאָר טריט געמאַכט צו זיי אַנטקעגנ מיט רעספעקט אונ קאָוועד.

— סאָלידע אַרבעטער, אינ סאָלידנ עלטער...—זאָגט פײַנבערג צו פעטראָוונ.

— דער, וואָס מיטנ באָרד, אינ סורדוט, — האָט פעטראָוו זיכ באַגײַסטערט, — איז אַזא פאַטריאַרכאַלער!

סלאַווע האָט צוגעקוקט, ווי כאַנקע האָט שוינ נאָכאַנאַנד אונ האַסטיק עפעס גערעדט צו מאַטעסנ, זי האָט איר קימאַט מעקאַנע גע־וענ. כאַנקע האַלט אימ אָנ פאַר א קליאַפע פונ זײַנ אָפגעטראָגענעמ רעקל, עטעמט אײַנ זײַנ שווער געמיט, וואָס ער הויכט אַרויס קעסיידער אונ אָפגעמאַטערט דורכ זײַנ אָפנ מויל. נאָגט איר עפעס אינוויי־ניק, סלאַווענ, אונ ס'מאָנט בא איר, געווענטער אָנקלאַמערנ זיכ אָנ דעמ קרענקלעכנ אַרבעטער מיטנ קלוגנ בלייכנ פאָנעמ! אונ יענער אויכ, דער אַנדערער, מיט דער צעפלאָנטערטער באָרד, אינ לאַנגנ אָפגעריבענעמ סורדוט, וואָס האָט עפעס מאָדנע צעמישט שאַבעס אונ וואָכ— אָנגעקוואָלענע צעקאַרבטע הענט פונ אַרבעט מיט ליכטיקע הימלדיקע אויגנ... אָבער עס ציט זי ווידער אונ עס ציט זי מער דער איינער, וואָס האָט אפ זײַנע אויסגעקרימטע פלייצעס אליינ, דוכט זיכ, אָנגע־לאַסטעט האַרבעס לייד אונ פײַנ פונ יאָרנ אונ מענטשנ, אונ אפ זײַנ הויכנ, אָנגעצויגענעמ שטערנ, ווי א פאַרמעט פאַרגעלט אונ צעווי־רעט, וואַכט א שטענדיקער געדאַנק וועגנ הילפ אונ טרייסט פאַר אַלע־מענ, פאַר אַלעמענ...

סלאַווע רײַסט איבער אירע פײַנלעכע מאַכשאָוועס אונ איר נאָגנדיק געפיל, דערנעענטערט זיכ באַשיידנ, דערלאַנגט א ציטעריקע האַנט דאָ־נענ, וואָס האָט עס באַרירט נאָר מיט זײַנע שפיצנ פינגער אונ, דער־מונטערט, שטרעקט זי אויס די האַנט צו מאַטעסנ אונ קוקט אַרײַנ אינ

זײַנע גרויע, קלוגע אונ טרויעריקע אויגנ. מאטעס האָט עס בײַנערדיק אָנגענומענ מיט זײַנ טרוקענער האנט, אונ האָט פונ דער טיפ פונ זײַ־נע אויגנ א פּאָר פונקענ איר אנטקעגנ אופגעבלאָזנ, ווי בליצנ דורכ וואָלקנס.

— פרײדל גינזבורג... כ'האָב אײַכ שוינ געזענ, זינט איר זײַט גע־קומענ: איר זײַט בא אונדז אינ אײַנבינדערײַ געווענ...

סלאווע האָט זיכ גערויטלט אונ די לאנגע ברעמענ אראָפגעלאָזט.

מאטעס האָט א צי געטאָנ זײַנ מאָגערנ האלדז, דורכנ אָפענעמ מויל זײַנ שווערנ אָטעמ דורכגעלאָזט, אונ זײַנע אויגנ אָנגעשטעלט אפ באנקענ:

— מיר וועלנ אונדזער זאכ אויסשפּילנ... אונדזער ניצאָכנ! זאָג איכ. אײנס האָבנ מיר שוינ געווונענ... די קינדער פונ די רײַכע... — קינדער זײַנענ דאָכ א לאָטערײ — זאָג איכ: בא אײנע ווערנ זײ גע־בוירנ, אונ צו אנדערע גײענ זײ אוועק דערנאָכ... א לאָטערײ — רײַכע האָדעווענ זײ, אונ אָרעמע וועלנ געניסנ פונ זײ... דאָס איז בא מיר א סימענ, אז אונדזער צײַט איז שוינ געקומענ... יונגע פײגעלעכ פארלאָזנ די ערשטע די אלטע כאָרעווע נעסטלעכ פאר א שטורעמ, וואָס דערנעענטערט זיכ...

מענדל האָט שוינ אויסגערופנ:

— ווער פירט די פארזאמלונג? אלע זײַנענ דאָ? הײבט אָנ! ווער פירט?

— מיסטאמע, אָט דער... — האָט פעטראָוו עפעס אָנגעוויזנ אפ דאָנענ, — אָט דער פאטריארכ.

מענדל האָט זיכ אזש דערשראָקנ. דאָנ איז אנ עלטערער, אָבער נאָכ גאָר רוי.

— אויב פונ די עלטערע, דארפ זײַנ מאטעס. — האָט זאלמענ פארגעלײגט.

— פירנ דארפנ די יונגע, — רופט זיכ אָפ מאטעס, — נאָר די יונ־גע: זײ גײענ גיכער... אז די עלטערע וועלנ נאָכציִענ, איז שוינ גענוג...

— מענדל, פיר די פארזאמלונג. קומ אהער, איכ האָב פאר דיר א שטענדער, — ווײַזט אָנ איסאק עטוואָס אויפ דער זײַט א דיקנ בוימ, וואָס האָט אינ דער הײכ א פלאנטער פונ צווײַגנ פארמאָנט, ווי א דאכ.

מענדל האָט זיכ צוגעשפּארט צומ בוימ, האָט פונ א קעשענע בא־

קומענ א לאנגנ שווארצנ בליפעדער, האָט דערמיט א פיר געטאָנ אינדערלופטנ אונ ארויסגעזאָגט:

— ברידער...

— אונ שוועסטער...—האָט אימ איסאק אונטערגעזאָגט אינ שמייכל, אונ איז אפ די שפיצנ פינגער אינ דער שטיל, זײַטיק אונ שנעל אוועק צומ ברעג וואלד אָנזאָגנ אלטערנ, אז מ׳האָט אָנגעהויבנ, אונ געוויר ווערנ די וואכ.

מענדל האָט אָנגעזאָגט, אז די פארזאמלונג איז צוליב אינפאָרמאציע — ארויסצוהערנ פונ די געסט. די סטודענטנ פונ די הויפטשטעט — וואָס טוט זיכ אפ דער גרויסער וועלט. אונ אויכ צוליב א דיסקוסיע — מיט אנדערע מיינונגענ זײַנענ מיר ניט מאסקימ.

— געוויס, געוויס!—האָט זיכ כאנקע געקאָכט אינ דער זײַט. — אָט דער סטודענט פעטראָוו איז ניט קיינ סאָציאַל־דעמאָקראט. אָבער ער איז אנ אקטיווער... ער האָט דאָ באקאנטשאפט מיט דער אינטעליגענצ, ער זוכט קענטשאפט צווישנ ארבעטער... מאכנ מיר די „סכאָדקע“, אונ זאָל אימ דאָוויד אָפּענטפערנ פאר אלעמענ... זאָלנ אלע הערנ...

מענדל האָט נאָכ דערציילט אינקורצנ וועגנ דער ארבעט דאָ הי אונ האָט פארענדיקט: אלזאָ, וועלנ מיר אָנהייבנ פונ מאָסקווע, — ער האָט א ווונק געטאָנ צו פעטראָווג.

יענער האָט זיכ באשיידנ דערנעענטערט צומ בוימ.

די פארזאמלטע האָבנ געפּילט צוטוליענ זיכ אינ א הײַפל ערגעצ אפנ גראָז. ס׳זײַנענ שטיינ געבליבנ זאלמענ אונ איסאק באמ ארײַנגאנג אפנ אָפּגעליידיקטנ פלאצ, זײַטיק אָנגעקערט אהינ, צומ שטילנ געררויש פונ יונגע ביימער, אונ ווײַטער אהינטער זיי... פײַנבערג מיט אייג האנט אינ בוזעמ פונ ווײַטנ קיטל, אונ דאָנ, וואָס האָט דאָס קאָרטענע היטל פונ קאָפּ געהאלטנ אינ ביידע הענט אפ פאָרנט אפנ לאנגנ סורדוט.

— ברידער! — האָט פעטראָוו טיפ פארנייגט זײַנ בלאָנדנ קאָפּ צו די פארזאמלטע. ער האָט זיכ אויסגעגלײַכט אונ זײַנע בלויע גוטמוטיקע אויגנ א פיר געטאָנ איבער דעמ ווײַטנ דאָנעג אונ דער נאָענטער פאניע, וואָס איז דערבײַ געזעסנ מיט אויגנ אופגעריסענע צו אימ. ער האָט זיי ביידנ איבערגעהיפּט אונ זײַנע בליקנ פארכאָלעמטע אינ דער

הייכ געהויבנ צו א ווײַטנ בוימ פול צווײַגנ, אונ האָט פאר זיי נאָר, דוכט זיכ, אויסדערצײלט — פונ לײַדנ אונ פײַנ אינ א לאנד א ריז, וואָס איז געפּענטעט אונ פארשטיקט. „לאנד" אונ „פאָלק", „פאָלק" אונ „לאנד" — האָבנ זײַנע ווערטער, ווי מיד פאריאָגטע פייגעלעכ זיכ אָפּגערוט אָפּ שפּיצנ צווײַגנ פונ הויכע ביימער ארומ.

צערודערט אונ בלאס, האָט ער גערוועז די גראָבע פינגער פונ בייד רע הענט געריבנ אינ די פויסטנ, וואָס ער פלעגט אזוי שנעל אופדריקנ אונ לייז לאָזנ. אונ גערעדט פונעמ לאנד, וואָס איז מיט אַ בײַטש צעפּאסעוועט, נאציעס גאנצע געשמידט אינ אימ, אונ איינצלנע פרײַע געמיטער אונטער אײַזערנע גראטעס פארשפּארט. פארכאָלעמט האָבנ זײַנע בליקנ פונ ווײַטע שטילע צווײַגנ געשפּינט א פארשלייערטע העדויק פונ העלדנ אונ נעראנגל:

...גרויסע מײַסימ פונ העלדנ אינ פארלויפּ פונ יאָרנ ווערנ מעגולגל אינ לעבעדיקע נעפּאשעס, וואָס וועלנ זיי נאָכטאָנ... פול מעסירעסנעפעש, דורכ טורמעס פינצטערע אונ איבער טויזנטער ווייאָרסטנ אינ פראָסטיק-פארגליווערטנ סיביר — גייענ מיר אלע צו אונדזער אומגעלייזטנ לאנד אונ צו אונדזער באפרײַטנ פאָלק... — האָט פעטראָוו פארענדיקט.

פאניע האָט זיכ שנעל אופגעהויבנ צו אימ. פונ דער אנדערער זײַט האָט זיכ נאָכעמ א ריס געטאָנ אונ איז צוגעלאָפנ צו דאָווידנ.

— דו וועסט שוינ ארויסטרעטנ?

— שפּעטער.

מענדל האָט עס באמערקט, האָט ער צוגעשאָקלט מיטנ קאָפּ אונ אויסגערופנ: — איצט וועלנ מיר אויסהערנ אונדזער גאסט פונ פעטערבורג.

דער סטודענט לוריע האָט זיכ צוגעשטעלט לעבנ מענדלענ, האָט א צי געטאָנ די ברעגנ פונ זײַנ סטודענטישער קורטקע אונ גלײַכ גערעדט:

— אינ פעווראל מאָנאט זײַנענ געווענ דרײַ שטרײַקנ...

כאיע-לייע האָט אָפּ גיכ א זאָג געטאָנ צו נאָכעמענ:

— פאניע לויפט שוינ נאָכ פעטראָוונ?

— זי דארפ אלצ נײַס... — האָט ער א מאכ געטאָנ מיט א האנט, — זי ווייס אליינ ניט, וואָס זי וויל...

...אינ מארט זײַנענ שוינ געווענ פינפ נײַע שטרײַקנ אונ איבער 40 טויזנט מאנ...

זאלמענ און איסאאק האָבנ אינגאנצנ אָפגעווענדט זייער אופמערקזאמקייט פונ ברעג וואלד און האָבנ ביידע פאָר אויגנ אנציקט צעבליצטע אָנגעשטעלט אפ דעמ רעדנער, וואָס האָט געציילט שטרייקנ און שטרייקער, ווי אינ א זיגערישנ מארש דורכגעלאָזט טריומפירנדע כאיאָלעס...

...אפ דעמ איינ זאוואָד זיינענ 6 וואָכנ צייט געשטאנענ איבער 11 טויזנט ארבעטער...

— אפ וועלכנ זאוואָד? — האָט זאלמענ איבערגעפרעגט איסאאקנ.

— ...הונדערטער ארעסטירטע ארבעטער... צענדליקער פארשיקטע...

אפ דער זעלבער פאבריק איז פאָרגעקומענ א געשלעג מיט א מיע קאזאקנ... האָט מענ גלייכ ארומגערינגלט דעמ הויפ און פארנומענ די ארבעטער...

כאָניע דער קורצער און שלוימקע דער גארבער זיינענ עפעס ביידע מיטאמאָל אופגעשפרונגענ פונ גראָז, האָבנ זיכ אינ ערגעצ צאָרנדיק א וואָרפ געטאָנ.

... און פרויענ און קינדער מאטערנ זיכ אינ הונגער און נויט אינ דער צייט פונ די שטרייקנ מיט א פּאָר גראָשנ א טאָג פאר א נעפעש...

— איינ פוסטער טאָג אפ צוויי נעפאשעס... — האָט מאטעס הויכ ארויסגעזאָגט.

— אָבער דאָס באוווסטזיינ איז שוינ אריינגעדרונגענ אינ די מאסנ, אז נאָר דער ארבעטער־קלאס אליינ, און דורכ קאמפ — וועט זיינ נויט צעברעכנ און וועט קומענ צו א בעסערער צוקונפט — האָט ער פארענדיקט.

ער האָט גלייכ פאָרגעלייגט סלאווע באָריסאָווענ, אלס פעטערבורגער קורסיסטנ, זי זאָל צוגעבנ, אויב זי פארלאנגט.

סלאָווע האָט געמאכט א פּאָר טריט פאָרויס, איז אָבער ביז מענדלענ ניט דערגאנגענ, האָט זיכ אָפגעשטעלט אינמיטנ קרייז און פארשעמט געזאָגט:

— מיכאיל וואסיליעוויטש האָט שוינ אלצ דערציילט. וואָס קאָנ איכ צוגעבנ? סיידנ דעמ פאקט, אז אפ די העכערע פרויענ־קורסנ זיינענ אינ דעמ פרילינג געווענ גרויסע אומרוענ, אלס פּראָטעסט קעגנ די שווידערהאפטע ארעסטנ. די באוועגונג ווערט ברייטער און שטאר־

קער. איכ וויל נאָר זאָגנ, — האָט זי מיטאמאָל אראָפּגעלאָזט לאַנגע ברעמענ איבער די אויגנ, אז מיט ליטעראַטור זײַנענ מיר איצט באַזאָרגט טראָץ די אלע ארעסטנ. איכ האָב אויכ מיטגעבראַכט אהער א סאַכ בראָשורנ אונ פּראָקלאמאציעס, וואָס מע וועט זיי דארפנ דאָ פארשפּרייטנ...

גערויטלט איז זי ווי בלינד צוריקגעגאַנגענ, זוכנדיק איר אָרט. כאַנקע איז איר אַנטקעגנגעקומענ.

— סלאווא באָריסאָווגא... דו—או...—האָט כאַנקע באַזונדערס אויסגעדריקט דאָס ערשטע מאָל „דו“ צו איר, קימאַט זיכ פארשטאַמלט, נאָר באַלד האָט זי פעסט א נעמ געטאָנ איר האַנט, שטאַרק א טרייסל געגעבנ אונ צוגעבריט ווערטער:

— דו ביסט א כוואַט, סלאָווקע!

— אונ דו... כאַנקע,—האָט זיכ סלאָווקע נאָכ מער גערויטלט, געשײַנט, אונ אָטעמ האָט איר אויסגעפעלט פונ פרייד.

פײַנבערג האָט פארענדיקט זײַנ אינפאָרמאַציע וועגנ באַרקאָוו אונ באַטאָנט, אז ער איז ביז אהער נאָכ ניט אַרײַנ אינ דער ארבעטערבאַוועגונג. אָבער די יעדיִעס זײַנענ גענויע, וואָרעמ ער געהערט אָנ צו א מאַרקסיסטישנ סטודענטישנ קרײַז, אונ די אינפאָרמאַציע איז פונ די לעצטע פלוג־בלעטלעכ.

— דאָוויד,—האָט מענדל א רופ געטאָנ:—איר ווילט אונ דארפט עפּעס זאָגנ...

— יע,—מ'דארפ עטוואָס קלאָר מאַכנ, — זאָגט דאָוויד אונ דערנענטערט זיכ צומ בוימ. ער האָט מיט איינ קאָפּ־שאָקל אופגעטרייסלט זײַנע געקרײַזלטע האָר, ווי טונקעלע וואָלקנס צעשלײַדערט אפּ א באַרג, האָט מיט די שאַרפע בליקנ פונ די קאַרע אויגנ א פיר געטאָנ איבער אלעמענ ארומ, דורכגעדרונגענ אונ צוזאַמענגעקניפּט אויגנ אונ אויגנ אינייגעמ.

— איר האָט אויסגעהערט פונ דעמ ערשטנ רעדנער,—האָט ער אָנגעהויבנ שטיל, האַרציק,—א פאַטאָס פונ גיבוירימ יעבידימ, פונ העלדנטאַמינ ווי ניסימ... גיבוירימ אינ גײַסט זײַנענ קענ די רישעס אונ בייז אופגעטראָטנ! גיבוירימ האָבנ אײַזערנע קייטנ מיט די ציינ געגריזשעט, שטיינערנע ווענט מיט נעגל געבויערט, אונ פונ אהינטער גראַטעס אונ שלעסער מיט זייער קאָל געדונערט: „פרײַהײַט“! דער

רעדנער האָט געזאָגט: „גרויסע מיַיסים פונ העלדנ ווערנ אינ פאַרלויפ פונ יאָרנ מעגולגל אינ לעבעדיקע געפּאַשעס"... גילגולים זיַינענ אָבער א קאַטעגאָריע ניט קיינ ראַציאָנאַליסטישע אונ ניט קיינ מאַטעריאַליס-טישע... כ'מיינ, מ'קאָנ זיכ פאָרשטעלנ בילדעריש, אינ דימיונ...

ער האָט צעקרימט זיַינ פּאָנעם אונ די אויגנ אָנגעכמורעט: אינ דער פאַנטאַזיע זיכ פאָרשטעלנ, אַז א קאָפּ, וואָס א טאַליענ האָט גע-קעפּט, האָט זיכ איבער שטאָט אונ דאָרפ צעטראָגנ, ווי א געשפּענסט פונ שווידער אונ רופט צומ קאַמפּ! מ'קאָנ זיכ פאָרשטעלנ, אַז א האַרצ, וואָס האָט געבלוטיקט אפנ הענקערס שפּיז, האָט ווי א זייגער א גיגאַנט די לעצטע שאָ געשלאָגנ פאַר די טאַליאָנימ... ווירקזאַמ איז עס, אָבער—ווענ עס האָט געשלאָגנ ניט א וויסטנ מידבער אַרומ, נאָר אינ א יִשעוו — אינ א יִשעוו, וואָס דערהויבט זיכ שוינ מיט קוי-מענס פונ פאַבריקנ, מיט קוימענס פונ זאַוואָדנ... דאָ איז שוינ ניט קיינ געראַנגל פונ יעכידימ. עפּשער זיַינענ דאָס געווענ די ערשטע פריִע שילוכימ פונ דוירעס, וואָס זיַינענ שוינ גרייט, אָנזאָגער פונ ציַיטנ גע-ציַיטיקטע, וואָס זיַינענ שוינ אינ די טויערנ פונ לעבנ אַריַינ...

איסאַק אונ זאַלמענ האָבנ פאַרגעסנ זייער פאַרזיכטיקייַט, די וואַכ. זיי האָבנ אינ דער שטיל אונ מעכאַניש, ווי פונ עפּעס געצווינגנ, זיכ דערנענטערט אַלצ מער אינ קרייַז אונ צוגעהערט אונ אײַנגעזאַפּט פונ דאָווידנ, ווי הייסנ אָטעמ-הויכ, א זודיקנ שטראָמ געדאַנקענ וועגנ קלאַסנ אינ דער געזעלשאַפט אונ קלאַסנקאַמפּ אינ דער געשיכטע, וועגנ העלדנ אונ מאַסנ, וועגנ יעכידימ אונ קאָלעקטיוונ...

„...אָבער די מאַסע באַקומט נאָר דאַנ א באַדיַיטונג, ווענ זי איז אָרגאַניזירט אונ שטרעבט צו א באַשטימטנ ציל".

איסאַק איז אויסגעקומענ געבנ מאַטעסנ, אונ מאַטעס האָט אימ עפּעס מיט ליבשאַפט א האַנט א גלעט געטאָנ.

„...לאַנד אונ פאָלק" דאָס זיַינענ באַגריפנ פונ קלייַנבירגער. ער מיינט, אַז לאַנד — איז א שטיבל פאַר זיכ, אונ פאָלק—איז אַנ איי-גענע, א גאַנצע געזינדל. לאַנד אונ לאַנד זיַינענ מיט טירנ אָפענע אינ דער גרויסער קאַפּיטאַליסטישער וועלט, ווי קאַמערנ אינ אַנ אַלגעמיי-נעמ קאָרידאָר. אונ פאָלק איז אינ שיכטנ אונ קלאַסנ צעטיילט אונ פאַרפרעמדט צווישנאַנאַנד, ווי... א טאָרבע אונ א פיַיער-קאַסע...

פאַניע האָט געוואָלט שטיל עפּעס באַמערקנ פעטראָוונ, אָבער ער

האָט זיכ אומגעקוקט צו דאָווידנ אונ זיכ צוגעהערט מאָדנע אופמערקזאם צום קעסיידערדיקנ געמורמל אינ זײַנ קלאָרנ הילכיקנ קאָל, ווי אַנ אָפּקלאַנג פונ א ווײַטנ שטורעם.

... די געשיכטע פונ דער מענטשהײַט איז די געשיכטע פונ די אינסטרומענטנ, מיט וועלכע דער מענטש באַקעמפט די ארומיקע נאַטור...

די צוהערער האָבנ זיכ אלצ שטילער געשאַרט נעענטער אונ נעענטער.

... דער פראָלעטאַריער, וואָס שאַפט די דאָזיקע אינסטרומענטנ, וואָס ארבעט מיט זיי איז פונ זיי עקספּראָפּריִרט, ווי... ווי א זינגער פונ זײַנ אייגענעם קאָל... ווי א זינגער פונ זײַנ אייגענעם קאָל!..—האָט דאָוויד אויסגעבליצט מיט די אויגנ. מיט האַסט אונ ברענ, אַז ער זעלבסט האָט אופגעציטערט אינגאַנצנ פונ אופברויז, האָט ער מענטשנ אונ ביימער ארום אופגערודערט מיט פײַנ אונ קלעם.

...א זינגער זאָל זײַנ אייגענעם קאָל ברויכנ אויסצולײַענ בא א באַלעבאָס, בא א פאַבריקאַנט! אונ נאָר—מיט יענעמס רעשוס, ווענ יענער וויל אונ וואָס יענער פאַרלאַנגט... א קאָל פאַרמאַשקנט, צי פאַרקויפט—איז עס דענ נאָר א מאָשל? אונ ארבעטקראַפט? אונ דער ציטער פונ מוסקולנ, אונ די בויגעוודיקײַט פונ גלידער, אונ דער שווידער פונ נערוונ, אונ דער ריטם פונ בלוטשטראָם, אונ זייער מאַטעריעלע פאַרקערפּערונג אינ אינסטרומענטנ, אינ רוישטאָפ, אינ זאַכנ — ווי־אַזוי איז עס געוואָרנ פאַרפרעמדט פונ דעמ אייגענעם, אונ פאַרייגנט צו א פרעמדנ? די גאַנצע קולטור — די מאַטעריעלע אונ די גײַסטיקע איז אינ געפענקעניש! פונ יעכידים פאַרכאַפּט אונ אונטערנ שלאָס פאַרשפּאַרט... ווער האָט אונטערגעשריבנ די וועקסלענ, וואָס באַנקירנ אונ קאַפּיטאַליסטנ האָבנ אינ זייערע פײַער־קאַסעס באַהאַלטנ— וועקסלענ אַפ דער גאַנצער קולטור — די ירושע פונ דורעס פיזישע אונ אינטעלעקטועלע האָרעפּאַשניקעס? דער פראָלעטאַריער וועט די וועקסלענ ניט אָנערקענענ! דער עקספּראָפּריִרטער פראָלעטאַריער וועט אָפּשאַפנ די טורמעס פאַר זאַכנ, וועלנ בעמיילע פאַלנ די טפיסעס פאַר מענטשנ, פאַר קעמפער, פאַר דענקער...

סלאַווע האָט זיכ קוים אָנגעשפּאַרט אָנ כאַנקענ, אונ דאָס האַרצ האָט איר געקלאַפּט נאָכאַנאַנד אונ שטאַרקער.

... מ'הערט שוין די זיכערע טריט און די געשלאָסענע רייען פֿון דעם אַרבעטער־קלאַס, — זײַנע אויגן האָבן געפֿלאַקערט און דאָס קאָל האָט געקלונגען שטאַרק און לויטער: — די מאַסע איז שוין אין באַוועגונג אַוועק אין די הויפּט־שטעט. זאָלן מיר ניט זײַן פֿון די אָפּגעשטאַנענע! אויב זיי זײַנען די ערשטע, דאַרפֿן מיר זיי זאָגן, אַז זיי זײַנען ניט די לעצטע. מיר גייען נאָך זיי. מיר וועלן אינײנעם אַרויסטרעטן אין דעם ליכטיקן טאָג, וואָס איז שוין אַזוי נאָענט!..

שטיל און שווײַגנדיק אַרום. פֿאַרגאַפֿט — מענטשן און ביימער.

— ברידער! — האָט מענדל אַרויסגעזאָגט צערוישט, און אַלע האָבן זיך מיטאַמאָל אומגעקוקט פֿון וואַנען האָט זיך עס אַ קאָל גענומען:

— ברידער, באַפֿרײַענדיק די זאַכן, ווי בלום האָט געזאָגט, וועלן מיר באַפֿרײַען די מענטשן! מיר וועלן ליז מאַכן די פֿאַבריקן פֿון באַלעבאַטים, און וועלן אויסלייזן די אַרבעטער פֿון לייד און דאַכקעס. ניט קיין איינצלנע העלדן קאָנען עס אויפֿטאָן, נאָר די גאַנצע מאַסע, וואָס הייבט זיך אָן צו אָרגאַניזירן און שטרעבט צו אַ באַשטימטן ציל — באַפֿרייען די פּראָדוציר־מיטלען פֿון אַ פֿרעמדן רעשוס, וואָס האָט קיין שײַכות ניט צו דער פּראָדוקציע גופֿא...

דאָס מאָגערע אויסדריקלעכע פּנים פֿלעגט אַ ווײַלע העל אויפֿשײַנען, און אַ ווײַלע זיך בלייכן, און ווידער אויפֿשײַנען.

די סטודענטן האָבן אַרומגעקרײַזט „דעם אַרבעטער דעם גאַרבער“ און האָבן אים די הענט געדריקט. מענדל האָט זיי אָבער גלײַך אָפּגעשטעלט.

— איין ווײַלע! — אַ פּאָר קורצע פּראַקטישע פֿראַגן... פֿאַרברייטערן די אַגיטאַציע אין דער מאַסע, אָרגאַניזירן אַ ביבליאָטעק פֿון אומלעגאַלע ליטעראַטור, די נאָענטע שטרײַקן. מאַטעס! איר האָט דאָס וואָרט... איר קאָנט ריידן ייִדיש... און, כאַיִם, גיי צו נעענטער... און כאַנקע...

דאָוויד איז געלעגן, גערויבערט און געקוקט אינדערווײַטן, ווי עס האָבן זיך נאָך פֿאַר אים געוויקלט געדאַנקען, און ווערטער זיך געקנוילט — פֿון זײַן אייגענעם אָטעם־הויך. פֿאַר זיך גופֿא, פֿאַר זײַן אייגענעם אויפֿגעשרויפֿטן געמיט, האָט דאָוויד, ווי שטענדיק, זײַן רעדע נאָך ניט פֿאַרענדיקט... וואַך צו דענקען, ערשט דערוואַכט, איז ער מיד געווען צו ריידן.

— דאָוויד, איר האָט פּעטראָוון געמאַכט פאַר אַ קליינבירגער, — איז פּאַניע קימאַט ניט צופרידן.

דאָוויד צעקנייטשט דעם שטערן. שווייגט.

— מ'וועט מיט אייך האָבן דורכשמועסן, — דערנעענטערט זיך פּעטראָוו.

— מ'דאַרף מיט איך דורכשמועסן... — באַטאָנט באַנקע, — זאָל דאָוויד זיך נעמען.

סלאָוועע שטייט אָנגעבויגן נעבן אים — שטיל און צערודערט.

— באַנקע, וווּ ביסטו? — רופט מענדל.

— אָפּגעלייגט די פּראַקטישע פראַגן! — זאָגט אַן זאַלמען. — מאַטעס איז גערעכט, דאָס וועט מען קאָנען באַטראַכטן אין אַן ענגערן קרייז...

— אויב זיי זיינען די ערשטע — זיינען זיי ניט די לעצטע! — האָט באַנקע מאָדנע אויפגעברויזט.

# XIII. אויסערן וואַלד

1

אויסערן וואַלד אַפּן בערגל צווישן דעם פעלד און דער לאָנקע האָבן מאָטל און נאָטקע שטרענג געהיט די וואַך. זיי האָבן זיך אַרומגעקוקט אין אַלע זייטן, אָבער אַזוי, אַז ס'זאָל אומבאַמערקט זיין, אַז זיי קוקן; באַטראַכט און נאָכגעקוקט אַ זעלטענעם דורכגייער, וואָהין ווער ס'פאַרקירעוועט. מאָטל האָט זיך אויסגעצויגן מיטן פּאָנעם אַרוף, האָט זיין היטל אַפּן שטערן אויסגעלייגט אַזוי, אַז ס'זאָל אים ניט באַקן דער קאָפּ און ער זאָל פונדעסטוועגן פון אונטערן קאָזירעק קאָנען אַרויסקוקן פון די אַראָפּגעלאָזטע ברעמען. אַמאָל פּלוטשט ער דורך דעם פאַרהאַנג פון די ברעמען אָנקוקן שפּריצן, פּונקען, פּאַסן קאָלירטע און רעדער רויטע, וואָס אָט פּלאַצן זיי און צעשפּאַלטן זיך און אָט גייען זיי זיך צונויף באַהעפט אין דריידל; און די שפּריצן און די פּאַסן פּלאַטערן, הוידען, ציטערן און גליטשן זיך פון אויבן אין דערלופטן, און גליטשן זיך ניט אַראָפּ... און זיי אַנטקעגן, שפּירט ער, שווערן זיינע ברעמען, פּינטלען די אויגן און בלענצלען. פאַרטראַכט ער זיך. און פאַרטראַכט מאַכט ער שטיל צו נאָטקען:

— נאָטקע, דו שלאָפסט? בא דיר זײַנענ די אויגנ פארמאכטע..
נאָטקע, אונ דרעמלסט?.. אז ס'וועט שוינ זײַנ סאָציאַליזמ... נאָטקע, הער:
ווי וועט דאָס זײַנ, האַ?

— סאָציאַליזמ... אז ס'וועט שוינ זײַנ סאָציאַליזמ...—פארטראַכט
זיכ אויכ נאָטקע, הייבט אופ דעמ קאָפּ, שפּארט עס אָנ אפּ א האַנט.

— סאָציאַליזמ — דו פארשטייסט? — צעעפנט מאָטל ברייט די
אויגנ,—קיינ באַלעבאַטימ ניטאָ, גאָר ניטאָ... קומ איכ אונ ארבעט..
קומסטו אונ ארבעטסט... אונ אז דו ווילסט ניט?..

— פארוואָס? פארוואָס זאָל איכ ניט וועלנ?.. אינ מײַנ פאבריק
ניט וועלנ!?..—בייזערט זיכ נאָטקע,—א מאָשל—דײַנע אופּטראַכטע-
נישנ... פארוואָס ניט וועלנ?..

— אַ־דע־ער — ציט מאָטל פארטראַכט — הײַנט ארבעט איכ
„סיגרינג”, אונ מאָרגנ וויל איכ נאָר ארבעטנ „האמבורג” — אריי-
בערגײַנ פונ נאסע—אפּ טרוקענע... אָדער—מיר פארגלוסט זיכ נאָר
מיטאמאָל צו ארבעטנ אינ א טאָקערײַ...

— א דײַגע איכ האָב, אז דו ארבעטסט אינ א טאָקערײַ... א טאָ-
קער איז מיר אויכ גוט... אויב דו זאָלסט דערצו מערער טויגנ... דרעי-
קער: צו וועלכער ארבעט די וועסט בעסער טויגנ... אינ-טערעס-סאַנט,
ווי וועט דאָס זײַנ...—פארטראַכט זיכ נאָטקע אונ לאָזט אראָפּ דעמ
קאָפּ אונ פארמאַכט די אויגנ.

— מאָטל, קײַנער איז ניט דורכגעגאנגענ? — פרעגט ער אינ א
ווײַלע ארומ.

— ניינ, — אײַלט צו מאָטל. — זאָג מיר, נאָטקע, ווי וועט עס
זײַנ די רעוואָליוציע? די רעוואָליוציע, אז מ'וועט דארפנ אלצ אראָפּ-
ווארפנ...

— האַ? — מאכט נאָטקע אינ פלוג אונ הייבט ווידער אופ דעמ
קאָפּ אפּ א האַנט, — דו מיינסט די רעוואָליוציע...

— דעריקער דארפ מענ דאָכ אראָפּוווארפנ דעמ גרויסנ באַלעבאָס,—
מאָטל רוקט זיכ צו נעענטער, ציט אויס די ליפּנ פאָרויס, ווי דער-
מיט וויל ער נאָכ נעענטער די ווערטער דערלאַנגענ צו נאָטקענ, אונ
שעפּטשעט שטיל,—דעמ קייסער אראָפּוווארפנ... איז ער דאָכ אינ פּע-
טערבורג: וועלנ מיר אלע סאָציאַליסטנ דארפנ פאָרנ צו דער רעוואָ-
ליוציע קיינ פּעטערבורג?

— ניינ! — זאָגט נאָטקע אָפּ נעוויס, — וואָס עפּעס פאָרנ אהינצו? יעדערער אָפּ זיינ אָרט: די פּעטערבורגער וועלנ מאכנ די רעוואָליוציע דאָרטנ, אונ מיר — דאָ... דאָ איז אויכ פאראנ וועמענ אראָפּצו-וואַרפנ...

— דעמ גובערנאטער אונ דעמ פּאָליצמייסטער... אונ דערנאָכ נע-מענ מיר זיכ פאר די פאבריקאנטנ...—זאָגט שוינ מאָטל פאר זיכ, אונ קוקט ווידער אינ הימל אריינ דורכ זיינע אראָפּגעלאָזטע ברעמענ.

נאָטקע קערט זיכ אומ מיטנ פּאָנעמ אראָפּ, גריבלט מיט די פינ-גער אינ געדיכטנ גראָז, צופּט אונ צופּט אייניציקע סאמעטענע גרעזע-לעכ אונ פארוווּנדערט זיכ, וואָס יעדע אייניציקע, אַנ אויסגעפּליקטע, בא אימ אינ די פינגער זעט אויס טונקל, אונ אלע אינאיינעמ, וואקסנ-דיק אינ קנויל, ווי האָר אָפּ א קאָפּ, זעענ אויס גרינ.

— נאָטקע! — רופט אימ שוינ ווידער מאָטל. — נאָטקע, אונ אז מ׳זאָל אונדז איצט כאפּנ — אונדז ביידנ פארנעמענ דאָ אָפּנ אָרט, וואָס וועט מענ אונדז טאָנ? פארשיקנ אינ סיביר?

— פארוואָס פארשיקנ? דו רעדסט עפּעס היינט, ווי א קינדערלע... דו האָסט, אפּאָנעמ, גוט אָפּגעבאקט דעמ קאָפּ פונ דער זונ—רעדסטו..

— וואָס ביסטו ברויגעז?

— אז דו זאָגסט: פארשיקנ... פארוואָס פארשיקנ?.. מע וועט אונדז גאָרנישט ניט טאָנ, — האקט אָפּ נאָטקע זיכער.

— וואָס הייסט גאָרנישט? אזוי ווילסטו? סאָציאליסטנ פארשיקט מענ...

— אונ וועער ווייסט דאָס? אָפּנ שטערנ בא דיר איז ניט אָנגעשריבנ, אז דו ביסט א סאָציאליסט... מיר ליגנ זיכ דאָ אָפּנ בערגל... געשפּאַ-צירט, זיכ אָנגעגאנגענ א סאכ, ליגנ מיר דאָ איצטער אונ רוענ אָפּ... אונ טאָמער וועט מענ אונדז אפילע ארעסטירנ, וועט מענ אונדז פונ טורמע דערנאָכ ארויסלאָזנ....

— „זיי” ווייסנ טאקע ניט, ווער ס׳איז א סאָציאליסט...—איז מאָטל צופרידנ: זאָלנ „זיי” זוכנ—אינ קאָפּ, אינ הארצנ בא מיר, וואָס איכ טראכט... אונ—זוכט! זו־אר־וכט!.. — אונ ער האָט צערודערט עפּעס געמומעט זוכנ אינ די הויזנ־קעשענעס, אינ רעקל אונ דערנאָכ אינ א פארגעסענער בוזעמ־קעשענע פונ וועסטל...

ער איז בלייכ געוואָרנ. ער האָט זיכ גענומענ רוקנ אונ דערנעענ-

טערנ צו נאָטקענ, האָט מיט א האנט ארומגענומענ זײַנ קאָפּ, אָנגעװענדט זײַנס אנ אויער זיכ צומ מויל אונ אימ ארײַנגערוימט:

— ובא מיר װעט מענ געפֿינענ... כ׳האָב א ביכל פֿארטראָגנ א טרײפֿנ... אז א שנײַדער זאָל מאכנ בוזעמ־קעשענעס אינ א װעסטל — פֿארגעסט מענ...

— ביסט א גוילעמ! װאָס דיר שנײַדער? — האָט זיכ נאָטקע געבײזערט: — װער גײט עס אפֿ א סבאָדקע מיט טרײפֿע זאכנ? ברענגענ מיט זיכ א פּאספּאָרט, װער דו ביסט... דו האָסט ניט געקאָנט איבערלאָזנ ערגעץ? װי איכ טו...

— פֿארגעסנ אמאָל, — מאכט מאָטל פֿארשולדיקט, — כ׳האָב געײַלט.. אונ איצטער קאָנ עס זײַנ ניט גוט פֿאר אלעמענ... איכ אלײנ װאָלט שױנ ניט אויסמאכנ: גײט מענ זיכ דורכ אינ סיביר — איכ האָב פֿאר קעלט קײנ מוירע ניט...

— װאָס האָט דיר הײַנט פֿארסיבירעט?..

— אָבער עס קאָנ עפּשער שאַדנ אלעמענ... נאָטקע! עפּשער זאָל איכ אפּגיכ אװעקגײנ פֿונדאנענ?

— אונ מיכ װעסטו לאָזנ אלײנ... נעמ װארפֿ עס ארױס! — זאָגט נאָטקע שױנ רױק. — אָדער — א שאָדנ! באהאלט ערגעץ ביזװאנענ מיר זײַנענ דאָ, אונ אז מירנ גײנ אהײמ, װעסטו דאָס צונעמענ אונ אװעקגײנ — שױנ אלײנ... טו א שפּרונג צומ פֿעלד, אונ אינ א בײט פֿארשטעק, אָבער מאכ א סימענ — דו זאָלסט װיסנ װו צו זוכנ נאָכדעמ...

— אונ עפּשער אונטערנ קוסט? איכ װעל א קוק טאָנ, — לײגט פֿאָר מאָטל.

## 2

װײַט ארומ האָט מענ קײנעמ ניט געזענ. זײַנענ בײדע האסטיק אװעק צומ קוסט. אז זײ האָבנ זיכ דערנעענטערט, האָבנ זײ דערזענ, אז אײגנטלעכ זײַנענ דאָ צװײ קוסטעס, מיט א שמאָלנ שטעגעלע צװישנ זײ, װו מ׳האָט געקאָנט דורכגײנ אײנציקװײַז אונ זײַטיק. איז מאָטל אװעק אנ ערשטער. אינ א פּאָר טריט ארומ האָט ער דערזענ דעמ צעװאָקסענעמ בוימ, װאָס האָט זיכ דערהױבנ מיט א פּלאָנטער פֿונ געדיכטע צװײַגנ איבער די קוסטעס. אפֿ די דיקע, אויסגעקרימטע אונ צעשפּרײטע װאָרצלענ, װאָס האָבנ דאָ אונ דאָרטנ פֿונ דער ערד

אויסגעשטארצט, ווי ברייטע שטיקער קנאָכן פון אונטער א צודעק — איז צונויפגעדרייט, הענט און פיס און קאָפ צוזאַמען, געלעגן און גע־דרימלט מענאשקע דרייפוס. מאָטל האָט זיך אויסגעדרייט און דער־שטויסן א קוק געטאָן אָפ נאָטקען.

אופגערודערט, האָט מאָטל בייז זיך אָנגעוואָרפן אָפ מענאשקען, האָט מיט א שוך אים א שטויס געטאָן אין די ווייכע ערטער:

— דו! וואָס טוסטו דאָ? וועלכע שיידים האָבן דיך אָנגעטראָגן אהער?

מענאשקע האָט דערשראָקן צעעפנט די אויגן, האָט זיך האסטיק אופגעזעצט און ארומגעקוקט, און האָט זיך צעשמייכלט.

— וואָס לאכסטו?—האָט זיך מאָטל נאָך מער צעבייזערט, — וואָס טוסטו דאָ?

— מאָטל, וואָס טוסט דו דאָ?

— איך? — האָט מאָטל שטרענג איבערגעריסן: — איך שפּא־ציר... דו פארשטייסט וואָס איך זאָג... איך שפּאציר דאָ: און דו?

— איך שפּאציר נאָך... כ'גיב אכטונג, ווי שפּאצירט איר דאָס ארום... — האָט מענאשקע זיי געדרייצט.

— אכטונג געבן!? אָפ מיר? אָפ אונדז? — מאָטל האָט א שליי־דער געטאָן מיט א צונויפגעדריקטן פויסט, נאָר נאָטקע איז גראָד ארויסגעשפּרונגען פאָרויס, האָט מיטן פוס א זעץ געטאָן אין דיקן וואָרצל פון בוים און האָט זיך צעשריִען:

— דרייפוס, אוועק פונדאנען! גלייך טראָג אָפּ דיינע זעקל ביינער... וואָרעם מירן דיר די אנדער פוס אויכעט אויסדרייען... נאָכגיין?... אויסקוקן?!.

מענאשקע האָט זיך שוין לאנג אופגעשטעלט, איז קרום געשטא־נען אָפ ביידע פיס און געבלענצלט מיטן ביידע אויגן:

— נאָטקע, הער אויס — איכל דערציילן... הער. נאָטקע...

— איך וויל גאָרנישט הערן, — האָט זיך מאָטל געהיצט, — הערן אים? מ'דארף אים פריִער די ציין אויסשלאָגן, און דערנאָך זאָל ער דערציילן...

— איך בין פאר אייך...—האָט מענאשקע געשטאמלט,—נאָטקע, האלט אים אופ א ווײַלע, מאָטלען — ער איז דאָך א ווילדער... כ'בין פאר אייך...

— וואָס פאר אײַכ? ווער בעט אים זײַנ פאר אונדז?.. — האָט מאָטל געטײַנעט צו נאָטקענ, — זאָג מיר, וואָס איז דאָס? ווי קומט ער אהער? איכ וויל אים די פיס אויסדרייענ!.. ער זאָל ניט נאָכגיינ אומעטום — אזא ליידיקגייער.

נאָטקע האָט מיט דער לינקער האנט אָפּגערוקט מאָטלענ און מיט דער רעכטער האָט ער פעסט אָנגענומענ מענאשקענ פאר א קליאפּע פונ רעקל, גרייט יעדע ווײַלע אופצוהייבנ אים, און אופהייבנדיק, אָפּשלײַדערנ אים אפ מײַלנ ווײַט...

— איכ זאָג דעם עמעס, — זאָגט מענאשקע, — איכ בינ נאָכגעגאנגענ נעכטנ...

— נעכטנ! — האָט זיכ מאָטל אָנגעוואָרפנ. מענאשקע האָט א ציטער געטאָנ.

— איכ דערצייל דעם עמעס. זאָל ער שווײַגנ... נעכטנ בינ איכ נאָכ אײַכ נאָכגעגאנגענ, איר האָט ניט געזענ, נאָכגעגאנגענ שטילינקערהייט, איכ זאָג דעם עמעס...

— פארוואָס ביסטו נאָכגעגאנגענ? זאָג, פארוואָס — ניוועזשקע איינער! — האָט מאָטל ווידער איבערגעריסנ מיט צאָרנ.

— ווײַל איכ האָב אײַכ דערזענ אינ קארפּאטינקע אזוי פרי, און איכ האָב פארשטאנענ נאָכ אײַכ, אז איר זוכט עפּעס א באהאלטענעמ ערטל... זאלבעדריט זײַט איר געגאנגענ — אלטער איז אויכ מיט אײַכ געוועננ...

—אוי־או! — האָט מאָטל זיכ אָפּגעקערט, קרעמפּנדיק מיט די פויסטנ.

— וויבאלד א באהאלטענעמ ערטל זוכט איר, האָב איכ געמיינט, אז דאָ איז עפּעס — מיט א מיידעלע... איר ווילט באדריט פארפירנ אינ ערגעץ א מיידל...

— טפו, זאָל ער ווערנ! — האָט מאָטל אויסגעשפּיגנ.

— נו, גיכער, ווײַטער! עפּשער גאָר?—האָט נאָטקע אים געיאָגט.

— וויבאלד א מיידעלע, האָב איכ גענומענ טשיקעווענ... און הײַנט — איכ זאָג דעם עמעס, האָב איכ אײַכ שוינ געטשיקעוועט פונ דער היים אָנ. זע איכ, אז בא אײַכ איז עפּעס ניטאָ גאָר קיינ מיידל... האָב איכ שוינ געוואָלט אוועקגיינ — מײַנע דײַגעס... ערשט: איכ דערזע — די סטודענטנ גייענ — איז — עפּשער טשיקעוועט איר אפ

די סטודענטנ מיטנ מיידל?.. דערזע איכ דערנאָכ — דאָוויד גייט... נו, בלומ, דאָוויד דער געקרײַזלטער מיט זײַנ מיידל, מיט דער גינזבורג, אונ מיטאמאָל—גייט מאטעס דער אײַנבינדער, כאַיִמ ראָכלס אונ באָרעכ, איסאק — די גאנצע כעווריע, אלע... האָב איכ שוינ פארשטאנענ, אז דאָס איז — אנדערע זאכנ...

— וואָס פאר א כעוורע? וואָס האָסטו פארשטאנענ? וואָס פאר א אנדערע זאכנ? — איז מאָטל נאָכ מער צערייצט.

— דו מיינסט, איכ פארשטיי ניט?—האָט מענאשקע פאריבל,—דו אלײנ ביסט דער פארשטייער... כ'פארשטיי אויכ... די זאכנ, וואָס... אנטקעגנ קייסער... וואָס סטודענטנ ווילנ... אונ ארבעטער ווילנ איצטער...

— דו פארשטייסט ניט, אונ דו האָסט גאָרנישט ניט פארשטאנענ... דו הערסט?—טײַנעט מאָטל,—דו האָסט גאָרנישט ניט געזענ אונ קיינעמ ניט געזענ! — שרײַט ער אויס מיטאמאָל: דו ביסט בלינד, אונ דו זאָלסט זײַנ אויכ שטומ!.. — אונ, ווענדנדיק זיכ האסטיק צו נאָטקענ, מאכט מאָטל היציק, — מ'דארפ אימ פארט געבנ איבערנ קאָפ! וואָס טויגנ דאָ די קונצנ? פארלאָזנ זיכ אפ אימ...

— דו האָב ניט קיינ מוירע...—מאכט מענאשקע,—קיינ מוירע האָב ניט פאר מיר... איכ זע אונ הער אונטער אונ כ'ווייס מער פונ דיר, אונ איכ מאכ א שווײַג... ס'וועט קיינעמ ניט שאָדנ פונ מיר...

— ניט שאָדנ?..—האָט אימ נאָטקע א ריס געגעבנ פארנ קליאפע אונ שטארק א טרייסל געטאָנ: דו מיינסט מיט אונדז שפילנ קאָטאָוועס: שאָדנ, ניט שאָדנ...

— הא-א? האָסטו שוינ וועמענ געזענ?.. — האָט אימ מאָטל אָנגעכאפט פעסט פארנ אקסל,—דו וועסט פלאפלענ? געזענ דאָווידנ, געזענ איסאקנ, געזענ... מירנ...

— האָב איכ קיינעמ ניט געזענ... לאָז צורו. נאָר איר דארפט ניט מוירע האָבנ... מענאשקע ניט אָפ די אנדערע פוס, די געזונטע, אויב פונ מיר צי איבער מיר וועט עמעצנ שלעכטס ארויסקומענ! וועמענ זאָג איכ דאָס, אז איכ האָב געזענ דאָווידנ... איכ וועל אימ אלײנ פארהיטנ, אזא טײַערנ באָכער! מײַנ קאָפ וועל איכ אוועקלייגנ פאר אימ, פאר זײַנס א האָר זאָל ניט געמינערט ווערנ... אזא טײַערער מענטש!

מאַטל און נאַטקע האָבנ אַ װײַלע אָנגעקוקט זײַנ ערנסט צערודערט פּאַנעמ, די אױגנ, װאָס זײַנענ איצט פֿײַכט געװענ, און זײ האָבנ אימ אָפּגעלאָזט.

— מענאַשקע, װענ װעסטו שױנ װערנ אַ מענטש? אַנ אַרבעטער? שטעל זיך אַרבעטנ און גענוג דיר האָלדרעװענ...

— אַז איך בינ אַ קראַנקער...—האָט מענאַשקע פֿאַרדראָסיק געזאָגט.

נאַטקע מיט מאַטלענ האָבנ זיך אַ װײַלע שטומ אָנגעקוקט אײנער דעמ אַנדערנ, װי דורך די בליקנ זיך מעיאַשעװ געװענ.

— אַנ אָפּגאָב דאַרפֿ מענ אימ דערװײַל געבנ!..—האָט אימ מאַטל אַ שטעק געטאָנ מיט אַ האַנט אינ ברוסט: זאָל ער װיסנ, אַז מיר האָבנ הענט... און װי װאָס, באַקומט ער בײַ אונדז בײַדע מעזומאָנימ... מענאַשקע, געדענק דאָס גוט!

— איצטער טראָג זיך אָפּ!.. — האָט נאַטקע שטרענג אַ זאָג געטאָנ און דערבײַ אימ אָפּגעשטױסנ פֿונ זיך — זאָלסט אונדז מער ניט טשײַקעװענ... טשיקעװע דיר דײַנע מײדלעך... געדענק: דו האָסט גאָרנישט ניט געזענ... און אױב נאָר אַ פּיפּס, ביסטו פֿאַרטיק מיט די פּאַטרעכעס — אָנ קונצנ... און פֿאַרגעס אַלצ...

— כ'האָב שױנ לאַנג פֿאַרגעסנ...—מאַכט מענאַשקע נעבעכדיק, — מײַנע דײַגעס... איך האָב דאָ נאָר אַ דרעמל געכאַפּט — זײער אָנגעמאַטערט זיך אַפֿנ זונ איבער אײַך...

ער איז אַװעק צװישנ די קוסטעס, אײנ פֿומ געשטעלט פֿעסט און דאָס אַנדערע געדרײט אינדערלופֿטנ, פֿונ די קוסטעס אַרױס, האָט ער זיך צוגעשטעלט.

— איר זאָלט אױך פֿאַרגעסנ. איך בינ דאָ גאָרניט געװעזנ... און אָנ מוירע...

ער איז שנעל אַװעק מיטנ לאַנקע, שטאַרק באַװעגט די שמאָלע אַקסלענ און שװער אומגעװאָרפֿנ מיט די הענט, װי ער װאָלט אינ טיפֿע װאַסערנ גענומענ רודערנ, צו שלעפּנ זײַנ קראַנקע פֿוס.

3

מאַטל און נאַטקע האָבנ אַ װײַלע צוגעקוקט שטומ װי ער דערװײַטערט זיך.

— עפּשער ניט באדארפט אימ אָפּלאָזנ — אָפּהאלטנ אימ כאָטש דערווײַל... ביז מ'וועט ענדיקנ דאָרטנ...— האָט זיכ מאָטל א כאפּ געטאָנ אונ גענומענ יאָגנ.

— ע־ע...— האָט נאָטקע א מאכ געטאָנ מיט דער האנט, — מאָטל, גיי צוריק!

— נו, גיינ באהאלטנ? — האָט מאָטל זיכ גענומענ פאר זײַנ בוזעמ־קעשענע.

— ניט קעדײַ שוינ...— האָט נאָטקע לײַכט געפּאסקנט, — ער האָט פונ דער וועסטל־קעשענע ארויסגענומענ זײַנ זייגערל, — שוינ שפּעט, מע ענדיקט שוינ געוויס... קומ.

זיי זײַנענ צוריק ארויס אפנ בערגל. פארנומענ מיט מאכשאָוועס יע־דערער אפ זײַנ שטייגער, האָבנ זיי ארומגעשפּאנט יעדערער באזונדער. שטילער גלאנצ האָט זיכ געשפּרייט אונ געווייט אינ דער לופט ארומ. פעלד אונ לאָנקע האָט זיכ יונג אונ פריש אינ קאָלירנ געהוי־דעט. אונ וואלד אינ דער זײַט, אינ עלטער באבערדיקט, האָט וואכ גע־האלטנ, מיט מאכשאָוועס אָנגעלאָדנ.

נאָטקע האָט אנ ערשטער זיכ צוגעזעצט. איז מאָטל צו אימ צוגע־גאנגענ:

— טרעפ, וועגנ וואָס רעדט מענ דאָרטנ הײַנט: וועגנ סאָציאליזמ צי וועגנ רעוואָליוציע? איכ וועל שוינ ארײַנגיינ צו כאנקענ, וועט זי מיר אלצ איבערזאָגנ...

— איכל גיינ צו זאלמענענ — ער האָט א גוטנ זיקאָרנ...

פונ וועלדל האָט זיכ באוויזנ אלטער, האָט צו זיי גענומענ ווינקענ. זיי האָבנ צו אימ צוריק געווינקט אונ די הענט צעפּירט, געוויזנ, אז ס'איז קיינער ניטאָ. אלטער האָט דעמלט שטארק א הוסט געטאָנ, אונ פונ אהינטער אימ האָבנ זיכ באלד באוויזנ דאָנ אונ מאטעס. אָפּגעיי־ענדיק פונ וואלד א ביסל אינ דער זײַט, האָט שוינ דאָנ די הענט פאר־לייגט אהינטער זײַנ לאנגנ סורדוט, אונ מאטעס האָט א האנט פארלייגט אינ קעשענע פונ ראָק, אונ מע איז צוזאמענ אוועק, געלאסנ אונ געמיטלעכ געשמועסט.

— אָט איז דיר א נײַע טוירע אָנגענומענ הײַנט...— שמייכלט דאָנ.
— נײַע צײַטנ, נײַע טוירעס... א טוירע איז דאָס א גרויסע... —

מאַכט מאַטעם ערנסט, — אַ טוירע אָפּ צו קלוג זײַנ! — טוט ער אַ פינקל מיט די אויגנ.

א ווײַלע נאָכ אַ ווײַלע זײַנענ אַלצ נײַע פּאָרלעכ ארויס פונ וואַלד פאַרבײַ אַלטערנ, וואָס פלעגט זײ, קענטיק, אָנשעפּטשענ, וווּהינ זיכ ווענדנ.

— די עלטערע לאָזט מענ אדורכ פריער...—באַמערקט מאָטל.

— אונ אָט גייענ שוינ די סטודענטנ,—ווײַזט אָנ נאָטקע.

אינ א לאַנגער ווײַלע ארום, נאָכ דאַווידנ מיט סלאַווענ אונ כאַנקענ, האָבנ פונ וואַלד מיט א ליאַרעם זיכ ארויסגעשאָטנ מיטאַמאָל זאַלמענ, מענדל, איסאַק, באָרעכ, ליזע, אונ כאַיִמ, אונ נאָכ אונ נאָכ מונטערע אונ האָפערדיקע.

— אַלע? — האָט אַלטער געפרעגט.

— אַלע. קומ אויכ.

זײ אַנטקעגנ זײַנענ געלאָפנ מאָטל אונ נאָטקע — צופרידענע אונ פריילעכע.

— כעווריע, צעטיילט זיכ אינ באַזונדערע וועגנ,—האָט מענדל מיט שמייכל געוואָרנט.

## XIV. זובאַטאָוו

### 1

איסער איז געווענ פינקטלעכ, איז געקומענ צו דער אָפּגערעדטער צײַט, אונ דאָס האָט גלײַכ א גוטנ אײַנדרוק געמאַכט אָפּ דאַווידנ. פינקטלעכקײַט, האָט ער געמיינט, איז: ערנסט, זעלבסטווירדע אונ— א סימענ פונ א שטאַרקנ ווילנ.

דאַוויד האָט אים פונדערווײַטנס נאָכ אָנגעקוקט שאַרפ אונ דורכדרינגענדיק, ער האָט אים א האַנט דערלאַנגט, אונ א היפּשע ווײַלע אָפּגעוואַרט שטיל אָנ ווערטער, אונ ווידער אָנגעקוקט אונ באַטראַכט—זײַנ אויסזענ, זײַנ הילעכ אונ זײַנע מאַנירנ, ווי ער וואָלט אים אומבאַקאַנט געווענ. אָט די שטענדיקע טעווע זײַנע קווידעמקאָל צו באַטראַכטנ א מענטשנ אויסערלעכ, ווי א שאַרבלאַט פונ א בוכ, האָט זיכ איצט אַנטפּלעקט נאָכ בולטער, אונ איסער האָט גלײַכ דערפילט, אַז „מע שטודירט אים". האָט ער שטיפעריש-פריילעכ צעקנייטשט זײַנ פּאָנעם אינ

שמייכל אונ האָט זיכ ארומגעדרייט אינ צימער מאָרגנס צופרידנ: „אזוי, אזוי... גאנצ גערעכט... מ'דארפ זיכ צוקוקנ“.

— גו, זעצט זיכ! — האָט דאָוויד צולעצט אָנגעוויזנ אפ א שטול.

— וואָס, געענדיקט? — האָט איסער געשמייכלט, אונ זיכ ניט געזעצט.

— וואָס געענדיקט? — האָט דאָוויד דערשטוינט געפרעגט.

— ארומקוקנ מיכ... — האָט יענער זיכ אפנ צעלאכט.

— הא־א — האָט דאָוויד אויכ צוגעשמייכלט, האָט זיכ גערויטלט צעטומלט, אונ האָט באלד דערפילט נאָענטקייט צו זיינ אייגנאַרטיקייט.

— וואָס איז די אוולע? — האָט איסער געלאכט, ארויסגעשטעלט פרייליכע ווייסע ציינ צווישנ די דינע ליפנ.—הײנטיקע צייטנ איז א מענטש... מענטשנ זײנענ מאטעריאל... מאטעריאל צי געצייג אינ דער ארבעט... אונ מאטעריאל אונ געצייג דארפ מענ אפריער באטראכטנ, איידער מ'נעמט זיי צו דער ארבעט...

דאָוויד האָט אופגעהויבנ די אויגנ, האָט זיכ איינגעטראכט אינ די ווערטער אונ זיכ צוגעהערט צו א שטימ א פעסטע אונ איבערצייגט-באגײסטערטע.

— אינ דעמ פאל איז עס ניט גאָר אזוי — איר זײט שוינ גיט קיינ מאטעריאל, אונ איכ בינ ניט... קיינ מײסטער... — האָט זיכ דאָוויד צעלאכט.

— איכ אפ אײַכ קוק אויכ אזוי, — האָט איסער גוטמוטיק געשמייכלט,—וואָס פאר א מאטעריאל זײט איר... ניט דערפאר, וואָס איכ האלט זיכ פאר א מײסטער, אונ אײַכ—פאר דאָס מאטעריאל... יעדערער פונ אונדז איז א מײסטער, אויב ער שטייט ניט פונדערווייטנ, נאָר ער שטייט הארט באמ ראָד אונ דרייט איר די ראָד... אוט מיר זײנענ אויכ די שרויפנ אונ די פרענטלעכ אינ דער ראָד,—האָט ער זיכ צעלאכט, — שוינ א פאָר יאָר, זינט מיר האָבנ זיכ געזענ...

דאָוויד האָט געשמייכלט, ווײל איסער האָט געשמייכלט, ווײל זײנע קלוגע אויגנ זײנענ אזעלכע גוטע, לוסטיקע אונ היציקע. זײנ טונקל מאָגער פּאָנעמ מיט די אײנגעדארטע באקנ זײנענ ווי פונ שטאָל אויסגעגאָסנ אינ אנטשלאָסנקײט.

— דער אונטערשייד איז,—האָט ער אינ א ווײלע ארומ צוגעגעבנ,— וואָס איכ — אײַכ דארפ ניט לאנג באטראכטנ... ער האָט אפנ

געשמייכלט—איכ ווייס אלצ וועגנ אײַכ, קימאט אלצ... אָבער איכ—קומ ערשט פונ זובאטאָווינ — מוז מענ א טאָפּ טאָנ... וועגנ אײַכ האָט כעוורע דערציילט, די האָדעוואַנקעס אײַערע, אונ גוטע האָדעוואַנקעס! טײַערע כעוורע! אונ איכ קענ אײַכ פונ אמאָל — כ'געדענק: איר האָט דאָ די ארבעט אָנגעהויבנ, געשאַפנ א גאַנג.

ער האָט א ווײַלע ארומגעשפּאַנט איבערנ צימער—א הויכער, א שטאַלטיקער, מאָגער, אונ לײַכט אינ די באַוועגונגענ, אונ שטארק אונ פעסט אינ זײַנע געמאָסטענע טריט.

— מיר דערציילט אויכ כעוורע וועגנ אײַכ...—שמייכלט דאָוויד.

איסער האָט זיכ אָפּגעשטעלט אנטקעגנ דאָווידנ:—נו, געווים—איכ פארשטיי... פאר די פּאָר וואָכנ, וואָס איכ בינ דאָ, האָב איכ זיכ גענונג אָנגעהערט. כעוורע גייט צו מיר. כעוורע וויל זיכ אויסלערנענ בא מיר, וויאַזוי מע זיצט אינ טורמע... כא־כא... מאָטל האָט שוינ א גרויסע פּולע פונ מיר: זיכ אויסגעלערנט דעמ טורמע־אַלעפבייס, וויאַזוי צו קלאַפּנ אינ וואַנט, ריידנ דורכנ וואַנט... איכ בינ דאָ איצטער א רעבע געוואָרנ—בא מיר איז א גאַנצער כײידער. נאָטקע הייבט אָנ אלע טאָג פונ אָנהייב: „וויאַזוי זיצט מענ דאָס אויס אינ טורמע א יאָר צײַט, מער פונ א יאָר?" מאָטל פרעגט: —„אז מע נעמט דיכ אָפּ פארהער, מ'פרעגט דיכ אויס—דארפ מענ עפּעס זאָגנ—לײַגנ? צי שווײַגנ? אָדער זאָגנ דעמ עמעס, אונ טו עפּעס"... אלע טאָג קומט מענ — טײַערע כעוורע! נאָר איר, דאָוויד, גייט ניט צו מיר. נאָר איינמאָל ארײַנ, קלויי-מערשט פארבײַגייענדיק, אָפּגעגעבנ „שאָלעמ" אונ ניט פארבראַכט מיט מיר... גוט... גוט, וואָס איר גייט ניט...

— יע, אײַער שוועסטער זלאַטקע האָט מיר נאָכ אמאָל געזאָגט, אז איכ האָב מיט אײַכ סוידעס...

— א י ר, —האָט איסער באַטאָנט,—דארפט ניט גיינ צו מיר... אָט זענ מיר זיכ איצט... אונ וווּ איז עפּעס ראָכל?

— ראָכל איז אוועק אונ געלאָזנ אונדז די שטוב אפ צוויי שאָ צײַט—וועט אײַכ גענוג זײַנ?

איסער האָט געקוואָלנ.

— איסאַק אונ זאַלמענ אינטערעסירנ זיכ שוינ אינ עפּעס אנדערש. וואָס מיינט זובאַטאָוו? צי האָב איכ אימ געזענ פּערזענלעכ? אונ איכ האָב טאַקע זויכע געווענ, דרײַ מאָל אימ געזענ, נאָר דאָס איז געווענ

שוינ גאָר צולעצט, פריִער האָט מענ מיכ געלאָזט גוט אויסוואַרטנ... לאַנג געוואַרט... פאַרנומענ האָבנ אונדז אָנגעפאַרענע שפּיקעס, ניט קיינ היגע. זיצנ מיר אינ טורמע אונ מע רעדט ניט מיט אונדז, וואַלגערנ מיר זיכ... שטעלט זיכ אַרויס, אַז מיר געהערנ ניט צו דער היגער זשאַנדאַרמעריע, מע דאַרפ אונדז פירנ קיינ מאָסקווע... אונ דאָרטנ האָט מענ אונדז צעזייט אונ צעשפּרייט: אייניציקווייז ווי אַ פּאָליציי-צירקל אונ ווי עפּעס אַ שטיינ... וואַלגערט מענ זיכ ווידער. עקסטרע — צו ברעכנ אונדזער אקשאָנעס, צעברעקלענ אונדזער ווילנ... זאָל אַ מענטש צעקראָכנ ווערנ... גיט אַ פּאַפּיראָס... איכ רויכער ניט, נאָר לאָז גיינ אַ רויכ... א-א... — האָט איסער מיטאַמאָל קרענקלעכ, צעבראָכנ צוגעגעבנ.

2

איסער האָט דעמ פּאַפּיראָס מיט אַ שוועבעלע געצונדנ — אינדערלופטנ, אינ דער האַנט האַלטנדיק, גענומענ אימ דערנאָכ אינ מויל אַרײַנ, זיכ צעקרימט, אונ מיט אַ צווייטער שוועבעלע גענומענ אימ ווידער צינדנ אינ דער האַנט, אונ געוואָרפנ.

— דערפונ וועט גאָרנישט ניט אַרויסקומענ — זאָל זײַנ ניט גערייכערט... מע האָט מיכ געוואָרפנ אונ געשלײַדערט, ווי אינ אַ קאַפּאַקאַל: פונ פּאָליציי אינ טורמע, פונ טורמע אינ עטאַפּ, ווידער אינ פּאָליציי, דערנאָכ — ערגעצ אינ אַ געפּענקעניש, מיט שטאַבעלעס האָלצ אָנגעשטעלט אױפֿנ הויפ, ווי אַ האָלצ-לאַגער, אונ ווידער אינ אַ צירקל — מיט שיקורימ, גאַס-מוידנ, גאַנאָווימ, אָדער אַלײנ — מיט מײַז אונ וואַנצנ... אונ ניט גערעדט, ניט געפרעגט, גאָרניט — שלאָג זיכ קאָפּ אָנ וואַנט... אַ קלאָרער מיינ: צומאָלנ אױפּ שטויב... אונ דאַנ — פירט מענ מיכ צו אימ... איכ האָב מיכ פאַר זיכ אַלײנ דערשראָקנ, ווענ איכ האָב זיכ אינ שפּיגל דערזענ בײַ אימ אינ קאַבינעט, בײַ זובאַטאָװנ: ווי אַ שאָטנ אױפּ דער וואַנט... אונ — אַרײַנגעפאַלנ ווי פונ גענעמ אינ אַ גאַניידנ: ניט קיינ קאַנצעליאַריע, ניט קיינ קאַזיאָנע הויז — אַרומ אַ היימלעכע סוויווע, באַלעבאַטיש-געמיטלעכ... אונ דעריקער — ביכער, אָפּענע אונ פאַרמאַכטע שראַנקנ מיט ביכער, ווי אינ אַ קאַבינעט פונ אַ דאָקטער...

דאַוויד האָט זיכ געקנייטשט, געקרימט, זיכ אָנגעהאַלטנ אָנ ווענטל פונ אַ שטול.

— ווי בא א פּראָפעסער — פול ביכער ארומ. קוקט מענ זיכ ארומ א היפּשע ווײַלע, וואָרעמ מע האָט מיכ געלאָזט לאַנג ווארטנ, זיכ אָנבידעשנ, באַדענקענ זיכ.. אַפּאַנעמ, אלצ אויסגערעכנט אַפּריִער. צולעצט אונ אומגעריכט, באַווײַזט ער זיכ — א זײַדענער יונגערמאַנטשיק... זורבאַטאָוו! — לאָזט ער זיכ באַקענענ. רײַסט מענ אויפ די אויגנ: ניט קיינ זשאַנדאַר, ניט קיינ פּאָליציִמאַנ אונ ניט קיינ טשינאָווניק, אָנ בענדלעכ, אָנ קאַנטנ, אינגאַנצנ גלאַטיק. א באַלעבאַטישער יונגערמאַנטשיק, א דאַרינקער, א פּליִנקער, אינ א געוויינלעכנ רעקל, אינ פּענסנע, אונ אזא העפלעכער...

— זיצט! וואָס מאַכט איר? ווי איז אײַכ געווענ בא „זײַ" אינ פּאָליציי־צירקל? בא „זײַ" איז אייגנ כאַזערשטאַל פאַר אַלעמענ גלײַכ: פאַר שיקורימ אונ באַוווּסטזיניקע, אינטעליגענטנע אַרבעטער... אונ איכ קאָנ זײַ אינ קאָפּ ניט אַרײַנשלאָגנ, אַז מיט באַוווּסטזיניקע לײַט, מיט אידײַישע מענטשנ דאַרפ מענ זיכ נאָר אַנדערש האַלטנ, גאַנצ אַנדערש באַהאַנדלענ... אכטונג דער אידיי!.. איז עס א פאַרגרײַזטע, א פאַרפירנדע אידיי, דאַרפ מענ דעמ גרײַז אויפדעקנ, קלאָר מאַכנ, איבערצײַגנ, אָבער ניט איזדעקעווענ זיכ...

— וואָס זאָגט איר עפּעס צו אזעלכע דיבורימ? —

...איר האָט דאָכ געווים גענוג אויסגעליטנ — איכ ווייס. נאָר, אדרעבע, זאָגט מיר נאָר קאָנקרעט, וואָס האָט אײַכ געקלעמט, וועל איכ גלײַכ הייסנ, מ'זאָל עס אומענדערנ, „אָפּשאַפנ"...

ווענ מע זאָל זיכ אָפּ א ווײַלע נאָר אָפּלאָזנ אונ פאַרגעסנ, קאָנ מענ, באַלילע, מיינענ, אַז מע זיצט עס, לעהאַווידל, מיט אַנ עלטערנ רעוואָליוציאָנער, אָדער לעפּאָכעס מיט א מיטפילנדיקנ, וואָס האָט א „יאַד" אינ יענע קרײַזנ אונ וויל זיכ אָננעמענ פאַר „אידייענ־מענטשנ", פאַר באַוווּסטזיניקע אַרבעטער... אָט איז מעט אײַכ מעכאַבעד מיט א גוטנ פּאַפּיראָס — רייכער איכ ניט, איז א גלאָז טיי געווים, עפּשער קאַווע, אָדער מיסטאָמע צוביײַסנ... מ'בעט זיכ, מ'כאַנפעט, מע שמייכלט צו...

איסער האָט אַדורכגעשפּאַנט איבערנ צימער, אַהינ אונ צוריק, אונ האָט מיט כוויזעק געשמייכלט אונ געשאָקלט זײַנ אומרויִקנ קאָפּ.

— א כיטרער יונג! — האָט ער זיכ אָפּגעשטעלט אַנטקעגנ דאָווידנ אונ מאָדנע שטיפעריש צוגעווינקט מיט זײַנע קלוגע אויגנ: א קלוגעטשקער — א שרעק! א יונגערמאַנטשיק נאָכ, אונ א דורכגעטרי־

בענער! פלאָנטערט אונ דרייט, וויל מיט די רעוואָליוציאָנערנ מאכנ קלוימערשט כאווערלאפ, אויספלעכטנ זיי אינ אזא פלעכטל, אז ס'זאָל פאר אים א לייטער ווערנ ארופצושטייגנ אונ ארופצוקלעטערנ העכער אונ העכער אפ זיינ שטעלע.

— א סאך האָט איר מיט אים פארבראכט? — האָט דאָוויד א פרעג געטאָנ מיט א קרענקלעכ צעקרימטנ פאָנעם, פול פארדראָס אונ מיטלייד אזוי פרעגט מענ זיכ נאָכ בא איינעם, וואָס האָט געהאט אויסצושטיינ א שווערע אונ געפערלעכע אָפעראציע.

— פאר מיר איז געווענ איבערגענוג... דריי מאָל — כ'האָב אייכ געזאָגט. אונ יעדעס מאָל — באאריכעס, ער האָט זיכ גענונ מאטריִעכ געווענ... דאָס ערשטע מאָל מיכ אָפגעהאלטנ א טאָג פונ 12 ביז 10 אָוונט; דאָס צווייטע מאָל — א נאכט א גאנצע, פונ 8 אָוונט ביז 4 באַגינענ. אז איכ ביכ פונ אים צוריקגעגאנגענ אינ צירקל מיט די צוויי גאָרדאָוויעס בא די זייטנ, האָב איכ עמעס האנאָע געהאט, זיכ'אָפגעלעבט אונ אָפגעפרישט אינ דעמ שטילנ, לויטערנ אונ רויִקנ באגינענ. א מעכייע! זומער. ליכטיק. גאסנ שטילע, ליידיקע, הייזער, קראָמענ — רויִקע, דרימלענ. אפ איינ גאס, — דוכט זיכ טווערסקאיא רופט זיכ, — האָבנ א פאָר עלנטע גאסנ-מיידלעכ מיכ אָנגעקוקט מיט ראכמאָנעס. איינע א יונגע א שטיפערישע איז צוגעלאָפנ צו מיר מיט א הויפנ פאַפיראָסנ: „נעמ רייכערנ"! האָב איכ זיכ צעלאכט... די גאָרחאָוויעס האָבנ זיכ דערשראָקנ אונ זי אָפגעטריבנ... „א סטודענט!" — האָט זי דערמלט ארויסגעזאָגט. דאָס האָט זי געמיינט: ניט עפעס א בראָדיאגע, נאָר — א פאָליטישער... זי האָט עס אפאָנעמ אויסגעדרונגענ דערפונ, וואָס די גאָרחאָוויעס האָבנ זיכ דערשראָקנ, ווענ זי האָט זיכ דערנעענטערט... אפ נאָכ א גאס האָט זיכ א שיכער אָפגעשטעלט אנטקעגנ אונדז, געמורמלט פאריבלדיק אונ בייז געטייִנעט: „איי, שלימאזלדיקע „פאראָנעס"! קיינ רו איז גאָר פאר אייכ ניטאָ"... ניט פאָטער צו ווערנ פונ אייכ... אינ אייערע מאמעס! אונ אינ אייערע טאטעס פערעטאטנס פארבייסנ!"... איז מיר אזוי גוט געווענ אפנ הארצנ! אנ זופענע גאס, לעבעדיקע מענטשנ, אונ צאפלדיקע ווערטער... אזא טייערער באַגינענ! כ'האָב אזוי פריי אונ ברייט געאָטעמט אונ כ'האָב געוואָלט זינגענ, שפרינגענ, טאנצנ... איכ געדענק עס, ווי איצט — כ'האָב עטלעכע מאָל אינ פלוג אזוי דאָס מויל געעפנט אונ געוואָלט אָנזאָגנ אינ

די גאסנ... אָנקלאַפּנ אינ די שטילע פאַרגליווערטע פאַרטאָגיקע פענצטער — אָנקלאַפּנ אונ אָנזאָגנ די, וואָס שלאָפּנ דאָרטנ אהינטער זיי, אָנזאָגנ זיי, אז מירנ אויספירנ — מיר! אונ „ער" וועט דעמ קאָפּ ברעכנ... ס'וועט אימ ניט געלינגענ זובאַטאָווענ די גאנצע שפּיל זײַנע. ער וועט בלײַבנ א נארישער ראמײַ, וואָס וועט זיכ אליינ אָפּנארנ... א גאנצע נאכט האָט ער זיכ געדרייט, ווי א שלאנג ארומ מיר, זיכ געשלענגלט אונ געוואָרפנ דאָס מיטנ בייזנ שלאנגענ־קאָפּ אונ דאָס — מיטנ גליטשיקנ עק, אונ — ס'האָט גיט גענומענ... ער האָט צולעצט דערפילט, אז זײַנ טירכע איז אומזיסט, דערלאנגט ער מיר א האנט — איכ דארפ דאָכ נייטיק די האנט זײַנע!.. מיד אונ פארצווייפלט זאָגט ער: — „נו, איר וועט זיכ באדענקענ, אונ איכ וועל זיכ באדענקענ... עפּשער זײַט איר גערעכט... מירנ זיכ נאָכ זענ"...

פונוואנענ האָבנ זיכ בא מיר קויכעס גענומענ בײַצושטיינ? נאָר איכ האָב דערפילט זײַנ שוואכקײַט. ער איז אָרעמ־נאקעט, ניט קיינ גאָט, אונ ניט קיינ געטשקע אינ הארצנ, אונ יאָגט זיכ נאָכ זײַנע אייגענע שאָטנס פונ פאָרנט אונ פונ הינטנ: ווײַל בא אונדז, בא ארבעטער־רעוואָליוציאָנערנ באקומענ פּאָפּוליאריטעט, אונ דערומ בויענ זײַנ קאריערע... אונ אז איכ האָב דאָס דערפילט אונ דערקענט זיינ כאָרעווע נעשאָמע, האָב איכ זיכ פונ אימ אויסגעלאכט. ער איז בא מיר אינ די הענט...

איסער איז האסטיק צוגעגאנגענ צו דאווידנ, האָט אימ פעסט אָנגענומענ פאר ביידע הענט אונ האָט אימ אוועקגעזעצט אפ א שטול, אונ האָט זיכ אליינ געזעצט אנטקעגנ אימ מיט א באלויכטענע פּאָנעמ אונ גלאנציקע אויגנ.

3

— דעמ ערשטנ טאָג האָב איכ אימ געלאָזט דרײַ—פיר שאָ נאָכאנאנד הארשענענ אונ פרייידיקנ,—צעקרימט זיכ איסער.—עס האָט מיר געעקלט, נאָר כ'האָב מיר קוימ אופגעהאלטנ. וואָרעמ גיי פיר דיסקוסיעס מיט א זשאנהאר, וואָס ווייל דיכ ארײַנכאפּנ אינ די רייד... כ'האָב געמיינט לעכאטכילע, אז ער איז נאָר אויסנ — ארײַנכאפּנ מיכ... דערנאָכ האָט ער גענומענ מאכנ זײַנע פּראקטישע פאָרשלאגנ

אונ שווערט מיר, אז ער איז אויסנ נאָר די טויווע פאַר אַרבעטער — ער וויל אויסגלײַכנ דעמ וועג — ער איז קימאַט אַ רעוואָליוציאָנער, נאָר ער נאַרט זיכ ניט, ער ווייס אונ גייט מיטנ ריכטיקנ וועג... אדרע־ראַבע: זאָל איכ מיטנעמענ דעמ בוכ, דורכלייענענ, אונ נאָכ אַ בוכ קאָנ ער מיר געבנ — ער וועט הייסנ, וועט מענ מיכ לאָזנ לייענענ,— ווײַל איכ זענ... „דער צאַריזמ שטערט ניט אונ האַלט ניט אָפּ די פּראָ־גרעסיווע אַנטוויקלונג, אונ איז אָפּטמאָל אַלײנ דער איניציאַטער פונ רעפאָרמעס, ווענ די צײַט קומט דערצו... דער קאַפּיטאַליזמ אינ רוס־לאַנד איז ניט קײנ מוז־זאַכ... די רעגירונג איז פאַר די אַרבעטער, האָט אַרויסגעגעבנ אַ געזעצ וועגנ די אַרבעטער אַפ די פאַבריקנ“... האָב איכ שוינ ניט אויסגעהאַלטנ:—„אַ טשיקאַווע זאַכ“... זאָג איכ,— יע, יע“ — כאַפּט ער אונטער גערנ, וואָס ער האָט קוימ אַ וואָרט דערהערט פונ מיר.—„ס'איז מיר טשיקאַווע,—זאָג איכ: לעמײַ דאַרפט איר אַזאַ טאַראַראַמ אָנמאַכנ? לאָזנ כאַפּנ אינ צענדליקער שטעט הונ־דערטער יונגעלײַט, אַרבעטער אונ אינטעליגענטנ, פאַרשפּאַרנ זיי אינ טפיסעס, לאָזנ זיי אויסוואַלגערנ זיכ אינ שמוצ, לײַדנ יעסורימ, פירנ מיטנ עטאַפּ קײנ מאָסקווע, אונ ווידער זיי מאַטערנ אינ פײַנ, אונ דערנאָכ ערשט אַרויסרופנ זיי איינציקווײַז צו זיכ אינ דער נאַכט, אונ לערנענ זיי דעמ גלײַכנ וועג?.. צו וואָס איז עס אַזאַ קרו־מער, ווײַטער, שווערער אונ געדרייטער וועג?“.. איז ער געוואָרנ בלאַס. די פענסנע אַפ דער נאָז האָבנ געציטערט אונ די מאָגערע ליפּנ האָט ער פאַרביסנ, אַז ס'האָט אימ גוט ווי געטאָנ, מיסטאָמע. ס'איז קענ־טיק געווענ. אונ איכ מאַכ מיכ טאַמעוואַטע: — „רוכט זיכ—גלײַכער, לײַכטער אונ מ ע ר צ ו ט ר ו י — האָב איכ עקסטרע איבערגעכאַזערט: מער צוטרוי וואָלט דאַנ געווענ, ווענ איר זאָלט זיכ דורכפאָרנ... איר טוט אַ פאָר מיט אַ געוויינלעכנ צוג, ניט מיטנ עטאַפּ, צו אונדז אינ די שטעט, אונ שמועסט זיכ דורכ מיט אונדז, דיספּוטירט — אינ שטוב, אַפ דער גאַס... אָדער שרײַבט אינ צײַטונג, אינ אַ בוכ, אָפנ, אונ מיר וועלנ לייענענ רויִק, באַקוועמ, נאָכ דער אַרבעט... אדרעאַבע—זאָגט, קאָנ איכ איצט לייענענ? אַ צעבראָכענער, אַנ אויסגעמאַטערטער אינ טפּי־סעמ — זאָל איכ שטודירנ?.. עפּעס אַ צו מאָדנער אוניווערסיטעט אונ צו טשיקאַוועדיקע מעטאָדנ פונ לערנענ!“.. אַזוי האָב איכ אימ אַ גאָנצ געגעבנ..

דאָוויד האָט ניט געקאָנט רויִק זיצנ אונ צוהערנ. ער האָט זיכ אופגעשטעלט אונ זיכ צוגעשפּאַרט מיט אַנ אַקסל צומ וואַנט אונ שווער אָנגעבויגנ דעמ קאָפּ.

— האָס צווייטע מאָל, — הייבט אָנ איסער איג א ווײַלע ארומ, — איג יענער נאַכט, וואָס איכ האָב אײַכ געזאָגט, מאַכט ער זיכ ניט וויסטריק, אונ הייבט אָנ גלײַכ: —,,כ'האָב באַשלאָסנ דורכצופירנ די זאַכ דורכ אײַכ... איר זײַט פרײַ — די טעג וועט מענ אײַכ פרײַלאָזנ, ווארעמ איכ האָב גאָר ניט בעדייע צו קוועלנ אַרבע־טער פאַר א שטרייק, פאַר זייער באַגערנ צו לערנענ, לייענענ... די פּאָליטיק דאַרפט איר ניט — דאָס איז א פּריצישער אופּטו, אינטע־ליגענטישע באָבע־מײַסעס, אונ אַרבעטער אינטערעסירנ זיכ מיטנ אַר־בעטלוינ, מיט דער אַרבעטצײַט... איג דעמ וועט אײַכ די רעגירונג מיטהעלפנ, די רעגירונג־לײַט זײַנענ אויכ ניט קיינ ווילדע רעשאָימ אונ ניט קיינ אידיאָטנ. מיר קאָנענ אײַכ אַפילע שטיצנ מיט געלט — אַפּ קלובנ, ביבליאָטעקנ... הייסנ, אַז מע זאָל ניט שטערנ אײַערע פאַר־זאַמלונגענ... אַגעו, וואָס דאַרפ איכ אײַכ אויסטײַטשנ? איר אַפּנ אָרט וועט בעסער זענ אונ פאַרשטיינ, וואָס ס'איז נייטיק... איכ האָב דעמ אײַנדרוק, אַז איר האָט גענוג פאַרשטאַנד, איר זײַט א מענטש, מיט א ווילנ, מיט א כאַראַקטער — איכ פאַרלאָז מיכ אינגאַנצנ אַפּ אײַכ... אונ אויב ס'וועט עפּעס קאָשע זײַנ, וועט איר מיר—מיר דירעקט אָנ־שרײַבנ... די זאַכ איז בײַ אונדז גאָר א נײַע, וועט איר מיר אָפטער שרײַבנ, ווי ס'גייט... די פּאָליציי אונ די זשאַנדאַרמעריע נעמ איכ אַפּ זיכ: זיי זאָלנ אײַכ ניט שטערנ... בלײַבט נאָר די אומפּאַראַנט־וואָרטלעכע אינטעליגענצ, וואָס וויל אַריבערציִענ די אַרבעטער אַפּ איר צאַד צוליב זייערע אייגענע כאַלוימעס, — וועט איר זיי שוינ דאָרטנ בײַקומענ... אונ אינ א שווערנ פאַל, וועט איר מיר אָנשרײַבנ, וועל איכ אײַכ עפּשער קאָנענ אויסהעלפנ... דעריקער: איר פירט אײַער עקאָנאָמישע אונ קולטורעלע אַרבעט, וואָס קיינער איז ניט דעריקענ, אונ וואַרפט די פּאָליטישע כאַלוימעס. איכ מיינ, אַז מע קאָנ זיכ אינ־גאַנצנ אַפּ אײַכ פאַרלאָזנ...״

— אזא פּאַסקודניק! אזא מענוול!.. או—או—או!.. — האָט אי־סער געקרעמפּט פויסטנ אונ געסקריִעט מיט די ציינ.

דאָוויד איז אוועק שפּאַנענ איבערנ צימער, אונ האָט עפּעס יעדע

ווײַלע אָפּגעקלאַפּט און אָפּגעריבן מיטן קאָנפּל אָן דער פּאָדלאָגע, ווי עפּעס וואָלט זיך אים אָנגעטשעפּעט און פארהאַלטן. איסער איז אים נאָכגעגאַנגען און אופגעבראַכט געוואָרפן:

— כ׳האָב מיך קוים איפּגעהאַלטן, איך זאָל מיך ניט אָנוואַרפן אַף אים אין דער שטילער נאַכט און בײַסן, צופּן, רײַסן... ער מאַכט מיך פאַר... או—או!... איך זאָל מײַנע נעשאָמע פאַרפלעקן, פעלשן אין מײַנע ברידער, א טייל אָפּנאַרן און א טייל איבערגעבן אין זײַנע בלוטיקע הענט.. האָט מיך א צי געטאָן צום טינטער אַפן טיש, א כאַפּ טאָן—און פּלעטן!.. האָב איך זיך אָפּגערוקט אהינטער, די הענט אין די קעשענעס באַהאַלטן, און דאָרטן — די פינגער מיט די נעגל געדראַפּעט, געשניטן איינע אָן די אַנדערע, ביז ווײ...

—„פע, ס׳איז כאַלאָשעס!“—האָב איך, דוכט זיך, אויסגעשריִען. איך געדענק ניט, ווי ס׳איז געווען... „וואָס מיינט איר?“ — כאַפּט ער זיך אוף.—„איך מיין, אַז איר הייסט מיר פּאַשעט: באַשפּײַען זיך דאָס פּאָנעם, געדיכט אַזוי באַשפּײַען, פאַרכראַקען, און אַרויסגיין אַזוי אין גאַס צווישן מענטשן... א טוירע, וואָס זאָל געגעבן ווערן פון די הענט פון זשאַנדאַרמען, זאָל אַרויסגיין פון דער שטוב פון אָכראַנקע, פון אײַער קאַבינעט“... „הא—א?“—האָט ער זיך אופגעריסן, ווי א באָמבע, כ׳האָב געמיינט, ער פּלאַצט... — „אַזא טוירע, זאָג איך,—איז שוין פּאַסל און אומריין, ווי אַן אויסגעוואַלגערטע זוינע...“ ער האָט זיך אָפּגערוקט צו דער אַנדער טיר פון זײַן קאַבינעט, שטייט זײַטיק, און איך שיט: — „ווער זאָל זײַן דער נאָווי? א באַפרײַטער פון טורמע דורך אײַך? אומזיסט באַפרײַט איר מיך, עס לוינט ניט דער אייסעק... ס׳וועט זײַן גאָלע העזעק... א טוירע ווערט אָנגענומען נאָר פון א מאַרטירער! פון א געשמידטן אין קייטן — איז דער עמעס העל און ליכטיק! פון א געפּײַניקטן אין דער שמוציקסטער טפיסע איז דאָס וואָרט זויבער און הילכיק! אָבער צעקראָכענע ווערטער פון פאַנאַנדערגעקאָוועטע קייטן, שמוציקע ווערטער, ווער ברויכט עס אַזעלכע שמאָכטעס?.. עס לוינט ניט דער אייסעק... לאָזט מיך זיצן אין טורמע!..“

אַזוי אָ האָב איך אים אָנגעדעקט און אָנגערעדט, אַז ער איז קוים פון מיר פּאָטער געוואָרן צו באַגינען... דערפאַר בין איך אַזוי מונטער און צופרידן געווען אין יענעם באַגינען אַף די גאַסן. כ׳האָב א

טענצל געוואָלט מאכנ, כ'האָב... כ'וועל אײַך דערציילנ אנ עמעס, כאָטש ס'איז עפּשער א נאַרישקײַט: אז מע האָט מיך אינ מײַנ קאַמער אַרײַנ־געלאָזט אונ דאָס טירל פונ אויסנ פאַרשפּאַרט, האָב איך געמיינט, אז איך ווער משוגע פאַר פרייד! אזא נאַכעס! איך אַליינ אונ די נעשאָמע—ריינ... האָב איך זיך איבערגעקוליעט, מאַמעש זיך איבערגעקוליעט אפנ קאָפּ — צוויי מאָל... א כײַעס! אונ גענומענ שפּרינגענ... אונ דערנאָך — האָב איך זיך צעלאָזט מיטנ גאַנצנ קאָל אינ געזאַנג. «Вихри враждебные веют над нами» אונ גענומענ מאַרשירנ איבערנ קאַמער... אונ דערנאָך ערשט זיך א וואָרפ געטאָנ שלאָפנ.

אז מע האָט מיך אויפגעוועקט, וואַסער געבנ, צי ברויט — די רו־כעס וויסנ זיי! — אונ איך האָב די אויגנ אויפגעריסנ פונ שלאָפ, גע־דענק איך, האָב איך געפרעגט: — „וווּהינ”. וווּהינ פירט מענ מיך?“ ס'האָט זיך מיר אויסגעדוכט, אז מע איז געקומענ מיך אַריבערפירנ אינ בוטירקע, צי מיטנ עטאַפּ קיינ סיביר...

איסער האָט זיך אָפּגעשטעלט א צערוישטער אונ האָט איטלעכע ווײַלע מיט א האַנט געשאַרט זײַנע געשווירענע טונקעלע האָר אפנ קאָפּ, האַרטע, שטעכיקע, וואָס האָבנ גערוישט אונטער זײַנע פינגער— פאַראַקשנטע אונ ווידערשפּעניקע.

4

איסער האָט זיך פּלוצלינג צעלאַכט.

— איך האָב געטראַכט אונ געפּלאַנעוועט וועגנ בוטירקע, וועגנ סי־ביר... דרײַ טעג אונ דרײַ נעכט אינ פרייד אונ אינ סימכע. טעג אינ מונטערע האָפענונגענ, נעכט אינ פריידיקע כאַלוימעס. אָט וועל איך זיך באַגעגענענ ערגעץ מיט אַלטע באַקאַנטע, מיט כאַווײרים... כ'וועל זיך ערגעץ אָנטרעפנ מיט נײַע מענטשנ, מיט גרויסע רעוואָלוציאָ־נערנ... באַקענענ זיך מיט זיי—אינ סיביר זײַנענ זיי געוויס פאַראַנ, לערנענ עפּעס בײַ זיי.. איך וויל נאָר אָפּטרעפנ: ווו איז בעסער? בו־טירקע, צי סיביר? סיביר, צי בוטירקע? מיטאַמאָל!.. אינ דרײַ טעג אַרום פירט מענ מיך ווידער צו אים... בינ איך א צעבראָכענער גע־וואָרנ. ס'האָט מיר דערווידערט די שטיק, די גוטע אונ בייזע ריידעלעכ, דער קרומער קוק איבער די פענסנע אונ פאַרבײַ די פענסנע, ווענ ער ווערט ברויגעז, אונ דער ביטערער בליק דורכ די גלעזלעכ, וואָס שנײַדנ

טיפ אינ הארצנ, שנײדנ אונ ראַצנ דאָרט, אונ מאַכנ װוּנדנ. ס'האָט מיר געעקלט פונ די אָנגעװאָרפענע ביכער, זײַנע ביכער! פונ די אָרגעדיקע פאטעלנ אונ די װײכע קאנאפּעס, מיט פּאַלשקײט אונ ראַמאַ־עס אָנגעפילט, פונ די װערטעלעכ פונ די דינע ליפּנ, װאָס גליטשנ זיכ אַרויס, װי מיט סאם אונטערגעשמירט... טפוי! ס'האָט מיכ געקערט גריג אונ גאַל. נאָר, איכ גיי? — מע פירט מיכ. די פיס פּלאָנטערנ, איכ פיל, אז די הויט אפ מײַנ פּאָנעם ציטערט אונ פיבערט, אונ ביינ אונ אופגערעגט ביג איכ, װי א געפּענטעטער אינ שטײַג. דערנעענטערנ מיר זיכ שוינ צו זײַנ „מאזלדיקער" װוינונג, פּאַרגעם איכ די אונטער־שטע ליפּ אינ מויל אַרײַנ, אונ בײַס אָנ מיט די ציינ, שטארק פאַר־קװעטשט ביז װיי, ביז בלוט... אויסגעשפּיגנ עטלעכע טראָפּנ בלוט נעבנ זײַנ אַרײַנגאַנג, אונ געלעמט געמאַכט א ליפּ, אז ס'זאָל שטומענ... שטומענ!..

—„גוט, װאָס איר זײַט געקומענ—באַגעגנט ער מיכ, דער ראַמײַ. א ברײרע האָב איכ געהאט ניט צו קומענ...—הײַנט װעלנ מיר זיכ גאָר זעגענע מיט אײַכ. כ'האָב שוינ אָפּגעשיקט א קאפּיר, אז מע זאָל אײַכ באַפרײַענ... כ'האָב אָפּגעגעבנ א שריפטלעכע פאַראָרדענונג, אז מ'זאָל אײַכ הײַנט באַפרײַענ. אונ מ'זאָל אײַכ אַגעװ פאַרלייגנ אַרײַנ־צוגיינ צו מיר"... מײַנ צעװייטעקטע ליפּ האָט ניט אויסגעהאַלטנ, האָט זיכ גענומענ שאָקלענ מיט שפּאָט אונ אויסגעשטאַמלט: „האָבנ זיי בײדע זאַכנ אָפּגעטאָנ א ביסל אַנדערש: װעגנ באַפרײַענ האָט מענ מיר אַפילע ניט דערמאָנט, אונ מיקויעכ דעם װיזיט צו אײַכ—האָט מענ מיכ אָנגענומענ מיט צוויי גאַרדאַװויעס אונ אָפּגעפירט דעם כאָ־שעװנ גאַסט..." ער טוט זיכ א קרים: — „די פּאָליציי טוט אַלצ אפּ איר שטײגער — זאָגט ער מיט אומגעדולד.—איר זײַט פרײַ, הײַנט זײַט איר פרײַ — איר זיצט בײַ מיר שוינ א פרײַער. נעכטיקנ װעט איר שוינ הײַנט, װו איר װעט װעלנ... איכ האָב אײַכ טאַ־קע געװאָלט זעגנ. ערשטנס: איר זאָלט מיר מויכל זײַנ, װאָס איכ האָב אײַכ באַאומרויקט א פּאָר מאָל... כ'װייס ניט, װי אײַכ — מיר איז זײער אינטערעסאַנט געװענ צו באַקענענ זיכ מיט אײַכ. נאָכ מײַנע געשפּרעכנ מיט אײַכ האָב איכ זײער פיל איבערגעטראַכט... צװייטנס — איכ װיל אײַכ זאָגנ, אז איר זײַט גערעכט! איר זײַט גע־רעכט: קומענדיק ערשט פונ מיר, ערשט באַפרײַט פונ טורמע, האָרפּט

איר אײַער טאַקטיק ניט ענדערנ... דערװײַל — ניט... דאָס װאָלט טאַ־
קע געװענ צופיל פאַרדעכטיק: אַרעסטירט האָט מענ אײַכ א רעװאָליו־
ציאָנער, א פּאָליטישנ טוער, אונ אינ טורמע, אינ אָכראַנקע, װי איר
זאָגט, בא זובאַטאָװנ זײַט איר געװאָרנ אַנ „עקאָנאָמישער“... דאָס קאָנ
קאָמפּראָמעטירנ די גאַנצע טאַקטיק... איר זײַט פולשטענדיק גע־
רעכט!“

בײַם איכ װידער מײַנ צעביסענע ליפּ. ביזװאַנענ װעל איכ עס
בײַסנ?..

—„איר פאַרשטײט בעסער די קאָנקרעטע לאַגע. איר זײַט פרײַ.
נעמט איר זיכ װידער צו דער אַרבעט, װי געװענ. אײַער טאַקטיק
בלײַבט דערװײַלע די פריערדיקע, ניט געענדערט. נאָכ מיט מער פריש־
קײַט. אונ אינ א פּאָר מאָנאַטנ אַרום, אינ א האַלב יאָר אַרום, אינ
דער היים, אפ דער פרײַ, אינ דער אַרבעט, באַדענקט איר זיכ, אַלײנ
פונ זיכ, אַז דער װעג איז פאַלש, ס׳דאַרפ נעמענ אַנ אַנדער װענדונג...
שמועסט איר זיכ דורכ מיט אַנדערע, אונ אַזױ טוט עס זיכ א קער
גראַד אונ גלאַט, אָנ כשאַד אונ אָנ א שפּרענקעלע... ניט אַזױ האָב
איכ אײַכ פאַרשטאַנענ“.

„—נײנ!—אײַל איכ צו ענטפערנ, — לאַכלוטנ ניט אַזױ... — אונ
מײַנ צעװײטעקטע ליפּ האָט זיכ מיטאַמאָל צעשאָקלט פונ זיכ, גענומענ
אױסגיסנ איר גאַנצנ װײ אונ ביטער: — נײנ! נײנ! איכ װיל קײנ רע־
בע ניט זײַנ בא אײַכ אינ אָכראַנקע, אונ איר פונ אָכראַנקע זײט ניט
קײנ רעבײַים בא אונדז אינ דער באַװעגונג... מירנ זיכ טאָנ אונד־
זערס אפ אונדזער שטײגער — בעסער, ערגער — א דײַגע איר האָט...
אונ איר טוט זיכ אײַערס אפ אײַער שטײגער: אַרעסטירט! פאַרשיקט!
בינדט! שמידט!“... אונ די ליפּ די אײַנגעביסענע שמאַרצט, פײַערט
מיר... אונ ער אַנטקעגנ שמײכלט... מיר דוכט, אַז אים שמאַרצט אױכ
ערגעצ... שמײכלט ער, הײבט אָנ לאַכנ: „מײַנ אײַצע איז — זאָגט ער
אינ שמײבל, — מײַנ אײַצע איז, אַז איר װעט אַרײַנפאַלנ אַמאָל צו
די זשאַנדאַרמענ אינ די הענט, זאָלט איר זיכ ניט אַזױ היצנ“... אונ
ער לאַכט. איכ מײנ, אַז ער האָט געלאַכט מיט יאַשטשערקעס... כ׳האָב
אים גוט דערנומענ... לאַכט ער: „הײַנטיקס מאָל האָב איכ
אײַכ פונ די זשאַנדאַרמענ אױסגעהיט: אַלצ גענומענ אפ זיכ — אױס־
פרעגנ, אױספאָרשנ, אונ אײַנדערעמעסנ האָב איכ מיט אײַכ נאָר דורכ־

געשמועסט... עפשער ווייס איך שוינ אזוי אויך אלצדינג, אײַער גאנצנ קרײַז... נאָר איך בינ ניט די אָכראַנקע... איר אונ אלע אײַערע דאַרפט איר טאקע וויסנ, אז זובאטאָוו איז גאָרניט די אָכראַנקע... זובאטאָוו איז — אנ אידיי!"...

כ'בינ גיט ווילנדיק אופגעשפרונגענ.

— זובאטאָוו איז אנ אידיי! אנ אידיי, וואָס וועט אײַך קלאָר ווערנ מיט דער צײַט, אונ איר וועט עס אופנעמענ באַגײַסטערט... אז איר וואַרפט מיר אופ „אָכראַנקע", באַליידיקט איר מיכ. נאָר צוליב אנ אידיי דאַרפ מענ איבערלײַדנ"...—„ס'איז אנ אָנגענעמער ווי צוליב אנ אידיי"... זאָג איך אים אונטער. אונ מײַנ אָנגעבייסענע ליפּ שמאַרצט מיר אזוי!.. ער שלינגט אַראָפּ, אונ רעדט, אונ רעדט. דרײַ שאָ, פיר שאָ. אינ די גרויסע פענצטער פונ זײַנ קאַבינעט איז קענטיק, אז דער טאָג גייט אוועק. טוט ער זיכ א כאַפּ:—„יאָ, איך האָב געזאָגט, אז איר וועט שוינ הײַנט נעכטיקנ, ווו איר ווילט — ווענ מיר זיכ זעגענענ... אגעוו, איר זײַט דאָכ א ייִד, האָט איר ניט קיינ ווינרעכט אינ מאָסקווע"... ער רירט אָנ בעקיווונ דאָס אָנגעווייטעקסטע אָרט, טוט א קוועטש דאָס ייִדישע מאָזאָל... ער שאָקלט מיטנ קאָפּ, ער באַדויערט נעבעכ... נאָר איך האָב אים שוינ דערפאַר געגעבנ!..—„נאָר וויבאלד איר זײַט שוינ דאָ אינ מאָסקווע, איז קעדיי איר זאָלט דאָ פאַרברענגענ עטלעכע טעג, אַרומקוקנ שטאָט, באַזוכנ מוזייענ, אײַכ אינטערעסירט דאָס געוויס... וועל איך אײַכ, צום אָנדענקענ פונ אונדזער באַקאַנטשאַפט"... ער זעצט זיכ צו צום שרײַבטיש אונ שרײַבט עפּעס שנעל אפ א בלאַנק. — „וויפל?" — הייבט ער אופ די אויגנ דורכ די פענסנע צו מיר, — „וויפל רעכנט איר דאָ פאַרברענגענ? א דרײַ, פיר טעג, א וואָכ... אָט האָט איר אײַך א צײַגעניש, אז מע זאָל אײַך לאָזנ פראַנק אונ פרײַ פאַרברענגענ אינ מאָסקווע א וואָכ צײַט פונ מאָרגנ אָנ. וועט איר קאָנענ באַטראַכטנ די שטאָט, שפּאַצירנ, באַזוכנ מוזייענ, טעאַטערס... אונ וועגנ דעמ, גלייב איכ, דאַרפ איך ניט דערמאָנענ, אז מײַנ קאַבינעט איז פאַר אײַך אלעמאָל אָפנ, ווענ איר וועט ברויכנ, קאָנט איר צו מיר ארײַנקומענ... וואָס? איר ווילט גלײַכ אהיימ פאָרנ? איז טאקע א שאָד, וואָס איר לאָזט דורכ אזא צופאַל... אז איר זאָלט אמאָל ווערנ לאָזנ זיכ קאָסטנ אונ צופאָרנ קיינ מאָסקווע, האָט איר דאָכ קיינ

ווינרעכט ניט — אלס ייִד... נעמט עס און פארברענגט דאָ, וועט איר מיך צו גוטנ דערמאָנענ... נעמט!—שטעקט ער מיר די צײַגעניש און מײַנע הענט זײַנענ ווי געשמידטע, רירנ זיך ניט פונ אָרט. — „איך וועל ניט נעמענ!“—רײַסנ זיך פלוצלינג ארויס ווערטער פונ מײַנ מויל — געפערלטע ווערטער, כאָטש צייל זיי אויס: „אײַער גע־שענקטע וואָך ווינרעכט אינ מאָסקווע דארפ איך ניט... איך וועל קו־מענ אמאָל קיינ מאָסקווע—קומענ מיט רעכטלאָזע ייִדנ צוזאמענ...“ „מיטנ גאנצנ קאָהאָל“... האָט זיך בא אימ ארויסגעריסנ. „יע! אלע און גלײַך! מיר!.. מיר!.. — מיר ווילנ ניט ווינרעכט אויסדי־נענ, איינ־קוי־פנ, אויס־בעט־לענ... מיר וועלנ נעמענ!.. אונדזערע... איי־גענע... רעכט! נו, פארזעצט מיך אינ בוטירקע!.. שיקט מיך ארויס קיינ סיביר!.. סי־ביר!..

די ליפ די אָנגעווייטיקטע האָט זיך מיר צווישנ די ציינ ארײַנגע־גליטשט און זי האָט זיך ווידער אײַנגעביסנ — ע־עכ!

ער האָט מיך אָנגעקוקט און אָנגעקוקט, לאנג, לאנג, געווים א פערטל שאָ נאָכאנאנד, אָנגעקוקט שטיל און שטום.

— אדיע! — האָט ער צולעצט ארויסגעזאָגט און איז אוועק. בינ איך פונ אימ פאָטער געוואָרנ, צי ער פונ מיר פאָטער געוואָרנ...

אינ צירקל האָט מענ מיך אינ קאמער שוינ מער ניט ארײַנגעפירט... מ’האָט מיך איבערגעלאָזט אינ קאנצעליאריע אפ א שאָ־צוויי. דערנאָך געהייסנ גיינ. נאָר באלד האָט דער פריסטאוו ווי זיך דערמאָנט, און כיטרע א קוק געטאָנ אפ מיר און געזאָגט: „ס’איז דאָ נאָך א פאר־אָרדענונג, אז אויב איר האָט דאָ צו טאָנ עפעס אינ מאָסקווע, זאָל איך אײַך דערלויבנ צו פארברענגענ דאָ עטלעכע טעג“... — „ניינ“— זאָג איך. און כ’בינ אוועק צומ וואָקזאל. פינפ־זעקס שאָ זיך אפגעוואל־גערט ביז א צוג און, און — גיכער, גיכער! האָב איך אינ דער מאָכ־שאָווע דעמ צוג געיאָגט. און דער צוג קלאפט און הוידעט, און איך ליג און טראכט... איך טראכט: טאקע אזוי — אז עס וועט קומענ די גליקלעכע שאָ פונ דער רעוואָליוציע און מירנ אלע קייטנ צעברעכנ, אלע ראָגאטקעס צעשמעטערנ, אלע „בעזפראוויעס“ אָפמעקנ, — פאָר איך גלײַך צו קיינ מאָסקווע אָנקוקנ אמאָל די שטאָט... אנו, ראַיויר, וועג פאָרנ מיר? איר זײַט אויך א בעזפראוונער...

— ס'איז שוינ ווײניקער צו ווארטנ... און איר זײט א כוואט, איסער, א כוואט!

דאַוויד האָט מיטאמאָל געכאַפּט אים דריקנ די הענט און ארומגענומענ אים.

ביידע האָבנ געקוואָלנ, זיכ געפרייט און געלאכט.

ס'איז ארײנגעקומענ ראָכל.

— ראָכל, איר זײט א ווויל ווײבל, — האָט איר איסער באַגעגנט מאָדנע אופגערוימט.

— וואָס איכ האָב אײכ אליינ אינ־שטוב געלאָזנ,—און איר ווילט געווים טרינקענ טיי?

— ניינ. אײער כאַימ איז מײנער א כאווער געווענ אמאָל, נאָר יאָרנ לאנג, אז איכ בינ שוינ ניט קיינ היגער. געארבעט ניט הי.

— און איצטער פארבלײבט איר שוינ דאָ?

— ניינ. מײנ פאכארבעט איז דאָ ניטאָ. איכ רעכנ, אז איכ וועל דאָ באקומענ א פּאַס, און דעמלט איז — מאכ נא אָרשו! גלײכ קיינ ווארשוי... ניט קעדײ מיר איצטער צו פאָרנ קיינ ווילנע...—ווענדט ער זיכ שוינ צו דאַווידנ.

— נו, האָט איר זיכ דאָ אָנגערעדט?—שמייכלט ראָכל צו איסערנ,— איר זײט איגנאנצנ א צעברעכטער, ווי איר וואָלט געזעסנ אנטקעגנ אנ אָפּענעמ אויוונ, וואָס הייצט זיכ... און דאַוויד איז זייער צערודערט.

שמייכלט איסער פארמאטערט נאָכ און צערוישט.

— ראָכל, אז מע זיצט אָפּ מאָנאטנ לאנג שטומערהייט, אָנ ווערטער, באקומט מענ אנ אַפּעטיט צו ריידנ... ריידנ און ריידנ! ראָכל, און ווייסט איר וואָס נאָכ? גײנ! גיינ און גײנ — א טאָג נאָכאנאנד... אבי נאָר מיט ווענע. כעוורע קומט—גייענ מיר אוועק — מארש איבערנ שאָסיי, איבערנ שליאכ... שאבעס הײנטיקנ מיט אײער כאַימענ געמאכט א וויאָרסט 20—30... געגאנגענ! ראָכל, גיט טאקע טיי...— און ער קערט זיכ אומ צו דאַווידנ. — און לעבנ זאָל אונדזער ארבעטערקלאס! לעבנ זאָל די רעוואָליוציע!

## פערטער טייל

# I. די זאָרג־באנק

### 1

אפן ראָג פון דער גרויסער גאס און ווילנער גאס איז אַמאָל מיט יאָרן צוריק אַ ברייטער פרייַער פלאץ געווען. דאָ האָבן זיך געקרייצט די אונטערשטע גאסן מיט די אויבערשטע, ווי מאכנעס פון צוויי לאַגערן. טאָג נאָך טאָג, פארסאָפעט פון שווערן אָטעם און אָנגעלאָדן מיט זאָרג, פלעגן כמורנע און אָנגעדרודלט ארויסקלעטערן אהער די אונטערשטע גאסן מיט זייער בלוט און גוטס. אויוונמאכערס מיט די האמערלעך אין לייט און ציגל פארשפרענקלטע, פארבער מיט די קורצע פענזלען און קאפאָטעס אויסגעשמירטע, קאלכערס מיט די לאנגע פענזלען און היטלען פארשפריצטע, מויערער אין לייַוונטענע פארטעכער פון וואפנע צוגעברענט און מיט ציגל־שטויב באשאָטן, ערדגרעבער מיט די רידלען אף די אקסלען, גלעזער מיטן קעסטל אונטערן אָרעם, סטאָליערס מיט הובלען און דלאָטעס און די זעקלעך אפן פלייצע מיט אַ האַק אָנגעבונדן פון אויבנוף. האָלצהעקער אין פּאָר, וואָס איינער טראָגט די האק אין האנט פארן שארף, און דער אנדערער די לאנגע הוידענדיקע זעג אפן אקסל, ווי אַ ביקס געבויגן. אַ שלייפער מיטן שלייַף־שטיין אף זיך אָנגעטאָן, ווי אַ יאָך, און אַ וועגלפירער, געשפאנט צווייפיסיק אין קורצן שפאן. און ייִדן בלויז מיט שטריק אָנגעדרייט און אָנגעוויקלט אף די לענדן איבערן ראָק, צי מיט אַ רימענעם פאס שטארק פארצויגן, אָדער מיט אַ קאָלירטן סורעוון שארף, צי מיט אַ געקווייטלט צונויפגעוויקלט פאטשיילקע שטײַפ פארגארטלט. וואָס הייסט — נעמט, ווי מע גייט, אָן געצייַג, נאָר מיט הענט און פיס, מיטן גאנצן וועזן, וואָס איז קרעפטיק אונטערגעגארטלט... מיט אַ שנעלן גאנג בארג־ארויף, אלע אין איין צייַט, גלייַך פון ערשטן מיניען,

שטײענ זײ אױפ פונ אונטנ אינ א געדיכטער פארמאָרעשכװירעטער מאסע, װי עפּעס א גרױסע לעװײַע אָנ א מיטע.

אפנ ראַנ פונ דער גרױסער גאס פאר דעמ פרײַענ ברײטנ פּלאצ שטעלט מענ זיכ אָפּ — דעמ טאָג אנטקעגנ. דאָ ערשט זאָגט מענ זיכ „גוט מאָרגנ!“ אײנער דעמ אנדערנ. דער װעגלפירער באטראכט די רעדער אפּדערגיב—די אײַזערנע רײפנ ניט אָפּגעשפּרונגענ, די „זאװעס-קעס“ ניט פארלאָרנ, טוט ער נאָכאמאָל א שאָקל מיטנ קאָפּ צומ אױ-לעמ, אונ פירט דאָס װעגעלע װײַטער—צו די שפּײַכלער אונ צו די קראָ-מענ. דער שלײַפער לאָזט אראָפּ דעמ שלײַפ-שטײנ, טוט א הױדע דאָס אקסל אײנמ אונ צװײ, אונ הײבט עס אױפ װידער אָפּ אַנ אנדער אקסל, טוט א װוּנק שטומ צומ אױלעמ—דערװײַל זיכ געזעגענענ, אונ שפּאַנט אװעק איבער גאסנ. די איבעריקע זײַנענ שױנ אױסגעשטעלט אינ א רײ א לאנגער, מיט פענעמער פארדײַגעטע, מיט אױגנ זוכנדיקע אונ גי-ריקע:

ארבעט! ארבעט!

איבער הײַזער אונ מױערנ, איבער גאסנ אונ דעכער צײלט דער שטאָט-זײגער הױכ אונ הילכיק, פאר אלעמענ, פאר אלעמענ, צו פערטל אונ צו פערטל, א שאָ נאָכ א שאָ, װאָס מע שטײט אונ מע װארט — ארבעט! אונ די רײ װערט ניט קלענער. ס'קומענ צו די װאָס האָבנ אינ ערגעצ פרי פארענדיקט. ס'קומענ צוריק יענע, װאָס זײַנענ מיט עמעצנ אװעק באדינגענ זיכ, אונ זײַנענ אָפּנ אָרט אינ מעקעכ ניט דורכגעקומענ. קלײַבט מענ זיכ אינ הײַפלעכ, גײט מענ זיכ פאנאנדער אײנציקװײַז; מע מורמלט אלע צוזאמענ, אונ מע דײַ-געט יעדערער באזונדער. אונ די פּיס װערנ אָנגעדראָלנ פונ שטײנ א טאָג אונ װארטנ, ארומצוטרעטנ הינ אונ צוריק פארזאָרגט, אָדער לױפנ עמעצנ אנטקעגנ. אונ װענ דער טאָג פארגײט, שטײט מענ נאָכ אונ מע װארט — מיט הארצ-קלאפּעניש: אױב ניט הײַנט, איז עפּשער אָפּ מאָרגנ זיכ באזאָרגנ מיט עפּעס אַנ ארבעט... אײַלט מענ ניט מיטנ אװנט אװעקצוגײנ פונ דעמ פּלאצ, אונ אלײנ, װי די שאָטנס פונ טאָג, אינ אנגסט פארשװוּנדענעמ, צעמישט מענ זיכ מיט די שאָטנס פונ נאכט.

## 2

ווער האָט עס אויפגעטאָנ א באַנק צו מאכנ?

באלמעלאָכעס האָבנ צונויפגעטראָגנ ברעטלעכ אונ העלצלעכ. אונ הענט זײַנענ אייגענע, אונ געצײַג ליידיקע, איז גיכ אונ געשווינד פינ אלעמענס הענט אונ אייגענע געצײַג פארטיק געוואָרנ אונ אײַנגעשטעלט א לאנגע באנק—אויסטערליש לאנג, אנ אוילעמשע באנק אפנ ראָג פונ דער ווילנער גאס, ווײַט לאנג איבער דער גרויסער גאס, קאָנ מענ זיכ אמאָל צוזעצנ אינ קלעמ, צונויפלייגנ די הענט די ליידיקע, אונ מיט אויגנ אומעטיקע, גיריקע אויסקוקנ אונ אויסווארטנ — ארבעט! ארבעט!

פונ טעג אונ יאָרנ איז די באַנק פונ העק געוואָרנ אָנגעראַצט, פונ זעגנ — אָנגעקארבט, פונ פארבנ — באשפּרענקלט אונ פונ אייל — געפלעקט. ווו א דלאָטע האָט פארטראכט אָנגעקריצט, אונ ווו א האַ־מער האָט סטאמ אָנגעקלאפּט... אינ טעג אונ יאָרנ האָט די באנק א נאָמענ באקומענ, איר אייגענעמ נאָמענ אינ שטאָט:

די זאָרג-באנק.

די זאָרג-באנק! אונ דער נאָמענ איז אינ דוירעס פארבליבנ.

יאָרנ ניט געציילטע זײַנענ אוועק—ווער ציילט יאָרנ אינ זאָרג אונ אינ מי? אונ דער פלאצ האָט זײַנ אויסזעג געענדערט. די זעלבע באלמעלאָכעס — צי טאטעס, צי זינ — האָבנ אינ טעג אונ אינ צײַטנ אקוראט אנטקעגנ אויפגעשטעלט א גרויסנ האָטעל, וואָס האָט זײַנע באלקאָנענ איינע איבער די אנדערע אפ צוויי גאסנ צעהאנגענ, אונ אונטער זיי אפביידע ראָגנ פונ די גאסנ אויסגעצירט מאגאזינענ מיט גרויסע וויטרינעס. עטוואָס ווײַטער, אפנ מיטנ פונ פלאצ האָבנ זיי, די זעלבע, אפנ באגער פונ „שטאָט" אונ לויט דעמ ווונטש פונ שטאָט־גאָלאָווא, אויסגעמויערט דעמ שטאָטישנ טעאטער — פארמו־רעמט מיט קײַלעכדיקע ווינקלעכ, אויסגעברייטערט א פאסאד פונ גע־האקטע שטיינער, אָנגעזײַלט קאָלאָנעס מיט אָנגעהאנגענע לאמטערנעס אונ א פארשפּיציקט דאכ מיט א הארפע, וואָס גלאנצט שטראליק אינ טאָג אונ פלאטערט געהיימ אינ דער נאכט. אונ אז מע בויט — האָבנ זיי אהינטער זייערע אייגענע פלייצעס אונ הארט צומ טראָטואר מיט די אייגענע הענט אונ מיט זייערע געצײַג, אפנ אָרט פונ אלטע

באשיידענע הילצערנע שטיבלעכ ארויסגערוקט אינ דער הייכ צווײ לאנגע מויערנ, איינס באם אנדערנ, א ווײַסנ אונ א רויטנ, בײדע דרײַגארנדיקע, ברייטלעכ אינ גאס ארויסגערוקט מיט דירעס, קאנטארנ אונ קראמענ.

האט מענ געבויט אונ פארבויט דעמ פלאצ אינ בײדע זײַטנ גאס. אונ אינ טעג אונ אינ יארנ, צווישנ רישטעוואניעס אונ געבײַדעס — איז די באנק נעלעמ געווארנ. יינגערע קוקנ זיכ אומ אמאל, זוכנ די באנק — ניטא! נאר עלטערע באלמעלאכעס זאגנ אייהעס, אז ס'איז געווענ. געווענ א באנק, א לאנגע, אנ אויסטערלישע, אט דא, אפ דעמ ארט, ווו ס'איז איצט די גאלאנטעריי־קראמ אונ די קאנטאר פונ דיליזשאנס.

3

די זארג־באנק! די זארג איז דא, אונ די באנק האלט מענ אינ זינענ...

אונ פונ פרימארגנ ביז אוונט שפעט זארגנ דא באלמעלאכעס, ארבעטער, וואס די אונטערשטע גאסנ שיטנ ארויס צו די אויבערשטע — כמורנע ווארטנ אפ ארבעט אונ זארגנ וועגנ פארדינסט. צונויפגעפרעסטע פונ די אנגעמויערטע געבײַדעס, פארווארלאזטע פונ דער פארשוואונדענער באנק, אליינ נאר מיט דער זארג, טוליעט מענ זיכ צו א טויבנ ווינקל פונ די לאנגע מויערנ. אונ מע קוקט זיכ אומ אהינטער, צי פארשטעלט מענ ניט כאלילע א שויפענצטער אדער אנ ארײַנגאנג. טרעט מענ ארומ אפ די אייגענע פוסטריט אונ מע קוקט אויס אינ קלעמ: ארבעט! ארבעט!

דער טראטואר איז שמאל געווארנ, אונ א געהויבענער באלעבאס אונ א מעכטיקער סטארע ברויכט ראכוועס. שוועבט דא קעסיידער א פאריבל אפ די „שמוציקע“ באלמעלאכעס, וואס „טאפטשענ“ זיכ דא ארומ אינ צענטער שטאט... וואס האבנ זיי זיכ אנגעקלעפט אנ די ווענטלעכ פונ די מויערנ — צי איז דעמ קיינ ארבעט ניטא פאר די, וואס ווילנ? נאר וואס מאכט אויס פאריבל, אז די זארג־באנק איז דא פונ אמאל, אונ די זארג איז דא אנ אייגענע, א לײַבלעכע, איז אינ פריענ טאג שטײַגט אופ אהער א געדיכטע מאסע, א פארכמורעטע, ווי א גרויסע לעווײַע אנ א מיטע... שטעלט זיכ אויס אינ א לאנגער ריי אונ ווארט: — ווער קומט דינגענ?

לאַנגזאַמ, לאַנגזאַמ, ווי געשפּאַצירט, אונ גאָר ניט געאײַלט — וואָ־
חעמ, אַז מע אײַלט, קאָסט טײַערער... גייט קלוימערשט פאַרבײַ אַפ
דער צווייטער זײַט גאַס אַ באַלעבאָס אַ ייִד, אַ כאָשעווער הילעכ, גייט
אונ גייט, אונ טוט זיכ אַ קער צוריק.

— גוטמאָרגנ, ייִדנ! ווער פונ אײַכ איז לײדיק? וואָלט איכ פאַר
אימ אויפגעזוכט בײַ מיר אַ שטיקל אַרבעט... אָפּפאַרבנ מײַנ הויז (ער
זאָגט ניט אַפילע אַז ס'איז אַ מויער...), נאָר וואָס ביליקער... אויב
טײַער, איז ניט קעדײַ... קאָנ מענ עס אָפּלייגנ...

שווימט אונ שווימט אַ פרוי אינ פעטנ גאַנג, אונ דערשווימט קוימ
צו דער מיט פונ גאַס, ווי אַ שווערער אָקרענט, וואָס דערגייט ניט צומ
סאַמע ברעג... שטעלט זיכ אָפּ כאָשעוודיק. לויפט מענ איר אַנטקעגנ —
אַלע. זי שפּרייט אויס די הענט פאָרויס, ווי אַנטקעגנ אַ סאַקאָנע...

— איכ דאַרפ ניט אַלעמענ... גענוג פאַר מיר אַ צוויי—דרײַ... אַ
פּאָר צימערנ אויסקאַלכנ אונ אַ קיכ. אויב איר זײַט לײדיק, איז —
הײַנט, אַניט — איז רעכט מאָרגנ... בײַ מיר איז ניט געאײַלט! נאָר אַז
איר וועט נעמענ, זאָלט איר ניט פירנ פונ הײַנט אַפ מאָרגנ... מאַכט
עס טייקעפ — די גרויסע אַרבעט...

רוקט זיכ אָנ שווער אונ געלאַסנ אַ גרויסער סראָרע, מיט קאַנטנ
אונ קנעפ, אונ ברומט פונדערווײַטנס, באַלעבאַטיש באַפעלעריש:

— יעווריי, צו דער אַרבעט! גענוג אײַכ צו קוקנ אַפ פרעמדע מוי־
ערנ!.. ווער עס פוילט זיכ ניט — גייט צו דער אַרבעט! אַ פונדאַמענט
גראָבנ. אויב „סקאָרנע“, זאָלנ „אייגענע“ „יעווריײטשיקעס“ פאַרדינענ.
אַניט — נעמ איכ אַרעסטאַנטנ פונ טורמע... איכ וויל אַ גרויסנ מויער
אוועקשטעלנ, קאָנ איכ ניט אײַכ אוועקגעבנ דאָס גאַנצע געלט. זאָגט
אײַערע „יעווריײטשיקעס“, זיי זאָלנ פאָ באָזשעסקי, ניט באַרײַסנ מע־
קעכ... אַניט — שרײַב איכ אויס אַרטעלנ מויערער אונ טעסלער פונ
ריאַזאַנ אונ קאַלוגע...

זײַטיק אונ אומבאַמערקט דרייט זיכ אַרײַנ יוסעפ־שימענ דער ריאַט־
טשיק מיט זײַנ ברייטער צעקעמטער באָרד, מיט די שטילע כיטרע
אויגנ, וואָס זײַנענ טיפ אונ פאַרבאָרגנ, ווי וואַסער אינ אַ ברונעמ.
באַלד טראָגט זיכ דורכ, ווי אַ צוקווײַנט, באָריסקע „דער לויפער“,
וואָס אָט איז ער דאָ אונ אָט איז ער דאָרטנ, טאַפּט אונ טאַפּט מיט
זײַנע שנעלע לויפנדיקע אויגעלעכ אונ גלײַכ ווערט ער פאַרשוווּנדנ.

— עכ—עכ, בלאָ—א!—רײַבט זיכ די האַנט יויסעפ־שימענ, ווי אינ קעלט.

— וואָס, עס הערט זיכ גאָרניט קיינ ארבעט?—רינגלט מענ אימ ארומ.

— קע—הווזע ניט...—מעסט ער אָפּ אויפנ שפּיצ נאָגל אונ דרייט זיכ אוועק אינ אנדער עק פונ דער ריי אונ רײַבט זיכ ווידער די הענט,— עכ, בלאָ! וואָס בלאָ הייסט...

באָריסקע „דער לויפער“ איז שוינ דרײַ מאָל הינ אונ צוריק דורכ־געלאָפנ די ריי פונ עק אינ עק, אלעמענ אָנגעזאָגט א „גוטע פּסורע“: מאַטעריאַל איז אינ הימל, געלט — א פּרוטע ניטאָ בא קיינעמ. וועגנ בויענ אונ רעמאָנטירנ פארגעסט איצטער, „ייִדנ, פארגעסט“... וויל מענ אימ פרעגנ, וויל מענ אימ בעטנ, עפּשער א כאַיע־שאָ: כאַטש א פּענדזל אינ פארב אײַנטונקענ, א האַנט אינ ליימ אָפּפּרישנ... איז שוינ באָ־ריסקע ניטאָ, דער לויפער — אנטלאָפנ...

אונ יוסעפ־שימענ האָט דערווײַל, רײַבנדיק די הענט, ווי אינ קעלט, אָפּגעקליבנ א צוויי בלעכער, א דרײַ פארבער, א פּאָר אויוונמאכערס אזוי „אָפּ קלייניקייטנ“. אויב זיי זײַנענ ניט קיינ אויסקלײַבער — זאָלנ זיי א גיי טאָנ. ער וועט אונטערקומענ, אונ דאָרט אויפנ אָרט וועט ער שוינ דורכקומענ אינ מעקעב... ע—עכ, בלאָ—אָ!..

באָריסקע דער לויפער איז ווידער דאָ, לויפט נאָר פארבײַ, אונ לויפנדיק אינ ערגעצ געאײַלט, רופט ער ארויס פונ דער ריי א פינפ־זעקס באַלמעלאָכעס מיט די נעמענ אונ וואַרפט געשווינד:

— איר שטייט נאָכ אלצ דאָ אונ וואַרט...

— מע שטייט אינ געהאַקטע ווונדנ, — זאָגט מענ,—דער טאָג גייט שוינ דורכ...

— וויבאַלד איר שטייט, איז פּרובירט אײַכ צוגיינ... איכ וועל צו־קומענ אהינצו אינ א האלבע שאָ ארומ, אינ א פערטל שאָ, אינ פינפ מינוטנ, איכ גיי מיט אײַכ, גלײַכ! וועל איכ זענ עפּעס אויסמערקירנ פאר אײַכ... אויב אײַכ וועט לוינענ...

אויב עס וועט לוינענ...

4

אינ א הייסנ אונ ליכטיקנ טאָג האָט דער גוויר מוישע־שאָליעמ ברייטמאנ ארויפגעפירט פונ דער זאָרג־באַנק כאָימ־בער דעמ פארבער,

וואָס זאָל אימ איבערפארבנ דעמ דאכ פונ זײַנ מויער אינ הימלבלוי-
קאָליר.

— אז קינדער ווילנ—דערהויפט די טעכטער, — זאָל זײַנ הימל-
בלוי... וועסטו מיר מאכנ אזא קאָליר?

— גלייבט מיר, רעב מוישע-שאָלעמ, — האָט כאימ-בער זיכ בא-
ליידיקט אפילע, — „שטעלנ" א פארב קאָנ איכ... אונ ביכלאל — א
דאכ אונ כאימ-בער... איר ווייסט שוינ...

מוישע-שאָלעמ האָט עס גוט געוווסט. ער פלעגט זיכ שטענדיק
אליינ פארגעמענ מיט באלמעלאָכעס: קומט אויס ביליקער אונ פינקט-
לעכער, נאָר אויסריידנ שאדט ניט...

— נו, טאקע, וואָס האָט עס בא דיר פאר א באטרעפ אָפשמירנ א
חעכל? אונ באלד איז שוינ סאָפ זומער... ווער ס'האָט באדארפט
פארבנ מיט אנ עמעס, האָט שוינ לאנג אָפגעפארבט. נאָר אז קינדער
ווילנ אויסברענגענ דעמ טאטנס געלט. אָבער אזוי טײַער! קאָרעוו צו
א רובל א טאָג — אונ ווו איז שוינ איצטער א טאָג?

ווער קאָנ א וואָרט כאפנ אנטקעגנ מוישע-שאָלעמענ, וואָס רעדט
געלאסנ, אָבער נאָכאנאנד, דערבײַ הייבט ער די ברעגנ באָרד אינ דער
הייכ, אז עס פינטלט אינ די אויגנ.

האָט כאימ-בער „געשטעלט" די פארב אונ איז אוועק אפנ דאכ.
א גוטער באקאנטער דער דאכ — ער האָט אימ שוינ צוויי מאָל גע-
פארבט: איינמאָל גרינ, אונ דאָס צווייטע מאָל — רויט. וויפל מאָל
וועט ער אימ נאָכ פארבנ?—פארטראכט זיכ עפעס כאימ-בער אפנ
דאכ. אָפאָנעמ, דאָס לעצטע מאָל... פארטונקלענ זיכ זײַנע אויגנ טרוי-
עריק אונ פארדראָסיק:—ניטאָ די קויכעס... וואָס פאָרט?—פארהאלט
ער זיכ אפ דער מאכשאָווע, וואָרעמ דאָס מאָל גלוסט זיכ אימ גראָד
מער ווי אלעמאָל אויספארבנ מײַסטעריש! זאָל כאָטש איבערבלײַבנ א
דאכ, כאימ-בערס א דאכ — א שפיגל.

א טאָג אונ א טאָג.

אינ גאס אונ אפנ טראָטואר קעגניבער, ארומ סאָלאָדובס מויערל,
וואָס זעט אויס ווי אנ אייפעלע לעגאבע בריטמאנס פירגאָרנדיקנ הויכנ
מויער—שטייענ מענטשנ פול, די אויגנ אינ דער הייכ אויפגעריסנ, פונ
דער זונ פארשטעלט מיט אנ אויסגעשפרייטער דלאָניע, אונ מענ איז
גרייט אָנצוקוקנ, ווי א ייִד דרייט זיכ דאָרט ארומ אינ דער הייכ מיט א

פענדזל אינ דער האנט, א מיטלוווקסיקער, מיט פארקאשערטע ארבל פונ העמד, מיט אנ ארבעקאנפעס, וואס האט זיכ פונ פארנט פאריסנ, אונ פונ הינטנ זיכ אראפגעלאזט, אז די ציצעס צעפלאנטערנ זיכ אימ ביז די בארוועסע פיס, — טונקט זײַנ לאנגנ פענדזל אינעמ עמער, אונ גלעט פאסנווײַז דעמ דאכ. אונ דאס פריש אפגעטריקנטע בלעכ צעשפיגלט זיכ אזוי אינ גלאנצ אונ רייצט דעמ הימל אנטקעגנ.

— ווי מע קלײַבט עס צו א ביסל א מויער!

— א מויער — א קראכ! פיר גארנ, די גאנצע וועלט פארנומענ: אהער: דער אקציז — דא, דער סוד — דא, דירעס פאר די גרעסטע סרארעס, אינ א האטעל — אויבנ...

— מוישע־שאלעמ ברייטמאנ! — רײַסט מענ איבער אונ מע פארענטפערט דערמיט אייגענע אונ פרעמדע שײַלעס אונ מע קוקט ווידער נײַגעריק.

אונ אפ דער צווייטער גאס, וואס איז פאראלעל צו דער „לאנגער“ — אפ דער „גרויסער“, בא דער „זארג־באנק“ ווארטנדיק, שטייענ ארבעטער אונ קוקנ אנ דערהוײַל פונדערווײַטנ דעמ הויכנ מויער, אונ באגלייטנ מיט די אויגנ כאימ־בערס א קער אונ א טראט.

— הויכ זיכ פארקליבנ...

— אלצ בעסער, ווי אונטנ בא דער „זארג־באנק“...

שטייט כאימ־בער הויכ איבער די גאסנ, איבער פיר גארנס — מיט א פענדזל, צווישנ ערד אונ הימל בארוועס.

5

שטייענ פיס בארוועסע אונ באקנ זיכ צו פלאציק צומ אנגעגליטנ בלעכ. נאר ניט ארומקוקנ זיכ — האלטנ פיס שטײַפ אנגעצויגנ, אונ די גראבע פינגער צונאגלענ אנגעשטרענגט, ווי אײַנגעשרויפט אינ בלעכ, אונ ציִענ מיטנ פענדזל האנט אויס אונ צוריק. שלאגט אנ אינ די אויגנ בלויע ליכט פונ אונטנ, צעפליסט בלעכ געשמירטע, אונ שווימט אויס פונ אונטערנ פענדזל שפיגלדיק, אונ שפילט, אונ שלײַפט זיכ קאלירנ־דיק, אונ שטראמט הוידענדיק, אונ ווארפט זיכ אינ שײַנ — אריבער די פארבייגטע ברעגנ, צו יענער זײַט אראפ, וווהינ מע טאר זיכ ניט אומקוקנ... אונ איבערנ קאפ, איבער דעמ דיקנ געווענטענעמ היטל, אונ אדורכ דעמ היטל, איבערנ פײַכטנ קאפ דריקנ שווער, ווי אנ־

געברענטע אײזנ־שטאבעס, שטראלנ זונ, צי פאסנ פארב, וואָס וויגנ זיכ און מישנ זיכ מיט זונ... זײַנע אויגנ כמורנע צוגעקלעפּט צו פרישגעפארבטנ בלעכ, קוקנ עס אָנ איצט, און זעענ עס אינ מאָרגנ... טרעפנ אָפּ: ווי דער קאָליר וועט זיכ אײַנשטעלנ — אויסגעטריקנט אינ טעג ארומ... נאָר דער דאכ וויגט זיכ אמאָל — אינ די אויערנ איז פול גערויש, און דער שווערער קאָפּ ציט ערגעצ אהינ... פלאָנטערט ערגעצ ווײַט און מעטושטעש... שווימט ארויס פאר די אויגנ א ברעטל אָנגעבונדנ אפ א שטריק, ווי א וויגעלע, וואָס פלאָנטערט אינדערלופטנ, דרייט זיכ אומ מיטנ שמאָלנ שארפנ זײַט ארופ. א יונגער כאיִמ־בער מיט ראָזעווע באקנ עטוואָס האָריקע, ווי מיט פודער פארשטויבט, בינדט זיכ אָנ מיט שטריק ארומ און ארומ די לענדנ, און טוט זיכ א צי אינ דער הייכ, העכער און העכער, רוהערנדיק מיט דער רעכטער האנט ארופ, יאָגט אָנ דאָס וויגעלע, דרייט עס אומ מיטנ ברייטנ זײַט ארופ, כאפט אָנ מיט די הענט די שטריק, און מיט די פיס — דאָס וויגעלע. זעצט ער זיכ אײַנ פעסט, צעהוידעט עס הינ און הער, — א־א־א! א־א־א! פארוויגט א וואנט אינ ווײַסנ, פארוויגט א טרויב אינ רויטס... א־א־א! א־א־א!

כאיִמ־בער ווערט דערשראָקנ: ער האָט זײַנע אייגענע פיס באָרפארבט אינ בלאָ...

רײַבט ער אָנ די אויגנ — ער האָט שיר געכאפט א דרימל שטייענדיק.

וואָס פלאָנטערנ זיכ כאלוימעס אפנ וואָר?

...א קלויסטער האָט ניט קיינ דאכ: מעשופּע ווענטלעכ אינ דער הייכ, און א „קנאָפּ", און א צײַלעמ — וויגט מענ זיכ אינ וויגעלע ארומ און ארומ, און מע פארבט...

טונקט זיכ אײַנ דער פענדזל אינ עמער פארב, טרייסלט זיכ אָפּ אליינ, פונ אייגענע רעגילעס, אָנ כאיִמ־בערס וויסנ, און נעמט אליינ פירנ איבער דעמ בלעכ הינ און הער, א פענדזל א געניטער.

און וואָס איז א וויגעלע? פלאָנטערט א פוילע מאכשאָווע אינ א שווערנ קאָפּ: „וואָס דראפּעט זיכ א מענטש איבער הויכע גלאטע ווענט"? — האָט זיכ דאָס וויגעלע בא אימ אמאָל אָפּגעלאָזט, און — טירררר... מיט די דיקע שטריק צוריק, צוריק, ביז צו דער ערד, ווו ער האָט אונטערגעקנייטשט א האנט און שיר ניט אויסגעלינקט...

נאָכ האלבנ טאָג, אונ אזוי ווייניק אָפּגעטאָנ. עפּעס גייט ניט היַינט. א מידקיַיט פּארכאפּט.

פּאָרזיכטיק רייַסט מענ אָפּ א צוגעבריטע פּוס, אונ פּאָרזיכטיק שטעלט מענ עס איבער, א געמאָסטנ טראָט, אונ א צווייטנ געצילט — אונ מע הייבט אָנ פּארבנ א נייַעמ ווינקל.

... אונ וואָס איז שלעכט א רעכטער דאכ פּונ א גרויסנ ביניענ? האָט ער דאָכ אינ שפּיטאָל־הויפּ אפּ אלע דעכער טעג אונ וואָכנ נאָכאנאנד ארומגעשפּאצירט, באקוועמער ווי אפּ דער גאס. אונ — האָט דעמלט אפילע א נייַע קאפּאָטע „ארויסגעכאפּט“ פּונ דעמ פּארדינסט...

וויפּל דעכער! וויפּל ווענט!

איינזאמ אינ דער הייכ טראכט זיכ, באנאנד מיט א שטומנ פּענדזל ווארפט מענ ארויס אמאָל א וואָרט פּונ מויל...

א פּארבער.

געוועננ אנ ערדגרעבער אונ געוואָרנ א פּארבער, א דערוואקסענער באָכער, וואָס האָט זיכ שוינ פּארקוקט אפּ אָרע־לייבס מיידל... אַי, איז דאָס א מיידל געוועננ!

טאקע געראָטנ „געשטעלט“ די פּארב: יענער ברעג פּונ דאכ שפּיגלט זיכ אזוי...

... ארבעט מענ מיט אָרע־לייב דעמ פּארבער אינ איינ הויפּ, בא דעמ ביניענ פּונ מאגיסטראט: כאַימ־בער, א באָכערל בא ערהארבעט. אונ אָרע־לייב — פּארבעריַי. אָרע־לייב מיטנ זונ בינדנ שטריק, מאכנ לייטערס, קניפּלענ אָנ וויגעלעכ צו קלעטערנ...

דער פּענדזל האָט פּארגעסנ זיכ אָפּצוטרייסלענ אינ עמער, האָט ער אימ פּארשפּריצט די ברעגנ פּונ די קאלסאָנעס, וואָס האָבנ זיכ ארויסגערוקט פּונ אונטער די הויזנ אפּ די באָרוועסע פּיס.

בייזערט ער זיכ: אז מע דארפ ניט איבערטוישנ קיינ אלטע לוכעס, וואָס פּלאָנטערט זיכ אימ היַינט! אז ס׳איז, אפּאָנעמ, צו הייס, מיד.

... שפּרינגט ער אונטער צו אָרע־לייבנ: גיט מיר אָקאָרשט א פּרוּוור־טאָג די לייטערס. איכ וועל איַיכ מאכנ אנ אָנהייב.

ארופּ־אראָפּ. אראָפּ־ארופּ. דאָס הארצ שפּרינגט פּאר פּרייד: ווענ ריווקע זאָל עס נאָר צוזענ! מע הייבט זיכ אינדערלופטנ. אונ דעמ עמער פּארב ארופּגעצויגנ, אונ דעמ לאנגנ פּענדזל אינ דער האנט אפּנ דאכ.

— כאַימ־בער, דו פאַסט פאַר א פאַרבער... אָרע־לייב איז א מייונ...

האָט ער אינ דעמ טאָג נאָכ אָנגעהויבנ פאַרבנ, אונ צומ אָוונט האָט ער דעמ ראָק שוינ גוט אויסגעשמירט אינ אייל אונ אינ פאַרב.

אונ פאַרוואָס זאָל ער נית צוהעלפנ אָרע־לייבנ אָפּצוטראָגנ די קיי־לימ צו אימ אהיימ?

באַגעגנט אימ האָרט ריווקע מיט די „פײַנע אויגעלעכ". „זע, א פאַרבער?!".

זי טוט א פּאַטש מיט די הענטלעכ אונ לויפט אַרײַנ אינ שטוב: „געװאָרנ א פאַרבער"! באַלד לויפט זי אַרויס צוריק אונ בלישטשעט, אונ קוועלט, אונ איז צופרידנ, טוט אימ א קניפ אינ באַק אונ ווערט רויט, אונ אַנטלויפט, אונ פאַרלירט אפנ וועג ווערטער: „א פאַרבער געוואָרנ... מײַנ טאַטע וויל א פאַרבער"...

כאַימ־בער שמייכלט צומ פענדזל: ער מיינט, זיי זײַנענ ביידע פענ־זעמ — גוטע נאַרנ ביידע... אונ ביידע ווילנ הײַנט נית אַרבעטנ...

גלוסט זיכ א ווײַלע אָפּרוען. ס'דוכט זיכ, אז מע וועט נעמענ רוענ, וועט מענ אויפהערנ צו טראַכטנ, צו פלאָנטערנ כאַלוימעס...

אפ אַלדי פיר, אונ מיטנ פענדזל א פינפטנ אָנהאַלט, קריכט מענ אַוועק צומ טויבנ־פענצטער אפנ דאַכ. דאָרטנ לאָזט מענ זיכ אַראָפּ לאַנגזאַמ, פאָרזיכטיק. די פיס צו זיכ אונ דער קאָפּ אָנגעבויגנ. אינ די שלויפנ שווער, די ברוסט דריקט.

מענ עלטערט זיכ.

וויפל איז פאַראַנ, אז ער האָט דעמ דאַכ געפאַרבט רויט? א יאָר פינפ? ניינ, שוינ טאַקע זעקס, דאָס זיבעטע...

הײַנט וויפל איז פאַראַנ, זינט ער האָט עס געפאַרבט אינ גרינ? וויפל איז אַלט מירעלע. די גאַנצע דרײַצנ, אפּאָנעמ—זי גייט שוינ בא א נײַטערנ. אַזוי איז דאָס. דעמלט איז ריווקע געווענ אינ קימפעט מיט איר, מיט מירעלענ...

ווער פירט עס דאָרטנ אַזאַ שווערנ וואָגנ אנ אָנגעלאָדענעמ? טאַקע שלוימע דער באַלעגאָלע. שוינ אויכ אַלט געוואָרנ, גרוי... אונ עפּעס קלענער געוואָרנ... מענ עלטערט זיכ.

א דאַכ פאַרבט מענ איבער... א דאַכ איז א געהויבענע זאַכ! אונ א מענטש, מישטיינס געזאָגט, וואָס?... וואָס איז א מענטש? א מענטש,

וואָס פֿאַרבט איינ דאַכ פינפ, צענ, פופֿצנ יאָר, אונ ביינע לעביינע ווערט מענ אליינ צעקראַכנ... וואָס איז א מענטש?..

נו, גענוג, גענוג, וווילטיקנ זיכ, גענוג!

הייבט מענ זיכ אופ קוים, קוים, פֿאַמעלעכ, געלאָסנ זיכ אופגע־שטעלט, אונ צו דער אַרבעט.

א ווײַלע קלאָר אונ העל ארומ אונ אינוויינייק. אויס פֿלאָנטער. דער קאָפּ איז לײַכטער. דער פענדזל פֿלײַסט זיכ, די הענט — מוטיקער. איינזאַמ אינ דער הייכ, באַנאַנד מיטנ פענדזל — צעפֿירנ זיכ די הענט ברייטער אונ ברייטער.

— אַײַ, וועט עס זײַנ א ראַב!

כאַימ־בער האָט דעמ פֿאַרשאַרפֿטנ שפּיץ פונ דאַכ מיט די פינגער פונ די באַרוועסע פיס אָנגענומענ. א פוס פונ איינ זײַט אונ א פוס פונ דער אַנדערער. האָט זיכ נאָכ ניט פֿעסט אָנגעהאַלטנ אונ האָט שוינ מיטנ פענדזל בלינד געבלאָנדזשעט — די אויגנ האָבנ נאָכ געהיט די גראָבע פינגער פונ די פיס, זיי זאָלנ זיכ שטײַפֿער אָנקלאַמערנ... בלאָנ־דזשעט בלינד א פענדזל נאָכנ עמער פֿאַרב, אונ כאַימ־בער איז זיכ נאָכ מעיאַשעוו, ווי אויסצודרייענ די קני פונ רעכטנ פוס, אז ער זאָל קאָנענ אָנקערנ דאָס פּאָנעמ מער אַפּ לינקס, וווּ ער ברויכט צו פֿאַרבנ. עפּשער דעמ עלנבויגנ א קירעווע טאָנ אַהער... אָט אזוי... אונ די קני — פֿאַוואָל...

האָט דער פענדזל א קלאַפּ געטאָנ פֿאַרבײַ דעמ עמער — אָנ ווענטל פונ אויסנ, זיכ א גלײַטש געטאָנ, אונ — א טהאָמ... א ריס געגעבנ כאַימ־בערנ...

האָט ער אינ שלײַדער א הייב אופ געגעבנ די אָנגעכמורעטע ברעמענ אונ מיט צעשראָקענע אויגנ אינ דער ווײַט האָט ער דערזענ בא דער זאָרג־באַנק — שימענ מאַלעכנ אונ ניסעלע דעמ קאַלבער... האָט ער צו זיי, דוכט זיכ, א געשריי געטאָנ: „א־א!“ אונ האָט פֿאַרמאַכט די אויגנ, אונ זיכ א קנײַקל געטאָנ, אײַנגעראָלט צונויפגעקנוילט אינ ציטער, זיכ געדרייט אונ געפּלאָנטערט — צו לאַנג... צו לאַנג....

אָנ עפּעס זיכ פֿאַרטשעפּעט, פונ ערגעצ זיכ אָפּגעריסנ, אונ גענומענ פֿלײַענ אינ דער הייכ... אָנשטאָט צו נידערנ... פֿליט רויקע אנטקעגנ — בלויז אויגנ קאַרע צעשראָקענע טראָגנ זיכ אימ אנטקעגנ, אונ — מירעלעס פּאָנעמ שוועבט דערבײַ... פֿליט, פֿליט... אונ ווי א זאַק א פֿויגעל

האָט לעבנ זײַנ רעכטנ אויער א כליופּע געטאָנ. אפּנ ברוק אינ גאס—האָט ער דערהערט זײַנ אייגענעמ קלאפּ, דערוואכט נאָר אפּ א בלענצל פונ איינ ברעמ... אונ — אויס!

6

אוי־אוי־אוי... אוי־אוי־אוי...—האָט זיכ צערוישט אונ צעשטורעמט אינ אימפּעט אונ שרעק א גאס אונ א צווייטע. פורנ האָבנ זיכ אָפּגעשטעלט, אונ מענטשנ זײַנענ געלאָפנ.

מורמלענ קוילעס:

— אראָפּגעפאלנ! אפּ טויט!.. א פארבער... א נערענ!...

— וואָס? אפּ טויט!..

— אונדזער כאימ־בער... די ביטערע מעלאָכע...

זײַנענ פארציטערטע מיט כליפּענדיקע געשרייענ אָנגעלאָפנ באלמע־לאָכעס פונ זאָרג־באנק — מיט די עמערס אונ די פענדזלענ, מיט די רידלענ אונ די זעגנ, מיט צעקרימטע פּענעמער אונ געבראָכענעמ געמיט:

— צעריסנ א באק... צעשפּאָלטנ א ליפּ... אנ אויג—אויסגע־שלאָגנ... אפּ טויט... אײַ! איי! אײַ! אונדזער כאימ־בער!..

האָט מענ לאָפּעטעס אונ זעג אפּנ ברוק געוואָרפנ, אונ הענט לײדיקע, הענט שווערע, אָנגעשוואָלענע אונ צעראצטע, האָבנ בײַנערדיק טרוקנ געבראָכנ אונ געקנאקט.

— באָרעכ דײַענ עמעס! וואָס, א קאָרעוו? אנ אייגענער?

— אונדזער כאימ־בער... ערשט פונ זאָרג־באנק אראָפּגעגאנגענ מיט א דרײַ טעג צוריק... אונדזערער א באלמעלאָכע...

שימענ־מאלעכ האָט קינדיש געקלאָגט אפּנ קאָל, האָט מיטנ לאנגנ פענדזל זיכ אינ קאָפּ געקלאפּט, אז ס'האָט אימ דאָס היטל פארדרייט מיטנ קאָזירעק אהינטער, אונ מיטנ לײדיקנ עמער פונ פארב האָט ער זיכ איבער די פיס געשלאָגנ. מיט אויגנ צעמישטע, האָט ער מיטנ ברייט: מויל נאָכאנאנד געשריענ: „אײַ, אײַ, אײַ! אײַ! אײַ!..”

באלמעלאָכעס שאָקלענ צו אימ מיטנ קאָפּ, שווײַגנדיק פארקלעמט.

„זײַטיקע“ שפּארנ זיכ צו אימ:

— באָרעכ דײַענ עמעס! וואָס, א ברודער מיסטאמע, א שוואָגער—דער גערעגנ?..

— א ברו־דער?.. צערעוועט ער זיכ:—נ, ניינ... איכ אליינ!.. איכ

אליינ—שימענ מאלעכ—דער נערעװ... כאָמ-בער און שימענ מאלעכ—
איינ נערעװ...
באלמעלאָכעס שאָקלענ צו מיט שווערע קעפּ.
„זײַטיקע” רוקנ זיכ אָפּ: עפּעס א מעטושטעשער באָכער...
— א וועג, א וועג לאָזט — פּאָליציי גייט...
נעטל דער ערדגרעבער האָט זיכ האסטיק עפּעס א קער געטאָנ צומ
אוילעמ און האָט מיטנ גראָבײַזנ א קלאפּ געטאָנ אָנ שטיינ פונ ברוק:
— הא! ווענ שיקט מענ אינ קאפּאקאל גראָבנ נײַנ איילנ אינ דער
ערד טיפ, אז מע זאָל דאָרטנ דערשטיקט ווערנ?..
— און ווענ טרײַבט מענ אפנ נאלגל ארופ, אפ אזא מויער, א
מאלכאמאָוועס?.. האָט שימענ-מאלעכ אימ אנטקעגנ א טײַטל גע-
טאָנ מיטנ לאנגנ פענדזל צו מוישע-שאָלעמס מויער, און האָט זיכ
צעכליפּעט: — איי, איי, איי!..
— גענוג! גענוג! — מאכט פּאָליציי „אָרדענונג”. — גייט זיכ פאַ-
נאנדער צומ זאָרג-באנק, אוילעמ! „אײַערער” וועט גאנצ זײַנ — מיר
וועלנ היטנ...
— ווי איר האָט אימ ביז איצטער אָפּגעהיט — מורמלט אָנגערוקט
די זאָרג-באנק, די גאנצע זאָרג-באנק דאָ.
שימענ-מאלעכ שפּארט זיכ פאָרויס אינ אימפּעט מיטנ פענדזל און
מיטנ עמער:
— לאָז-אָזט! איכ דארפ דאָ שטיינ — בא אימ!.. איכ — מיטנ
פענדזל! און ער טוט א שטעל מיט האסט דעמ פענדזל אפנ ברוק ניט
ווײַט פונ נערעװ, ווי א סאָלדאט די ביקס צופוס אפ דער וואכ—אָט
דאָ-אָ... ער איז אויכ געוועזנ מיט א פענדזל...
— ששש...—האלט אימ אָפּ פּאָליציי — מאכ ניט קיינ טומל...
— איכ בינ א דאכנ-פארבער — רײַסט ער זיכ פאָרויס, — פארוואָס,
זאָגט מיר, האָב איכ ניט געקאָנט ליגנ איצטער אָט-דאָ-אָ נערעװ, א צו-
גויפגעדרייטער?.. דארפ איכ כאָטש שטיינ לעבנ אימ... לאָ-אָזט מיכ!..
צו אימ!..
מע האלט אימ פעסט בא די קליאפּעס.
עס פאָרט אָנ אײַלנדיק דער פּאָליצמייסטער, און פונדערווײַטנ
נאָכ שטעלט ער זיכ אופ אינ פאעטאָנ און הייבט אופ א האנט. צוויי פּאָ-
ליציי-באאמטע לויפנ אנטקעגנ און שטעלנ זיכ פונ ביידע זײַטנ פאעטאָנ.

— דעם פּלאַץ אָפּרייניקן — טייקעף! שטעלן אַ וואַך! און אַרום — אַ קייט!

ער האָט פון דער הייך אַנגעקוקט דעם אוילעם און נאָך שטרענגער צוגעגעבן:

— אַרבעטער צעטרייבן! פלינק!... אויס געזעמל!.. פלינק!..

ס'איז געוואָרן אַ מעהומע. מ'האָט געטריבן, געשטויסן און געיאָגט פון די ראָגן אפילע און פון די זייטיקע געסלעך.

שימען מאַלעכן האָט מען שוין צוויי מאָל אָנגעבאָטן צו נעכטיקן די נאַכט אין פּאָליציי, אויב ער וועט זיך ניט באַרויִקן און ניט אַוועק־גיין פונדאַנען. ער דערהערט ניט: אָדער ער זאָל בלייבן לעבן באַים־בערן, אָדער מ'מע זאָל אים נעמען אין דער פּאָליציי... וואָס מאַכט אים אויס? אַנדערש האָט ער ניט וואוהין צו גיין... אז מע פאַלט פון די דע־כער, האָט ער ניט וואוהין צו גיין...

עלטערע באַלמעלאָכעס ווילן אים איינרעדן, ניט משעפען זיך מיט פּאָליציי — „מיט „זיי" הייב זיך נאָר אָן"...

שפּאַרט זיך שימען נאָך האַסטיקער — צו באַים־בערן.

Взять его!.. — שרייט אויס אַן אקאַלאָדאַטשנער בייז. טרעטן אַרויס פיר גאָרהדאָוויעס מושטרירט און רינגלען אים אַרום—איינער פון פּאָרנט, צוויי בא די זייטן, און דער פערטער — אהינטער. און אַלע מיטאַמאָל ברומען זיי אַרויס אין איין קאָל:

— פּשאָל!

— איך בין אייך ניט קיין „פּשאָל"... אונדזערער איז פון דאָך גע־פאַלן, ניט אייערער...

און מיטן פענדזל און מיטן עמער אין די הענט, געהויבן און גאַר־לעסדיק, ווי נאָך קיינמאָל, לאָזט ער זיך אַוועק — אַליין פאָרויס מיט ברייטע טריט צום פּאָליציי־צירקל. און די גאָרהדאָוויעס פלאָנטערנדיק די שווערדן, מאַרשירן פלייסיק, און דריאָגן אים ניט — איינער אָפּ־ריִער, צוויי בא די זייטן, און דער פערטער — אהינטער, ווי מע האָט זיך לעבאַטכילע צעשטעלט. נאָר דער איגוויניקסטער, שימען מאַלעכן, איז פון זייער קרייז אַרויס, גייט אַליין און שנעל אָפּריִער פון זיי אין פאָרויס.

גערן—אַז באַים־בער ליגט אַ נבֿרעג, דאַרף ער, שימען, נעכטיקן אין צירקל...

אינ יענעמ טאג האבנ ארבעטער זיכ ניט צוריקגעקערט מער צו דער זארג-באנק. מע האט געבלאנקעט איבער די גאסנ אונ געסלעכ. אפ-הענטיק איז מענ אינ די היימענ געגאנגענ. פרויענ האבנ אינ שטומער זארג מאנענ באגעגנט — זיי האבנ שוינ געוווסט.

## 7

אפ מארגנ איז מענ געשטאנענ בא דער זארג-באנק מיט אראפגע-לאזטע קעפ. מ'האט די אויגנ ניט געהויבנ — מ'זאל ניט דערזענ אי-בער א גאס אינ דער הייכ „דעמ גאזלענ“ — דעמ דאכ פונ „מוישע-שאלעמקעמ“ מויער...

— ווענ איז די לעווייע? ווי דערוויסט מענ זיכ פארט, ווענ וועט זיינ די לעווייע? ווו איז שימענקע? ער טוט עפעס? צי נאכ אלצ אינ פאליציי?

שימענקע איז נאכ נעכטנ צו דער נאכט ארויס פונ פאליציי. דער פריסטאוו האט אימ צולעצט אפגעלאזט. „דעמ צעדרייטנ ארכאנגעל“...

האט עס שימענקענ פארדראסנ: די רעשאימ טוענ אלצ אפצולא-כעס—אז מע וויל ניט אינ צירקל—זעצט מענ אריינ, אונ אז מע וויל אפזיצנ, טרייבנ זיי ארויס. ווו טוט מענ זיכ אהינ איצטער? איז ער געלאפנ אינ שפיטאל, דערנאכ צו באימ-בערנ אהיימ, זיכ א דריי גע-טאנ ארומ די קינדער, געמיינט באזארגנ—אונ צוריק געלאפנ אינ שפיטאל, זענ וואס איז דארטנ מיט ריווקענ, מיט באימ-בערס וויינ.

שפעט אינ אוונט האט מענ פונ שפיטאל-הויפ געהייסנ ארויסגיינ, האט זיכ ריווקע דרויסנ געטוליעט צו א שטיינערנער זאוואלינקע אונ געבליבעט. מירעלע, דאס טעכטערל, האט צו איר דאס קעפל צוגע-ווארפנ אונ האט זיכ פארכלינעט. האט שימענ א בריאזג געגעבנ דעמ עמער אנ שטיינ אונ האט זיכ צערעוועט: „אוי, אוי, אוי!..

אהיימ צו זיכ איז ער געקומענ שפעט, טאטע-מאמע שלאפנ.

— שימענקע, הא?—האט דער טאטע פונ שלאפ געפרעגט. ווענ שימענקע האט זיכ שוינ איבערגעקערט אפ אלע זייטנ אונ ניט גע-קאנט איינשלאפנ. אינ פענצטערל האט שוינ, דוכט זיכ, גענומענ באגי-נענ. וואלט ער שוינ איינגעדרימלט א ווייליע — ווארפט מענ זיכ אנ אפ אימ אונ מע שטיקט אימ... ראנגלט זיכ מיט אימ — איינער פונ פארנט, צוויי פונ די זייטנ אונ א פערטער — פונ הינטנ... אונ

מע שטויסט אים, און מע צופט אים... האָט ער זיכ גענומענ שלײדערנ מיט די הענט און מיט די פיס — ער וועט נעמענ קלאַפנ...

וועקט מענ אים — איז ער וואַרפט זיכ אזוי אינ שלאָפ. קוקט ער זיכ ארומ מעטושטעש און גדענקט ניט, ווענ ער האָט אזוי אָנגעקלאַפט, אז די הענט טוענ אימ וויי.

אײַלט ער. שווינ שפעט. כאַפט ער דעמ פענדזל און דעמ עמער, און לויפט אוועק אינ שפיטאָל. מע זאָגט, מע וועט פאַלמעסנ... א טאָג און אנ אָוונט, און א פרימאָרגנ, דערנאָכ לויפט ער ארומ מיט הירשל דעמ אויוונמאַכער, א הויכער, א פלינקער, מיט א בינטל האָר ארויסגעוואָרפנ פונ הינטערנ קאָזירעק פונ היטל.

לויפט מענ אמאָל באַנאַנד, און אמאָל איינער אהער, און איינער אהינ. פאַלמעסנ, ניט פאַלמעסנ, און טאַכריכימ, און קוורע, און די לעווײַע צוגרייטנ.

אפ איבערמאָרגנ צו האַלבנ טאָג זײַנענ האַסטיק צו דער זאָרגבאַנק צונויפגעלאָפנ שימענ מאַלעכ פונ איינ זײַט — פונ שפיטאָל געאײַלט, און הירשל דער אויוונמאַכער — פונ כאַימ־בערס היימ, און קימאַט ביידע גלײַכ האָבנ אָנגעזאָגט:

— באַלד די לעווײַע... פונ שפיטאָל וועט מענ ארויסטראָגנ.

איז די זאָרגבאַנק געבליבנ ליידיק, די וועגעלעכ פונ די לאַנגע מוירנ — וויסט. באַלמעלאָכעס און ארבעטער מיט געצײַג און קיילימ האָבנ זיכ כמורנע א רוק געטאָנ אינ מיט דער גאַס איינעינעמ, איינעמ פײַסט געשלאָסנ. האָבנ זיכ אינ גאַס באַגעגנט איינציקע באַלמעלאָכעס און גאַנצע כעווריעס בא געבײַדעס אפ דער ארבעט.

— וואוהינ? עפעס אלע מיטאַמאָל?

— צו דער לעווײַע...

האָבנ ארבעטער די הענט א וויש געטאָנ אָנ די פאַרטעכער, א האַמער — אינ גאַרטל, א רידל — אפ אנ אקסל, און מע איז שטיל מיטגעגאַנגענ. טראָגט מענ אַנטקעגנ די מיטע ארויס פונ שפיטאָל־הויפ, רוקנ זיכ צו אונטער די שטאַנגענ אקסלענ און אקסלענ. גיכ און גע־שווינד טראָגט זיכ א מיטע אפ אקסלענ פונ מענטשנ, וואָס טראָגנ אינ הענט רידלענ און העק, און פענדזלענ און האַמער. דערקענענ גאַסנ און געסלעכ, אז עס גייט די לעווײַע פונ א באַלמעלאָכע, וואָס איז די טעג... און גאַסנ פאַרשווײַגנ געהיימ, און געסלעכ דערײַדנ ניט... פאַרט אָנ א

באלעגאלע, שפרינגט ער אראפ פונ וואגנ, אונ מיט דער בייטש אינ דער האנט לויפט ער—אונטערשטעלנ זיינ אקסל אונטער א שטאנג פונ דער מיטע. קומט אנטקעגנ א בלעכער אונ קלאפט מיט קיילים אנגעבונדע־נע מיט שטריקלעכ אפ לאנגע שטעקנס: קווארטלעכ אונ טשייניקעס, לעמפלעכ אונ פענדלעכ—שטופט ער זיכ קוים דורכ דורכנ געדיכטנ אוילעם, קלאפנדיק אונ קלינגענדיק.

— לאזט אים! לאזט אים!..—העלפט מענ אים דורכשפארנ זיכ, אונ ער דערלאנגט קוים זיינ אקסל אונטער א שטאנג פונ דער מיטע.

— צום זארג־באנק! טראגט צום זארג־באנק!..—שרייט אויס מי־טאמאל שימענ מאלעכ.

— טרא־אגט פארביי דער זא־ארג־באנק!—שרייט נאכ העכער הירשל דער אויוונמאכער—פארביי דער זא־ארג־באנק!.. הילכט אפ ווי „צדאקע טאציל מימאוועס“...

אונ שטיל, אינ טרויער פארהויכט, נאענט צו ליידיקע ווענט פונ צוויי מויערנ לאנגע האט די שווארצע געוואנט פונ דער מיטע גע־שאטנט, מיט טונקעלנ א ווײלע געשוידערט...

די אקסל בא די טרעגער האבנ פארציטערט.

אפנ בעסוילעם באם אפענעם קייווער איז ניסנ דער קאלכער, אנ עלטערער ייִד, א מעיושעוודיקער, מיט א לאנגער שווארצ־גרוילעכער בארד, — ארויסגעטראטנ פארויס, צום ברעג פונ קייווער, האט מיט פינצטערע אויגנ אריינגעקוקט איטווייניק, אונ האט זיכ אנגעשפארט אפ זיינ פענדזל אונ געזאגט:

— כאיִמ־בער, זײ אונדז מויכל... אויב מיר האבנ אנטקעגנ דיר־רדרד...

טרערנ האבנ פונ זיינע אויגנ ארויסגעיאגט אונ אינ קייווער זיכ אריינגעלאזט.

ניסנ האט די ליפנ צוזאמענגעדריקט, אופצוהאלטנ זיינ געוויינ.

— מיר זיינענ אלע דא מיט דיר... די גאנצע זארג־באנק אונדזערע... באלמעלאכעס ווייסנ...—טרערנ האבנ ווידער געשטיקט, האט ער גע־קרעמפט די הענט, אונ צוגעכאפט:

— כאיִמ־בער, א לעוויע האסטו, ווי א גרויסער צאדיק...

אונ פינטלענדיק מיט די אויגנ, האט ער זיכ אפגעקערט פונ ברעג קייווער.

האָט זיכ אַרויסגערוקט הירשל דער אויוונמאַכער אינ דער הייכ אַפֿנ בערגל פֿונ פֿרייש אויסגעגראָבענער ערד און האָט מיט די אויגנ אויסגעבליצט:

— ייִדנ! ניטאָ קיינ צאַדיקימ... מיר זײַנענ די צאַדיקימ! אַרבעטער, וואָס האָרעווענ, האָרעפּאַשניקעס מיט מאָזאָליעס...

— שאַ! שאַ! — האָט איבערגעריסנ דער מאַשגיִעכ פֿונ בעס־ווילעמ — נאָר ניט דאָ אַפֿנ הייליקנ אָרט, באָכערל... ניט בא אַנ אָפּענעמ קייווער...

— אונטערלעקער! — האָט זיכ אַרופֿגעריסנ אינ דער הייכ אַנטקעגנ דעמ מאַשגיִעכ שימענ מאַלעכ — דו האָסט מוירע פֿאַרנ גאַבע פֿאַר מוישע־שאָלעמענ... נישקאָשע, זײַנ הויכער מויער קאָסט אונדז טײַער...

— ייִדנ! — האָט הירשל אויסגעשריִענ און געפֿאָכעט מיט א האַנט איבער אַלעמענ — ייִדנ, מיר האָבנ דאָ א קאָרעש, אונדזער קאָרעש! ייִדנ, מיר לײַדנ גענוג... שוינ צײַט א טראַכט צו טאָנ... מיט זעג און מיט האַמערס, וואָס האָבנ געבײַדעס אָנגעבויט פֿאַר רײַכע, מיט די געצײַג אינ די פֿאַרטעכער קומענ מיר צומ קייווער פֿונ אונדזער ברודער...

— וואָס איז פֿונ זייער מויער א נערענ געוואָרנ... — שרײַט אַרײַנ שימענ מאַלעכ.

די שאַמאַסימ האָבנ געאײַלט דעמ קייווער פֿאַרשיטנ, פֿונ די באַגלייטער האָט זיכ קיינער ניט גערירט מיט א לאָפּעטקע ערד.

— ייִדנ! — האָט הירשל א ריס געטאָנ זײַנ קאָל — הייבט אופֿ אײַערע האַמערס, אײַערע רידלענ און פֿענדזלענ — הייבט זיי אופֿ אינ דער הייכ...

אַלע האָבנ זייערע הענט מיט די געצײַג געהויבנ און האָבנ צו הירשלענ אינ די צעפֿלאַמטע אויגנ געקוקט און געוואַרט.

— הייבט אופֿ די הענט און זאָגט אָפּ דעמ לעצטנ קאַדיש — אָפּ אײַער דערשלאָגנקײַט... דעמ לעצטנ קאַדיש — אָפּ אײַער האַכנאָע, אָפּ אײַער קנעכטשאַפֿט...

— פֿע! פֿע! — האָט דער מאַשגיִעכ געשריִענ — ס'איז שוינ גאָר כאַלאַשעס: א נײַער קאַדיש... אַפֿנ הייליקנ אָרט...

א פּאָר שאַמאַסימ האָבנ זיכ א לאָז געטאָנ צו הירשלענ, שימענ מאַלעכ האָט זיכ געוואָרפֿנ צומ מאַשגיִעכ...

נאָר ניסנ דער קאלכער האָט אופגעהויבנ הויכ זייַנ פענדזל אונ נאָכ העכער — זייַנ קאָל:

— יידנ!

האָבנ זיכ אלע אומגעקערט צו אימ. האָט ער צעבראָכנ אונ טרויעריק אָנגעהויבנ:

— יסגאדאל וועיסקאדאש...

8

פונ בעסוילעמ אוועק זיינענ אלטע — צעבראָכענע, אונ יונגע — צערודערט.

אפ דער מעשטשאנסקע גאס, נאָכ דער בײדל פונ דעמ „בודאָטשניק" האָט איסאאק אפגיכ זיכ צעזעגנט מיט א קאָמפאניע, אָנגעזאָגט באנקענ, זי זאָל „דערחוייל" גריסנ ליזעלענ, אונ האָט געשווינד פארקירעוועט אונ אָנגעיאָגט דאווידנ, וואָס איז געגאנגענ שטיל אונ פארטראכט.

— דו ביסט אויכ געוועננ אפ דער לעוויע...—האָט איסאאק א זאָג געטאָנ.—איכ האָב דיכ געזענ די גאנצע צייט...—שמייכלט ער צופרידנ—ארומ דער זאָרגנבאנק זייט איר, אפאָנעמ, אָנגעגאנגענ: דו אונ סלאווא באָריסאָוונא, געגאנגענ מיטנ טראָטואר, אינ דער זייט אלצ... אונ אפנ בעסוילעמ געשטאנענ פונווייטנ, ווי א זייטיקער. גאנצ גוט געטאָנ — פונווייטנ... דערפאר בינ איכ צו דיר ניט צוגעגאנגענ, — מע דארפ ניט פאר אזא אוילעמ... אונ באנקע, די צעטומלטע, האָט זיכ דאפקע 'געריסנ צו דיר. סלאווע איז שוינ אפאָנעמ אוועק פריער.

— וואָס דו האָסט דאָ אָנגערעדט! כ'האָב באגעגנט די לעווייע אינ גאס, בינ איכ געגאנגענ — האָט דאָוויד איבערגעריסנ.

— אלצ באגעגנסטו?!—האָט איסאאק ברייט געשמייכלט—אונ איכ, אונ נאָכ ווער האָבנ זיכ עקסטרע אָפגעריסנ פונ דער ארבעט. נאָר גוט, וואָס דו ביסט געוועננ — האָסטו אלצ געזענ. כ'האָב געוווּסט, אז דו וועסט זיינ — אזא לעווייע וועסטו ניט דורכלאָזנ. ווי געפעלט דיר הירשל — הירשל דער אוייוונמאכער?

— אונ אויב איכ קענ הירשלענ?

— נו, גוט, דאָוויד, גענוג. איצטער דארפסטו.. גוט, וואָס דו ביסט אליינ געוועננ. באנקע זאָגט, אונ איכ מיינ אויכ, דו זאָלסט וועגנ דעמ אלצ — אָנשרייבנ א בלעטל. א פראָקלאמאציע, א היגע זאכ אונ...

דאוויד האָט זיכ אָפּגעשטעלט, צוגויפגענומענע קנייטשנ אפנ שטערנ צווישנ די אויגנ.

— נראַו... — האָט איסאַק אינ א ווײַלע ארום דערמאָנט.

— אונ דרוקנ?

— דאָס איז מײַנ זאַכ, דו גיב מיר געשריבנ. שאָלעמ איז אונדזער גרוים, אונ כאַניע איז אונדזערער. — האָבנ מיר צוויי דרוקערײַענ — וויפל דאַרפסטו?

— איכ וועל א טראַכט טאָנ, — האָט דאָוויד אָפּגעענטפערט, כאָטש ער האָט שוינ וועגנ דעמ געטראַכט, נאָכ איידער איסאַק איז צו אימ צוגעגאַנגענ.

— איז ווענ וועט דאָס זײַנ?

— כ׳האָב געזאָגט, איכ וועל א טראַכט טאָנ.

9

אינ עטלעכע טעג ארומ נאָכ דער לעווײַע איז צווישנ אוילעמ בא דער זאַרג־באַנק זײַטיק אונ שטיל ארומגעגאַנגענ יוסעפ־שימענ דער ריאַטשיק, מיט דער גרויסער צעקעמטער באָרד, מיט א מעשנ קייטל אפ דעמ וועסטל אונטער א לאַנגנ סורדוט, שטעלט זיכ צו אונ רײַבט די הענט: — איַ, בלאָ־אָ... בלאָ־אָ...

הערט אימ קיינער ניט. עפּעס איז דער אוילעמ ברויגעזדיק די טעג. לייגט ער אוועק די הענט אינ די הויזנ־קעשענעס, קוקט זיכ ארומ מיט די גרויע אויגנ.

— וואָס הערט זיכ, ניסנ? איַ, ניסנ! האָסטו „אימ״ א העספּעד געמאַכט, זאָגט מענ.

— אז דער שטאָט־מאַגיד קומט ניט צו אונדזערער א לעווײַע... בינ איכ... אונ דו ביסט שוינ געוואָרנ אויס מעכוטנ מיט אונדז, — דוכט זיכ אויכ געווענ אמאָל א פאַרבער.

— אלצ זאָל מענ געדענקענ וואָס אמאָל, — נעמט ארויס יוסעפ־שימענ ביידע הענט פונ די קעשענעס אונ צעשפּרייט זיי איגנדערלופטנ, — ס׳וועט דאָכ דער קאָפּ ניט קלעקנ.

— יע, הײַנט ביסטו א ריאַטשיק, א קאָלבוי געוואָרנ: נעמסט אָנ אלע מעלאָכעס — פאַר אנדערע. בויענ, גראָבנ, דעכער דעקנ, גלעזנ, פאַרבנ... אונ אליינ — אינ א ציכטיקנ סורדוטל אומדערוואָכנ...

— די גאַנצע קדושע ליגט בא אײַך איג די קאַלב-פֿלעקן אפֿן קאַ־פּאָטע... — האָט יויסעפֿ־שימען אויסגעלאַכט,—ווי דער נײַער מאַגיד, הירשעלע דער יונגאַטש האָט זיך צעהאַרשנט דאָרט באַם קיוועה... אַזאַ יונגאַטש! „האָרע־פּאַשניקעס“ — אַ סעדרע!..

— הירשל איז אויך נישט קיין יונגאַטש,— האָט נייסן דער קאַלבער בעטעווע פֿײַנט נאָכצוגעבן; — אַז מע וויל, איז ער אויך גערעכט...

— יע, דיך קען איך פֿון לאַנג, אַז דו ביסט אַ שטעכיקער...

ער קערט אָפּ. עטוואָס ווײַטער שטעלט ער זיך צו לעבן שימען מאַלעכן...

— וואָס הערט זיך, שימענקע? מע זאָגט, די האָסט כאַזן־בערן אויסגעריכט מיט אַ גאַנצן פּאַראַד... דו מיט הירשלען — וואָס איר האָט צעאַרבעט פֿאַר אים! נו — ווילסטו עפּשער פֿאַרענדיקן די יערושע זײַ־נע — דערפֿאַרבן דעם דאַך? קאָן איך דיר געבן...

— איר? און מוישע־שאָלעם באַהאַלט זיך שוין?

— וואָס מאַכט דיר אויס? דו ווילסט פֿאַרענדיקן, קאָן איך זיך מיט דיר באַדינגען...

— ניין... איצטער ניט,— מאַכט שימען אָנגערוקט — סיידן נאָך שיווע...

— וואָס הייסט שיווע, אַז דו ביסט דאָ אפֿן זאָרג־באַנק? און נאָך וועמען שיווע?

— נאָך כאַזן־בערן...

— ביסטו אַ שיוועניק! וואָס פֿאַר אַ שײַכעס איז מיט דיר כאַזן־בער?

— מיט אײַך איז ער ניט קיין שײַכעס, און מיט מיר — אַ שײַכעס...

יויסעפֿ־שימען האָט ערשט געכאַפּט וואָס ער מיינט. און, אַז ער האָט פֿאַרשטאַנען, האָט ער זיך צעקרימט און אויסגעשפּיגן איינמאָל און נאָכאַמאָל:

— טפֿוי זאָל עס ווערן! וואָס אַ מעשוגענער צעפּלאָנטערט. אַזאַ שיווע קאָן מען שוין בראַוונע אפֿן זאָרג־באַנק אויך, און אפֿילע שטיי־ענדיקערהייט. עס איז בא דיר אַזאַ שיווע, פּונקט ווי בא... ווי בא מוישע־שאָלעמס מויער, די זעלבע שיווע...

— די זעלבע שיווע — כאַפּט אונטער שימענקע,— ער מאָג אויך אָפּ־וואַרטן שיווע....

— ע, עי!—צעבייזערט זיכ יויסעפ־שימענ, אונ צעבייזערנדיק זיכ, רופט ער אימ שוינ ניט שימענ—הערסט דאָכ, מאלעכ, וואָס איכ וועל דיר זאָגנ: א מענטש דארפ זײַנ מיט פארשטאנד... א וועזנ וואָס איר מאכט?! שיווע... ניכטער זיכ אויס!

— איכ טרינק ניט.

— איז שלאָפ זיכ אויס... פע! סייכל האָסטו? צי א מאלעכ איז אָנ סייכל? עסנ דארפסטו? זאָג מיר, דו עסט? דו דארפסט עסנ? אניט—ביסטו דאָכ טאקע א מאלעכ..

יויסעפ־שימענ קוועלט אָנ אליינ פונ זײַנע סייכלדיקע רייד:—הער, וואָס איכ זאָג: גיי פארענדיק דעמ דאָכ... א דאָכ שטייט, ווי אנ עמערסער אָוול — א לאפיק א בלויער, אונ א לאפיק א רויטער...

— בינ איכ טאקע צופרידנ... אנ אָוול, אזוי דארפ זײַנ. ער האָט א הייב געטאָנ דעמ היטל אפנ קאָפ אונ עס צוריק ארופגעזעצט—שטײַפער—כ'האָב אײַכ געזאָגט: פאר דעמ דאָכ בינ איכ קיינ פארבער ניט, אינ די שיווע-טעג אווארע ניט...

יויסעפ-שימענ האָט זיכ צו אימ דערנענטערט אונ מיט זײַנע טיפע גרויע אויגנ ארײַנגעדרונגענ אינ שימענס שטילע בלויע אויגנ אונ זיכ די הענט געריבנ:

— אונ וואָס איז דער דאָכ, זאָג מיר? א דאָכ פונ בלעכ... עפשער האָסטו מוירע פארנ דאָכ?

— מוי־רע?—צעקרימט זיכ שימענ.

— וואָס זשע דענ?

— איכ וויל ניט נאָכגעבנ. ניט מוישע־שאָלעמענ אונ ניט דעמ דאָכ. כ'אָב זיי ביידנ פײַנט... פונמײַנעטוועגנ מאָג ער שטיינ אינ לאפיקעס... זאָל ער זײַנ אנ אָוול... אומזיסט אײַער טירכע,—שימענ טוט א שטעל האסטיק דעמ פענדזל,—דער דאָכ וועט בא מיר שטיינ אינ לאפיקעס, ווי לאנג נאָר איכ וועל עס קאָנענ אויספירנ!..

# II. פראָקלאמאציע

## 1

דאָוויד האָט זיכ געפילט שטיפעריש גוט אופגערוימט.

ווי באפרײַט פונ א טפיסע, אז עס גלוסט זיכ וואָס מער מענטשנ צו באגעגענע, הויכ ריידנ, ברײט לאכנ, אונ לאנג אונ ווײַט צו שפאנענ.

אָפגעדרוקט אונ — שוינ אוועק איבערנ שטאָט.

מאָרגנ לאנג אונ שווער האָבנ זיכ פאר דאָווידנ געצויגנ די עטלעכע טעג, זינט איסאאק האָט פונ אים צוגענומענ דאָס געשריבענע פאפיר, אונ האָט צולעצט געבראכט אנ אָפגעדרוקטנ טעקסט, אונ מיט א ברייטנ אונ פריידיקנ שמייכל געזאָגט:

— פײַנ, הא?

די עטלעכע טעג איז דאָוויד פארשפארט געווענ אינ דער היימ, געדריקט אונטער א שווערער לאסט.

— איסאאק, וואָס הערט זיכ?

— כ'וועל דיר ברענגענ א פארטיקע...

— ווער דרוקט? ווו?..

— אז ס'וועט זײַנ פארטיק וועל איכ דיר דערציילנ...

— דו האָסט עס געגעבנ שאָלעמענ צי כאָניענ?

— האָב צײַט... אז ס'וועט זײַנ פארטיק...

פארטיק אונ געראָטנ. אונ גוטע פאפיר, אונ שוינ געדרוקט.

— איסאאק, ווו האָסטו עס געמאכט? איצט איז שוינ פארטיק, דערצייל...

— בא דיר — פארטיק, בא מיר נאָכ ניט אינגאנצנ. מ'דארפ עס נאָכ לאָזנ איבערנ שטאָט מאָרגנ, צי איבערמאָרגנ וועלנ מיר זיכ זענ....

קומט איסאאק א יאָנטעוודיקער, מיט דער קייטעלע פונ זײַנער פאר־צויגנ אינ ביידע קעשענעס פונ וועסטל אונ רייכערט א פאפיראָס. ער רייכערט זייער זעלטנ, סײַדנ פונ גרויס הארכאָווע. שמייכלט ער ברייט אונ קוועלט נאָכאנאנד.

— דאָוויד, כ'האָב דיר א גרוס... דײַנ פראָקלאמאציע געפעלט דעמ אוילעמ... עס צענעמט זיי דעמ לעבער... דאָוויד, איכ האָב דיכ קימאט האָלט...

— איסאק, כ'האָב דיכ קימאט ניט האָלט... דו טוסט אַלצ אַליינ ניט מעיאשעוו זײַנ זיכ, אונ ניט דערציילנ. איסאק, אז מע לאָזט אראָפּ עמעצנ אינ דער טיפ, אינ דער פינצטער, לאָזט מענ איבער אויבנ אנ אָנגעבונדענעם שנירל, אז מ'זאָל — בא א קאטאסטראָפע, קאָנענ אָנכאפּנ פארנ שנירל אונ ארויסציִענ, אָפּראטעווענ. ווי האָסטו מיר פריִער ניט געזאָגט, ווער אונ ווו עס דרוקט — איכ זאָל אויכ קאָנענ העלפנ, אז מע וואָלט באדארפט... פארוואָס עפּעס נאָר די אַליינ וויסט?

— כ'קאָנ דיר איצטער אַלצ דערציילנ, — רײַסט איבער איסאק.

איסאקנ וועט מענ ניט איבערשטעלנ. ער איז אײַנגעשפּארט.

— אָבער גוט אָפּגעדרוקט! — פירט אויס איסאק מיט ניצאָכנ.

געוויס גוט. אינ גובערנאטערס דרוקערײַ פונ „גובערנסקי וועדאָמאָסטי“, אז זעצער אונ דרוקער האָבנ דערצו עמעסנ כיישעק (פאר זיכ אַליינ), קאָנ מענ גוט אָפּדרוקנ...

דאָוויד איז גוט אויפגערוימט. ער האָט שוינ פונדערווײַטנ געזענ שאָלעמענ מיט כאָניענ — זיי שפּאצירנ ביידע איבערנ גאס געהויבנ.

ער האָט זיי שוינ געזענ. איז ער מאָדנע צופרידנ...

שפּאנט מענ אויכ אוועק איבער נאריש-טומלדיקע גאסנ, וואָס וויסנ ניט, ס'ארא אײַנפאלנ ס'קומענ פאָר אמאָל. אינ גובערנאטערס דרוקערײַ... ווערט מענ לוסטיק שטיפעריש.

עפּשער ארײַנגיינ צו סלאווענ. צו סלאווענ אהיימ.

2

ניט ווײַט פונ גינזבורגס הויז האָט אימ אָפּגעשטעלט בעב.

— דאָוויד! שוינ לאַנג ניט געזענ... איר גייט צו סלאווא בארימאָוונא? איכ וואָלט אויכ ארײַנגיינ מיט אײַכ, נאָר איכ בינ איצט פארנומענ, געוואָרנ א געשעפטמאנ... א זאוואָדטשיק. איכ בוי א זעמיל. מיט די לעצטע מאשינעריעס... וואָרעמ מיר זײַנענ דאָכ אזעלכע שויטימ, טויגעניכצנ, — האָט ער מיטאמאָל אָנגעהויבנ מיט א ברענ, — אז מיר הייבנ ניט אָנ צו וויסנ דאָס געשעפט... א לאָפּטשע, א קלאָצ — מער ווייס מענ ניט בא אונדז... קומט, מירנ ארײַנגיינ א ווײַלע, מירנ אויסטרינקענ א גלאָז קאווע, א טעפּל שאָקאָלאד... — האָט ער אימ מיט דער האנט פארהאלטנ בא דער אויפגעעפנטער גלעזערנער טיר פונ זשעקשעוויצקיס קאפע-הויז — קומט קומט!

— צווייִ קאָווע, — האָט בעב באַשטעלט באַמ מיידל, וואָס איז שנעל צוגעקומענ, נאָכ אײדער זיי האָבנ באַוויזנ צו זעצ זיכ בײַ א טישל, — אונ זעמעלעכ... פונ יענע, — האָט ער צוגעווינקט.

— כ'ווייס, כ'ווייס, — האָט דאָס מיידל צוגעשמייכלט, — וואָס איר האָט האָלט...

— וואָס איכ האָב האָלט, — האָט בעב לוסטיק צוגעווינקט, — אָבער וואָס ער האָט האָלט?.. נו, דערלאַנגט.

דאָוויד האָט גענומענ פאַרײַכערנ א פּאַפּיראָס.

— וואַרט! — האָט ער אימ אויסגעלאָשנ דאָס שוועבעלע. ער האָט א קלונג געטאָנ, אונ דאָס מיידל איז אינ שמייכל שנעל צוגעקומענ ווידער.

— א גוטע שאַכטל פּאַפּיראָסנ, אָבער גאָר א גוטע.

בעב האָט פונ טאַש באַקומענ א נאָטיצ־ביכל, האָט עס אוועקגע־לייגט אפנ טישל.

— אינ געהילצ זײַנענ מיר רײַכ, אונ האָלצ־העגדלער זײַנענ מיר אָרעמע, שלעפּערס! Дрова рубить. — מער ניט. אינ וועלדער זײַנענ מיר רײַכ, אונ אינ קליעפּקע — אָרעמ. אז מיר דאַרפנ קליעפּקע אפ א פּעסל פּוטער, דאַרפ מענ עס אַרײַנפירנ פונ אויסלאַנד. איר פאַר־שטייט, דאָוויד? מיר עקספּאָרטירנ קײנ אויסלאַנד רויהאָלצ, אונטער־געזעגטע ביימער, קלעצער... Дрова губить ווײַל מיר זײַנענ אלײנ רויע, אומווויסנדיקע, ניט קולטורעלע. אונ די אויסלענדער כאַ־פּאָמימ אפ זייערע האָלצ־זאַוואָדנ אונ זעגמילנ אַרבעטנ אויס פונ אונד־זער רוי־האָלצ, פונ אונדזערנ אונ ביליקנ רוי־האָלצ אַרבעטנ זיי אויס קליעפּקע, ברעטער, פּאַנערע, סטאָליער־מאַטעריאַלנ, וואָס זיי אימפּאָר־טירנ עס אויכ צו אונדז אינ לאַנד פאַר גוטנ פּראָפיט. איר פאַרשטייט?

— איכ פאַרשטיי.

בעב האָט זיכ געהיצט:

— אונדזער פּאַרעצ טויג אפ קאַפּאָרעס, בלויז א הולטיי, וואָס ברענגט אויס, פאַרלעבט מאַיאָנטקעס; אונדזער סויכער איז א בעט־לער, דעמ רובל פּאַרנאָסע כאַפּט ער צו אפּגיכ אונ באַהאַלט, פאַר־גראָבט, אונ לאָזט עס ניט אינ אומזאַצ, אז דער רובל זאָל זיכ רובלענ... ער ווייס נאָר שפּאָרנ אונ קלײַבנ אינ „קובישקע“... ניטאָ קײנ איני־ציאַטיוו, קײנ אופּטו... דערפאַר זײַנענ מיר הינטערשטעליק אינ אַלצ...

ער האָט מיט די ציינ אָפּגעקניפּט דאָס ביסל קרעמ פונ א זעמל, צוגעלעקט מיט דער צונג, זיכ באַטאַמט אונ צוגעזופּט קאַווע פונ גלאָז אונ האָט געוויילט.

— מיר דאַרפנ קולטורעלע סאָכרימ, פּאַכ-קענער, א געבילדעטע בורזשואַזיע, וואָס זאָל ברייט אונ גרויס אַנטוויקלענ די אינדוסטריע אינ לאַנד...

— ווילט איר מאַכנ דעמ אָנהייב פונ א געבילדעטער בורזשואַזיע...

— איכ...—האָט זיכ בעב א ווײַלע צעטומלט,—איכ... איר ווייסט דאָכ, אַז איכ בינ א סאָציאַליסט! — האָט ער זיכ אָנגעבויגנ איבערנ טישל,—א סאָציאַליסט... מיינט ניט, א סאָציאַליסט קאָנ אויכ האָבנ א פאַבריק. דער פאַבריקאַנט זינגער אינ דײַטשלאַנד איז א סאָציאַל־דעמאָקראַט...

— א—הא... זינגער...—האָט דאַוויד עפּעס אויסגעצויגנ.

— א סאָציאַליסט בלײַב איכ, — האָט בעב אופגעסאַפּט נאָכ היציקער, — וועגנ דעמ איז ניטאָ וואָס צו רײדנ... נאָר די בורזשואַזיע דאַרפ מענ אויכ לערנענ — לערנענ זיי אייראָפּייִש האַנדלענ, אייראָפּייִש פאַבריצירנ. איר מיינט עפּשער, אַז איכ בינ געוואָרנ פּאָשעט א פאַבריקאַנטל — ניינ! בא מיר איז ניטאָ פּאָשעט!.. בא מיר איז קיינ זאַכ ניט פּאָשעט. איכ וויל אַנטוויקלענ די אינדוסטריע אינ לאַנד! אירט זענ!

געווײַלט האָט ער אויסגעזופּט זײַנ קאַווע.

— א זאַוואָד—ווענ ארבעטער האָבנ ווו צו ארבעטנ. שטרײַקנ, אַנטקעגנ מיר שטרײַקנ ווענ זיי ניט דאַרפנ...—ער האָט זיכ אַזש צעלאַכט.—איכ וועל גוט צאָלנ. נאָר בונטעוועג וועל איכ אַליינ זיי אגיטירנ דערצו. אונ שטיצנ מיט געלט. בונטעווענ דאַרפנ מיר אינייגעמ: זיי מיט די הענט אונ מיר — מיט געלט, מיטנ קאָפּ... איר ווייסט וואָס, דאַוויד? — האָט ער א פּאַטש געטאָנ איבערנ טישל — גייט צו מיר אינ זאַוואָד...

— וואָס הייסט?

— פאַר א בוכהאַלטער.

— איכ בינ ניט קיינ בוכהאַלטער.

— א קלייניקײַט. אינ צוויי וואָכנ צײַט לערנט מענ אויס די טעב-

ניק, וועט איר זײַנ מיט מיר צוזאמענ, איכ וועל מאכנ די אינדוסט־ריע, אונ איר — דעמ סאָציאַליזמ...“

— איכ זאָל אײַכ ניט לאָזנ ארויסנעמענ פונ געשעפט פאַר אײַער פערזענלעכנ געברויכ מער ווי עס באַקומט אנ ארבעטער, אנ אָנגע־שטעלטער? — האָט דאָוויד געשמייכלט.

— דאָוויד, איר הייבט שוינ אָנ אײַערע דיקדוקימ? אונ ווו איז פראָ־צענט אפ דעמ אײַנגעלייגטנ קאפּיטאל?

— ווילט איר זײַנ א סאָציאַליסט מיט קאפּיטאל? אונ באַקומענ פראָצענט?

— אונ פאַר איניציאַטיוו, פאַר אופּטו? פאַרנ פירנ דאָס געשעפט? אנטוויקלענ די אינדוסטריע?! אונ איכ מיינ ניט נאָר זיכ, איכ וועל די ארבעטער גוט באַלוינענ, שטרײַקנ בא מיר וועלנ ניט זײַנ... אונ איכ וועל זיי אפּ רעוואָליוציאָנערע צוועקנ שענקענ... אונ פירנ די רעוואָליוציע.

— שענקענ?.. — האָט דאָוויד ווידער געשמייכלט; — פירנ די רע־וואָליוציע...

— אדרבא, — האָט בעב זיכ ניט אָפּגעשטעלט; — זאָלנ די אר־בעטער בונטעווענ, אונ איר היצט זיי אונטער. דאָס איז אלעמענ נייטיק. פרײַהײַט! גלײַכהײַט! אָט נעמט וווינערכט — אינ „טשערטא“ אפילע טאָר אויכ א ייִד ניט וווינענ אויסערנ שטאָט. אָבער א וואלד איז פּאָרט אויסערנ שטאָט... דארפ איכ פירנ די קלעצער אינ שטאָט ארײַנ צו באארבעטנ, וואָס קאָסט הוצאָעס, אז איכ האָב געקאָנט די זעגמיל אופּ־שטעלנ נעבנ א וואלד, נעבנ א טײַכ, ווו ס'לוינט מער, איר פארשטייט?

— איכ פארשטיי... — האָט זיכ דאָוויד אופּגעשטעלט — איר ווילט זײַנ דער רעדלפירער פונ דער רעוואָליוציע, אז דער ארבעטער מיט זײַ־נע הענט זאָל צערייסנ די פּענטעס, וואָס דריקנ אײַכ. איר דארפט פּאָ־ליטישע פרײַהײַט... מע זאָגט אָבער, — האָט דאָוויד אויסגעדריקט שארפ אונ איראָניש, — אז די רעוואָליוציע אינ רוסלאנד וועט זײַנ אָדער א סאָצי־אלע, אָדער זי וועט גאָר ניט זײַנ... פירנ די רעוואָליוציע וועלנ — די ארבעטער...

ער האָט זיכ א קער געטאָנ צו דער טיר.

— יע, איכ אײַל אויכ, — האָט זיכ בעב א כאַפּ געטאָנ, — איכ דארפ נאָכ באוויזנ הײַנט אינ באנק אונ אינ פּאָסט, דאָוויד, זײַט זיכ מעיא־שעוו ווענ אָנקומענ צו מיר אפנ זאוואָד... דאָס וועט ניט זײַנ פּאָשעט

א זאוואָד, איכ האָב פײַנט פּאָשעט... דאָס וועט זײַנ א זאוואָד פונ רעוואָליוציע און־סאָציאַליזמ... וואָרעמ איכ בינ א סאָציאַליסט. אלצ וואָס פאַר דער רעוואָליוציע, וועט זײַנ בא מיר אפנ זאוואָד...

## 3

— סלאווא באָריסאָוונא? — האָט איבערגעפרעגט די מאדאמ גינזבורג, וואָס האָט זיכ ארומגעדרייט אינ לאנגנ טונקעלנ קאָרידאָר, — א, הער בלומ! כ'האָב אײַכ קוימ דערקענט, אזוי לאנג ניט געזענ... און כ'האָב אײַכ געוואָלט זענ... אז איר קומט אהער ארײַנ אמאָל צו סלאווקענ, מאכט זיכ מיר ניט צו זענ אײַכ, — האָט זי קעסיידער גערעדט מיט א יונג קאָל, וואָס האָט געקלונגענ און איז פאָרויסגעגאנגענ.

סלאווע איז זיי שוינ אנטקעגנ געקומענ און האָט באזונדערס שטארק א דריק געטאָנ דאָווידנ די האנט. מאדאמ גינזבורג האָט אימ דאָ אינ ליכטיקנ עסצימער ווידעראמאָל באטראכט, פונסנײַ באטראכט—דאָס וויפלטע מאָל באטראכט זי אלצ זײַנ אויסזענ...

„א שיינער באָכער און א שטאָלצער... אנ ערנסטער... א ווירדיקער”. — אינ דער געײַלטער מאכשאָווע האָט זי אלצ געפרוווט צוקלײַבנ א פאסנדיק וואָרט פארנ באזונדערנ אויסדרוק פונ דאווידס אויסזענ, פונ זײַנ האלטנ זיכ, האָט עס איר ניט געלונגענ, און זי האָט ניט געמאכט אזא אויספיר: „פארוואָס זאָל ער ניט געפעלנ סלאווקעלענ”...

— ה' בלומ, זעצט זיכ צו, — זי האָט גוטמוטיק און לוסטיק א שמייכל געטאָנ, — פארברענגט א ביסל דאָ בא מיר... דערנאָכ וועט איר אײַכ גײנ צו סלאווקעלענ אויבנ...

ביידע, דאווידד און סלאווקע, האָבנ זיכ מאָדנע אָנגעצויגנ.

— ווייסט איר פונ ווענ אָנ כ'האָב אײַכ געוואָלט זענ, טרעפט? זינט די ציוניסטישע פארזאמלונג, כ'האָב זיכ דערמלט... פונ דעמלט אָנ... אז איר זײַט אזא זעלטענער רעדנער! איר רעדט... אז איר רעדט... גרויסארטיק! און אלײנ — א שיינער!... כא־כא...

— מאמא, — האָט סלאווקע גענומענ זיכ טוליענ צו איר, געלעטנ מיט א האנט איר טאליע, און מיט אויגנ פול בענקעניש געקוקט אפ דאווידנ, — מאמא, אלע שוואָכימ אפ אמאָל...

— וואָרט אָקאָרשט, סלאווקעלע, — האָט די מוטער שטיפעריש יונג געשמייכלט, — פאראנ כעסרוינעס אויכ... ה' בלומ, איר רעדט צו שארפ,

צו שטערנג... און מע דארפ אנ אוילעמ ניט זאָגנ דעמ גאנצנ עמעס... נאָר כ'האָב געהערט און געטראכט: אז סלאווקעלע זאָל אײַך הערנ אזוי ריידעדיק, וואָלט איר געוויס דאָס קעפעלע — זי האָט געשיקט אומגעדרייט א האנט און לײַכט און ליבלעך א פיר געטאָנ סלאווקענ איבערנ קאָפ — וואָלט דאָס קעפעלע אירס זיכ פארדרייט... האָב איכ אײַך געוואָלט זאָגנ...

— מאמא, — האָט סלאווקע דערשראָקנ איבערגעריסנ, — מיר גייענ ארופ צו מיר אויבנ...

— דאוויד באָריסאָוויטש, איר קאָנט פארייכערנ דאָ, — האָט זי א בליק געוואָרפנ אפנ פאפיראָס, וואָס ער האָט אזוי קעסיידער אומגעדרייט אינ די פינגער, — איכ דערלויב אײַך רייכערנ דאָ... זיצט, ה' בלומ, איר גרייט זיכ געוויס צו עקסטערנ, איר זאָלט קאָנענ ארײַנקומענ אינ אוניווערסיטעט? איר'ט ווערנ א בארימטער אדוואָקאט!

— ה' בלומ, נעמט ניט פאר אומגוט, וואָס איכ מיש מיכ ארײַנ: אזא יונגערמאנ, ווי איר, איז שוינ צײַט צו טראכטנ וועגנ א צוועק...

— מאמא, — האָט סלאווע געוואָרפנ, — דאוויד באָריסאָוויטש האָט שוינ באטראכט זײַנ צוועק...

— מאדאמ, — דאוויד האָט זיכ ערשט דערמאָנט איר נאָמענ, — ראשעל מיכײַלאָוונא, וואָס מיינט איר א צוועק? וואָס באטײַט?

— א טאכלעס פאר זיכ, און פאר לײַטנ, — האָט זי גערנ אופגעכאפט; — אזא גראָטענער, אזא פייִקער קאָנ ווערנ דער גערימטער אדוואָקאט, מיטנ גרויסנ נאָמענ... און אזוי, ווי איר זײַט... איכ פארשטיי דאָכ, ה' בלומ — קאָנט איר נאָכ נעמענ אפ זיכ צו פירנ פאָליטישע פראָצעסנ, פארטיידיקנ רעוואָליוציאָנערנ. ווערט מענ נאָכ מער גערימט...

— אנטשולדיקט! — האָט דאוויד א האנט דערלאנגט צומ געזעגענענ זיכ מיטאמאָל, — סלאווא באָריסאָוונא, מע קאָנ אײַך פרעגנ? — האָט ער איר ווי אָפגערופנ פונדאנענ.

— ה' בלומ, זײַט ניט אזא גרויסהאלטער, — האָט די מאמא געזאָגט וואָגיק און זײַנ האנט ניט אָפגעלאָזט; — דאָס איז סלאווקע א יונג פרייליִנ, אָבער איכ בינ שוינ אנ עלטערע מאדאמ: איכ מאָג ריידנ, פרעגנ... ווילט איר ניט אינ אנ אוניווערסיטעט? צו לאנג... און אפ א פראָווינצער אויכ ניט? מ'קאָנ עפענענ אנ אייגענע אפטייק...

— ניינ, — האָט דאַוויד אָפגעשניטנ.

— מאַמאַ! — האָט סלאַווע ברויגעזדיק אַראָפגעלאָזט די לאַנגע ברעמענ, נאָר גלייכ האָט זי זיכ צעשמייכלט, — דו ביסט היינט אינ גוטנ הומאָר...

— דו ווייסט פאַרוואָס? — האָט די מוטער קליגעדיק אַ בלענצל געטאָנ מיט די אויגנ, — איכ האָב היינט אַ פאָר שאָ פאַרבראַכט מיט אַ שאַדכנ... אַ הומאָריסטישע כעוורע, כאַ־כאַ... ער האָט מיר געשטעלט דריי פראַגנ, ווי פאַרלאַנגענ מיר: אַ שידעכ אַ היגנ, צי ניט קיינ היגנ? אַ „געענדיקטנ“, אַ געשטודירטנ, צי אַ סאָכרישנ? פונ גרויס יִכעס, צי נישקאָשע פונ מיטעלנ, אַבי דער קערנ אַ גוטער?

— דער ייִד מיט דער גרויסער צעקעמטער באָרד, — מאַכט סלאַווע, — כ'האָב געמיינט, אַז ס'איז עפעס אַ גאַבע, דו האָסט אימ געגעבנ עפעס אינ האַנט?

— נו, אַוואַדע — אָפ הויצאָעס... אַ ייִד האָט שוינ אונדז אַריינגעשריבנ באַ זיכ אינ ביכעלע, ר'טראַכט שוינ וועגנ אונדז, טוט פאַר אונדז, דאַרפ מענ אימ געבנ דערווייל אָפ דער הויצאָע... ווי זאָגט איר דאַוויד באָריסאָוויטש? יאָ, דאַוויד באָריסאָוויטש.. כאַ־כאַ... איר ווייסט, אַשטייגער — דאָס האָב איכ זיכ היינט געכאַפט, ווייל דער שאַדכנ האָט גענוי פאַרשריבנ אינ ביכעלע מיינ נאָמענ אונ דעמ נאָמענ פונ ה' גינזבורג... איר ווייסט, אַז באַ ייִדנ איז דאַוויד באָריסאָוויטש אונ סלאַווע באָריסאָוונאַ ,לעמאָשל, קיינ פאָר ניט?.. ווייסט איר? — האָט זי קלוג געשמייכלט, — ווייל באַ ייִדנ זיינענ די פאָטערס באָריס!..

— פאַראַנ נאָכ אַ גרעסערע מעניִע, צי אַ גרעסערער כעסאָרנ, — האָט דאַוויד לוסטיק אַ זאָג געטאָנ, — וואָס איינ באָריס — דאַווידס, איז אַנ אָרעמער בערע...

— אַנ אָרע=מער... — האָט די מאַדאַמ שטיפעריש איבערגעמישט, — איר וואָלט כאָטש זאָגנ: ניט קיינ פאַרמעגלעכער, נו, כאָטש — אַ געמיינער...

— ניינ, טאַקע אַנ אָרעמער! — האָט דאַוויד באַטאָנט, — אַזוי איז עס.

— ערלעכ אונ אופריכטיק, — האָט סלאַווע קימאַט ווי זיכ באַרימט פאַר דער מאַמאַ.

— דאָס איז האַפקע קיינ מיילע ניט, טאָכטער מיינע... קיינ סויכער וואַרפט ניט זיינ פירמע...

— ס׳הייסט ניט געוואָרפן, — האָט דאוויד אויסגעבליצט מיט די קאַרע אויגן, — בײַ מיר איז די פירמע, די אָרעמע — די עכטע! די העכסטע! בײַ אײַך עפשער ניט...

— עפשער ניט...— האָט די מאַדאַם אין שמייכל איבערגעריסן.

— מאַמאַ, איך בין עפּעס זייער צופרידן, מאַמאַ!

— פון וועלכער פירמע, זאָג מיר, ביסטו צופרידן?

— פון דער געמיינער...

— פון דער אָרעמער, זאָג!..— האָט די מוטער זיך קלוימערשט געבייזערט דורך שמייכל; — דאוויד באַריסאָוויטש, זי נאַרט זיך, מײַן סלאַווקע: אנשטאָט „אָרעמע” זאָגט זי „געמיינע” און זי מיינט, אַז עס איז שוין רעכט, פאַרגלעט...

— מאַמאַ, — האָט סלאַווקע זיך געדרייטלט אין ברען און ערנסט, און אירע דינע ליפּן האָבן אויפגעציטערט, — איך נאַר מיך שוין גאָר ניט. איך מיין דאַפקע די עכטע די אָרעמע, וואָס איך ווייס צו שעצן און צו ערן.

די מוטער האָט איר אָנגעקוקט לאַנג:

— מירן זען... אַז דיר איז ליב, סלאַווקעלע, איז דער מאַמאַ ניבע. האַלעווײַ, צו גוטן! אַ קינד פירט דאָך אויס אַלעמאָל..

און זי האָט ווי אָנמעכטיק און שטיל אַ פּאָר טריט געמאַכט צוריק און זיך אַראָפּגעלאָזט אויף דער זײַטיקער סאָפע.

— צום ווידערזען, מאַמאַ! — האָט סלאַווקע לוסטיק שטיפעריש אַ פּאָכע געטאָן מיט דער האַנט, האָט אונטערגעכאַפּט דאווידן, אים אומגעדרייט צו די קרומע שלענגלענדיקע טרעפּלעך אַרויף אין איר צי־מער.

4

סלאַוועס האָט זיך אַ ווײַלע אומגעדרייט אין צימער אויבן, געזוכט אין דער מאַכשאָווע פון וואָס אָנצוהייבן אַזעלכעס, וואָס זאָל צוערשט צעשטרויען בײַ דאווידן דעם אײַנדרוק פון דעם געשפּרעך מיט דער מאַמאַ, וואָס איז איר, סלאַוועס, איצט מיטאַמאָל אומאָנגענעם גע־וואָרן.

— כ׳האָב די טעג געזען פּעטראָוון, — האָט זי גערן אָנגעהויבן,— כ׳האָב מיט אים לאַנג געשמועסט... דאוויד, איר האָט מיט אים אַ ביסל אײַנגעאַרבעט, ווי עס זעט אויס. ער וויגט זיך שוין... אָבער —

ער אַליינ זאָגט: איכ קאָנ דאָס אַלצ אויספּאַסנ, אָבער ניט אויפנעמענ... איר האָט אים רעקאָמענדירט צו לייענענ וו. איליג „די אנטוויקלונג פונ קאַפּיטאַליזמ אינ רוסלאַנד“. אונ איצטער, האָט ער מיר דערציילט, האָט איר אים געזאָגט, אַז ער האָט ניט גוט געלייענט... האָט ער עס גלייכ גענומענ ווידעראַמאָל לייענענ. ער האָט שוינ בעלטאָוונ אויכ געלייענט אונ ס'איז אימ שווער... דאַוויד, ווי מיינט איר? — האָט זי אימ אַריינגעקוקט אינ די אויגנ.

— שווער אימ...—האָט דאַוויד פאַרטראַכט אַרויסגעזאָגט.—אַ פרוי־ציש קינד... די ראָמאַנטישע שײַנ פונ דאָרפישע שטילע באַגינענס אונ פאַרנאַכטנ דורכ אַראָפּגעלאָזטע שטאָרנ אינ די פענצטער פונ פאַמילי־ענ-מאַיאָנטעק—פאַרפירט אימ נאָכ אויכ איצט... די געקרײַזלטע פראַזע, ווי א געבלעטערטער וואַלד־געוויש האָבנ אימ דעמ קאָפּ פאַרשווינדלט אונ פאַרוויגט, — איז אימ שווער זיכ אויסצופּלאָנטערנ פונ כאַלוי־מעס...

— דאָוויד!—זי האָט זיכ א ריס געטאָנ פּלוצלינג פונ אָרט אונ אַרומגעשפּאַנט איבערנ צימער, ווי זײַט איר פאַרפאַלנ געוואָרנ אַזוי לאַנג? פונ דער לעווײַע אָנ... כ'האָב ניט געוווסט, וווּ צו זוכנ אײַכ.

— זוכנ—האָט דאַוויד געשמייכלט,—ער האָט ניט באַמערקט איר צערודערטקײַט, ווײַל ער האָט גענומענ בלעטערנ א נײַעמ העפט „נאָוואָיע סלאָוואָ“, וואָס איז געלעגנ אַפנ טיש נאָכ ניט אינגאַנצנ פאַנאַנדערגעשניטנ די בלעטער,—כ'האָב אַנ אַדרעס...

— איכ בינ גראָד געוועזנ לעבנ אײַער היימ... געשפּאַצירט די טעג מיט כאַנקענ. געווענ בא איר, אונ צוזאַמענ געשפּאַצירט אינ אײַערע גאַסנ, אינ די „אונטערשטע“.

זי האָט זיכ צוגעשטעלט אַהינטער אימ אונ איבער זײַנ געקרײַזלטנ קאָפּ אַריינגעקוקט אינ העפט, וווּ זײַנע אויגנ האָבנ ווי דורכגעזיפּט קורצע שורעס פונ א ליד.

— איכ האָב איר עקסטרע פאַרפירט אַפ אײַער דובאָווקע, כ'זאָג: דאָ ערגעצ וווינט בלומ. האָט מיר כאַנקע אָנגעוויזנ א שטיבל. זי זאָגט זיכ צוגעבויגנ נעענטער אונ אַפ-אימ קימאַט געטעמט: — וווּ זײַט איר געוועזנ די צײַט?

— אינ דער היימ, — ער האָט א האַנט אינ דער הייכ געצויגנ אַהינ־טער, אונ האָט זיכ ניט אומגעקערט.

— מ׳קאָנ צו אײַכ אַרײַנקומענ אַהײמ? — זי האָט זײַנ האַנט אָנ־גענומענ.

— די טיר איז ניט צוגעשפּאַרט, קײנ גלעקל ניטאָ... מע עפֿנט די טיר, איז מענ שוינ דאָ, נאָר גאָר אַנ אַנדערע, אַ פֿרעמדע סוויווע...

— אָט קומט איר דאָכ אויכ אַרײַנ אַמאָל אוינ אַ „פֿרעמדער" סוויווע,—האָט סלאַווע איבערגעריסנ,—אונ עס שטײט ניט צו אײַכ.

— דערהויפּט הײַנט,—האָט ער זיכ אומגעקערט צו איר, — גײ־ענדיק אַהער, האָב איכ באַגעגנט בעבנ, גאָלדמאַנענ... געזעסנ מיט אימ אינ קאַפע אינ געטרונקענ קאַווע.

— זײַט איר טאַקע הײַנט עפּעס זײער צוגעלאָזט...—האָט סלאַווע געשמײכלט,—מיט בעב גאָלדמאַנענ קאַווע געטרונקענ?! אַ בער אינ וואַלד געפֿאַלנ...

— גוט אופֿגערוימט...

— איכ ווײס פֿאַרוואָס... — זי האָט אַ פֿלאַטער געטאָנ מיט אירע לאַנגע ברעמענ. — איכ בינ געווענ אינ די גרופּעס, האָט מיר רויזעלע, כאַנקעס שוועסטער, אָפּגערופֿנ אינ אַ זײַט אונ געהײמ איבערגעגעבנ אַ בלעטל: „נאַט, לײענט, אַ פּראָקלאַמאַציע"...

זי האָט מיט אַ פּאָר פֿינגער אָנגערירט דאַווידס שטערנ, מער אָנ־געקערט זײַנ פּאָנעמ צו איר, אונ אימ אינ די אויגנ אַרײַנגעקוקט. אונ אירע אויגנ האָבנ זיכ אַלץ מער געשלײערט אינ טוי אונ פֿונ דעמ טוי אויסגעגלאַנצט:

„ניט אינ לעוויִעס פּאַרײַגיקט, — נאָר שליסט אײַכ די רײענ אינ קאַמפּ — פֿאַר לעבנ אונ גליק!" אונ... איכ בינ צעטומלט... דאַוו...—
זי האָט אַפֿילע דעמ נאָמענ ניט פֿאַרענדיקט. זי האָט האַסטיק אַ צי געטאָנ זײַנ פּאָנעמ צו זיכ, אונ האָט אימ אָפּגעבריט מיט אַ קוש אויפֿ די ליפּנ.

דאַווידנ האָט אָטעמ פֿאַרפֿעלט.

זי האָט איר קאָפּ אַראָפּגעלאָזט אויפֿ זײַנ אַקסל, צוגעפֿאַלנ מיד, אָפּ־געשוואַכט, אונ איר ברוסט, ווי אַ הײסע כוואַליע, האָט געשלאָגנ אי־בער זײַנ פּלײצע.

ער האָט מיט אַ האַנט געגלעט איר אָרעמ.

בײדע צערוישטע, צערודערטע האָבנ זײ זיכ ניכ אונ אַנגסטלעכ אָפּגעריסנ אײנער פֿונ אַנדערנ.

מיט די מיזיניקלעכ פונ ביידע הענט האָט זי עפּעס געפּאָרעט אינ די ווינקלעכ פונ די אויגנ, האָט דערנאָכ מיט די דלאָניעס געגלעט צי געקילט די צעהיצטע באַקנ.

דאַוויד האָט די אויגנ אײַנגענורעט אינ אָפענעם בוכ, זיכ געקנייטשט.

סלאַווע האָט אָפּגעקערט דאָס פּאָנעם צום וואַנט, האָט אירע פאַרטרוימטע אויגנ אָנגעשטעלט אַפ אַנ אָנגעהאַנגענער גראַוויור, אונ זי האָט איצט ניט באַמערקט אַפילע וואָס דאָס איז, אונ מיטאַמאָל האָט זי פאַר זיכ אַפנ קאָל, מעלאָדיש אונ האַרציק, מיט ליפּנ אינ ווי געקנייטשט אַרויסגעזאָגט:

„...גרעבער אונ מויערער, פאַרבער אונ בויער — באַזונדער צעשפּליטערטע אונ פאַרבלאָנדזשעטע יעדער איינער אַליינ, — האָבנ זיי אינ צײַט אונ אינ מי צוזאַמענ נאָר אַ זאָרג־באַנק — פאַר זיכ אונ פאַר דוירעס... אונ פאַר זייער קאָרבנ אַ קייווער”...

— איכ טומל זיכ אונ געדענק ניט קעסיידער...

„...מענטשנ פונ אַרבעט, ברידער אינ נויט! פאַרייניקט זיכ צוזאַמענ אינ די רייענ פונ קאַמפּ — וועט איר פאַר קינדער אונ קינדס־קינדער פאַרפלאַנצנ אַ גאָרטנ פונ פרייד אונ פונ לוסט, אַנשטאָט דער זאָרג־באַנק אַמאָל... נידער די זאָרג! פריידיק אינ מוט!”

זי האָט זיכ אָפּגעשטעלט פאַרטראַכט, אַ ווײַלע פאַרטראַכט אויפגענומענ לײַכטע קליינע קנייטשלעכ אַרום לינקנ אויג. אונ באַלד האָט זי זיכ אַ קער געטאָנ אונ גיכ צוגעגעבנ, ווי אינדערלויפנ אויפגעכאַפּט נײַע ווערטער:

„...זײַט ניט צעשטויבט אַפ ראַגנ פונ גאַסנ, צעשפּליטערט אַפ ווענגלעכ פונ מויערנ... מענטשנ פונ זאָרג! גליט אָנ אײַער זאָרג, ווי שטאַבעס פונ אײַזנ, אונ טראָגט עס אינ קאַמפּ!..” „גליט אָנ אײַער זאָרג ווי שטאַבעס פונ אײַזנ”... האָט זי נאָכאַמאָל אונ העפטיקער אַרויסגעזאָגט.

דאַוויד האָט זיכ נאָכ מער געבויגנ צום טיש.

זי האָט, אַפּאָנעם, די פּראָקלאַמאַציע קימאַט אינגאַנצנ אַפ אויסווייניק אויסגעלערנט... פּונקט ווי איסער — טראַכט דאַוויד. איסער איז די טעג אָפּגעפאָרנ קיינ וואַרשע, האָט ער מיטגענומענ אַ פּראָקלאַמאַציע. ער מיינט עס דורכ זײַנעם אַ באַקאַנטנ דאָרט איבערגעבנ צום

דרוקנ אינ אנ אומלעגאלנ בלאט. נאָר איסער באזאָרגט זיכ אפּ יעדנ פאל — האָט ער דאָ די פּראָקלאמאציע אויסגעלערנט אינגאנצנ אויכ אפּ אויסווייניק — טאָמער קומט אימ אוים אינ וועג אפּגיכ פּאָטער ווערנ פונ דעמ בלעטל...

— דאָוויד, איר האָט עס אָנגעשריבנ... „גליט אָנ אײַער זאָרג"...
זי רעדט פּארטראכט, אָפּגעצויגנ.

— דאוויד...

זי וואַרפּט אירע הענט, בײַדע מיטאמאָל, מידע, אָפּגעשוואכטע, אפּ זײַנע אקסלענ — אינ זײַנ רעשוס, אפּ זײַנ בארואָט. זי טוט א ציטער, גרייט אינגאנצנ צוצופּאלנ צו אימ.

דאוויד שלײַדערט אופּ זײַנ קאָפּ. האסטיק שטעלט זיכ אופּ:

— קוממ! גענוג...

— דאָוויד! דא—וויד...—פּרעסט זי אוים פונ אירע ליפּנ

— סלאוועקע! גע—נוג...—ער בייגט זיכ אָנ, טוט איר א שאָקל שמייכלענדיק פּאר אנ אקסל, ווי מע וועקט עמעצנ פונ א דרימל, — גע—נוג...

— וואָס הייסט גענוג...—כאפּט זי אָנ א הויפנ האָר אפּ זײַנ קאָפּ אונ מאכט אימ דאָרט א געווירבל.

ער האָט זיכ אויסגעדרייט אונ זיכ אוועקגעשטעלט פונ צווייטנ זײַט טיש.

זי איז א ווײַלע געזעסנ דעמ קאָפּ געניידערט. אונ מיטאמאָל האָט זי פונ צווישנ א הײַפל ביכער אפּנ ברעג טיש האסטיק ארויסגעצויגנ א העפט, האָט עס צעעפנט אונ מיט א גרינעמ בלײַפעדער, וואָס איז גראָד דאָ געלעגנ, גענומענ פיבערדיק אונ שנעל צוקנ אונ יאָגנ איבער א ווײַסנ בלעטל:

.....דאוויד!.. דאוויד!.. כ'וואָלט וועלנ... איכ בינ דאָכ א שטיפּערנ... צו זײַנ מיט אימ, מיט דאווידנ... מיט דיר! מיט דיר. דאוויד! א בוירעש, צוויי דרײַ... נו, כאָטש א וואָכ, צוויי אָפּזײַנ צוזאמענ אינ פּעטערבורג... א שטאָט מיט גלײַכע גאסנ, גראדע, ווי ליניעס אויסגעצויגנ—ניטאָ דאָרטנ קיינ „אויבערשטע" אונ „אונטערשטע" גאסנ... וואָלט שוינ דאוויד אינ וועג צו מיר ניט געהאט קיינ מעהאלעכ בארג ארופּ, וואָס בלויז דאָס אליינ מאכט אימ שוינ אופּגעבראכט"...

זי האָט וואָס ווײַטער אַלץ מער צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ צום בלעטל פֿון העפֿט, וואָס איז קעסיידער פֿון אונטער אירע פֿינגער פֿאַרוואָקסן מיט ביינדלעך, אַוועקגעגליטשט; און מיט אויגן געלײַטערטע אין פֿינקל האָט זי צו זיך צופֿרידן געקוקט, גערן אויפֿגענומען — אירע געוווּנטשטע.

...ניט ווי דאָ, ווי דאָ... פֿון אײַער קלייגעם שטיבל צו מיר איז אַנדערער גרויסן מויער... וואַקסט אָן די אומגלײַכקײַט... אונטן און אויבן... קליין און גרויס... גאָר אַנדערש, אַנדערש האַרטן. איר וואָלט אַרײַנקומען צו מיר פֿון אײַער צימער ערגעץ אויף דער 6-טער ליניע, צו מיר אין צימער ערגעץ אויף דער צווייטער ליניע... ביידע גלײַך מיט געדרונגענע צימערן אין פֿרעמדע מויערן, דאָוויד!"...

דאָוויד האָט שוין לאַנג אוועקגעשפּאַנט איבערן צימער, געוואַרט ביז זי וועט ענדיקן שרײַבן. אים האָט זיך געדוכט, אַז זי איילט צו פֿאַרשרײַבן עפּעס, וואָס זי האָט שיר ניט פֿאַרגעסן און זי האָט עס מיטאַמאָל דערמאָנט.

— סלאַווע באַריסאָוונא, — האָט ער זיך צוגעשטעלט, — איר וועט לאַנג שרײַבן?

אָן ווערטער האָט זי אים אָנגעוויזן, ער זאָל זיך דערנענטערן. זי האָט זיך עפּעס אָפּגערוקט פֿון טיש, האָט זיך געדרייט, דערנאָך צוגעמאַכט די אויגן, זיי פֿאַרקוועטשט, און צו אים צוגערוקט דאָס העפֿט — ער זאָל לייענען.

דאָוויד האָט אַלץ טיפֿער דורכגעדרונגען די צעוואָרפֿענע שורעס, און ס'האָט זיך אים אָפּגעדוכט, אַז סלאַווע מיט איר שטיפֿערישער האַנט האָט אים ווידער אָנגעכאַפּט אַ הויפֿן האָר אויפֿן קאָפּ און מאַכט אים אַ געווירבל.

האָט ער באַקומען זײַנס אַ שוואַרצן בלײַפֿעדער און געלאָזן צוגע-שריבן:

„...ס'איז אָבער ניט אַזוי... דאָס לעצטע איז ניט ריכטיק — דאָס לעצטע"...

סלאַווע האָט ביסלעכווײַז, ביסלעכווײַז געעפֿנט די אויגן, ווי עס וואָלט פֿאַר איר מיטאַמאָל געוואָרן דאָ אומבאַקאַנט און שווידעריק אַרום.

זײַן בלײַפֿעדער האָט געגומען יאָגן, דאַוויד האָט אַף אים איבעריקס אָנגעדריקט מיטן פֿינגער: „ס.ל. און ד. זײַנען ניט שכיינים, צופֿעליקע שכיינים — אין אַ שטיבל און אין אַ מויער. און עס איז ניט אײן שטיבל און אײן מויער — אײנציקע, אָפּגעזונדערטע... ערגעץ פֿאַר־וואָגלטע"..

— נײן!.. האָט ער צוגעשריבן אַף דעם בלעטל פֿון דער זײַט, ווײַל ס'האָט שוין אויסגעפֿעלט אָרט, און ער האָט געשווינד גענומען שרײַבן אַף אַ צווייטן בלעטל:

„ס.ל. און ד. זײַנען טווישוויים, און ניט שכיינים, אין זייערע געבױר־טיקע ערטער... און — ס'איז אַ שטיבל און אָנגעוואַקסן צווישן שטיבלעך אַ סאַך, און אַ מויער אײַנגעפֿונדעוועט צווישן מויערן פֿיל... אַ רײי־פֿעלע אין אַ קייט... אַ שרײַפֿעלע אין אַ סיסטעם פֿון רעדעלעך. דאָס זײַנען קלאַסן... בײַטן אַ דירע הייסט ניט — בײַטן די פּעקלעך, וואָס מע ברענגט מיט, וואָס שלעפּן זיך נאָך פֿון די אַלטע דירעס"...

ער רײַסט זיך אָפּ פֿון שרײַבן און טוט אַ מאַך מיט דער האַנט.

— „אינטערעסאַנט איז אָבער, — הייבט ער אָן ווידער דײַטלעך אויס־צודריקן מיטן בלײַפֿעדער אַפֿן פּאַפּיר — דער ערנסטער געדאַנק, וואָס איז אַזוי שטיפֿעריש, אַז צוליב זײַן שטיפֿערישקײַט ווערט ער אַזוי ערנסט"...

סלאַווקע האָט אַף אים אָנגעשטעלט גרויסע אויגן, נאָר דאַוויד קוקט זיך ניט אום. ער שרײַבט. האָט סלאַווע אַראָפּגעלאָזט די אויגן, אופֿצו־כאַפּן ווערטער צאַפּלדיקע פֿון אונטערן בלײַפֿעדער:

... זאַלן ביידע... אין אַ שטאָט מיט גראָדע גאַסן.. אין געדונגענע צימערן. ביידע אָפּגעריסן פֿון זייער היימישן באָדן... ביידע אין אַ האָפֿסקעווײַלע פֿון דער געבירטיקער סוויווע"...

סלאַווע האָט אופֿגעהויבן אירע ברעמען און גלאַנציק און לוסטיק צוגעוווּנקען:

...„אין אַ סטודענטן־קרײַז, ווײַט און פֿרעמד פֿון די היימען"... האָט זי אַ יאָג געטאָן איבערן בלעטל מיט איר גרינעם בלײַפֿעדער: „גייען וואַנדערער אין אַ וועג" — א י ן וועג און אײנע וואַנדערער... האָט זי אונטערגעשטראָכן די לעצטע ווערטער מיט איר נײַעם בלײַ־פֿעדער.

מיט פֿאַרדרוס קוקט ער אָן די צערודערטע סלאַווע. ער פֿאַרשטעקט

זײַנ בלײַפעדער אינ קעשענע. צו וואָס נאָכ שרײַבנ? ער וויל ניט ווי טאָג סלאַווקענ, פארקלעמענ זי. שפאַנט ער אַוועק, נאָר ער קערט זיכ אומ צוריק.

— סלאַווקע! א מיידל זאָל זײַנ אינגאַנצנ שטיפעריש, אינגאַנצנ ערנסט... אונ אינגאַנצנ — א וויל מיידל!

— דאַוויד! — זי פארמאַכט האַסטיק דאָס העפט, לייגט עס אָפּ אינ א זײַט, — דאָוויד! פאָרנ מיר בײדע קיינ פעטערבורג...

— מיט די רעכט פונ באָריס גינזבורגס „ערשטע גילדיע”?..

— איכ האָב א פלאַנ... — האָט זיכ סלאַווע שנעל אופגעשטעלט,— דאַוויד, פאָרנ מיר בײדע צוזאַמענ... איכ וויל אײַכ האָרט באַקאַנט מאַכנ מיט א פאָר זייער אינטערעסאַנטע פערזאָנענ — איינער אנ אומלעגאַלער... זיי וועלנ אײַכ ארײַנפירנ אינ אנ ארבעטער־קרײַז, — כ'האָב שוינ מיט זיי גערעדט וועגנ אײַכ..' וועט איר ארבעטנ אינ צענטער, צווישנ ארבעטער פונ דער גרויס־אינדוסטריע...

דאַוויד איז געשטאַנענ אנטקעגנ אונ זי אָנגעקוקט אַזוי, אַז זי איז גלײַכ אנשווינג געוואָרנ, זי האָט א ווײַלע אָפּגעוואַרט.

— איר ווילט דאָכ עפעס זאָגנ...

— קומט! דערווײַל קומט ארויס פונדאַנענ...

זי האָט פארקלעמט געשמייכלט.

— דערווײַל גייענ מיר צוזאַמענ? — האָט זי זיכ א קער געטאָנ צו איר גאַרדעראָבנ־שאַפע נאָכ א מאַנטל, א היטעלע, נאָר מיט דער האַנט צו דער טירל אויסגעשטרעקט האָט זי זיכ אָפּגעשטעלט.

— אונ דערנאָכ — מײַנ פלאַנ וועגנ פעטערבורג. וועגנ ארבעטנ דאָרטנ. וואָס זאָגט איר פאָרט? וועגנ ארבעטנ אינ צענטער?..

— איכ מיינ, — האָט דאַוויד זיכ גענעענטערט צו איר אונ זיכ געווײַטערט, געשפאַנט אונ געקרײַזט, אונ פארטראַכט גערעדט: — דער בעסטער אוואַנגאַרד ברויכט צו האָבנ גוט צוגעגרייטע רעזערווג... קעדיי דער לאָקאָמאָטיוו זאָל קאָנענ מיטציִענ די איבעריקע וואַגאָנעס אינ זײַנ געלאָפ, ברויכט מענ זיי, אָט די וואַגאָנעס, וואָס דארפנ נאָכציִענ, אפריִער ווי געהעריק אָנטאָנ אינ רעדער אונ אײַנשטעלנ אָפ די זעלבע רעלסנ, ווי דער לאָקאָמאָטיוו...

סלאַווע האָט אינגאַנצנ אָפּגעלאָזט דאָס טירל פונ שאַפע אונ האָט מיט די אויגנ נאָכגעיאָגט דאַווידנ — זײַנ טריט אונ זײַנע ווערטער.

— אפ די זעלבע רעלסנ, — האט ער פעסטער אויסגעדריקט, — אניט — קאנענ די וואגאנעס פארשלעפנ אינ א זײַט, אונ אמאל — באַרג אראפ, צו א קאטאסטראפע.. דער צענטער, די אינדוסטריעלע ארבעטער וועלנ פירנ, זיי וועלנ דעמ ריכטיקנ טאנ געבנ, אבער די פראווינצ, די קלײנ־אינדוסטריע, באלמעלאכעס, ארבעטנדיקע, פויערימ מיט ווייניק ערד אונ גאר אנ ערד — דארפנ דעמ טאנ אופכאפנ... אונ דעמ טאנ האלטנ, ווי זינגער זאגנ.

ער האט זיכ צוגעשטעלט מיט בליצנדע אויגנ פונ זײַנ צעוויקלטנ געדאנק.

— דער סאלא ברויכט א קאפעלע... אונ דא אינ דער קאפעלע דארפ מענ זײַנ באזונדערס אפגעהיט פונ פאלשע טענער, וואס זאלנ זיכ כאַלילע ארײַנשמוגלענ: קלײנבירגערלעכער אוטאפיזמ, באלמעלאכישע לעבלעכקײַט, פויערשער וואקל אהינ אונ אהער אונ די צעקראכנקײַט אונ גסיסע־טשאד פונ דער האנטווערקערײַ — פאר איר אונטערגאנג... די ברייטע באזע, די פעריפעריע, די זארג־באנק, די זארג־באנק ברויכט מענ אויכ איבערצושמידנ..

— סלאווקע! — האט ער מיטאמאל צעקנײטשט דאס פאנעמ אונ אינ ווײ צעקרימט די ליפנ, — סלאווקע! דו גײסט?

— איכ גײ, איכ גײ... — האט זי אינ שמײכל געײַלט אנצוטאנ דעמ מאנטל.

— דאוויד! — זי האט זיכ אימ אנגעהאנגענ אפנ האנט... האט פונקענ פריידיקע פונ אירע אויגנ געלאזט שפריצנ אינ זײַנע אויגנ, — דאוויד! זאג: אינ א מויער געבוירנ איז — פארלוירנ?.. פארלוירנ, דאוויד? זאג!

— ניינ! — ער האט געקרעמפט מיט די ליפנ, — ניינ!, נאר מע דארפ זיכ.. בלויז בײַטנ א דירע איז ווייניק... בײַטנ דעמ קלאס! דער וועג איז א שווערער אונ מע דארפ עס דערהווײַזנ... אינ דעמ פראט איז א מויער דאפיקע ניט קיינ ביטועכ... מע דארפ עס דערהווײַזנ! נו — סלאווע, איכ גײ.' נאכ א ווײַלע, וועל איכ הא אויסהויכנ מײַנ גאנצנ הײַנטיקנ גוטנ געמיט... קומ!

# III. אפנ בעסוילעמ

## 1

פונביידע זײַטנ בארג ארומ צומ בעסוילעמ. האָבנ זיכ בעטלער אויסגעשטעלט מיט היימישע טעלער, מיט ליימענע שיסעלעכ אונ גלאט מיט גיריקע פינגער אונ ארויסגעשטעקטע הענט.

טישעבאָוו — בא בעטלער אונטערנ בארג, טישעבאָוו — באמ בעסוילעמ אפנ בארג.

ייִדנ אונ ייִדענעס פארזאָרגטע, אומהיימלעכע אונ קארגע ציִענ אומ אונ אָפּ, צומ בעסוילעמ אונ פונ בעסוילעמ אפ דער גיכ, זיפנ דעמ צעזיפטנ זאמד פונ גרונט מיט זייערע צעריסענע סקארפעטקעס, מיט צעדרייטע שטעקשיכ אונ גרויסע געלאטעטע קאלאָשנ פארבײַ די בעטלער: — צוריקגייענדיק... — זאָגט מענ צו...

— שוינ געגעבנ... אהינגייענדיק... — ענטפערט מענ דערנאָכ.

הארט בא די בעטלער אונ מיט א האנט פונ טעלער אינ טעלער שארט עמעצער אונ זוכט אויסגאָב פונ א גרויסנ אלטפרענקישנ גראָשנ.

— גיט א רעשט.. מ׳דארפ דאָכ נאָכ עמעצנ געבנ... ניטאָ בא אײַכ א פאָלושקע אפ אויסגאָב פונ א גראָשנ?.. — ווארפט מענ שוינ בא דער לעצטער טעלער אונ מע גייט ארײַנ אינ טויער פונ בעסוילעמ מיטנ ניט-צעביטענעמ גרויסנ אלטפרענקישנ גראָשנ אינ דער האנט.

מורמלענ בעטלער:

— רײַכע גייענ ניט — קלייניע באלעבאטימ זוכנ אויסגאָב פונ א גרויסנ גראָשנ...

מיט איינ גלאטנ גראָשנ ווילנ זיי אלעמענ באטיילנ...

— יאָשקע! הער נאָר, יאָשקע! קלאָצ! קלאָצ! יאָשקע קלאָצ!... — שרײַט מענ איבערנ וועג צו דער צווייטער ריי בעטלער אפ יענער זײַט וועג, — יאָשע קלאָצ, בא דיר איז דאָכ געוועג א סאכ פאָלושקעס, זאָנגעקליבענע... גיב אהער עטלעכע, אפ אויסגאָב.. מ׳דארפ „אימ” געבנ א פאָלושקע רעשט, — רעדט מענ אָפּ צווישנ זיכ, — אונ אָפּנעמענ בא „אימ“ דעמ גראָשנ... אז ער וועט גייג צוריק... קלאָצ, גיב א פאָלושקע, מ׳דארפ בא אימ אָפּנעמענ דעמ גראָשנ! אפנעמענ!..

נאָר מיטאמאָל האָבנ זיכ א לאָז געטאָנ יונגעלײַט, באָכערימ אינ מייי-לעכ מונטערע, מיט שמייכל אפ די פענעמער, ניט קיינ טאָנעסדיקע,

מיט טריט פעסטע אינ שטיװל אונ שיכ. רװישיק שמועסט מענ צװישנ זיכ, אונ גוטמוטיק װארפט מענ צו אגעװ א מאטבייע אינ א טעלער, א מאטבייע אינ א שיסעלע.

זײנענ יידנ טישעבאװעדיקע אומצופרידנ, דערשראָקנ: אינ אזא אָרט! אינ אזא טאָג! אָבער בא דער יוגנט אינ הארצנ האָט געברויזט א שטארקער טעמפּ פונ לעבנ, אונ אינ די האסטיקע גערדאנקענ האָבנ זיכ, װי סטענגעס אפ װאלנ, געװיקלט גלענצנדיקע פּלענער פונ נײע װעלטנ. װאָס מאכט אויס דער אָרט אונ דער טאָג? אויב מ'קאָנ עס אויסנוצנ... אזוי אויכ האָבנ יענע ביימער הויכ אונ פארצװײגט זיכ צעװאָקסנ אפ אלטע פארצײטיקע קװאָרימ....

האָט די יוגנט אויסגעמײדט טאקע דעמ „נײעמ שטיק" מיט די פריש אָנגעהויפנטע בערגלעכ ערד. יידנ אינ טאָנעס האָבנ גיט קיינ קויעכ אונ קיינ מוט זייערע טריט צו דערװײטערנ, אינ פעלד זיכ פארטיפנ. בלײבנ זיי שטיינ פונפאָרנט, אומעטיק אָנצוקוקנ שורעס נײע קװאָרימ, אונ טרויעריק ציילט מענ שוינ די ציילנ קװאָרימ פונ מאָרגנ. אונ איבערמאָרגנ, װאָס װעלנ זיכ ארויסרוקנ נאָכ פאָרנטער אהער.. אונ צװישנ זיי, אינ די אופגעהויפנטע בערגלעכ ערד אינ געציילטע טעג ארומ װעלנ זיי אליינ אויכ אנ אָרט אָנ זאָרג באקומענ...

יוגנט פארבײ! פארבײ די נאָענטע, פאָרויס צו װײטערע!

— װײטער! װײטער! — קערט זיכ אומ זאלמענ אונ אמאָל איסאק.

גייט מענ װײטער, צומ „אלטנ שטיק", צו פארגעסענע אונ פארלאָזטע דוירעס אונ יאָרנ. מיט ברייטע פעסטע טריט גראד איבערנ גראָז, איבער הײפלעכ פארטריקנטע ערד,, צװישנ געדיכטע ביימער, אונטער צעשפרייטע צװײגנ.

— זע אָקאָרשט, א שטיק ליידיק פעלד... — איסאק איז צופרידנ.

— דער שטיק איז שוינ אװאדע פינפ מאָל עלטער פונ אונדז, — זאלמענ קערט זיכ אומ צומ אוילעמ, — די פאבריק ארבעט, כ'מיינ — די נאטור... פונ מייסימ אויסגעװאָקסנ גראָז אונ בלומענ... נאָר די צעפוילטע ברעטער פונ די מאציײװעס האָבנ גראָה די שאמאָסימ אינ די אויװונס צעברענט...

װו־ניט־װו האָבנ זיכ שטיינער פלאציקע געװאלגערט אינ דער ערד אײנגעגנורעטע, מיט די אופשריפטנ איטװײניק — צו דער מוטער־ערד, אינ איר שויס באהאלטנ, — זאָל שוינ קיינער מערקנ. אונ איז א שטיינ

ניט גערנ געבליבנ אויסגעגליטשט מיט דער אופשריפט ארופ, האָט אינ די טיפּעניש פונ די אָפּגעבליאַקעוועטע געפּאַרבטע אויסיעם געשימלט גראָ-געלע מאָכיקע אייטער, ווי טיפּע בלאָטערס פונ אינווייניקסטנ קוי־מער, וואָס א ווונדריק לײַב איז אופגעדעקט...

מאָטל אונ נאָטקע האלטנ זיכ עפּעס פאר די הענט ביידע אונ קלאפּנ אָפּ קעסיידער די שיכ אָנ א שטיינ, שפּרינגענ אופ ביידע דערשראָקנ, באנקע מיט ליזעלענ גייענ פארזיכטיק, ניט אונטערצודרייענ די הויכע קנאפּל, אונ שמייכלענ.

— שרעקט זיכ ניט, — מונטערט אופ מענדל, — מ׳וועט אפּ איבּ אויב טרעטנ... דוירעם גייענ אָפּ דוירעם, צײַטנ טרעטנ אפּ צײַטנ... ווי ערד-פּלאסטנ — איינע אפּ די אנדערע...

2

נאָכ דעם שטיק פעלד האָבנ זיכ א ריי ביימער באוויזנ — יוסטע, באיאָרנטע, ארומ א בוימ א זאָקנ, וואָס האָט זײַנ שטאמ געשפּאָלטנ אינ ביימער באזונדערע, באוואָקסנ יעדע איינציקע מיט דיקע זײַטיקע צווײַגנ, אונ מיט דיקערע צווײַגנ צעשפּרייטע פונ זיי, אונ יעדעם צווײַ־געלע האָט א שלאל ריטעלעכ מיט בלעטעלעכ צעלאָזט. אלטע ביימער מיט געבויגענע שווערע קעפּ צו דער צעוואָקסענער געזינד אונטנ, וואָם האָבנ זיכ צו שטאמענ געטוליעט. אונ ארומ פונ ביידע זײַטנ האָבנ זיינ צײַלנ געקרײַזט טונקעלע ביימער אָנגעלאָדענע מיט בלעטער, וואָס האָבנ קוימ-קוימ געפּלאטערט יעדע איינציקע, אונ אלע צוזאמענ מאָדנע גע־רוישט, געזיומט, ווי טויזנטער פליגנ אונ בינענ שמוצערנ אינ אומרו.

אהינטער האָם געזינדל ביימער, אינ נידעריקנ געמויערטנ פארקאנ זײַנענ א ריי שטיינ-טאָוולענ, מיט אופשריפטנ פארצײַטיקע, ווי אינ איינ ראמ אײַנגעפּאסט — א צעפּלאָסענער אָנדענק וועגנ א סאכ מעטושטעשע, אָפּגעבליאַקעוועטע...

....„הר״....„הג״....„קד״....„נפ״. האָבנ אויסיעם, ווי גלידער זיכ צע־וואלגערט נאָכ פונ ת׳ק... אונ תק׳נ...

— זע, ווו אונדזער צווילינג איז, — האָט באנקע אָנגעוויזנ איסאקנ אפּ מאָטלענ מיט נאָטקענ, וואָם זײַנענ שוינ געזעסנ אפּ די אָנגעקלאפּטע בלעכ פונ דעמ נידעריקנ פארקאנ, מיט די פּענעמער אומגעדרייט צו יענער זײַט.

— מאָטל! — בייזערט זיכ איסאַק, — נאָטקע! וואָס דאַרפט איר זיכ ווײַזנ אהינ?..

— דאָרטנ איז א טײַכל.. פונ יענער זײַט איז א טײַכל, — האָט מאָטל צופרידנ אָנגעזאָגט, און פונדעסטוועגנ איז ער מיט נאָטקענ גלײַכ אראָפּגעשפּרונגענ.

— וואָס עפּעס אזוי שפּעט, — האָט נאָסנ באַגעגנט מאטעסנ מיט דאָנענ.

— מיר זײַנענ האָב עפּעס יידנ מיט בערד, — האָט מאטעס אָנגענומענ זײַנ געל שיטער באָרד, — אז מיר זאָלנ דורכלויפנ אפנ בעסוילעמ דעמ נײַעמ שטיק, ווי איר יונגעלײַט, וועט מענ דאָכ נאָכ אונדז נאָכלויפנ...

— דאַוויד וועט קומענ באַלד?, — האָט כאַנקע געפרעגט איסאַקנ.

— ניינ, — דאַווידנ קענענ אַלע, און ער דאַרפ זיכ ניט ווײַזנ אומעטומ. דאַוויד האָט אַלצ איבערגעגעבנ מענדלענ און מאטעסנ... מאטעס וועט הײַנט ריידנ...

— איסאַק! — האָט זיכ כאַנקע ניט געשטילט, — איכ וועל זאָגנ דאַווידנ, אז איסאַק זאָל אימ ניט פאַרשטעלנ...

— מענדל, הייב אָנ! — האָט איסאַק הויכ ארויסגעזאָגט.

3

דער אוילעמ האָט זיכ א לאָז געטאָנ אפ יענער זײַט פונ די רייענ געדיכטע ביימער. דאָרטנ האָבנ זיי ענג ארומגעקרײַזט מענדלענ.

— אהינטערנ פּאַרקאַנ איז א טײַכ, און אינ טײַכ איז קיינער ניטאָ? מע באָדט זיכ ניט דאָרטנ?... — האָט איסאַק הויכ געזאָגט צו מאָטלענ.

— שוינ געזאָגט האָב דיר, — האָט מאָטל פאַריבלדיק אָפּגעענטפערט, — נאָטקע, זעצ זיכ אפנ פּאַרקאַנ און כאַפּ דאָרטנ א קוק... — און מאָטל האָט אונטערנ אָרעמ אונטערגעכאַפּט פּײַטלענ, וואָס איז געשטאַנענ זײַטיק און מיט בלויע פאַרטראַכטע אויגנ געבלאָנדזשעט אינ די הויכע ווײַטנ.

מענדל האָט שוינ פונ דער טאַש באַקומענ א צעקנייטשטנ פּאַפּיר, א דינס, מיט בלויע שריפט צעפּלאָסענע. ער האָט עס פאָרזיכטיק פאַנאַנדערגעוויקלט, איז איבער דעמ געשווינד דורכגעלאָפנ מיט די אויגנ און האָט צוגלײַכ גערעדט.

— די לעצטע יעדיעס זיינענ טרויעריקע אונ — פריידיקע...

ער דערציילט געלאסנ. קענטיק, אז ער האָט די צעפלאָסענע אויסיעלעכ פונ בלוי־געפארבטנ בלעטל שוינ לאנג איינגעזאפט אינ זיינ אופגערודערטנ געמיט. ער האָט גלאטיק גערעדט וועגנ שטרייקנ אונ ארעסטנ, וועגנ דורכפאלנ אונ שטרייקנ, אונ האָט מיטאמאָל זיכ צעשווידערט...

...,,די ווילדע כייע איז צערייצט. די צעבייזערטע שלאנג, אפ וועלכער דער ארבעטער־קלאס האָט מיטנ שווערנ פוס אָנגעטראָטנ — שלײדערט זיכ אינ גיכפע, אונ בייסט, מאזיקט, לאָזט ארויס איר גאנצע גיפט"...

ער האָט זיינע אויגנ אפנ אוילעמ צעפלאקערט אונ זיינ פאָנעמ האָט זיכ אמאָל קרענקלעכ געבלייכט אונ צערודערט, אונ אמאָל צעהיצט אינ צאָרנ אונ האס, וואָס האָבנ זיכ פונ זיינע דינע ליפנ גערויכערט:

— די בעסטע קעמפער אינ קאזעמאטנ געוואָרפנ, אינ דער פינצטער פארשפארט... לעבעדיקע, היציקע — אינ ווייטע אונ אינ קאלטע ,,סיבירנ" צעשלײדערט... די נא־הייקע קנא־אקט, שפא־צירנדיק איבער די לייבער פונ אונדזערע ברידער אונ שוועסטער, מיינע אונ אייערע ברידער, קינדער פונ ארבעטער־קלאס...

— קורצ אונ גוט... — האָט זיכ כאמ דער טאָקער ווי אָפגעריסנ פונ זיינ ווייבל, האָט א צי געטאָנ באָרעכנ. — מיר דארפנ זיכ א נעמ טאָנ... ווענ גייענ מיר?...

מאָטל האָט נאָכאנאנד מיט די קנאפל די ערד געגראָבנ, געבוירעט טיפ אונ צאָרנדיק. נאָטקע האָט מיט רוגזע א פאטש געטאָנ איבערנ בלעכ אפנ פארקאנ. כאנקע האָט א דיקנ צווייג פונ בוימ מיט האסט געבראָכנ.

... מיר שטייענ אינ קאמפ! — האָט מענדל זיינע אויגנ אָנגעשטעלט עפעס אפ פייטלענ, וואָס האָט דעמ קאָפ אראָפגעלאָזט פארקלעמט, — אינ קאמפ! היינטיקנ פרילינג האָט זיכ ווי א געוויסער א שפאר געטאָנ אינ לאנד שטרייקנ אינ פאבריקנ, דעמאָנסטראציעס, אומרוענ... דער באָדנ וואקלט... האָט מענ אונדז א קלאפ געטאָנ מיט מאסנ-ארעסטנ, מע רייסט פונ אונדז לעבעדיקע איווורימ. וועלנ מיר דערופ ענטפערנ מיט נייע געשלאָסענע רייענ! העכער די פאָנ! פאָרויס אינ קאמפ! נידער די טיראנענ!

מענדל, איסאק אונ זאלמענ האָבנ גלייכ ארויסגעשאָטנ דינע צעקנייטשטע קאָלירטע פאפירלעכ; די פארזאמלטע האָבנ עס גיריק אופגע־

באַפּט, מיט די פינגער אָפּגעגלעט, און מיט די אויגן און מיטן אופּגע־רודערטן וועזן זיך פאַרטיפט אין דעם..

— אין די קעשענעס! לייענען אין דער היים! — האָט איסאַק קורץ אָנגעזאָגט.

— זאָגט מיר אפריער — האָט בער דער הויכער אָפּגעהאַלטן — וואָס איז טי־ראַן?

— פאַרען ווייסט איר? — האָט זאַלמען זיך אָפּגעענטפערט.

— און טיטוס, — האָט מענדל צוגעגעבן.

— אזוי, אזוי... אזא איז אונדזערער אויך...

— „אונדזערער" איז ער קיימאָל ווי נאַרניט... — האָט מאַטעס געכוויזעקט — מ'האָט בא דיר ניט געפרעגט און בא מיר ניט... דו מיינסט דאָך דעם פעטערבורגער יונגנמאַנטשיק...

— האַ־אַ? — האָט בערע אין פלוג ניט פאַרשטאַנען, און האָט זיך געוווּנדערט, וואָס אַלע ארום האָבן אזוי צופרידן געלאַכט.

— פאַר וועמען דו שטעלסט זיך נאָך „יעקום פורקן" — האָט מאַ־טעס געשמייכלט.

— דו ביסט א שאַרפע יאַרמעלקע, — האָט בערע שוין פאַר־שטענדיק צוגעשמייכלט, — און מע דאַרף צו דיר א שפּיציקן קאָפּ.

— גענוג וויצן, — האָט איסאַק איבערגעריסן, — מאַטעס, דײַן וואָרט...

מאַטעס האָט גערעדט ניט הויך און ניט גיך. ווערטער פּאָשעטע און געהאַנקענע מאָדנע פאַרשטענדלעכע. דעם שווערן קאָפּ אופגעהויבן, און דערמיט אויך אופגעצויגן זײַן נאָך שווערערן רעכטן אקסל, האָט ער דײַטלעך און אײַנגעטיילט יעדעס וואָרט, וואָס זײַנע מאָגערע ליפּן האָבן געלאָסן און געוויגן, ווי אַפּ פינקטלעכע שאָלן, ארויסגעלייגט.

ער האָט גערעדט וועגן ארבעטער, וועגן פויעל, וועגן זיך, מאַטעס דעם אײַנבינדער, אין דער היים און אַפּ דער ארבעט, אינדערוואָכן און שאַבעס. און ס'איז אויסגעקומען: שווערדיק באַקאַנט! און אומגעריכט ניי... עפּעס וואָלט ער יצו נאָסענען געזאָגט: „לאָמיך אָקאָרשט צו צו דײַן פּרעס... דײַן פּרעס — מײַן פּרעס... דו מיינסט, אז דו פּרעסט אײַן א פּאָר טאָוולען אין א בוך, דרייענדיק דעם וואַליק מיטן גאַנצן קויעך?.. דאָס דרייסטו אוים דעם קליאָק פון דײַנע ביינער, און פּרעסט צוגויפ דײַנע אייגן האַרץ, ווי א צעדאַרט בלעטל..." „בערע דער הויכער האָט

געהובלט 20 יאָר, געהובלט דרײַסיק יאָר אונ אויסגעהובלט האָט ער פאַר זיכ ניושטיקע „סטרוזשוקעס“ — ווײַסע האָר אויפנ קאָפּ...

...פאַרוואָס איז בײַ מײַנ יוויסעפּקעג, בײַ מײַנ יינגל שיטערע אונ בלייכע האָר אויפנ קעפּל — בלייכע הערעלעכ?!.. דער זומערדיקער טאָג אינ מײַנ קעלער איז א בלייכער. דער קרופּניק אינ מײַנ טעפּל איז א בלייכער, די מוטער־מילכ בײַ מײַנ ווײַבל איז בלייכע, שיטער־בלייכ. מײַנ מיידעלעס שמייכל איז שטיל אונ פאַרשעמט, ווי איר צעריסנ העמד אויפנ לײַב...

די לוסטיקע כאַנקע האָט מיט די אויערנ צוגעהערט די קלעמענ־דיק־אָפּגעצויגענע ווערטער אונ מיט די אויגנ זיכ אײַנגעגורעט אינ ער־געצ. דוכט זיכ, אז מאַטעס האָט פּאַדלאָגעס אינ שטיבלעכ אויפּגעהויבנ, אונ פאַרשטעלטע געגנעמס אנטפּלעקט. ער האָט די ווּיסטע שמאַטעס פונ די לײַבער אראָפּגעצויגנ, אונ אנטבלויזט די פאַרוואונדעטע גלידער. ער האָט א האָר געשפּאָלטנ, פונ אייגענעמ קינד א האָר, אונ עס גע־וויזנ — טרוקנ אונ אויסגעצערט, ווי א שטרויעלע פונ יאָרנ פאַרוואַלגערט.

...„פּראָלעטאַריער! מיר זײַנענ פּראָלעטאַריער, מע האָט אונדז מיטנ ריכטיקנ נאָמענ אָנגערופנ, — האָט ער אויסגעבליצט מיט זײַנע גרויע אויגנ, — ווי מע האָט מיר פאַרטײַטשט, איז פּראָלעטאַריער: אַדאָמ נאַקעט! אַדאָמ — א מענטש, וואָס זײַנ גאַנצער אייגנס איז — זײַנ נאַקעטקײַט. אונ דאָס אויכ גיבנ מיר אָפּ די באַלעבאַטימ לעאַכאָדימ, צו לויט אונ צו פונט, פאַרנ גראָשנ א טאָג. קאָנענ מיר אונ דאַרפנ מיר אמאָל — אנגראָ אונ אײַנגאַנצנ אָט דעמ אייגנציקנ אייגנס אונדזערנ אינ קאָנ שטעלנ — אנטקעגנ די באַלעבאַטימ!..

מאַטעס האָט זײַנ מאָגער האַלדז אַלצ אָפּטער געצויגנ אינ דער הייכ.

— מיר קאָנענ אונ דאַרפנ שטעלנ אינ קאָנ אונדזער אייניציק פאַר־מעגנ — דאָס ביסל טרוקענע ביינער. מײַנ האָ־אַרב...— האָט מאַטעס צוויי מאָל אָנגעפּאַטשט מיט דער לינקער האַנט אויפנ רעכטנ אקסל, אונ זײַנע אויגנ האָבנ זיכ צעעפּנט שווינדלדיק ערנסט, — מײַנ האַרב, וואָס האָט זיכ פונ אַרבעט אונ גויט — מײַנע אונ מײַנ טאַטנס — אָנגעהאָרבעט, דאַרפ צוריק די אַרבעט אונ גויט אויסהאָרבענ... אויסהאָרבענ מיט דעמ אייגענעמ קאָרבנ — אינ טורמעס... אינ סיביר...

אימ האָט אָטעמ אויסגעפּעלט, האָט ער זײַנ פאַרוואָרגנ האַלדז א צי געטאָנ לענגער אינ דער הייכ, פאַרשלונגענ די איבעריקע ווערטער, אונ

איז אָפּגעמאַטערט קוימ אַוועק פונ זײַנ אָרט. די געוויקסיקע כאַנקע האָט אימ פעסט אָנגענומען און צוגעפירט אַפרוען. און אַליינ א צערודערטע אוועקגעשפּאַנט און געוואָרפנ צעשוידערטע שווערע ווערטער, וואָס האָבנ אינדערלופטנ אופגעזאָדנ, ווי אָנגעברענטע שטיינער געשלײַדערט אינ זודיק וואַסער.

— מיט די ציינ שווערדנ צעבײַסנ... מיט נעגל געמויערטע ווענט דראַפּענ... וואָס עפּעס פוילנ?... מירנ שטיינער שלײַדערנ.. טורמעס צעשמעטערנ...

— א ביסל שטילער דאָ... — האָט איסאַק צו איר מיט די ליפּנ באַוועגט.

— אוים שרעק! אוים מוירע! — האָט זי, העכער געשריִענ, — צעברעכט די קייטנ!..

— אַלטער! — האָט איסאַק אויסגערופנ—ווער איז דאָ הײַנט אינ וואַכ? עמעצער פאַראנ האָרטנ? — האָט ער אָנגעוויזנ צו דער זײַט פונ „נײַעמ שטיק”.

— דאָרטנ איז שאָלעמ און מוישקע, זיי וואָלטנ געגעבנ א סיגנאַל...

ס'האָבנ נאָכ גערעדט זאַלמענ — הײמ און פאַרגרײַזלט, און איסאַק—געלאַסנ און „צו דער זאַכ”, דעריקער. שלוימקע און באָרעכ האָבנ אַזוי ווי בעשוטפעס גערעדט הײַנט בײדע אַפּאַמאָל. כאַימ דער טאָקער האָט אַרומשפּאַנענדיק צערודערט, מיט אַלע רעדנערס מיטגערעדט און מער פונ אַלעמענ זיכ געהיצט.

נאָסנ האָט געוואָלט „איינ וואָרט” זאָגנ, האָט זיכ שימענ מאַלעכ ארײַנגעריסנ, אויכ געוואָלט ריידנ, און האָט זיכ גלײַכ צעטומלט:

— אָט מאַימדבער... וואָס פונ דאַכ... אונדזער קאָרבנ...

— ניט אַזא קאָרבנ, — האָט הירשל צו אימ געשריִענ.

— כ'וויס... איכ — א קאָרבנ... מיט א שטאַבע אינ האַנט...

מענדל האָט געקירצט זײַנ לעצטנ וואָרט:

— מיר שטייענ אינ קאַמפ, דאַרפנ מיר קעסיידער קלאַפּנ... א שטרײַק איז א קלאַפּ — דער ערשטער קלאַפּ... דערנאָכ וועט אויסקומענ צו שלאָגנ זיכ מיט „זיי” אַפּ דעמאָנסטראַציעס, און צולעצט, — מילכאָמע האַלטנ אַפּ באַריקאַדעס... קלאַפּט „זיי” פונ אַלע זײַטנ! פונ אומעטום: אַפּ די גרויסע פאַבריקנ, און אינ די קליינע וואַרשטאַטלעכ — זאָלנ זיי צעטומלט ווערנ פונ די קלעפּ... לאָזט זיי ניט צורו...

איסאק האָט אָנגעזאָגט, אז די פארזאמלונג איז פארענדיקט, מ'קאָנ גיינ צו ביסעלעכ. נאָר עטלעכע זאָלנ פארבלײַבנ.

די „עטלעכע“ האָבנ געוווּסט, וועמענ מע מיינט, אונ די איבעריקע זײַנענ ווי וואסערלעכ אינ פארשיידענע זײַטנ צערונענ.

4

די פארבליבענע זײַנענ גלײַכ אוועק פונ אונטערנ בוימ, האָבנ זיכ דערווײַטערט רעכטס אונ דערנאָכ אוועק לינקס אונ זײַנענ ארויס ערגעצ אינ א ווײַטנ אָפּגענעמ ווינקל אונטער דער זונ, וואָס האָט גראָד אנטקעגנ געבאקט אונ געבלענדט. האָט מענדל דעמ קאָזירעק פונ היטל אראָפּגערוקט איבער די אויגנ אונ האָט אינ איינ אָטעמ־צוג גלײַכ ארויסגעזאָגט אלצ וועגנ דער לאגע בא די גארבער. מ'דארפ מעלדנ דעמ שטרײַק. אינ די פאבריקלעכ מיט אלעמענ אָפּגערעדט.

— מ'קאָנ אָנהייבנ מאָרגנ,—מיינט זאלמענ, דער אוילעמ־ווארט..

— אָנהייבנ איז גרינג, — זאָגט ארויס מענדל פארזאָרגט, — דער אוילעמ גליט... אָבער אויסהאלטנ.. מ'וועט לאנג דארפנ אויסהאלטנ,

— אונ דער פונק זאָל זיכ ניט אויסלעשנ גיכ, אז ס'זאָל כאָלילע ניט בלײַבנ א שווארצע קויל.... — וואָרנט מאטעס.

אלע האָבנ א ציטער געטאָנ.

— דארפ מענ אויפבלאָזנ א גרויסנ פײַער, א פלאקער,—האָט כאנקע געוואָרפנ.

— מיינ איכ טאקע, — האָט מענדל צו איר דירעקט א הייב געטאָנ די אויגנ, — איכ וויל אלע גארבער, די גאנצע מאסע, ניט נאָר די פראָפּאגאנדירטע פונ די קרײַזלעכ — אלעמענ צונויפנעמענ אינ ערגעצ, א מאסאָווקע, אונ אָנווארעמענ אפ לאנג... א גוטע אגיטאציע לאָזנ...

— פארנ פארפאסטנ זיכ איז נייטיק, נייטיק, — מאכט מאטעס.

— אונ אנ אָרט פאר אלעמענ? — שטעלט איסאק די פראגע.

— אינ וואלד, — לייגט פאָר זאלמענ.

— דאָרטנ, ווו שוועס... — מיינט מענדל.

— מענדל — זאָגט מאטעס, — איכ האָב פאר דיר אנ אייצע — איינמאָל פאר אלעמאָל. דו זאָלסט ניט זאָגנ צוויי מאָל איינע אונ די זעלבע רעדע—דאָס איז „יעקומ פורקנ“, אונ זאָלסט ניט מאכנ צוויי

פאַרזאַמלונגענ נאָכאַנאַנד אינ איינ אָרט — דאָס איז נאָכ ערגער, ווי צוויי „יעקום פּורקנס“ אינ איינ סידער... אַ וואַלד איז ניט קיינ סידער — וועט ניט אויסהאַלטנ אַזאַ אומגעלומפּערטע נאַרישקייט...

איסאַק האָט עפּעס פאַר זיכ געשמייכלט.

— וואָס שמייכלסטו? — איז זאַלמענ צוגעשטאַנענ, — דו האָסט עפּעס...

— עפּשער בײַ מיר אַפ כאַסענע... — שמייכלט ווידער איסאַק.

— עמעט — כאַפּט זיכ אָנ שלוימקע, בײַ דיר איז כאַסענע... אַ גוט!

— ניט גוט, — האָט מאַטעס אַ מאַכ געטאָנ מיט אַ האַנט, — כאַפּ ניט די פיש פאַר דער נעץ... אונ עמעסע כאַסענע טויג טאַקע ניט.

אַלע זײַנענ געבליבנ פאַרדראָסיק־אומעטיקע. כאַנקע האָט זיכ אַפּי־לע געבייזערט:

— מאַטעס, הערט שוינ אויפ מיט אײַערע...

— איכ האָב אויפגעהערט, אונ איר שפּרינגט אײַנ... איינ מאָל דאַרפנ מיר אונ וועלנ דעם קאָפּ ברעכנ... האַלט איכ, אַז בעסער שפּע־טער, ווי פריִער.

— נו, — האָט איסאַק געמינטערט, — מאַטעס, דו האָסט עפּעס אַנ אויסקער...

— דער אויסקער איז פונ דאַנערשטיק אַפ שאַבעסצונאַכט, — מאַכט מאַטעס געלאַסנ, — די כאַסענע איז אַ כאַסענע דאָנערשטיק. אונ שאַבעס־צונאַכט מאַכסטו אַ קלוימערשטע זמירעס... דו פאַרשטייסט — אַ קלוימערשטע... אָנ מעכוטאָנים... פאַר כאַוויירים.

— איז וואָס האָט איר איבערגעשראָקנ? — האָט כאַנקע ערומ־געכאַפּט מאַטעסנ.

— כאַנקע, שוינ אַ צווייט מאָל, אַז דו קוועטשט מאַטעסנ... — שמייכלט באָרעכ.

— פריִער איז געווענ פאַר זײַנ פּאָשעטנ ריידנ, — האָט כאַנקע געפינטלט מיט די אויגנ, — מאַטעס רעדט פונ לעבנ, ניט פונ בוכ...

— ווי קומ איכ צו ביכער? איכ רייד ניט פונ בוכ...

באָרעכ אונ זאַלמענ האָבנ זיכ הויכ צעלאַכט:

— ווי קומט מאַטעס צו ביכער?! ראַק ער איז אײַנגעגנורעט אינ אַ בוכ.

— אָבער קיינ ווערטער פונ א בוכ נעמ איכ ניט, ניט מיינע ווערטער, זאָלנ זיי דאָרטנ בלייבנ, — האָט מאטעס קליגעדיק צוגעווינקט, — איכ נעמ ארויס נאָר דעמ מיינ... וואָס מיינט דאָס בוכ... אונ דעמ מיינ לייג איכ צו צו מיינ לעבנ, ווי קומט עס אויס... איכ זאָג ניט איבער קיינ ווערטער פונ א בוכ...

— איז א זמירעס, — האָט מענדל איבערגעריסנ.

— וועל איכ ברענגענ קלעזמער — אונדזערע כעוורע... — זאָגט שלוימקע.

— האקלאָל, א מאנ פופציק, — האָט מענדל אויסגעטייטשט.

— צוויי מאָל פופציק איז הונדערט... — שמייכלט איסאאק, — א קלוימערשטע זמירעס — קאָרג ניט... אונ ריידנ זאָל דאָוויד! ניט מענדל זאָל איבערזאָגנ דאָווידנ...

— געכאפט א פאָרציע...—האָט זאלמענ א קיצל געטאָנ מענדלענ.

— האקלאָל, — איילט מענדל, — איז א טייל באוואָרנט, אונ נאָכ א טייל?

— נאָכ אנ אָרט, — מאכט זאלמענ, — זאָל מאָטל אופזוכנ ארומ סלאמבאָנ.

— נו, רעכט,—האָט מענדל געוואָרפנ, — אפגערעדט, גייענ מיר...

ער האָט זיכ א לאָז געטאָנ רירעוודיק שנעל. שלוימקע נאָכ אימ. זאלמענ האָט פארבייגייענדיק א צי געטאָנ כאנקענ פאר אנ ארבל: „היינט אינאָוונט“.

מאטעס אונ באָרעכ האָבנ באלעבאטיש פארלייגט די הענט אהינטער, אראָפגעלאָזט די קעפ אונ געלאָזנ אוועק צו דער זייט פונ „נייעמ שטיק“.

איסאאק האָט געכאפט כאנקענ אונ האָט זי שנעל געצויגנ אָנצואָגנ ליזעלענ.

— וואָס איילסטו? אָט איז שוינ בא דיר כאסענע...

— כאנקע, זאָג מיר צו אוקאָשערטאנצ...—ציט ער נאָכ שטארקער.

ליזעלע איז זיי שוינ אנטקעגנ געגאנגענ. זי האָט געקוקט אפ כאנקענ אונ זיכ גערויטלט. כאנקע האָט מיט א פינגער אָנגעקלאפט אפ איר לענגלעכער אונ דיקלעכער נאָז אונ געשמייכלט:

— ליזעלע, דו געוויינ זיכ ניט צו אזוי צו אימ, צו איסאאקנ — ס'איז אומגעזונט. דו געוויינ זיכ אָפ פונ אימ באצייטנס...

ליזעלע האָט אויסגעשטעלט בלייע אויגנ, פרעגנדיקע, צעמישטע, אונ דאָס מאט בלאסע פּאָנעמ איז צעטומלט, כאָטש באנקע האָט געשמייכלט אונ איסאק האָט הויכ געלאכט, צעבלאָזנדיק ברייט זײַנ נאָז.

— וואָסי? האָט זי צולעצט קוימ ארויסגעזאָגט.

באנקע האָט זיכ צו איר דערנעענטערט אונ האָט איר אינ אויער אײַנגערוימט, — אונ אז מ'וועט אימ פארזעצנ? — רעמלט וועט שוינ שפּעט זײַנ אָפּצוגעווינענ זיכ מיטאמאָל...

— וואָס עפּעס אימ? עפּשער מיכ פריִער — האָט ליזעלעס שמייכל געטונקלט.

איסאק האָט מיט זײַנע ביידע הענט זיי ווידער דערנעענטערט קאָפּ צו קאָפּ אונ זײַנ ברייטלעכנ פּאָנעמ האָט ער אינ דער מיט ארײַנגעשטעלט א לאכעדיקס.

— ווער עס לעבט, יענער שטארבט אונ קומט אָנ אהער, — האָט ער קעטײַטלט מיטנ פינגער אפ קוואָרימ ארומ, — אונ ווער עס קעמפט — א רעוואָליוציאָנער, וואָס קעמפט, זעצט זיכ ארײַנ אמאָל אַפּרוענ... פריִער, שפּעטער, ווערט מענ זיכ זעצנ... זאָל מענ דערפאר ווי יענער יִיז' זאָגט, קיינ טרונק בראָנפנ ניט נעמענ?..

ער האָט זיכ הויכ צעלאכט.

א ייִד אינ זאַקנ פארשטויבטע, אָנ שיכ, מיט א פּאָנעמ פארצאָרנט פונ פאסטנ, איז צו זיי צוגעגאנגענ אונ בייז געוואָרפנ, — פּע! פּע! פּ — פּע!

ער האָט זיכ אָפּגעקערט אונ געצויגנ מיט די פּלייצעס: — אפ א בעסוילעמ! פּ—פּע!

באנקע האָט זיכ ניט געפוילט, האָט זיכ אומגעקערט אונ אימ נאָכגעיאָגט:

— פּעטער! פעטער! איר וואָלט בעסער ניט ארומגייג אפ א בעסוילעמ אינ סקארפּעטקעס... א סאכ געזינטער...

יענער האָט געשלײַדערט מיט די הענט אונ האָט אויסגעצויגנ אפּ דרײַ מײַל ארומ: — פּפּ—פּפּ — ע— ע— ע—!

זי האָט אָנגעיאָגט איסאקנ לעבנ א הײַפל, וואָס האָט א קייווער ארומגעקרײַזט. שימענ מאלעכ גלעט עפּעס מאָדנע ליב א טונקל פארערדיקט ברעטל אונ לייענט: — דאָס איז עס — אונדזער באָמ־בער...

באַימ דובער ב'ר יוינע שעסטאָפּאָל... שעסטאָפּאָל די פאַמיליע... ווענ מענ דערוויסט זיכ א פאַמיליע — נאָכנ טויט...

— האַ? — האָט ער א ציי געטאָנ מאַטלענ און נאָטקענ, — וואָס זאָגט איר? איכ וויל דאָ אָנהענגענ אפנ ברעטל א פאָר בלעטלעכ — אָט יענע... וואָס וועגנ באַימ־בערנ... וועגנ זאָרג־באַנק...

# IV. זמירעס

## 1

שאַבעס נאָכ מיטיק איז נאָטקע ארײַנגעקומענ צו מאַטלענ, האָט ער אימ א זאָג געטאָנ אזוי הויכ, אז די מאַמע אינ קאַמער זאָל הערנ: „איי, נאָטקע, גוט וואָס דו ביסט געקומענ, וועסטו מיר צוהעלפנ — אז ליזעלענ האָט זיכ מיטאַמאָל פאַרוואָלט א זמירעס"... האָט מענ אויסגעטאָג די רעקלעכ און מ'האָט זיכ גענומענ צו דער ארבעט — ארויסטראָגנ טישנ, א קאָמאָד, א בעט, און דערהויפט ליידיק געמאַכט דעמ זײַטיקנ צימער מיטנ איינציקנ פענצטער אינ הויפ. באַלד זײַנענ אָנגעקומענ כאַנקע און ריוועלע און האָבנ אויכ גענומענ העלפנ.

נאָר איסאַק מיט אַלטערנ האָבנ האַפקע ארומגעשפּאַצירט אינ הויפ און אינ גאַס, זיכ ארומגעדרייט ארומ אלע פענצטער, פּרובירט זיכ צושטעלנ און ארײַנקוקנ אינעווייניק. ווי ס'איז נאָר פינצטערלעכ געוואָרנ, האָט איסאַק ארומגעשפּאַרט דעמ טויער און דאָס פערטל און איז ארײַנ אינ שטוב אָנצינדנ די לאָמפּנ. ביילקע, די געוואָרענע שיור־גער, האָט זיכ גענומענ פאַר אימ:

— איסאַק, זאָג דו ליזעלענ, אז מ'חאַרפ עפּעס אנדעריש צוקלײַבנ אינ שטוב...

— א דײַגע... באַקאַנטע בעוורע וועט כאַפּנ א טענצל אָדער שפּילנ א דאַמקע...

— מאַמע, דו מישט זיכ טאַקע ניט, — האָט מאַטל אָפּגעכאַפּט, — דאָס איז ניט דײַנע זמירעס און דו דאַרפסט דאָ גאָרניט זײַנ אפילע... אָט דער טאַטע: האָט דערהערט א זמירעס, איז ער אוועק... וואָס דאַרפ ער דעמ טומל?

— מיט דיר קאָנ מענ דאָכ איצטער גאָרניט ריידנ.! קאָלזמאַנ דו

ביסט געווען אַ פּאַפּיראָסניק, ביסטו געווען אַ מעיושעוודיקער, פּלעגסט זיך אָנטאָן, ווי אַ מענטש, צוקלײַבן זיך — אַ כּיעס געווען אָנצוקוקן... און זינט דו ביסט געוואָרן אַ גאַרבער, האָסטו זיך גאָר פאַרדרייט... צו אַ זמירעס אַפילע באַ אַן אייגענער שוועסטער ביסטו אויך געבליבן אין די לאַנגע שטיוול מיט דעם שוואַרצן העמדעלע... וואָס, אַ נײַדער האָסטו גענומען אָפּ זיך — קיין האַנאָע ניט האָבן פון דער וועלט?..

— יע, יע... אָן אַ נײַדער, און איך טו אַזוי... — האָט זיך מאָטל געקאָכט, — דערווייל וויל איך קיין האַנאָע ניט האָבן, איך וויל ניט איצטער... אַז... באַ אונדז איז איצטער ערשט אײַנגעוואָרצלט, מיר האָרעווען, מיר גרייטן זיך ערשט צו אונדזער יאָנטעוו... דערווײַל אַרבעטן מיר...

איסאַק האָט געשמייכלט צופרידן.

ביילקע האָט פאַרדראָסיק אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט:

— מיט מאָטלען איז בעסער, אַז מע רעדט ניט... איך ווייס דאָך זײַנע רייד. און דו, איסאַק, ביסט אויך אַ לײַט!.. דו ווילסט מיך אַרײַנפירן אין גוטע ביזיונעס... דו זאָלסט מיר אָנזאָגן פריער, וואָלט איך עפּעס צוגעגרייט. גוט נאָך, וואָס ס'איז באַ מיר פאַרבליבן אַ גרויסער טאָרט און צוויי קליינע טערטלעך... כ'וואָלט קלעזמער באַשטעלט... ווי ווײַט עס טאָר זײַן אַ שטילע....

מאָטל האָט צעדרעטערט נעשפּאַנט איבערן צימער און מיט די הענט געשלײַדערט:

— מאַמע, איך זאָג דיר, דו זאָלסט בעסער גיין ערגעץ צו גאַסט...

ליזעלע האָט אַרומגענומען מאָטלס קאָפּ און אים פון צימער אַרויסגעפירט.

— קלעזמער,—האָט איסאַק גוטמוטיק געזאָגט,—אָט זײַנען זיי...

ס'איז אַרײַנגעקומען שלוימקע, און נאָך אים באַרים און נאַטאַן, מיטן קלאַרנעט און פידל אין מאָדישע שיירלעך. לוסטיקע און שמייכלענדיקע.

ביילקעס פּאָנעם האָט אויסגעשײַנט פאַר פרייד.—„קלעזמער... דאָס זײַנען דאָך עמעסע מוזיקאַנטן... פון אָרקעסטער... פון שטאָט-טעאַטער"...

— וווּמען זאָל איך עס באַדאַנקען, וואָס מע באַשיינט מיר אַזוי די פּימכע?

— מיר! — האָט זיך שלוימקע אויסגערופן, — באַריס איז מײַנער א שוועסטערקינד, און איסאַק איז מײַנער א כאַווער... א—א! אָט איז אויך ניאָמע מיטן טראָמבאָן... — און ער איז לוסטיק אוועקגעשפּרונגען צו ריוועלען.

ביילקע איז צערויטלט פון נאַכעס: „אַזעלכע גרויסע מוזיקאַנטן! זיי זײַנען טאַקע הײַנט פרײַ, ווײַל אין דער נאַכט אַנטקעגן זונטיק רוט פרום דאָס טעאַטער: אַזאַ פרומער גובערנאַטער איז אין שטאָט!" און זי איז מיט מוט אוועק איבערן צימער — צוקלײַבן, אויסבעסערן, וואָס די מיידלעך, ווי איר האָט זיך געדוכט, האָבן ניט געהעריק אויפגעטאָן.

געסט קומען אָן הויפנווײַז.

איסאַק רופט אָפּ כאַנקען אין א זײַט: — דו ווייסט אַכטונג געבן דאָ אין צימער אויף די, וואָס דאַרפן טאַנצן... דעריקער זאָלסטו וואָס מער דרייען די שווינגער מײַנע... זי זאָל כאָלילע ניט גיין אין יענעם צימער... פאַרשטייסט?

— נו, גייט הויבערן! שפּילן א האַמקע!.. — האָט איסאַק די גאַרבער קעסיידער אָפּגעשיקט אין אַנדער צימער, און דאָ אין קאַמער איבערגעלאָזט נאָר סטאָליערס, אײַנבינדער, דרוקערס און נייטערנס — די, וואָס זאָלן טאַנצן.

באַריס האָט מיט א שפּילעוודיק שמייכל גענומען קיצלען מיט די פינגער די קלאַפּאַנעס פון קלאַרנעט. נאָטאַן און ניאָמע האָבן אויך קלוימערשט גענומען רייצן זייערע קייליס, א ברום דאָ, א צוויצער דאָרט... און באַלד האָט באַריס פאַרטראַכט אַראָפּגעלאָזט די ברעמען איבער זײַנע טונקעלע אויגן. האָט נאָטאַן עפּעס באַזונדערס אָנגעצילט זײַן אויסגעשטרעקטע האַנט מיטן סמיטשעק איבערן פידל, און ניאָמע האָט ערנסט אַרײַנגעבלאָזן אין טראָמבאָן. האָבן זיך קייליס צעשפּילט, און מענטשן — צעהוידעט. האָט שלוימקע אונטערגעכאַפּט לידען, און זאַלמען — כאַנקען: — זאָל זײַן און אָנהייב...

ביילקע האָט אָנגעקוואָלן און אַליין זיך געהאָצקעט פון דער זײַט.

ס'איז אַרײַנגעקומען מענדל מיט ראַווידן, און נאָך זיי — כאַים דער טאָקער און ראָבל.

— אָט דאָס איז א טרײַער כאַווער, — האָט זיך ביילקע געלאָזט אַנטקעגן ראַווידן, — געקומען צו א נאַסיקן כאַווער מאַזלטאָוו אָפּ-

געבנ. זע איכ, אז איר זײַט ניט קיינ גרויסהאַלטער. אונ איר, — האָט זי זיכ אַ קער געטאָנ צו כאַימס ווײַבל, — זאָגט איר, ווי מײַנע האָבנ מיכ אונטערגעפירט, ניט אויסגעזאָגט, אונ איכ האָב זיכ ניט צוגע־גרייט... כ׳וואָלט כאָטש א „זיסנ טאַנצ" מאַכנ...

ראָכל האָט עפּעס מאָדנע געשמייכלט.

שלוימקע האָט טאַנצנדיק צוגעפירט כאַנקענ צו די מוזיקאַנטנ, האָט זי באַקאַנט געמאַכט מיט באָריסנ:

— ווענ איכ בינ דאָ ניטאָ אינ קאַמער, באָריס, זאָלסטו זי היטנ, — האָט ער אָנגעוויזנ אפ דער לעבעדיקער כאַנקענ, — וועט זי קאָמאַנדירנ, ס׳איז מײַנ קאַלע...

— אונ עפּשער מײַנ קאַלע? — האָט באָריס שטיפעריש צוגעווינקט צו כאַנקענ.

נאָר כאַנקע איז שנעל אַוועק צו איסאַקנ, וואָס האָט צו איר נאָ־כאַנאַנד געווינקט:

— כאַנקע, נעמ צו מײַנ שוויגער, גיכער! דריי זיכ מיט איר...

— שוינ באַשטעלט כאַימענ, — האָט זי געלאַכט: — פּאָרט א מאַנצבל...

איסאַק האָט זיכ אפ די שפּיצנ פונ די שיכ שטיל אונ אינ א זײַט געדרייט צווישנ אוילעמ, אָנגעשעפּטשעט באָרעכנ מיט כאָניענ, אַז זיי מאָגנ שוינ גיינ אפנ גאַנעק — „אָפּקילנ זיכ"... אונ וואָס לענגער דאָרטנ... אָפּגעשיקט לייזערנ מיט בערלענ אינ הויפ אַרײַנ — איינער צומ פאַרקאַנ, אונ דער צווייטער — אַרומ פענצטער: אַלטער וועט ווײַזנ... אונ טאָמער וואָס...

2

מ׳האָט געשפּילט אונ געטאַנצט.

די לעצטע פונ די גאַרבער זײַנענ אינ אַנדער צימער אומבאַמערקט אַוועק זאַלמענ אונ שלוימקע. האָט איסאַק נאָכ זיי צוגעמאַכט די טיר פונ דער זײַט, האַרט צוגערוקט זײַנ שטול אונ זיכ אַוועקגעזעצט אי־נערלעכ אָנגעצויגנ אונ ערנסט. ער האָט אָבער א פוס אפ א פוס פאַר־לייגט, מיט א קלוימערשטנ שמייכל אפנ פּאָנעמ, זיכ אָנגעהאַלטנ „אַזוי גלאַט" אָנ הענטל פונ טיר, אונ צוגעקוקט, ווי מע טאַנצט. קומט צו גאָסנ, שפּרינגט אונטער כאַנקע, ער זאָל דורכלאָזנ אַהינ... א ווײַלע.

איסאַק פּלענט זיך אַפילו ניט אומקערן, און נאָר מורמלען שטיל:

— גייט אַפּ!..

ליזעלע גייט צו אָפּטער, גלעט אים א האַנט, פּאַריכט אים עקסט־רע דעם שניפּס — קוועלט ער גוטמוטיק, — שפּעטער, ליזעלע, שפּע־טער...

פּלוצלינג האָט זיך צו אים ביילקע א לאָז געטאָן מיט א גערודער:

— איסאַק! איסאַק! וואָס האָסטו זיך אוועקגעזעצט אין א זייט, ווי א ברוגזער מעכוטן? גיי טאַנצן, איסאַק! קום, אדרבא, מיט דער שוויגער...

איסאַק זוכט שוין כאַנקען... יע, כאַנקע געדענקט: זי האָט ביילקען פון אויג ניט אַרויסגעלאָזט, און זי איז שוין דאָ, צוגעשפּרונ־גען.

— ער קאָן אַזוי טאַנצן, ווי איך קאָן פידלען... קומט מיט מיר א טענצל... —

און זיי האָבן זיך אוועקגעדרייט.

באָריס האָט פאַרשטאַנען. האָט ער קליגעריק צוגעווינקט צו כאַנקען מיט פאַרשטענדיקע פריילעכע אויגן, און האָט הויך אַרויסגעזאָגט:

— לעקאָוועד דער קאַלעס מוטער א טאַנץ פון די שענסטע און די גרעסטע!..

און ער האָט זיך צעשפּילט אַזוי ערנסט און לאַנג, לאַנג, אַז ס'האָט זיך געדוכט, עס וועט שוין גאָר קיין סאָף ניט זיין... ביילקע האָט זיך געזעטיקט, איז קוים צוגעפאַלן צו א שטול, אין נאַכעסדיקער מיד־קייט די אויגן צוגעמאַכט.

כאַנקע איז לעבן באָריסן געשטאַנען און אָנגעקוואָלן.

— איר האָט זי גוט אויסגעפּאַרעט, די מעכוטענעסטע... ווי האָט איר באַהאַלטן דעם סאָף פון דעם טאַנץ? ווײַטער פאַרדרייט און ווי־דער פאַרדרייט...

באָריס האָט זיך אָפּגעשטעלט צופרידן און שמייכלענדיק:

— זעט איר, אַז מ'דאַרף מיט מיר ניט אָנהייבן פון קאָמעץ אַלעף—אָ...

ער האָט ווידער צוגעווינקט צו כאַנקען קליגעריק מיט זיינע טונ־קעלע אויגן, וואָס ס'האָט זי מאָדנע גערייצט, — איצטער וועט איר זאָגן, וועמעס קאַלע איר זייט...

— צו וואָס? — זי האָט זיך עפּעס אין פלוג פאַרלאָרן.

— צי איר זײַט אינ שטאַרקע הענט, אונ ס'וועט שווער זײַנ אַרויסצובאַקומענ...

— אויב איר זײַט מיט שוואַכע הענט, טויגט איר ביכלאַל אַפ קאַפּאָרעס... די שטאַרקסטע הענט זײַנענ מײַנע אייגענע...

האָט ער אָנגעכאַפּט אירע הענט אונ גלײַכ געוואָלט אופעפענענ אירע פויסטנ. זי האָט זיכ א ריס געטאָנ אונ האָט זיכ שנעל אַוועקגעדרייט, אונ ס'האָט זיכ איר גלײַכ געדוכט, אַז זי דרייט זיכ אינ אַנ אַנדער זײַט — זי בלאָנדזשעט.

האָט זי זיכ האַסטיק א קער געטאָנ, דערזענ, אַז ביילקע האָט מיטאַמאָל, ווי דערמאָנט זיכ אָנ עפּעס, אופגעעפנט גיכ די אויגנ, האָט עפּעס געזוכט אינ קאַמער אונ האָט זיכ א לאָז געטאָנ צו איסאַקנ. כאַנקע האָט זיכ גליטשנדיק נאָכגעהיפּט נאָכ איר צווישנ די טאַנצנדיקע דיוועלע מיט בערלענ.

— איסאַק! — האָט ביילקע זיכ אָנגעוואָרפנ, — ווו האָסטו אַהינגעטאָנ בלומענ? ווו האָסטו אימ באַהאַלטנ, דאָווידנ? וואָס וואָלט דיכ אַרנ, אַז ער זאָל זיצנ דאָ אינ קאַמער מיט אַלעמענ גלײַכ? זאָל מענ זענ... עפּשער וויל ער אויכ טאַנצנ... אַז ס'קומט א מענטש, דאַרפ מענ דאָכ אימ אופנעמענ.

— אופגענומענ, ווי אימ אַלײנ איז ניכע... — האָט איסאַק איבערגעריסנ, — ער שפּילט דאָרטנ אינ א דאַמקע מיט זאַלמענענ... אונ אַז דאָוויד פאַרטיפט זיכ, האָט ער מיכ דאַפקע געבעטנ, איכ זאָל אינ קאַמער ניט אַרײַנלאָזנ קיינ איבעריקע מענטשנ, ניט שטערנ, ביז זיי וועלנ ענדיקנ א קאָנ...

אונ מיטאַמאָל האָט איסאַק אויסגעגלאָצט אַפ כאַנקענ גרויסע פאַרוווּנדערטע אונ צעטומלטע אויגנ.

כאַנקע האָט זיכ א קער געטאָנ צו דער טיר אינ פאָרהויז: אינ שטוב זײַנענ אַרײַנגעקומענ ליזעלעס טאַטע מאָשע אונ איסאַקס טאַטע אַרע. ביידע אינ די שאַבעסדיקע סורדוטנ, אָפּגעפרישטע צו דער כאַסענע, גלאַטער אָפּגעבערשטלטע — האָבנ די אַרבל אויסגעזענ ברײַטער אונ לענגער; די געווענטענע היטלעכ נײַע, ערשט דער כאַסענע געקויפט, זײַנענ די דעקנ אָנגעצווינגנ געשטאַנענ. אַפ די קעפּ, ווי ניט היגע נאָכ... די ווײַכע קראַגנס פונ די העמדער זײַנענ אונטער די ברײַטע לאַצנ פונ די סורדוטנ אויסגעבונדנ געווענ מיט שמאָלע סטענגע־

לעכ, אַ מינ האלדזוכ: בא מאָשענ — אַ בלויע, און בא אריענ — אַ גרינע. די בערד אריעס — אַ געלע, לענגלעכע, און מאָשעס — אַ טונקעלע און אַ קירצערע, האָבנ זיכ אינ הארכאָווע געלופּטערט און די פּענעמער האָבנ אָנגעקוואָלן. ליזעלע איז זיי אנטקעגנ געקומענ צערודערט, בלאַס, האָט געשטאמלט מיט די ליפּנ, און מיט די הענטלעכ געפּלאָנטערט. כאַנקע האָט אויכ אויסגעגלאָצט פרעגנדיקע אויגנ צו איסאַקנ. נאָר איבערנ צימער האָט זיכ מיטאמאָל צעהיצט געטראָגנ כאַיִמ דער טאָקער מיט אַנ אויסגעשטערקטער און טאַנצנדיקער האַנט אינדערלופטנ, און נאָכ אימ — זײַנ לעבעדיק ווײַבל ראָכל, האָט געשוועבט און מיט די הענטלעכ געראָדערט.

— אַ רעדל! אַ רעדל! מיט די מעכוטאָנים — אַ רעדל! — האָט כאַיִמ זיי אָנגעכאַפּט פאַר די הענט, און דער אוילעמ האָט זיכ שוינ געהענטלט, און פּיס האָבנ אָפּ אַהינטער געשאַרט, פּאַנאַנדערציִענדיק די האָר וואָס ברייטער, און אַקסלענ האָבנ זיכ געזײַטיקט, און פּלייצעס האָבנ געקירעוועט, און מײַלער האָבנ פריידיק געמורמלט: „אינ ראָד! אלע — אינ ראָד! אַ קאַראַהאָד!" פאַרבײַטופּענדיק, האָט נאָכנ אַוועקגעצויגנ ביילקענ און לוסטיק צוגעשמייכלט צו כאַנקענ און צו איסאַקנ.

כאַנקע האָט זיכ אַ לאָז געטאָנ, צושפּרינגענדיק צו באָריסנ.

— אַ רעדל! אָפּ לאַנג, האַ? — האָט ער זי שוינ באַגעגנט מיט זײַנ קליגעדיקנ שמייכל, וואָס האָט זי אינ דער טיפּ געדרונגענ, געפרײַט און געשראָקנ. האָט זי קוימ אַ שמייכל געטאָנ און איז אָפּגעשפּרונגענ צוריק אַ פּאָר טריט. און גלײַכ האָט זי אומגעקערט איר פּאָנעמ און האָט מיט אירע אויגנ אויפגעכאַפּט זײַנע בליקנ מיטנ שמייכעלע, וואָס האָט אָפּ זײַנע אויפגעבלאָזענע ליפּנ אָפּנ קלאָרנעט אַ באַזונדער שפּיל געשפּילט... די ליפּנ אינ קלאָרנעט האָבנ אַ רעדל צערעדלט פאַר אַלעמענ, פאַר אַלעמענ, און דאָס שמייכל אָפּ די ליפּנ האָט פאַר איר נאָר, פאַר כאַנקענ, געשפּילט... האָט זי צו אימ מיט אַ פינגער אינדערלופטנ געדראָעט מיט אַ בייזער, און האָט זיכ אַוועקגעגליטשט צו איסאַקנ.

ליזעלע האָט ביז טרערנ אינ די אויגנ געלאַכט איצט פונ איר פרײַערדיקער צערודערטקײַט, און איסאַק האָט איר אַ האַנט געגלעט.

— בראַוואָ, כאַיִמ! בראַוואָ, ראָכל! — האָבנ זיי אַלע מיט די הענט געפּאַטשט. כאַנקע האָט לעבעדיק, רוישיק גענומענ דרייענ אַ ראָד אינ

רעדער. האָט דער מעכוטנ מאָשע אופגענומענ די כרעגנ פּאָלעס פונ זײַנ סורדוט אינ די שפּיצנ פינגער פונ בײדע הענט אונ האָט די לאַנגע פּיס, אינ הויזנ אינ פּאסיקלעכ, ארויסגעשלײַדערט אײנע איבער אײנע, אײנס געקנײטשט אונ דאָס אנדערע אויסגעצויגנ — מיטאמאָל ארײַנגעשטוקעוועט א האָפּקעלע אינ רעדל! האָט דער מעכוטנ ארע צעבלאָזנ די גועלע באָרד, צעקנײטשט די פּלײצעס, צעגלאָצט די אויגנ אונ אויסער זיכ פאר פרייד זיכ צעלאָזט. אונ האָט געשוועבט פארבײַ... האָט כאִימ צו אימ זײַטיק אינ פּאָנעמ ארײַנגעקוקט אינ צו אימ ווי מיט א פרעמדנ קאָל אינ א סומנער נאכט געהילכט: „הא! הא!, — הא! הא! ? האָט זיכ כאַנקע א ריס געטאָנ מיטאמאָל אונ די ראָד פונ אינווייניק אָפּ זיכ געקנוילט, ווי אָפּ א שרויפּ אָנגעשרויפּט, אונ שלענגלענדיק צוריקגעדרײט, געטאנצט א קאראהאָד פארגרײַזלט.

3

איסאַק האָט זיכ מיטאמאָל א כאַפּ געטאָנ: דוכט זיכ, מ׳ע האָט צו אימ אינ דער שטיל אינ טיר געכראַפּעט פונעמ אנדערנ צימער. ער האָט צוגעבויגנ דעמ קאָפּ, זיכ צוגעהערט. מ׳קלאַפּט טאקע. האָט ער אָפּ א שפּארונע אופגעעפנט.

— געענדיקט. קאָנסט דורכלאָזנ... — האָט שלוימקע אימ אָנגעזאָגט.

איסאַק האָט ניט מיטאמאָל אונ ניט אינגאנצנ די טיר געעפנט. דער צימער פול אָנגעפּאַקט. מענטשנ פארגליווערטע, מאָדנע אָנגעלאָדענע — רירנ זיכ ניט פונ אָרט. פּענעמער צערוישטע, אויגנ פארבלאָנדזשעטע. אונ עפּעס שוועבט נאָכ אָפּ שטערנס אָנגעצויגענע אונ שטערנס אָנגעקנײטשטע.

אינ א היפּשער ווײַלע ארומ ערשט האָבנ אנדערע פארטראַכט זיכ א לאָז געטאָנ צו דער טיר—ערנסטע אונ אָנגעשטרענגטע.

— איר קאָנט גלײַכ ארײַנפאלנ אינ דריידל ארײַנ... — וויל איסאַק שמייכלענ.

זיי גייענ פארבײַ שטומ, זיי גייענ ארויס שטיל. צופיל אָנגעלאָדנ.

כאַנקע קוקט צו אינ אָפּשײַ, ווי הײַפּלעכ אײנע נאָכ די אנדערע האָבנ דורכגעשלײַכט אינ קאמער, אײנע האָבנ די פּענעמער אָפּגעקערט פונ דער ליכט אונ פונ די טענצ, אנדערע האָבנ פונ אַנ אייסגע־

שטרעקטער האנט די דלאָניע צעשפּרייט, ווי א מעכיצע צווישנ די טענצ אונ זיי.

איסאַק האָט אינ אנדערנ צימער א פענצטער געעפנט, אונ אינ הויפ ארויסגעקוקט איז ווי א שאָטנ צו אימ אָנגעשווומענ לייזערקע.

— דו וועסט ארויסלאָזנ הורב פּערטל... די וואָס פונדאנענ.

— ווער איז א באָלנ צו שפּרינגענ דורכנ פענצטער אינ הויפ?

כאַנקע איז שוינ אויכ דאָ אינ צימער. זי האָט זיכ ארומגעקוקט. גאָטקע אונ מאָטל זײַנענ פארכאָלעמטע געזעסנ ביידע אפ איינ שטול.

— איר קאָנט האָב שוינ איצטער זיצנ אפ צוויי שטילנ... — האָט איסאַק פונ זיי געלאכט... — אָדער גייט א ביסל צו די זמירעס...

האָבנ זיי זיכ אופגעשטעלט פארטרוימטע, איינער דעמ אנדערנ מיט א האנט ארומ האלדז ארומגענומענ אונ די אנדערע הענט אפ פאָרנט איבערגעפלאָכטנ, אונ האָבנ איבערנ קאמער אומגעוואקלט, ווי מיט אויגנ צוגעמאכטע.

כאַימ איז אינ קאָמער ארײַנגעלאָפנ, האָט ער זיכ אָנ זיי אָנגע־שטויסנ, איז אָפּגעשפּרונגענ אונ הויכ געקוואָלנ: — קורצ אונ גוט: אונטערזער צווילינג...

— איסאַק, ווו איז דאַוויד? — האָט כאַנקע עפּעס געמאָנט.

— ער האָט דיר געלאָזט גריסנ... פונ פענצטער ארויסגעפאלנ...

— איסאַק!

— ארויסגעשפּרונגענ מיט מענדלענ צוזאמענ. ניטאָ אימ. זעסט האָב. דערפאר וועט זאלמענ צוריקומענ. אונ שלוימקע. זיי זײַנענ גע־גאנגענ נאָר באַגלייטנ.

האָט זיכ כאַנקע א באַטעלע א דריי געטאָנ אינ צימער, זיכ ערשט דערפילט פארמאטערט פאר א גאנצנ אָוונט. איר אנטקעגנ אונ פארבײַ איר האָט געבלאָנדזשעט דער „צווילינג", האָט זי, ווי דערפרישט, זיכ א לאָז געטאָנ צו זיי מיט א מאנצנדיקנ גליטש, האָט זיי ביידנ אוועק־געצויגנ אינ א זײַטיק ווינקל, אונ זיכ הויכ צעלאכט מיט פולע ליפּנ אונ ווײַסע ציינ:

— כאַפּט זיכ שוינ אופ! — האָט זי זיי א טרייסל געטאָנ.

— אײַ, כאַנקע! — האָט זיכ גאָטקע געצויגנ צו איר.

מאָטל האָט זיכ מיט ביידע הענט אָנגעקלאמערט אָנ איר שטײַפנ

אקסל, האָט זיך אָנגעהאנגען און זיך צעהוידעט א פּאָר מאָל, א פלינקער, א צערוישטער.

— כאנקע! מיר איז גוט!.. איי, כאנקע, גוט! — ער האָט די אויגן צוגעמאכט.

זיי האָבן זיך צוגעזעצט אפ א בענקל. כאנקע איינדערמיט.

— היינט ווייסן מיר, צו וואָס מיר לעבן אפ דער וועלט!.. — רעדט נאָטקע שטיל.

כאנקע האָט צו אים צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ: זי פארשטייט...

— ס'האָבן גערעדט מענדל, זאלמען, שלוימקע און צולעצט דאָוויד... איי, — כאנקע! ער'ט אָנגעהויבן — דו ווייסט דאָך — געלאסן, לאָזט ער ארויס פערלעך, וואָס צעשפּריצן, ווי פונקען, און עס טוט א קנאל א פלאקער... ער אליין צינדט זיך אָן און עס צעברענט אלעמען ארום....

כאנקע האָט נאָכאנאנד און גיך צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ.

— און עס איז אלץ אזוי פארשטענדלעך, ווערטער גייען דיר אין הארצן, און פון אלעמען איז אלץ קלאָר, און בא אלעמען איז אלץ רעכט...

— איר הייבט אָן אײַער ערשטן שטרייק, — האָט מאָטל איבערגעריסן און זיך צוגעטוליעט צו כאנקען, — איר שטייט צו צום כאַיל פון קעמפער פאר א בעסערער צוקונפט... איר שטעלט א טראָט אפן ערשטן טרעפּל פון דעם הויכן לייטער צו דער דערהויבענער מענטשלעכער געזעלשאפט... ווארט, ווארט, כאנקע, אָט באלד. איך פלעג כאפן פארשרײַבן אמאָל...

מאָטל האָט פון קעשענע ארויסבאקומען א פּאפיר, גענומען נישטערן מיט די אויגן, טײַטלען מיט די פינגער, און האָט פארדראָסיק ארויסגעזאָגט:

— אפניך קאָן מען ניט איבערלייענען — ניט קיין פארשניצטער בלײַפעדער געווען... איך וועל עס דערנאָך פאר זיך איבערשרײַבן גוט...

— יע, — צעהייצט זיך מאָטל מיטאמאָל, — ווען איר טרעט ארויס פאראייניקט און אָרגאניזירט, איז דערמיט גופע שטײַגט איר שוין אין א העכערער מאדרייגע...

— פון א קלאס אין זיך ווערט איר א קלאס פאר זיך... — כאפט ארײַן נאָטקע.

— און מעמיילע שטעלט איר אוף קעגן זיך דעם גאנצן קלאס עק־

ספּלואַטאַטערס און פּאַראַזיטנ... מיט אײַער שטרײַק, ווי מיט א שנײרעלע, טוט איר א ציִ דעמ גאַנצנ קלאַס אַנטקעגנ. איר טוט א ציִ דעמ זאַוואָרטשיק, וועט זיכ אָבער גלײַכ א טרייסל טאָנ דער זשאַנדאַרמסקער פּאָלקאָווניק, אַז די שפּאָרנ וועלנ זיכ בא אימ צעקליִנגענ, און דער פּאָליצמײַסטער וועט א וואַקל טאָנ... דער גאַנצער קלאַס, ווי אָפּ אײנ שנירעלע אָנגעצויגנ — וועט זיכ צעהוידענ.

— איר דאַרפט לעכאַטכילע וויסנ, — כאַפּט ווידער נאָטקע, — באַלעבאַטימ וועלנ מאַכנ יאַדאַכעס אנטקעגנ אײַכ, פּאָליציי און זשאַנדאַרמענ וועלנ רוידעפנ. די מעשאָרסימ...

— פילנ גוט, אַז די עפּאָלעטנ אַפּ זייערע אַקסלענ קאָנענ זיכ אָפּרײַסנ פונ דעמ שטורעמ, וואָס אַרבעטער הייבנ אופ — יאָגט זיכ מאָטל צופרידנ, — די פּאָליטישע סיסטעמ איז אָנגעמויערט אַפּ דער עקאָנאָמישער באַזע, אַפּ פונדאַמענט פונ פּריוואַט-אייגנטומ און עקספּלואַטאַציע...

— יע, יע, אַזוי קומט עס אויס, — מאַכט נאָטקע, איבערצײַענדיק, צו באַנקענ, — דאָוויד האָט עס אַנדערש געזאָגט... מאָטל, גיב א קוק, ווי איז פאַרשריבנ... דאַווידס ווערטער...

— כ'קאָנ ניט איצטער, — מאַכט מאָטל פאַרצווייפלט, — מ'דאַרפ עס איבערשרײַבנ רויִקערהייט, אָט, אָט... — מאָטל קוועלט:

— אָבער אַהינטער די רויכנדיקע קוימענס פונ די פאַבריקנ אינ די פלאַמענ פונ קלאַסנקאַמפ גייט אופ די זונ פונ סאָציאַליזמ! די אַרבעטער, וואָס האָבנ די אויגנ צעעפנט און די שײַנ דערזענ, גייענ גערנ מיט מעסירעסנעפעש אינ קאַמפ!

באַנקע האָט מיט צעבליצטע אויגנ נאָכגעזאָגט די ווערטער.

— גיב מיר דעמ פּאַפּיר, — שטעקט נאָטקע א האַנט אינ מאָטלס קעשענע, — ווי האָט ער געענדיקט? גיב אַהער...

— א קלאַס קעגנ קלאַס! — שײַנט אויס מאָטל, — טרעט אַרויס געײניקט! פעסטער אינ די רייענ! אײַער לעבעדיקע רינג איז פונ פײַנ געשמידט און אינ האָפענונג געגליט!

— באַנקע! דו האָסט באַדאַרפט הערנ! — טײַנעט נאָטקע, — העכער ווי א שאָ גערעדט!.. און ווי גערעדט!

— מאָטל, — האָט זיכ איסאַק דערנעענטערט, — כ'האָב געזענ... מ'דאַרפ גאָרנישט ניט פאַרשרײַבנ, און מ'דאַרפ ניט האַלטנ אינ די קעשענעס...

— איסאַק, גענוג! — האָט זיך כאַנקע געבייזערט.

— כאַנקע, א טענצל דערפאַר! — האָט איר מאָטל א צי געטאָן.

— אָבער א גאַלאָפּ!

— און איך אויך א טענצל, — האָט נאָטקע א טופּע געטאָן, — ליזע, ליזעלע!

ליזעלע, פאַרמאַטערט און צערודערט, איז קוים צוגעגאַנגען, אָבער נאָטקע האָט איר אַזוי לעבעדיק אופגענומען, אַז זי האָט ווי נײַעם מוט דערפילט.

— א גאַלאָפּ! — האָט כאַנקע לוסטיק געווינקט צו באָריסן.

האָבן צוויי פּאָר, איינע קעגן די אַנדערע, מונטער און פריידיק א נייע זמירעס אָנגעהויבן, זיך געטראָגן אינדערלופטן, מיט יונגן מוט אין דער הייך, מיט ברויזנדן גלוסט פאָרויס.

...איַיער לעבעדיקער רינג איז פון פּײַן געשמידט און אין האָפענונג געגליט... — האָט מאָטל נאָכאַנאַנד געשווינדער און האַשיקער געצויגן כאַנקען פאָרויס.

נאָר אַז ליזעלע איז מידיק צו א שטול צוגעפאַלן, האָט כאַנקע גאַלאָפּירנדיק זיך א לאָז געטאָן אין אַנדער צימער — דאָרטן אָפּרוען.

ביילקע האָט אַרײַנגעטראָגן דעם גרויסן טאָרט און די צוויי קליינע טערטלעך, מאַכאַבער זײַנען די געסט, וואָס האָבן עפּעס מיטאַמאָל גע־וואָלט פאַרענדיקן.

— כאַנקע, דו האָסט זיך גוט אָפּגעמאַטערט, — איז זאַלמען צו איר צוגעגאַנגען.

— נו, וואָס? ווי האָט דער אוילעם?

— ברענט! — זאַלמען האָט זיך געהיצט, — איך בין בעקיוון אַוועק אין גאַס, דורכריידן מיטן אוילעם... נאָך דאָווידס רייד — פלאַמ־פּײַער! דו גייסט אַהיים — וועל איך דיך באַגלייטן...

— איך וויל ניט... לאָז מיך הײַנט צורו.

— וואָס?.. נו, וועל איך גלײַך גיין צו כאַצקלען... כ׳דאַרף...

— כאַנקע! — איז אַרײַנגעשפּרונגען שלוימקע, — איך זוך דיך — באָריס וויל זיך זעגענען מיט דיר...

— און איך וויל ניט...

שלוימע האָט אויסגעשטעלט אויגן: — נו, גיי אַרײַן... עס פּאַסט ניט...

זי האָט זיכ צעלאכט:

— שלוימקע, איכ וויל ניט... — איר פּאָנעמ האָט זיכ עפּעס פאר־שאָטנט, — בא אימ זײַנענ קלוגינקע אויגעלעכ... איכ'ל ניט גיינ...

אינ א ווײַלע ארומ איז שלוימקע ווידער ארײַנגעקומענ.

— ער האָט דיר געלאָזט גריסנ, ער זאָגט, אז בא דיר זײַנענ קלוגינ־קע אויגעלעכ...

— איכ גיי אהיימ..

— דו האָסט פארטשאדיעט, כאנקע, וועל איכ דיכ גיינ באגלייטנ.

— איכל אויסקומענ אָנ דיר... קומ, מאָטל, אביסל אינ גאס... צי־אירט גיינ ביידע, דו מיט נאָקעטע אינ פּאָר?..

זײַנענ זיי געגאנגענ ביידע.

די נאכט — ליכטיק, די גאס — שטיל, שטיבלעכ שטייענ אויס־געלאָשענע.

מאָטל האָט דאָס היטל הויכ אפנ קאָפּ אופגערוקט אונ א בינטל האָר געלאָזט פלאטערנ אונ צעפליענ אנטקעגנ קילנ ווינט.

— כאנקע, איכ וויל דיכ א קוש טאָנ! — האָט ער פּלוצלינג א הייב געטאָנ צו איר פארבלאָנדזשעטע אויגנ.

— אונ איכ וויל דיכ א קוש טאָנ... — דריקט אימ כאנקע א האנט.

מאָטל ווארט פארבענקט.

— כאנקע, נו...

לאכט זי:

— כ'האָב דאָכ געזאָגט: איכ וויל... פונ וועלנ ביז קוועלנ איז א מעהאלעכ...

— פארוואָס עפּעס?..

— ווײַל איכ בינ שוינ נאָכנ פּריזיוו... אונ איר ביידע זײַט נאָכ פארנ פּריזיוו...

זי האָט מיט א האנט אימ א פיר געטאָנ איבערנ פּאָנעמ, האָט ער אירמ א פינגער אינ מויל ארײַנגעכאפּט אונ געקושט.

— גענוג! גענוג! — האָט זי די האנט אוועקגענומענ, — דו ביסט א ווילד יינגל...

— אונ א וויל יינגל! — האָט זי אינ א פּאָר טריט ארומ צוגעגעבנ.

## 4

יענע נאכט האט מאָטל לאנג ניט אײַנגעשלאָפנ, געדאנקענ אונ מאכשאָוועס האבנ זיכ אינ אימ געשטויסנ, ווי יינגלעכ, וואָס ראנגלענ זיכ: אלע שוינ אומגעפאלענע, נאָר אָט דראפעט זיכ ארוימ אײנער מיט א האנט פונ אויבנ, אונ אָט רײַסט זיכ ארוימ אנ אנדערער מיט א פוס אינ דער הייכ... אונ אלע קנוילנ זיכ אינ איינ קנויל, אָנ אנ אָנהייב אונ אָנ א סאָפ. האָט ער ניט באמערקט, ווי צווישנ דעמ פלאָנטער פונ מאכשאָוועס אונ געדאנקענ — מידע, צעפאלענע, צעפליקטע אונ צעדרייטע — איז ער אײַנגעשלאָפנ. אונ עפשער ניט? — נאָר אינמיטנ דריינ איז ארײַנגעלאָפנ גאָטקע פארסאָפעט: „מאָטל, קומ אפגיכ! איז מענ אוועק.

דרויסנ — פינצטער, זעט ער ניט נאָטקענ, לויפט ער, יאָגט, דער אָטעמ פארכאפט, קוימ ארײַנגעלאָפנ — צו מאטעסנ אהיימ. איז גאָר טאָג, בא מאטעסנ אינ שטוב טאָג. שאבעס נאָכ מיטיק, אינ קיכ אפ א בענקל זיצט מאטעסעס ווײַב, וויגט אפ די הענט אנ אויפעלע: „א־א־א!" — לאכט אויס דאָס קינד: מאמע, פארוואָס זײַנענ בא מיר די הערלעכ שיטערע אונ בלייכע? — לאכט דאָס קינד הילכיק: „דו מיינסט, איכ ווייס ניט"...

אינ קאמער ארומ טיש — מאטעס, באָרעכ אונ נאָסנ, — אונ ווער נאָכ? עפעס אומבאקאנטע, אײנער, דוכט זיכ, איז אמאָל געווענ... ער געדענקט ניט, ווו האָט ער אימ געזענ. לייענט מענ...

— א סטודענט האָט געבראכט אײַנבינדנ — דערווײַל אהיימ גענומענ אפ שאבעס...

מאָטל בייגט זיכ צו ארײַנקוקנ. א מאָדנער בוכ: הענטלעכ אונ פיסלעכ, אונ ציפערנ... אונ אויסיעס — מיט לאנגע כאפנ אלע...

— דאָ איז אלצ וועגנ דאָרפ, — לייגט ארופ מאטעס זײַנ דארע האנט, — אָט, גיב א רעכנ — וויפל זײַנענ אָנ ערד, אונ וויפל אָנ פערד...

— ווי קומט אהער א לאנגער כאפ אינ דאָרפ? — פרעגט נאָסנ, — א גול פערד אפ א הויפ, אונ דרײַ הונדערטלעכ...

— דאָס איז אנ עק פונ א פערד... — מאכט מאטעס.

— אונ דער לאנגער כאפ? — פרעגט באָרעכ.

— איכ וועל אײַכ פארטײַטשנ, — קריכט ארויס מענדל פונ אונטערנ טיש.

נעמט מענדל דאָס בוכ אינ האנט — איז דאָס גאָר מאטעסעס ייִנגל: א געלינקער, א בלייכינקער, מיט קליינע ווײַסע פינגערלעכ, ווי בלייכע קרײַדלעכ. זעצט ער אים אוועק אפנ טישל, שפרינגט ארויס בא אים פונ א זײַטל זײַנ עלטערע שוועסטערל מיטנ טונקעלנ קעפל אונ זעצט זיכ נעבנ אים. אונ אהינטער זיי שטעלנ זיכ גלײַכ אוועק צוויי מעשענע לײַכטער, פארשמאָלצענע פונ ביילעוונע ליכטלעכ אויסגעברענטע. מאטעס שטרעקט אויס א האנט אראָפנעמענ די לײַכטער, שפרײַזט ארײַנ אינ קאמער א זשאנדארמ, טוט א קלאפ מיט די שפאָרנ אונ כאפט אָנ מאטעסנ פארנ אקנ:

— סטאָי! אומ שאבעס...

אונ ארומ זשאנדארמ דרייט זיכ ארומ דער קליינוווקסיקער פאבריקאנטל, באהאלט זיכ אהינטער די פאָלעס פונ זײַנ שינעל, שטעקט ארויס א הענטל אונ שרײַט:

— אָט יענער איז פארנ שטרײַק!..

ער ווארפט אפ מענדלענ זײַנ הארטנ קאפעליוש—ווערט בא מענדלענ אפנ אקסל א רויטע פאָנ...

בלאָזט זיכ אָנ דער זשאנדאר, וויל בייז אויסשרײַענ, טוט ער א שלוקער אונ הייבט אָנ קרייענ, ווי א האָנ... אונ פאלט דורכ... כאפט דער פאבריקאנטל אונ קריכט ארײַנ אינ לײַכטער, אינ לעכל, ווו מע שטעקט ארײַנ א ליכט.

— די גיבורימ!.. — צעלאכט זיכ מאטעס.

אָבער מאָטל דערזעט מיטאמאָל — פונעמ לעכל אינ צווייטנ לײַכטער פויזעט ארויס א שלאנג — א דינע, א גרינע. שטעקט ארויס א שמאָל קעפל, קריכט, דרייט זיכ, שלענגלט זיכ פונ איינ לײַכטער ארומ צווייטנ, ציט זיכ אונ לענגערט זיכ אינ דער קרומ, אונ צעבלאָזט זיכ דיקער, אונ צעעפנט דאָס מויל — אנטקעגנ מאטעסעס צוויי קינדערלעכ...

כאפט מאָטל באָרעכנ אינ די לאנגע שטיוול אונ טוט אימ א שטעל האסטיק אפ דער שלאנג אפנ טיש.

הייבט זי אָנ זידנ, ווי וואסער אויסגעשפריצט אָפ אנ אָנגעברענטנ אײַזנ. הייבט אופ דעמ קאָפ קאָפטעראָמ מיט גרינע פײַער־אויגנ, וואָס

שפארנ איר ארויס, און א רויטע צונג, וואָס האָט זיכ צו דער סטעליע אויסגעצויגנ, און לעקט פונ עק ביז עק... נעמט ער, מאָטל, נאָטקענ און טוט אומ א דריי מיט די פיס ארופ, אינ דער הייכ, און מיט די שטיוול א זעצ אפ דער צונג, אז זי קלעפט זיכ צו צו דער סטעליע, ווי א רויטער פלאסטער... שלײַדערט זיכ א האלבע שלאנג איבער מאטע-סעס קראנקער פלייצע, און אפ דער פאָדלאָגע...

שפרינגט אראָפ דאוויד פונ דער וואנט:

— דער קאמפ האָט זיכ אָנגעהויבנ!..

טוט מאָטל א שפרונג און א טאנצ איבער דער שלאנג אפ דער פאָד-לאָגע, שארט זי זיכ אראָפ פונ מאטעסעס פלייצע... און אפ דער פאָד-לאָגע האָצקעט זיכ א הארטער קאפעליוש מיט א שפאָר פונ אויבנ און א שפאָר פונ אונטנ: קלינג, קלינג...

לאכט זי באנקע:

— מאטל, א שיינעמ גאלאָפ געמאכט...

— באנקע!... איכ וויל דיכ א קוש טאָנ...

אנטלויפט זי.

לאָזט ער זיכ נאָכ איר מיט קוילעס

— וואָ-וואַהוואַ!..

— וואָס שרײַסטו און שלײַדערסט זיכ פונ שלאָפ? — האלט אימ די מאמע פאר א האנט.

— הא=א?

— ניט באַ-טאָג און ניט באַ-נאכט ביסטו ניט רויק...

מאָטל עפנט די אויגנ, קוקט זיכ ארומ צעמישט, זוכט עפּעס אפ דער סטעליע און אפ דער פאָדלאָגע, און צעלאכט זיכ מיטאמאָל אפנ קאָל.

— א רעכטער צעדרייטער!—מאכט ביילקע,—א באָבער אינ יאָרנ האָט צו טאָג מיט כאלוימעס!..

5

זונטיק האָבנ רוסנ ניט געארבעט, אזוי ווי יידנ האָבנ ניט געאר-בעט שאבעס. אָבער דעמ זונטיק זײַנענ אנדערע רוסישע ארבעטער שאבעסדיק אָנגעטאָנ ארײַנגעקומענ אינ די פאבריקלעכ און זיכ געשוי-דעט מיט כאוויירימ — ייִדישע ארבעטער. דער יונגער יאשקע פילט

זיכ טאָפּלט יאָנטעוודיק, וואָס ער גייט היינט אפ דער „גרויסער פאַרזאַמלונג"! האָט ער זיכ אָנגעטאָנ אינ דעמ רויטנ קומאַטשאָווג העמדל אונ דעמ שוואַרצנדיקנ פּידזשאַק פונ אויבנ, כאָטש ס'איז זיי ער הייומ געווענ הרויסנ. דער עלטערער, סערגיי — אינ א שוואַרצנ ראָק, מיט א מעשנ קייטעלע, וואָס האָט זיכ געבאָמבלט איבערנ וועסטל, ארויסגעהאָנגענ פונ א טעשל — טאָפּלט אופגעלייגט. זיי האָבנ ארומגעקריזט זאַלמענענ אונ שטיל גערעדט:

— נו, זאַלמענ, אלע וועלנ קומענ היינט?

— ניט אלע. א טייל האָט שוינ נעכטנ אינאָוונט געפּראַוועט „זמירעס..." די איבעריקע וועלנ היינט אינ וואַלד...

יאַשקע קוועלט אָנ: — אלע מיטאמאָל קאָנענ ניט אינ איינ אָרט — צופיל אוילעמ...

— ריכטיק, — האָט סערגיי צוגעשאָקלט מיטנ קאָפּ.

— איז ווענ וועט איר גיינ? — איילט יאַשקע — ער האָט היינט די נאַכט קימאַט ניט געשלאָפנ אונ אינ טאָג יאָגט ער די שאָענ. — ס'זאָל ניט זיינ שפּעט, זאַלמענ...

—גלייכ פונ דער ארבעט גייענ מיר. נאָר די פּאַרטיע פעל פאַרענדיקנ מיר...

— העלפנ דיר, וועסטו פריער ענדיקנ, — כאַפּט סערגיי אראָפּ צייענ זיינ רעקל.

— מ'דאַרפ ניט. גייט אפריער, מירנ גלייכ אונטערקומענ. גייט ביסלעכווייז.

דער אָפּגערעדטער אָרט איז געווענ ניט זייער וייט פונ די פאַבריקלעכ, וואָס זיינענ אלע געווענ אינ איינ געגנט אינ עק שטאָט. וועגנ זיינענ געווענ דריי: מיטנ ברייטנ שאָסיי אינ דער הייכ אפנ אָנגעשאָטענעמ שליאַכ, אונ צוויי זייטיקע וועגנ אונטנ אינ די טאָלנ, דורכ קוסטעס געדיכטע אונ ביימעלעכ יונגע. מ'האָט געוווּסט, אז דעמ שלאַגבוימ אהינטערנ בראָמ, ווו ס'איז אנ אמט אונ א וועכטער, וואָס לאָזט דורכ פורנ פאַר אנ אָפּצאָל — דאַרפ מענ אויסמיידנ: גיט וואַרפנ זיכ אינ אויג. נאָכדעמ וועט מענ פאַרקירעווענ רעכטס, אָנטרעפנ צוויי סטויגנ היי באַמ וואַלד, — דאַרפ מענ ארייננגייינ לינקס.

דער סטודענט לוריע איז באַטאָג נאָכ צוגאַסט געקומענ צומ סטודענט פּעטראָוו אינ זיינ פאַטערס קליינעמ פאָלוואַרעקל, א וויאָרסט

דריי נאָכנ שלאנגבוימ. אונ מ׳האָט עפעס אָפג׳ערדט. האָט דער סטודענט פעטראָוו גלייכ אויפגעטאָנ די עלטערנ איינצולאדנ היינט צו גאסט די גאנצע פאמיליע פונעמ פארוואלטער איבערנ אמת באמ שלאנגבוימ אונ זיינע געהילפנ — זאָלנ זיי זיכ ניט פלאָנטערנ אינ וואלד... דאָוויד איז פונ שטאָט אָנגעקומענ, שפאצירנדיק מיט סלאווקענ אונ באנקענ. באלד נאָכנ „סלאמבאָנ" איז סלאווקע צוריק אוועק שפאצירנ מיט די אָנגעגנגטע סטודענטנ פעטראָוו אונ לוריע, אונ דאָוויד איז אוועק מיט באנקענ. בא די סטויגלעכ היי, פונ פאָרנט אפנ גראָז ליגנ כאימ אונ באָרעכ אונ רויטערנ—א וואכ אונ א סימענ: זיי האָבנ א פינגער געהויבנ...

אינ אָנהייב וואלד האָבנ זיי באגעגנט זאלמענענ אונ סערגייענ. סערגיי האָט דאָווידנ א האנט דערלאנגט, באגריסנ אונ — אָפגעהאלטנ. ער וויל עפעס זאָגנ. שווייגט ער. הייבט אופ/צו אימ די אויגנ אונ לאָזט זיי אראָפ. ער באדענקט זיכ.

— עפשער צוגעבנ היצ...—מאכט ער שטאמלענדיק, אונ גלייכ זאָגט ער ארויס נאָכאנאנד,—אונדזערע זיינענ א סאכ ערשט פונ דאָרפ.. אייניקע נאָכ אינ לאפטשעס... יונגע אפילע, אָבער שווערלעכע. מיר שפאצירנ דאָ אָפט — נאָענט צו אונדז. באגעגענענ מיר דעמ סטודענט פעטראָוונ, שטעלט ער אָפ אונ רעדט, גיט ביכלעכ. אָבער מיינע לייט וועגנ דאָרפ פארנעמענ זיי נאָכ, אונ וועגנ פאבריק — ווייניק... ווי דערנעמט מענ זיי?

דאָוויד האָט זיכ פארטראכט, האָט פארייכערט אונ געטראכט.

דער אָפגעליידיקטער פלאצ אינ וואלד איז פול געוואָרנ מיט מענטשנ.

— אלע דאָ? — האָט זאלמענ א פרעג געטאָנ.

— אלע! אלע! — האָבנ צענדליקער קולעס אָפגעהילכט.

דאָוויד איז ארויסגעטראָטנ אינמיטנ קרייז פונ ציילנ מענטשנ. האָט אָנגעהויבנ געלאסנ אויפצודעקנ די „פאָשעטע מעכאניק" פונ ארבעט אונ קאפיטאל. ער האָט קעסיידער געפרעגט, נאָר עפעס אזוי, אז מע פלעגט זיכ גלייכ אָנשטויסנ אפנ ענטפער.

האָבנ די פארזאמלטע זיכ אָנגעשפיצט, די שטערנס געקנייטשט, אונ די אויגנ האָבנ צופרידנ אויסגעשיינט: מע האָט קעסיידער גע־

טראָפנ רעטעניש, וואָס האָבנ זיכ געדוכט, אַז זיי זײַנענ פאַרהיילט. די „פאָשעטע מעכאַניק“ איז אַלעמענ באַקאַנט און קלאָר.

— אַ שטרײַק איז דאָס געווער פונ אַרבעטער אינ קלאַסנקאַמפ — האָט דאַוויד עטוואָס געהעכערט זײַנ קאָל, — די אָרגאַניזירטע מאַסנ־אופטריטנ איז אַ געשליפענע געווער, וואָס צילט און טרעפט!

...איכ באַגריס אײַכ! איר הייבט אָנ די גרויסע אַרבעט, וואָס האָט זיכ שוינ לאַנג צעשטורעמט אינ גאַנצנ לאַנד, און איר פאַרייניקט זיכ צום קעמפנדיקנ פראָלעטאַריאַט פונ אַלע לענדער! ברידערלעכע פראָלעטאַריער פונ אַלע לענדער אָפ אַלע לעשוינעס האָבנ איינ שפראַכ אינ קאַמפ, פונ איינ נויט, פונ איינ קלעמ געטריבנ... און דער שטאָטישער פראָלעטאַריער און דער דאָרפישער באַטראַק, און די מאָרגנדיקע באַטראַקעס, וואָס מאַטערנ זיכ נאָכ הײַנט אַרום זייער „כאַלופקע“ אָנ ערד און אָנ פערד — זײַנענ אַלע עקספלואַטירטע, געדריקטע, געיאָגטע —

ער האָט די קאַרע אויגנ צעעפנט און צעבליצט איבער הײַפלעכ אַרבעטער ניט־ייִדנ, וואָס האָבנ זיכ אַרויסגערוקט אַלץ נעענטער צו אים:

...דער וואַלד איז אַ „פרעמדער“, די פעלדער און לאָנקעס „פרעמדע“, פריצישע. פויערימ אַקערנ, זייענ — ניט פאַר זיכ. אַרבעטער אינ פאַבריק האָרעווענ — ניט פאַר זיכ. דער אַרבעטער איז אַ פויער אינ שטאָט... אַנטלאָפנ פונ דאָרפ, פונ נויט, פונ פאָרעצס ווילקיר און אַרײַנגעפאַלנ אינ שטאָט אינ דער עקספלואַטאַציע פונ פאַבריקאַנט. די עקספלואַטאַציע איז איינע פאַר אַלעמענ...

ער האָט די אויגנ אופגעהויבנ פאַרטרוימטע:

...פויערימ אָנ ערד, אַרבעטער אָנ ברויט — איינ אַרמיי פונ לײַדנ־דע, הונגעריקע קנעכט, פאַרשפאַרט אינ אַ לאַנד, ווי אַ טורמע, אָנ פרײַהײַט... און אַ פויסט קנאַקט איבער אונדזער אַלעמענס האַלדז־און־אַקנ אינ שטאָט און אינ דאָרפ... ברידערלעכע פראָלעטאַריער אינ איינ וואַרשטאַט, שוויצט איר גלײַכ צוזאַמענ אַלע געבויגנ, און איינ טורמע איז פאַר אײַכ אַלעמענ גרייט...

און ער האָט דערציילט פונ מאַרטירער, פונ קעמפער, וואָס צאַנקענ אינ טורמעס, אינ ווײַטע סיבירער טײַגעס...

„און וויפל האָבנ שוינ זייער געמיט אויסגעהויכט! נאָר זייער רופ צום קאַמפ הילכט נאָכ אינ טאָג און אינ נאַכט.

...קנעכט פונ קאפיטאל, שטייט אופ פארייניקט אונ קעמפט אויס־געהאלטנ! שמידט ענגער די קייט פונ אכדעס, אונ גליט אנ הייסער אײַער אויסדויער, אײַער אויסגעהאלטנקײַט, ביזנ לעצטנ אָטעמ־הויכ!..

— אכ ידו, מאָטל מײַנער, מאָטל! — האָט יאשקע ארומגעכאפט מאָטלענ נעבנ אימ: — געהערט? אָט זײַנענ צײַטנ אָנגעשטאנענ! ניט אינ קלויסטער, אונ ניט קיינ גאלעכ — אונ די ווערטער ציִענ בײַ דיר די נעשאָמע.

— ווער האָט עפעס צו זאָגנ? פרעגנ? דערווידערנ? — האָט זאל־מענ אויסגערופנ.

— וואָס איז דאָ צו זאָגנ? הייסט עס אזוי דארפ זײַנ...

— ס'איז שוינ אנ איניקע אזא, אז מיר דארפנ זיכ שטעלנ...

האָט מענ געוואָרפנ אָפגעהאקטע ווערטער.

— לאָזט מיכ! — האָט זיכ יאשקע ארויסגערוקט.

ער האָט אופגעהויבנ די אויגנ, האָט די זונ, וואָס האָט זיכ שוינ גענידערט אונ זיכ אָנגעהאנגענ אפ א שפיץ פונ א בוימ, אימ גע־שטערט עפעס, געקיצלט אונ גערייצט. האָט ער זיכ האסטיק אָפגע־רוקט, זיכ אָפגעשטעלט הארט נעבנ זאלמענענ, אונ האָט הויכ ארויס־געיאָגט פונ מויל:

— ברידער מײַנע! דער איקער איז — ברידערלעכ! אלע צוזאמענ! ווארפנ די ארבעט וועלנ אלע גלײַכ, אָבער אָנהייבנ דערנאָכ — דארפנ אויכ אלע גלײַכ... ניט אויסלאָזנ איינע די אנדערע... פעסט האלטנ זיכ ביזנ סאָפ — האנט בא האנט... איינ שורע! איינ קייט פונ אכ־דעס... איכ גיי אפ אלצ!—האָט ער פלוצלינג אויסגעשריענ, — זאָל מענ מיכ פארזעצנ — ער האָט מיט איינ צוק אויסגעטאָנ אונ אוועק־געשלײַדערט פונ זיכ דעמ דיקנ שווארצנ פידזשאק, אונ דאָס רויטע קומאטשאָווע העמדל האָט אופגעבלאָזנ באלאָנע פונ פאָרנט אונ פונ הינטנ, אונ עס געריסנ אינ דער הייכ. — זאָל מענ מיכ פארשיקנ, אונדזער איניגע איז א גערעכטער! מיר וועלנ דעמ עמעס דערגיינ.

מײַנ טאטע, סעמיאָנ וואסיליעוויטש, סיאָמקע דער שוסטער, האָט אפ דער עלטער דערלעבט: איינ אויג דאָרטנ — האָט ער געוויזנ אפנ שטערנ — אונ איינ אויג דאָ, — האָט ער אנגעוויזנ אפנ באק... אויס־געהאָרעוועט... אויסגעמאטערט... אונ מיכ האָבנ שוינ גוטע לײַט, האָ־רעפאשניקעס, צוגעזענ... אלע צוזאמענ וועלנ מיר דעמ ריכטיקנ עמעס

דערגיינ! פּראָלעטאריער פונ אלע לענדער, פאראייניקט זיכ! ברידער מײַנע! יאשקע וועט דאָס לעבנ זײַנס אָפּגעבנ פארנ עמעס!

ער האָט אָנ דער ערד א שלײַדער געטאָנ דאָס היטל, וואָס ער האָט אינ די הענט געהאלטנ, אונ דאָס צערווישטע פּאָנעמ איז פלאַמיקער געווענ פונ זײַנ רויטנ קומאטשאָוונ העמדל.

— אונ איכ זאָג, — האָט סערגיי אָנגעהויבנ אפּ זײַנ אָרט אינ צווייטנ צײַל, אונ אלע האָבנ זיכ א קער געטאָנ צו אים. ער האָט אינ האנט אָנגענומענ דאָס קייטעלע אפנ וועסטל אונ האָט עס אָבער באלד אינ טעשל פארשטעקט: —אונ איכ זאָג, אז די ארבעטער וועלנ זיכ א נעמ טאָנ פאר דער זאכ, וועט עס זײַנ אנ איניענ! אלעמאָל די האָרעפּאשניקעס. זיי האָבנ אלצ אויפגעבויט אונ אָפּגעטאָנ — אלצ זיי! וואָס דענ? — ער האָט דעמ קאָפּ אויפגעהויבנ דרײַסטער אונ טאקער־פער צוגעגעבנ,—די „ווײַסע הענטלעכ“ האָבנ א שאָסיי געמאכט? א פאלאצ געמויערט? אלצ אונדזערע ברידער... נאָר מיר, נאראָנימ, האָבנ געמיינט, אז אזוי איז גוט: איינע וועלנ טאָנ, אונ די אנדערע — פריצעווענ... טויג עס ניט אזוי—וועלנ מיר מאכנ אנדערש... מיט הענט מאכט מענ אלצ... אונ ריכטיק: די פויערימ האָבנ ניט קיינ ערד, אונ די פריצימ איזהעקעווענ זיכ... מיר האָבנ ניט קיינ פרײַהײַט אנ אָטעמ טאָנ, נאָר א בײַטש, א קאנטשיק, אנ אוריאדניק... פויערימ שווײַגנ. ארבעטער פארשטייענ אונ ווילנ ניט שווײַגנ. הייבט אָנ, וועלנ די פויערימ צושטיינ, — די ארבעטער זײַנענ שוינ שטאָטישע, קליגער, דארפנ זיי אָנהייבנ...

ער האָט א ווײַלע אָפּגעשוויגנ אונ פאר זיכ צוגעשאָקלט מיטנ קאָפּ, באדענקענדיק זײַנע ארויסגעזאָגטע ווערטער.

— אלע פארשטייענ, אז „זייער“ עמעס איז ניט אונדזער עמעס... וועלנ מיר דעמ עמעס א נעמ טאָנ מיט אונדזערע מאָזאָליעס, וועלנ מיר פונ אימ מאכנ א וואָרנ עמעס!.. אונדזער עמעס וועט זײַנ פאר אלעמענ...

— הייבנ מיר אָנ דעמ שטרײַק? — האָט זאלמענ אינ א ווײַלע ארומ געשטעלט די פראגע, — אלע ווי איינער...

— אלע! אלע!

— מאָטל, — האָט יאשקע זיכ אויסגעצויגנ אפנ גראָז אינ וואלד, וואָס האָט שוינ געטונקלט, — זעצ זיכ צו נעבנ מיר... איכ וויל פונ־

דאנענ ניט אוועקגיינ אזוי גיכ... לאָמיר דאָ נאָכ א ביסל פארברענגענ, מאָטל!

פונ וואלד ארויס און איבערנ שאָסיי אוועק אינ דער אָונטיקער טונקלקייט צווישנ שאָטנדיקע הויכע און צעוואָקסענע ביימער בא די זייטנ האָט כעוורע הויכ און ווייט צעלאָזט בענקענדיקע קוילעס:

«Эй, дубинушка, да ухнем !..»

## V. שאָמײַטי.

### 1

אינ די פאבריקלעכ איז שטיל, ערנסט, אָנגעצויגנ. די „אויסגע־קליבענע" זײַנענ א ביסל צערודערט. זיי האָבנ פארפרי ארויסגערופנ די באלעבאטימ, און האָבנ נעמאָלדנ די „פאָדערונגענ": אויס ארבעט פונ שטיק, סכירעס פונ וואָכ. די צײַט דארפ האָבנ א מאָס: פונ אכט פרי ביז זיבנ אָונט, און א שאָ אינ דעמ אָפּ מיטיק. ארומזיענ די פאבריקלעכ — ווענטיליאציע, די „נאסע" האָבנ א צוגאָב: גרייטע וואסער...

הוטנער — א גופיקער ייִד, הויכ און ברייט, קײַט קעסיידער די אונטערשטע ליפּ מיט א שטיק באָרד אינ מויל אריינגענומענ. ווײַל אינ קאָפּ רעכנט ער אלצ און טראכט, פּלאנעוועט און קאָמבינירט — ארויסזאָגנ אָפנ קאָל מאכשאָוועס איז ניט קעדײַ, פארצייכענענ צו־פּערנ אָפנ פּאפּיר איז קיינ אייסעק ניט, — קײַט ער דערבײַ די אונ־טערשטע ליפּ מיט א שטיק באָרד אינ מויל ארײַנ. די „אויסגעקליבענע" אינ זײַנ פאבריקל — כאצקלענ און מאָטלענ האָט ער אויסגעהערט גלײַכגילטיק, פארבײַ — געקוקט אינ דער זײַט און אָפ דער סטעליע.

— אײַער ענטפער דארפ זײַנ הײַנט צו זעקס אזייגער... — האָט כא[illegible] פעסט באטאָנט.

הוטנער האָט זיכ אָפּגעקערט און געפרעגט צי געזאָגט:

— אומעטומ הייסט עס, אינ אלע פאבריקלעכ פאָדערט מענ, מיסטאָמע... ווי דענ?..

— אומעטומ, — האָט מאָטל צוגעײַלט, — און אניט — הערנ מיר אופּ צו ארבעטנ...

— נו, יע... — האָט הוטנער מיט ביטל א מאכ געטאָנ מיט דער־

האנט אונ געגאנגענ צו דער טיר. פארבײַ א פּאָר עלטערע ארבעטער האָט ער מיט כויזעק געוואָרפנ:

— אײַערע „אויסגעקליבענע”, די שנעקעס... זיי פירנ דאָס רעדל...

כאצקל איז אופגערעגט צוגעשפרונגענ צו דער טיר, אונ נאָכ אים מאָטל:

— צו זעקס א זייגער אנ ענטפער...

— נאָכ א זמאנ אפנ פּופּיק...

— אינ נאָמענ פונ אלע ארבעטער, — האָט מאָטל מיטאמאָל ארויסגעזאָגט, — פאָדערנ מיר א קלאָרנ ענטפער צו זעקס אזייגער... אָט דאָ אינ פאבריקל...

— שאָמײַטי (שמעתי)*... כ'בינ א גראמעטנער. כ'ווייס די מײַ־סעס... — האָט הוטנער מיט דער האנט אָפּגעשליידערט פונ זיכ, ווי שמוציקע טראנטעס וואָלטנ אים פארפּלאָנטערט.

האָט מענ שטיל געארבעט — הײַנט שוינ פארענדיקנ. נאָר מאָטל איז געווענ אומרויִק.

— כאצקל, כ'האָב מוירע, ער וועט נאָכגעבנ... הו'סט געזענ — ער בײַסט די באָרד אונ רעכנט. ער'ט נאָכגעבנ—כ'האָב מוירע... ס'וועט קיינ שטרײַק ניט אויסקומענ...

— האָב קיינ מוירע ניט, עס וועט זײַנ א שטרײַק, אז עס וועט גײנ א רויכ! ער וועט די באָרד צעבײַסנ, אונ וועט ניט נאָכגעבנ... ער זאָגט שאָמײַטי — א ווערטעלע!..

מאָטל האָט זיכ אָבער ניט בארויִקט. ער האָט אלץ געקוקט אפנ זייגער אונ זיכ נאָכגעפרעגט, ווער האָט עפּעס א „ריכטיקנ” זייגער? ערשט צוויי אזייגער — ווי קאָנ עס זײַנ?.. נאָכ אלץ האלב דרײַ — צי האָט זיכ דער זייגער ניט אָפּגעשטעלט?.. קוים דרײַ אזייגער — די זייגערס פוילנ זיכ הײַנט: צי האלטנ זיי אויכ בא א שטרײַק?

2

שיינינ אינ זײַנ פאבריקל האָט אויסגעהערט זאלמענענ אונ כיל־קענ, אונ האָט זיכ געווענדט צום מאשגיִעכ: —נו, וואָס זאָגט איר? אליינ האָב א פאבריקאנט געווענ...

* כ'האָב געהערט.

דער מאשגיעכ האט לײַכט געריבנ די פארוואקסענע באק, ווי עס וואלט אים פלוצלינג אפגעפארנ, אונ האט געקוקט מיט איינ אויג אפ שייִנינענ. דער לעצטער האט זיכ מיטאמאל א כאפ געטאנ אונ אפגערופנ דעמ מאשגיעכ אינ א זײַט. נאר גלײַכ האט ער עפעס כאראטע געהאט, אונ האט זיכ האסטיק אומגעקערט צו זאלמענענ.

— אונ דאס זײַנענ טנאִימ אכרוינימ* — לעצט מעקעכ? אונ אנ ענטפער דאפקע הײַנט צו זעקס אזייגער?.. — ער האט זיכ צעלאכט דריבנענקע. — כי—כי—כי—אפגעטראכט?!.

כילקע האט זיכ עפעס פארשעמט פונ זײַנ לאכנ, אונ זאלמענ איז געווארנ אופגערעגט. אינ די אויגנ בא אים האבנ זיכ צעצונדנ בייזע פײַערלעכ:

— ווער עס וועט לאכנ, אונ ווער עס וועט בעסער מאכנ....

— בע—סער מאכנ, ווייס מענ נאכ ניט... איר ווייסט, וואס איר טוט? — האט שייִנינ געביטנ דעמ טאנ אונ אנגעהויבנ ווייכ אונ גלעטנדיק: — וואס ווילט איר? שטארבנ? הונגערנ? הונדערטער אר-בעטער מיט פאמיליעס זאלנ אנ ברויט בלײַבנ?.. — האט ער הויכ גערעדט, אז אלע זאלנ הערנ, — פארשטערנ יאנטויווימ... ווארעמ אט איז שוינ עלעל, אונ באלד זײַנענ שוינ די יאנטויווימ

— אונ נאכ דעמ איז שוינ כאנקע... אונ דארטנ — איז שוינ פורימ... — האט זאלמענ ביזנ געווארפנ אונ גיפטיק געשמייכלט, — וואלטנ מיר דאכ עפשער קאנענ גײנ צו אײַכ צו דער סודע — אנ אומזיסטע סודע... אונ מיר ווילנ עס ניט! זארגט ניט פאר אונדז, אונ פירט ניט מיט אונדז קיינ מאכוזאיקעס... או—אויס! מיר האבנ אײַכ געזאגט אונדזערע פאדערונגענ, — אונ איר גיט אנ ענטפער, ווי אײַכ לוינט...

— ווילט איר דאפקע קריגנ זיכ מיט מיר? — קוסט ארויס שייִנינ פונ אונטער די פענסנע, — א קריג איז — א קריג... — צעקרימט ער זײַנע דינע ליפנ.

— יע, — האקט אפ זאלמענ, — קריג איז קריג: ווער — וועמענ...

שייִנינ קוקט אנ א ווײַלע, טוט א שמייכל פאר זיכ, שטעקט ארײַנ א האנט אינ בוזעמ-קעשענע אונ טוט א בלענצל דורכ די פענסנע: אימ שײַנט א האפענונג...

* לעצטע באדינגונגענ

— און איכ... איכ האָב גערעכנט—כ'מיינ: וואָס איז דער בילעט צווישנ מיר מיט אייכ? קאָל יִיסראָעל איז אינ גאָלעס... האָב איכ גע־רעכנט פאָרלייגנ אייכ, איר זאָלט בא מיר נעמענ א שעקל*... גע־בראכט אהער דאָס ביכעלע מיט די שקאָלים...

— פארשפּעטיקט מיט אייער שעקל... — לאכנ ארבעטער ארומ.

— מיר האָבנ אייכ דערלאנגט אונדזער שעקל... געדעקט, האַ? — שמייכלט זאלמענ.

— איז עס — לעצט מעקעכ?.. אונ מײַנ שעקל נעמט איר ניט? איר זאָגט זיכ אָפּ פונ מײַנ כעוורע?.. — האָט ער זיכ לוסטיק געמאכט אונ איז אויסערלעכ געהייבנ אוועק.

דער מאשגיעכ האָט אומגעשפּאנט הינ אונ הער, האָט דאָס היטל אפּנ קאָפּ אָפּגעוואָרפנ אפ איינ זײַט, אונ מיטנ האנט געקראצט א פּייע, דערנאָכ איבערגעוואָרפנ דאָס היטל אפנ אָפּגעקראצטנ זײַט אונ מיט א צווייטער האנט אנ אנדער זײַט געקראצט בא דער פּייע. דערמיט האָט ער מיט צעשפּרייטע פינגער פונ א האנט א פיר געטאָנ אינדערלופטנ:

— כעוורע פופלט... פופלט — אלצ מיטאמאָל! דאָס טו, אונ דאָס גיב — האָט ער מיט א פינגער, ווי מיט אנ אומרו געשאָקלט הינ אונ הער, — צופיל, צופיל!

ער האָט געמיינט, אז כעוורע זאָל פארפירנ מיט אימ א שמועס, דינגענ זיכ, וועט ער אויסטאפנ, וואָס מיינענ זיי דאפקע, אונ וואָס איז — ניט דאפקע...

דער אוילעמ האָט געשוויגנ אונ געשמייכלט. וואָס גייט זיי אָנ דער מאשגיעכ — א געוועזענער פאבריקאנטל — איצט א געדונגענער מע־שאָרעס, אונ ווייס ניט וואָס ער איז...

3

בא שווארצמאנענ אינ פאבריקל זײַנענ די אויסגעקליבענע געווענ שלוימקע אונ סעמיאָנ. דארפ מענ זיי אויסהערנ... שווארצמאנ פונ מיטעלע יאָרנ מיט א שווארצער באָרד, שטענדיק אנ אויסגעקעמטע, א גלאנציקע, דוכט זיכ, ווי א נײַע, ערשט באקומענ אונ צוגעקלעפּט צומ רויקנ פּאָנעמ מיט די קאָרע ביטרע אויגנ.

---

* קוויט פונ מיטגליד־אָפּצאָל בא ציִעניסטנ

— אז ארבעטער ווילנ עפּעס זאָגנ, טויג שוינ ניט... — האָט ער מיט די ווערטער אונ מיט א שמייכל אינ די אויגנ אופגענומענ סעמיאָנענ אונ שלוימקען. — דאָס טויג שוינ ניט. עמעס, סעמיאָנ? — ארבעטער דארפנ ניט ריידנ... שווייַגנדיקע זייַנענ זיי — גוטע...

שלוימקע האָט איבערגעריסנ אונ ארויסגעזאָגט, וואָס די ארבעטער פאָדערנ. גערעדט האָט ער יִידיש, אונ סעמיאָנ האָט צוגעהערט מיט פארנעמ אונ מיט אזעלכע פארשטענדיקע אויגנ אימ אינ מויל אריַינגעקוקט.

— הייסט עס, — האָט סעמיאָנ צוגעגעבנ נאָכ שלוימקענ אונ פארסאכאקלט אינ רוסיש, — הייסט עס, אז מיר, ארבעטער ווילנ אמאָל א טאָלק מאכנ: אינ צייַט, אינ פרייַז — אינ אלצ... ניט אלצ העפּקער...

בא שווארצמאנענ האָבנ זיכ אינ פלוג די אויגנ א קער געטאָנ מיט די ווייַסלעכ ארופ. ער האָט אָבער באלד לוסטיק אונ גוטברודעריש א קלאפּ געטאָנ סעמיאָנענ אפנ אקסל אונ, קלומירשט באדויערנדיק, צעשאָקלט דעמ קאָפּ, אז זייַנ שווארצע באָרד האָט זיכ געלופטערט, ווי אפנ ווינט צעהאנגענ.

— עכ, סעמיאָנ! סעמיאָנ! אונ דו הערסט, וואָס ער — האָט די באָרד געטרייסלט אפ שלוימקענ, — וואָס זיי אלע אָט די... — האָט די באָרד געטרייסלט אפ אנדערע יִידישע ארבעטער אינ פאבריקל, — וואָס זיי לערנענ דיכ אָנ... זיי...

שלוימקע האָט א ליפּ צעביסנ פאר כּעס, האָט האסטיק ארויסגעשלייַדערט א האנט אונ אויסגעשריִענ: — אָט די שטיק...

נאָר סעמיאָנ האָט אימ איבערגעהאקט. ער האָט געלאסנ, אָבער מיט גרויס פאריבל ארויסגעזאָגט:

— אונ איכ וואָס, בינ א נאר? הער שווארצמאנ מיינט אפּאָנעמ, אז איכ בינ שוינ גאָר א שויטע, א דאָרפיקער שייַט האָלצ? ניי — יינ! וואָס הייסט שלוימקע, צי דאָרטנ מוישקע — אלצ אייגענע ברידער! בא איינ ווערקשטעל געבויגנ... — האָט ער צעפירט זייַנע ברייטע אָנגעקוואָלענע הענט. — זאָל זיכ הער שווארצמאנ צווישנ אונדז ניט אריַינמישנ: ווער — וואָס... אונדזער פאָלק, די האָרעפּאשניקעס, זייַנענ איינ פאָלק... בא אונדז בא אלעמענ איז איינ עמעס — א האָרעפּאשנער...

שלוימקע האָט נערוועז נאָכגעשעפּטשעט אונ שטיל אונ צופרידנ איבערגעכאזערט נאָכ סעמיאָנענ זייַנע וואָגיקע ווערטער.

אלע ארום האָבן צו סעמיאָנען מיט פינקלענדיקע אויגן צוגעווינקט. שווארצמאן האָט א הייב געטאָן איין אויג און ארויפגעלאָזט דאָס אנדערע, און געוואָלט זיינע ווערטער אויסלאָזן אין א שפאס, ניט ערנסט געמיינט:

— כ'האָב ליב, אז דו פארשטייסט, סעמיאָן. איין עמעס, בא אלעמען איז איין עמעס! איין עמעס, נאָר אף צוויי שאבאָסים געטיילט: דו ארבעטסט שאבעס, און ער, — האָט ער אָנגעוויזן אף שלוימקען, — ארבעט זונטיק...

— און הער שווארצמאן ארבעט ניט — ניט שאבעס און ניט זונטיק, — האָט שלוימקע איבערגעריסן אויפגערייצט.

— זאָגט אונדז ניט קיין דראָשעס, — האָט סעמיאָן א מאך געטאָן מיט דער האנט. — מיר מיט זיי, מיט אונדזערע סובאָטניקעס וועלן שוין דורכקומען... און איר דארטן — אייערע פריצים און אונדזערע פריצים... דאָס איז שוין אייער נאציע...

.4

אז שווארצמאן איז אין א פאָר שאָ ארום ארייַנגעקומען צו היטנערן, וואָס האָט צו זיך אהיים צונויפגערופן אלע פאבריקאנטן פון די גארבערייען, האָט ער שוין אין טיר פון זאל מיט א הויכן געלעכטער צוגעוואָרפן:

— איז אָט בין איך כאָטש בא מיין נאציע!.. כא—כא! דאָס האָט סעמיאָן, אן ארבעטער א קריסט, מיך אָפגעשיקט היינט צו מיין נאציע — צו די פאבריקאנטן, הייסט עס... כא—כא! וואָס א גוי איז זיך מאמצי: ער, סעמיאָן, מיט שלוימקען, א יידישער ארבעטער זיינען איין פאָלק, שלוימקע איז ניט מיין פאָלק, כע—כע...

האָבן פאבריקאנטן געלאכט: כא—כא... כי—כי...

— און בא מיר אפן פאבריק, איז דאָ א יאשקע, א גויעצל אן ארבעטער, און א נאָטקע א שעקל — ביידע יונגאטשעס, — שטעלט זיך אוף מיטעלמאן דערלאנגען א האנט שווארצמאנען און דערציילט דערווייל הויך פאר אלעמען, — זיינען זיי ביידע די ראָשיי־האמדאברים* בא מיר. רעדט יאשקע יידיש, ווי א ראָוו לעהאוודל, כי-כי... רעדט ער מיט מיר היינט דאפקע יידיש, ער וויל, אז די יידישע ארבעטער זאָלן הערן. איר פארשטייט? נאָטקע זאָגט צו מיר: „פאניע מיטעלמאן"...

* הויפט־רעדנער

און יאשקע זאָגט דאָפּקע: „ר־ר־רעב מיטעלמאַן“... מיט די פולע רייש — כי־כי... צו זעקס אזייגער א טשוווע פאָדערט נאָטקע, און יאשקע טייַנעט: צו זעקס אזייגער א שוווע — כי־כי... ער זאָגט ניט א טשוווע, נאָר א שוווע... כאַ־כאַ... כע־כע... כי־כי...

הונטערס זאַל איז א גרויסער, א פּירקאַנטיקער, מיט אכט פענצטער — פיר אין איין זייַט צום גאַס, און פיר אין א צווייטער זייַט צום הויף אין א פרוכטגאָרטן. זייַנען אלע פענצטער ברייט צעעפנט, און די לאַנגע, אין דער העלפט צעשפּרייטע, פאָרהאַנגען פון שפּיצן מיט אויסגעהאַפטע צייכענונגען. אין זיי האָבן לופט און שאָטן אריינגעפּלאָנטערט אינווייניק אף די געשניצטע טישלעך, אף די געטאָקטע עטאַזשערקעס און קלומבעס לעבן זיי. אפן גרויסן קייַלעכדיקן טיש אין א זייַט מיט א שווערן קאָלירטן טישטעך, וואָס איז פון אלע זייַטן געפאַלדעוועט אראָפּגעהאַנגען כמעט ביז דעם טעפּיך אף דער געפאַרבטער פּאָדלאָגע — זייַנען אף צוויי זילבערנע טאַצן געשטאַנען עטלעכע סיפאָנען. גווירישע סיפאָנען — בלויע, גרינע, הויך־וואַקסיקע און בייַכיקע, און דערבייַ הויכע געשליפענע גלעזער. אין די ברייטע ווייכע פאָטעלן מיט ווייַסע טשעכלעס האָבן זיך אָנגעלענט ייִדן מיט בערד און יונגע־לייַט געגאָלטע. הונטער האָט געקייַט די אונטערשטע ליפּ מיט א שטיק באָרד פון דער מיט אין מויל אריינגענומען און האָט ארומגעשפּאַנט פון טיש צו דער פאָרטעפּיאַנע און צוריק, און ווידער צו דער דאָזיקער „קיילע“, וואָס אינטערעסירט אים איצט קלוימערשט מער פון אלץ. א שוואַרצע, א גרויסע, מיט א שוואַרצן צעראַטענעם איבערדעק פאַרנייט און פון לאַנג פאַרשטויבט, אָן א סימען פון נאָטן דערויף, מיט צוויי אָפּגעבראָכענע ליכטלעך פאַרגרויטע אין די אויסגעקירעוועטע לייַכטערלעך, אהער און אהין, מיט אָנגעשפּאָלטענע גלעזערנע טעסלעך. זעט אויס, ווי א ברייטלעכע אלמאָנע א באַיאָרנטע, פון לאַנג א פאַרלאָזטע... ווען האָט מען עס געקויפט — קאָן זיך הונטער ניט דערמאָנען. און ווער האָט עס דעמלט אזא כייִשעק געהאַט מיטאמאָל דערצו — דאָס ווייַב, צי די טאָכטער — געדענקט ער שוין ניט. נאָר א „קיילע“ איז דאָס! אָבער אז די טאָכטער האָט אָנגעהויבן און דאָס ווייַב האָט אונטערגעהאַלטן, — מע זאָל דינגען א לערער פון מוזיק, האָט ער, הונטער, געזאָגט: „שאָמייַטי“... האָט מען פאַרשטאַנען, אז פּאַטערן געלט אף א לערער וויל ער ניט. און אז ער זאָגט „שאָמייַטי“,

האָט מענ אויפגעהערט צו ריידנ, וואָרעמ ס׳וועט ניט העלפנ. „שאָמײַ־
טי" — איז א סאָפ!

— איכ וואָלט וועלנ וויסנ, — האָט זיכ הוטנער אָפגעשטעלט באַמ
טיש צו קײַענ די ליפּ אונ דער באָרד שוינ, אונ אַלע האָבנ זיכ
א בייג געטאָנ צו הערנ, — אָט דער אָנגעפאָרענער, דער ניט־היגער,
א מענדל, דוכט זיכ, א מענדל... האָט אמאָל געארבעט באַ מיר, אונ
איצטער איז ער אריבער צו אײַכ, הער מאָנאָסאָנ...

— יע, יע — האָט מאָנאָסאָנ אויפגעכאַפּט, — געווענ באַ מיר אַזא
מענדל, וואָס איר מיינט, איז ער איצטער באַ הער פערלשטיינ, אויב
איכ האָב ניט קיינ טעות...

— באַ מיר, — האָט פערלשטיינ אויסגעברומט, — איכ האָב די
ערע... אונ ער מיט נאָכ איינעמ האָבנ מיר הײַנט אָנגעזאָגט די פסורע
וועגנ שטרײַק...

— איז ער טאַקע נאָכ דאָ, אַזא מענדל, איצטער אויכ דאָ...—האָט
הוטנער אָפגעצויגנ זײַנ וואָרט, ארײַנגענומענ א הויפנ באָרד פונ דער
מיט אינ מויל ארײַנ. באַלד האָט ער אָפגעלאָזט, געקײַט א בלויזע
ליפּ, — איז ער דאָ... אַזא מענדל... א פלינקער... געקומענ אהער פונ
א וויטעבסק, פונ א ווילנע, אונ האָט אהער געבראַכט די נײַעס... ס׳זאָל
דאָ אויכ זײַנ, ווי באַ לײַטנ... פונ ווילנע, הא?

— דער רועכ ווייס אימ! — האָבנ מאָנאָסאָנ אונ פערלשטיינ
גלײַכ ארויסגערעדט, אונ הוטנער איז אומצופרידנ ווידער אוועק
שפּאַנענ פונ טיש צומ פאָרטעפּיאַנע אונ צוריק, געקײַט די ליפּ מיט
א שטיק באָרד פונ דער מיט אינ מויל ארײַנ.

שוואַרצמאַנ האָט שטיל אָנגעוויזנ מיט א פינגער אַפ הונטערנ, אונ
זיכ אָפגעשטעלט, וואָס האָט געזאָלט באַדײַטנ, אַז הונטער האָט א
קאָפ אונ טראַכט.

הוטנער האָט צומ טיש נעענטער צוגערוקט דעמ ברייטסטנ פאָטעל
אַפ רעדלעכ אונ האָט זיכ פעסט אײַנגעזעצט:

— אויבעכײַנ, ראַבויסײַ... — האָט ער אויסגעקײַט.

אַלע האָבנ זיכ אָנגערוקט צומ טיש, אָנגעשטעלט אויגנ אונ אויערנ.
הוטנער האָט מיט א פאָר ווייכע פינגער געקלאַפּט אָנ דעמ דיקנ ווייכנ
טישטעכ, ווי אינ א טויג, אונ האָט געשוויגנ. לאַנג געשוויגנ.

— באַ אײַכ, ה׳ הוטנער, אינ בײדע פאַבריקנ? האָט קיינ פאַריבל

ניט... כ'מיינ אינ אלע דרײַ, מיסטאמע?..—האט מאנאסאנ איבערגעריסנ די שטילקײַט מיט א פראגע, אונ פונ אײַלעניש אונ צעטומלטקײַט האט ער שיר פארגעסנ, וויפל פאבריקנ.

— אונ אז אינ אלע דרײַ?..—האט ער א קײַ געטאנ א ליפ. ער האט זיכ עטוואס אופגעהויבנ אונ אנגעגאסנ וואסער פונ א קיפאנ אינ גלאז, אונ שטומ האט ער צוגעווינקט צו די איבעריקע — זיי זאלנ אויכ אזוי טאנ. אז ער האט אפגעזופט פונ גלאז, האט ער א שמייכל געטאנ אינ בוזעק ארײַנ, אונ האט באלד מיטנ אטעמ געצילט ארײַנגעצויגנ א פאר טראפנס וואסער, וואס דער שמייכל האט געהאט ארופגעקײַקלט אפ די שיטערע הערלעכ פונ דער אונטערשטער ליפ. דערנאכ האט ער פארקײַט מיטנ ליפ אונ באָרד.

שיינינ האט זיכ אופגעהויבנ, מיט רעספעקט א פרעג טאנ בײַ הוטנערנ:

— עפשער צומאכנ די פענצטער? — אונ ער האט געוואלט א טריט מאכנ.

— ניינ! ניינ! — האט הוטנער זיכ צעקרימט, — מיר האבנ קיינ מוירע ניט...

— וואס זײַנענ מיר בונטאוושטשיקעס, סאציאליסטלעכ? — האט שווארצמאנ געלאכט.

— אפילע ניט קיינ ציוניסטנ מיט זייערע נארישקײַטנ... בײַ אונדז, בײַ פאבריקאנטנ איז קלוגע איניאנימ, אונ מיט קלוגע זאכנ באהאלט מענ זיכ ניט...

שיינינ האט זיכ פארשעמט צוריקגעזעצט, אונ הוטנער האט דאפקע הויכ אנגעקוקט אלע אפענע פענצטער אפגעענטפערט ווידער מאנאסאנענ:

— אינ אלע דרײַ פאבריקנ... אינ איינער עפעס א כאציקל מיט א מאטל... אינ נאמענ פונ אלע ארבעטער... אינ דער אנדערער — בערל מיט הערשלענ האבנ מיר הײַנט... דאס האט דאכ זיי עמעצער אונטערגעזאגט: „אויב מיר באקומענ ניט קיינ ענטפער ביז זעקס אזייגער, ווארפנ מיר די ארבעט"...—ער האט דאס פאנעם צעקרימט:—עמעצער פירט דאכ דאס... א גער* זאל קומענ צו אונדז אהער, אונ מיר זאלנ ניט וויסנ אפילע, צי ער איז א וויטעבסקער, צי א ווילנער...

* ניט קיינ ארטיקער

— מיינט איר, ה' הוטנער, אַז דער וויטעבסקער, צי דער ווילנער? — האָט שוואַרצמאַן אונטערגעכאַפּט, — איר מיינט אַפּאַנעם, ה' הוטנער, אַז אַ מאַקע דאַרף מען זיך אָננעמען דאַפּקע פֿון אַן אַנדערן... — האָט ער צוגעשמייכלט.

אָבער הוטנער האָט דערויף ניט געענטפֿערט, ווי גאָרניט געהערט און האָט זײַנס געצויגן — צווישן ווערטער אַ ביס, און צווישן בײַסן — אַ וואָרט.

— ווילט זיי אַן ענטפֿער זעקס אַזייגער... זעקס אַזייגער — און איך קאָן זיי טייקעף זאָגן — פֿיר אַזייגער... וויפֿל איז איצט? — ער האָט זײַן גרויסן גאָלדענעם זייגער פֿון טאַש באַקומען — דער ריכטיקסטער זייגער: פֿיר מיט צען מינוט... נאַט־אײַך אַן ענטפֿער: מאַסקים! איין ענטפֿער: מאַסקים!..

— מאַ־אַסקים?..

— ה' הוטנער!?

— וואָס רעדט איר?...

— האַ?!

שוואַרצמאַן איז אויפֿגעשפּרונגען, מאַנאַסאָן האָט זיך שטאַרק אַ שטעל געטאָן. פֿערלשטיין האָט ווי באַלאַסטעט אין דער טיף אײַנגעזונקען אין ווייכן פֿאָטעל, שיינין האָט די פֿענסנע אַראָפּגעכאַפּט פֿון נאָז און גענומען ווישן די גלעזלעך, דוכט זיך, זיי האָבן פֿאַרנעפּלט. דער קליינער ריזשין, וואָס איז שטיל און שעמעוודיק געזעסן בײַ הוטנער׳ן אין זאַל, האָט ערשט איצט געכאַפּט אַ סיפֿאָן, אָנגעגאָסן וואַסער אין אַ גלאָז און האָט עס אין איין אָטעם אויסגעזופּט.

— ע! אַ גרויסע זאַך, וואָס אַרבעטער קאָנען שוין אַנטקעגן אונדז אויפֿטאָן! — האָט הוטנער זיך געקרימט, — ווייניקער מיט אַ שאָ אין פֿאַבריק — וועלן זיי האַסטיקער אַרבעטן... איך גיב דיר רו, — איז גיב מיר אַרבעט!.. פֿון שטיק אַפֿט וואָך: מיילע!.. איז דער ווערט — פֿינף רובל אַ וואָך, און יענער זעקס... — האָט ער מיט אַ פֿינגער ציפֿערן אינדערלופֿטן געצייכנט, — ווערט שוין אויס יאַדאַכעס, און זאָלן זיי זיך רײַסן, ווי די הינט צווישן זיך... אַ שאָ אַפּ מיטיק!... ס'איז דאָך אַ סודע... אַ סיידער אָפּריכטן... פֿאַרגין איך ניט... דערפֿאַר, וועל איך זיי אַרויסציִען די אַצאַמעס: אַרבעט בײַ מיר פֿלײַסיק, וואָרט דאָך אָפּגערוט...

מע איז שוינ רויִק אונ ברייטלעכ געזעסנ אינ די פּאָטעלג, אונ יעדערער פאַר זיכ האָט גערעכנט אונ געטראַכט.

— אָט דאָס איז מיַינ ענטפער — מאסקימ! אונ טאָמער וועט עס אינ א יאָר כאַפּנ א פּאָר רובל ווייניקער רעוועכ — עפּשער יאָ, אונ עפּשער ניט... נאָר טאָמער טאַקע יאָ, — האָט ער מיטנ פינגער געדרייט פונ אונטנ ארופ — איז קיינ געפאר... די פאבריקלעכ ארבעטנ, אונ פּארנאָסע וועט זיַינ די זעלבע — האמבורג איז א פעסטער לעדער, קיינ באצקל אונ קיינ מאָטל וועט עס ניט איַינביַיסנ... עס וועט טראָגנ...

ער איז אוועק שפּאַנענ פונ טיש צומ פּאָרטעפּיאַנע, וואָס איז געווענ, ווי א היימישער בעסוילעמ, פארוואָרפנ אונ פארוואלגערט מיט ברוכ אונ אלטווארג, אויסגעניצטע אונ צעקאליעטשעטע קיילימ אונ כפייצימ פונ א גרויסער באלעבאטישקיַיט.

— פונ שטיק — אפנ וואָכ... — האָט מאָנאָסאָנ נערעכנט הויכ מיט א ניגנ, — וועט עס ארופכאפּנ אזוי גרויס, אזוי ברייט ווי א מאשגיעכ, וואָס איצט האַלט איכ ניט...

— פונ אכט ביז זיבנ, אונ א שאָ אפ מיטיק...—האָט פערלשטיינ אוועקגעשטעלט א גראָבנ פינגער בא דער אונטערשטער ליפ אונ האָט זיכ עטוואָס צעשאָקלט,—איז עס עפּעשר דאָס זעלבע, וואָס פונ זיבנ ביז אכט אונ אָנ מיטיק, נאָר — מיט קיַיענ אונ שפּיַיענ, אונ מיט פּאַפּיראָסלעכ, אונ מיט לופטערנ זיכ...

שיינינ האָט פארטראכט א האנט אריַינגעשטעקט אינ בוזעמ-קעשענע, האָט געוואָלט באקומענ דאָס בלאָקנאָטל, האָט זיכ גראָד ארויסגעצויגנ דאָס שקאָלימ-ביכעלע, האָט ער זיכ ברויגעז צעקרימט: „וווהינ קריכט עס איצט”? ער האָט עס מיט קאָמ צוריק פארשטעקט, אונ געצילט ארויסבאקומענ דאָס בלאָקנאָטל, אונ מיט א דינעמ בליַיפעדער אינ מעטאל געפאסט האָט ער עפּעס געשריבנ, געשטעלט ציפער אונ גערעכנט.

הוטנער האָט ווידער אונ נאָכ פעסטער זיכ איַינגעזעצט אינ זיַינ ברייטנ פּאָטעל, האָט אלעמענ אָנגעקוקט, ווי אומבאקאנט, אונ האָט געקיַיט, געקיַיט אונ צולעצט שטרענג ארויסגעזאָגט:

— נו, אויסגערעכנט?.. זיַיט איר מאסקימ! עס שטימט דער כעזשבנ?..

— אז איר זאָגט... מיסטאמע, איז שוינ ריכטיק...

— נאָר איכ בינ ניט מאסקימ!.. — האָט ער שטאַרק אויסגעדריקט, אונ כאָטש זײַנ ווײַכע האַנט האָט נאָר א טויבנ קלאַפּ געטאָנ אָנ דעמ דיקנ ווײַכנ טישטעכ, האָבנ אַלע די טקיפעס דערפילט אָנ די האָריקע ברעמענ זײַנע, וואָס האָבנ זיכ קאַפּויער אָנגעשטעלט, — איכ בינ ניט מאסקימ! ווײַל — מע טאָר זײ גלאַט ניט נאָכגעבנ, בעשומויפנ ניט נאָכגעבנ, אַז א מאָטל־זאָל דיר נאָכלויפנ צו דער טיר אונ דיקטעווענ — אַנ ענטפער צו זעקס אַזויגער... בינ איכ ניט מאסקימ!.. — אונ ער האָט נאָכאַנאַנד גענומענ קײַענ די אונטערשטע ליפּ אונ א שטיק באָרד פונ דער מיט.

— אָט איצטער פאַרשטײענ מיר... אָט דאָס איז ה׳ הוטנער!.. — האָט שוואַרצמאַנ בניפעדיק אונ צופרידנ אַרויסגעזאָגט, — איצטער פאַרשטײענ מיר אײַכ... אונ פריער האָבנ מיר אײַכ גאָרניט פאַרשטאַ־נענ...

— כ׳האָב אײַכ געוויזנ א כעזשבנ... — האָט הוטנער פונ סיפאָנ אָנגעגאָסנ וואַסער אינ גלאָז, — אַלפּי כעזשבנ קומט עס אויס ניט גאָר אַזוי קרומ — קײנ גרויסער אָנווער שטײט ניט דערבײַ... אַלפּי כעזשבנ קאָנ מענ זײ נאָכגעבנ... אַל—פּי—דינ מאָג מענ זײ נאָכ־געבנ... פאַרוואָס ניט? — נאָר אַל—פּי—יוישער—טאָר מענ זײ ניט נאָכגעבנ!.. אַל—פּי—יוישער איז עס קרומ—מאַכנ זײ פאַר באַלעבאַ־טימ... טאָר מענ זײ ניט נאָכגעבנ — כאָלילע!..

— עמעס! — אײַלט זיכ פערלשטײנ.

— וואָרעמ, וואָס איז יוישער?.. — וויל מאַנאָסאָנ דערגײנ.

— יוישער איז דער סטאַט אונ די ווירדע פונ א באַלעבאָס!—האָט הוטנער געציילט אונ געטײַטלט, — איז נאָר א מאָטעלע א באַלע־באָס... — אינ נאָ—מענ פונ אַלע אַר—בע—טער... — האָט הוטנער אַזש נאָר אויסיעס געציילט:. — געהערט א מינ.

— כאַ—כאַ...

— כי—כי...

— כע—כע...

אַז מע לאַכט, איז מענ צופרידנ.

הוטנער האָט זיכ אויפגעהויבנ טאַקעס אונ שטאָלצ.

— גײענ מיר מיט אונדזער יוישער!.. קײנ ענטפער, קײנ וואָרט מיט זײ... זאָלנ זײ וואַרטנ... אינ די פאַבריקנ גײט הײַנט קײנער ניט

מער... — האָט ער ווי באפעלנ אָפּגעגעבנ, — דעמ ענטפער קענענ זיי האָבנ פונ דעמ בראָדער שאמעס...

— כא—כא...

— כי—כי...

— א מאשגיעכ, א וועכטער פונ פאבריק קאָנ זיי אָנזאָגנ — גענוג פאר זיי...

— אונ זאָלנ זיי שטרייקנ, וועלנ זיי דערפילנ א טאמ... — צולופּטערט שווארצמאנ די באָרד די אויסגעצירטע.

— גייט אהיימ! ניט אינ פאבריק — גאָר אהיימ! — האָט הוטנער אָנגעזאָגט, — אונ קוקט ניט אינ יענער זייט... איר זייט באלעבאטימ! פעסט אונ טאקעפ! איכ האָב זיי שוינ דעמ ענטפער געגעבנ דאָרטנ אפנ אָרט: גלייכ געזאָגט—„שאָמייטי“...

צופרידנ אונ געהויבנ האָט מענ זיכ געזעגנט מיט הוטנערנ אונ אימ שטארק די האנט געדריקט אינ דאנקבארקייט.

— גייט אהיימ! זאָלנ זיי צו אייכ קומענ!

— אהיימ! אהיימ! — האָבנ אלע צופרידענע איבערגעכאזערט אינ טיר.

## VI. א דעמאָנסטראציע אומגערנ

1

אינ שלאָפ פארגעסט מענ. זיינענ ארבעטער—גארבער אפ מאָרגנ פרי אופגעשטאנענ אינ דער געוויינלעכער צייט, אונ האָבנ ראפּטאָמ די פיס ארויסגעוואָרפנ פונ געלעגער. נאָר גלייכ האָבנ זיי זיכ צעלאכט אונ געוואָלט ווידער איינדרימלענ, האָט עס זיי ניט געלונגענ. וואשט מענ זיכ לענגער, מע פארקעמט די האָר אנטקעגנ שפּיגל. אפנ גאס גינציק אָפּגעשטויבט די רעקלעכ אונ אָפּגעפוצט די שטיוול, טוט מענ זיכ אָנ שאבעסדיק: עי, כיי, געלעבט!.. זיינענ אנדערע צוגעלאָפנ אנ איבעריק מאָל אָפּגאָלנ זיכ.

— זע, איינמיטנ מיטוואָכ אלע... — האָט דער פאבריקמאכער זיכ פארווונדערט.

— ניט מיטוואָכ, נאָר דינסטיק, — איז מענ אויכ צופרידנ, — אָז גארבער ווילנ...

ניט אָפּגערעדטערהייט האָט מענ זיכ אינ די גאַסנ באַגעגנט — יאָנטעוודיקע אונ צוגעפּוצטע. האָט מענ הויכ גערעדט, שטאַרק געלאַכט אונ האַרכאָוועדיק געפּאַטשט איינער דעמ אַנדערנ איבערנ פּלייצע. קאָמפּאַניעס וואַקסנ, אוילעמ מערט זיכ. נעמט מענ זיכ אונטער פּאַר די הענט צו דרייַ אונ צו פינפ אינ א ריי, אונ די צעפּלאָכטענע הענט, אַראָפּגעלאָזטע אינ דער נידער, וואַרפנ אומ הינ אונ הער, הוידענ זיכ שווער, ווי אייַזערנע רינגענ אײנ אײנעמ געשמידטע. הוידענ זיכ הענט, אונ פיס טרעטנ אופ צו דער גרויסער בריק. אפ יענער זייַט, אינ נייַעמ טייל שטאָט, באַ דעמ טייַכ זייַנענ אַלע גאַרבערייַענ — איז עס דאָכ א וועג, וווּ מע גייט אַלע טאָג יאָר אונ יאָרנ—פאַרוואָס זאָל מענ הייַנט ניט גײנ. פאַרקירעוועט פונ שאָסיי אינ די זייַטיקע גאַסנ, באַגעגנט מענ שוינ מענגעס „נײַשטעטער", אויכ שאַבעסדיקע אונ צוגעקליבענע. ווערנ גאַסנ פול געפּאַקט פונ טומלדיקע מענגעס, אונ קוילעס אונ געשרייענ יאָגנ אונ צעפּליִענ זיכ.

— אורא! בראַוואָ! גוט יאָנטעוו! מאַזלטאָוו!

מישנ זיכ אויס די מאַכנעס, ווערט א געפילדער אינווייניק. גייט מענ. אונ אָט איז די ברייטע זאַמדיקע גאַס. פונ איינ זייַט לאַנגע הויכע פּאַרקאַנעס ארומ גערטענער, וואָס ציִענ זיכ ווייַט אונ פאַרקירעווענ לינקס צו א פרייַענ פּלאַץ אויסערנ שטאָט, אונ פונ דער צווייטער זייַט — לאַנגע גרויע געבייַדעס, מיט בוידעמס גרעסערע אונ טיפערע, ווי די געבייַדעס גופע ווי א טאַז אומגעקערט איבער א סקאָווראָדע. שפּייַכלערס מיט פּלאַציקע דעכער, ברייטע טויערנ, איצט פאַרריגלטע אונ פאַרשלאָסענע, אונ פאָרטלעכ קליינע, שטייַפ פאַרמאַכטע. אינ דער גאַנצער לענג פונ די שטומע שוינ פאַרלאָזטע געבייַדעס, אינ דער ברודיקער זאַמד וואַלגערט זיכ קאָרע, פּירוואָל אונ לעדער — אָפּגעשאָבענע, אָפּגעבריקלטע.

— ס'אַרא גערוכ! — פאַרקוועטשט מענ די נאָז.

— קוימ דערפילט א רייעכ, — לאַכט מענ, — אַז מ'איז שאַבעסדיק אָנגעטאָנ!..

— סעמיאָנ, סעמיאָנ! צו וועלכע ניט גוטע האָסטו נעכטנ אָפּגעשיקט שוואַרצמאַנענ? צו זייַנ נאַציע מיט דייַנע פּריצימ?..

— שוואַרצמאַנ האָט געוואָלט א בייז לעבנ מאַכנ צווישנ ייִדנ אונ קריסטנ...

—„שאַמיַיטי"... מאַטל! הוטנער האָט דיר געזאָגט „שאַמיַיטי"...

— זאַלמען, עפשער ווילסטו א שעקל נעמען בא שייַינען...

— א נאָכט בא מיטעלמאַנען!.. ער האָט זיך צעניסט פון יאשקעס איוורע...

— יאַשקע, פאַרוואָס ניסט (מען פון דיַין יִדיש?..

— ער ניסט... — כאַפּט אוף יאשקע — אין כייִדער... מאָטל, דו געדענקסט דעם קאָזליק? פלעגט ניסן... פון שמעק־טאַבאַק...

פליִען וועדטלעך פאַרביַי צוגעמאַכטע טויערן, טופען פיס פאַרביַי פאַרשטומטע און פאַרדומפּטע געביַידעס.

—אַדיע!—שריַיט אוים זאַלמען, — כעוורע, זעגנט זיך מיט די פאַבריקלעך, מיט די זאַמד אין גאַס — אַף לאַנג!.. ביזוואַנען מיר וועלן צוריקקומען אַהער, וועט שוין דאָ זיַין נוטע בלאָטעס, אָדער—א רעכטער שניי אפילע...

2

פאַרקירעוועט מען אין שמאָלן געסל. די ערשטע רייען קומען באַלד אַרויס אין א ברייטער גאַס, און פון דאָרטן — אַפן שאָסיי. קלאַפּן דריבנע איַילנדע פורלעך מיט פּאַסאַזשירן און שטאָט אַריַין, סקריפּען לאַנגזאַם שווער אָנגעלאָדענע פורן, און מעשונעדיק סקריִען ליידיקע דראָגעס, האַקען זייער אייגענעם באַלעגאָלע, אַז ער שפּרינגט אוף קעסיידער. דער „פאַרנומענער" שאָסיי האָט זיך דאָך פייערלעך אָנגעצויגן פאַר דער לאַנגער און ברייטער מאַכנע און האָט האַרמאָניש געציילט דעם לוסטיקן טאַקט פון זייערע פעסטע און זיכערע טריט... האָבן פורלעך אָפּגעקערט פון וועג און דראָגעס זיך אַוועקגעשאַרט אין א זיַיט.

— גייען מיר!..

— מיר גייען!..

זאָגן רייען צו רייען.

גייט א מאַכנע ברייט און האָפעדיק, און א גאַרדאַווי אַפן פּאָסטן אין גאַס רוקט זיך אָפּ באַשיידן, ווי פון א כוואַליע, וואָס פלייצט. בא דעם גרויסן בריק זיַינען זיי צוויי. איינער — פאַרן בריק, דרייט זיך אַרום בא א נידעריקער קיַילעכדיק אויסגעהויערטער שטיינערנער טומבע. און דער צווייטער — בא דעם שמאָלן, הויכן ביַידל

געפּאַרבט אינ קרומע פּאַסנ, אוועקגעשטעלט באַמ אָנהייב פּאַרענטשע פונ בריק לעבנ ערשטנ לאַמטערנ. א גאַרדאָווי מיט צוויי מעדאַלנ באַמבלענ זיכ אַפ זײַנ ברייטער אָנגעפּאַקטער ברוסט. מיט דעמ פּײַפל גרייט אינ דער האַנט שטייט ער אָנגעצויגנ אונ שטרענג אַפ דער וואַכ... ניט אומזיסט באַקומט מענ מעדאַלנ.

קלאַפּנ נאָכ הילכיק הונדערטער טריט איבער די שטיינער פונ שאָ־סיי, אונ צענדליקער פּיס טרעטנ שוינ אויפ האַרט אַפנ בריק אונ צע־וויגנ די אויסגעבעטע ברעטער. גלאָצנ דערויפ אויגנ וואַכישע, שפּירנ־דיקע, אונ וואָנצעס האַרטע, שטעכיקע זײַנענ אָנגעדרודלט איבער ליפּנ דיקע, פּאַרלאָרענע... קרימט דערויפ א קאָזירעק א גלאַנציקער אונטער א קאָקאַרדע א געמאָלטער, וואָס איז מאַכט אונ הערשאַפט, קאָנ באַפעלנ, אָפּשטעלנ... וואַכט דאָס פּײַפל, דרייט זיכ אינ ניכפּע אינ האַנט, וואָס קאָנ אָנעמענ אונ פּאַרהאַלטנ... האָט זיכ דאָס וואָנציקע מויל צע־מורמלט שטרענג אונ וואָגיק:

— אונ דאָס וואָס איז?

— אנו, טרעפ! — קערנ זיכ אומ אײנע לעבעדיקע, לוסטיקע.

— מיר גייענ! — זאָגנ אַנדערע אינ גאַנג אינ טאַקט, ניט אומגע־קערט.

דער גאָרדאָווי פּאַרנ בריק קוקט אַפנ גאָרדאָווי אַפנ בריק — קוקט אונ וואַרט.

אונ רייענ דערנענטערנ זיכ שוינ צו יענער זײַט בריק, לויפנ אָנ אינ הויפנס צו די שמאָלע טרעפּלעכ צומ וואַל ארופ, שפּרינגענ אופ אינ גערודער אונ געטומל. אונ אַפנ ברייטנ וואַל אָרדנענ זיכ ווידער רייענ אונ רייענ, שפּאַנענ ברייט אונ לאַנג — מונטערע אונ פריידיקע.

האָט א בריק גערוט פונ צעוויגונג, האָבנ גאָרדאָוויעס דעמ אָטעמ אָפּגעצויגנ — אבי שוינ דורכגעגאַנגענ... איז דער יינגערער צוגעקומענ צומ עלטערנ, האָט מיטנ קאָפּ א שאָקל געטאָנ אהינ, ווו טרעפּלעכ זײַנענ פּאַרקוועטשט צווישנ פּאַרענטשעס אַפנ גראָזיקנ גרונט צומ וואַל ארופ.

— וואָס איז עס?

— ווייסט זיי דער טײַוול! דאָרטנ וועט מענ שוינ דערגיינ...

— ווו דאָרטנ?..

— אויבנ... זיי זײַנענ אוועק אַפנ וואַל...

— פארבײַ זײַנ עקסעלענצ... — דער יינגער שטייט אינ פראָנט, רעדט שטיל.

— נו—ו... — טורמלט דער עלטערער בייז פונ אונטער די אָנגע־דרודלטע וואָנצעס,—אהינ וועלנ זיי קיינ האָזעו ניט האָבנ... — אונ ער שטעלט אויס נאָכ מער פאָרויס זײַנ אָנגעפאקטע ברוסט מיט די מעדאלנ.

3

האָט מענ זיכ א ווײַלע פארהאלטנ באמ קליינעמ גאָרטנדל אפנ ברייטנ פלאצ צווישנ דעמ גובערנאטערס מויער רעכטס אונ די פאַ־לאטעס — לינקס. נאָר מיטאמאָל האָבנ זיכ אקסלענ א קגייטש געטאָנ, אונ קני א קנאק געגעבנ — רעכטס! אפ דעמ גלאט ברוקירטנ אינ שטיל ליידיקנ פלאצ, ווו פורנ אונ פורלעכ מײַדנ אויס, ליידיקע אונ אָנגעלאָדענע, ווו איינצלנע דרײַסטערע דורכגייער האלטנ זיכ שטילער, שארנ זיכ זײַטיק ווו ס'איז זויבער אופגעראמט — פאר א גאנצער שטאָט! דער גובערנאטער האָט ליב ריינ. אונ שטיל, אזוי שטיל! — זײַנענ דאָ טריט געוואָרנ אזעלכע הילכיקע, אונ מארשירנדיקע האָבנ זיכ דערפילט אזוי געהויבנ — געוואגט, אונ פײַערלעכ-שטאָלצ.

דער גאָרודאָווױ אפנ פלאצ, א הויכער, אויסגעפוצט אונ גלאנציק, מיט אראָפגעלאָזטע הענט אינ ווײַסע הענטשקעס — א לעבעדיק פאַ־ראד-שילד פונ דער הויכער מאכט אינ דעמ לענגלעכנ מויער, — האָט אינ פלוג א פאָר טריט מיליטעריש געמאכט אהינטער צו דער שוועד צוגעמאכטער טיר פונ ארײַנגאנג.

די פענצטער פונ אויבערשטנ גאָרנ—דעמ גובערנאטערס וווינונג — האָבנ אויסגעזענ בלינד, פארהאנגענ מיט שווערע גארדינענ צו דער גאס. די פענצטער פונ אונטערשטנ גאָרנ — די קאנצעליאריע פונ דער גאנצער גובערניע, האָבנ שוידעריק נאָכגעפלאטערט, בלענצלענדיק מיט זויבערע שויבנ. צוויי פענצטער אָפענע האָבנ צערודערט אופגעציטערט. האָט זיכ אינ איינ פענצטער באוויזנ א פליכ, א גלאנציק־ראָזעווער, דערנאָכ — אנ אָפגעטראָגנ צעקנייטשט פאָנעמ, ווי א פארלעגענער קיר־בעס, אונ צולעצט — א שווארצ־סאמעטענער קראגנ, אנ אָנהייב פונ א וויצמונדיר, אָנגעצויגנ אפ א שווערלעכנ אונ פוילנ אלטנ קערפער דאָרטנ אינוויינ־יק, וואָס האָט זיכ געטיטלט: „רעגענט פונ קאנצע־

ליאריע". אינ צווייטנ אָפּענעמ פענצטער האָט מיטאמאָל זיכ ארויסגעוואָרפנ א קורצ געשאָרנ קאָפּ, א שמאָלער שטערנ, פלינקע אויגנ אונטער פענסנע אפ א שפּיציקער נאָז, צווישנ שמאָלע, שיטערע אונ בלאָנדע באקנבארדנ, אונ גאָלד־פינקלענדיקע קנעפּ אפ א אוניפאָרמ־ראָק פונ טשע־סו־טשא. האָט דער אלטער צוגעקוקט אומצופרידנ, געבלאָזנ זיינ ברייטע נאָז, ווי געסאָפּעט איבער א דיקער פאפקע פּאפירנ... אָט איז דיר אנ ארבעט!.. דער יונגער האָט מיט דורכדרינגענדיקע בליקנ די גלעזלעכ פונ די פענסנע געשלייפט, אונ אלס „באאמטער פאר באזונדערע איניאָנימ" שטארק געקנייטשט זיינ שמאָלנ שטערנ. אונ ביידע, געגיטע אינ געהיימע צירקוליארנ, האָבנ זיי יעדערער פאר זיכ געטראכט:

„דאָס איז עס... א מאניפעסטאציע... א דעמאָנסטראציע"...

אונ איינער דעמ אנדערנ האָט ניט געוואגט ארויסצוזאָגנ הויכ. דער אלטער האָט דערופ געברויכט א שריפטלעכע מעלדונג, א ראפּאָרט... אונ דער יונגער האָט עס שוינ געהיימ צוגעשטוקעוועט צו נאָכ געהיימערע יעדיעס אונ קלאנגענ...

די פּראָצעסיע איז אוועק פארביי דער שטאָט־דומע, דער וועכטער אפנ טורעמ האָט עס פונ דער הייכ גלייכגילטיק אָנגעקוקט: „קיינ רויכ איז ניטאָ"...

זיינענ זיי אריינ אינ דער גרויסער גאס, וואָס הייבט זיכ אָנ מיט א שמאָלנ דורכגאנג, מיט יוכט־קראָמענ אונ קרעמלעכ פונ ביידע זייטנ, מיט טירנ אָפענע אונ טירנ אינווייניקסטע האלב־אָנגעגלאָזטע צוגעמאכטע. גייט מענ פארביי — שמעקט באקאנט אונ היימלעכ: „יוכט"... זיינענ קוינימ ארויסגעלאָפנ אפ די טרעפּלעכ, אונ קרעמער האָבנ זיכ ארויסגעשטעלט אפ די שוועלנ.

— ניט קיינ פּריזיוווניקעס?..

— אונ ניט קיינ עטאפּ אזא גרויסער פונ ערגעצ?..

דער יונגער צייטליג איז גלייכ אראָפּגעשפּרונגענ אלע טרעפּלעכ פונ קרעמל, זיכ אריינגעוואָרפנ אינ די רייענ פונ די מארשירנדע, האָט געזוכט עפּעס באקאנטע פענעמער, אונ האָט גיכ געפרעגט איינע אונ די אנדערע:

— איז טאקע אנ עמעס? — האָט איר טאקע געמאכט א שטרייק, אלע? אנ עמעס?

— וואָס הייסט אַנ עמעס? — האָט עמעצער געפרעגט אונ זיך ניט אָפּגעשטעלט.

— הוטנער האָט הײַנט געזאָגט, — האָט צייטלינ זיך געפּלאָנטערט צווישנ די רייענ, — הוטנער האָט שוינ געהעכערט דעם פּרײַז אַפ האַמבורג אונ סיגאַרנ... דערווײַל וויל ער אַרײַנכאַפּנ אַפ יאַקרעס...

אינ די רייענ האָט מענ געלאַכט. מ'האָט די נײַעס געשווינד איבערגעגעבנ איינע די אַנדערע פאָרויס אונ אַהינטער. אינ רייד אונ לאַכנ איז מענ אַרויסגעקומענ צו דער פּאָסט, ווו די גאַס ציט זיך ווײַטער ברייט אונ איז מאָדנע יאָנטעוודיק אַלע טאָג אונ אינ יעדער שאָ. שטיל אונ פרײַ, אָנ קראָמענ אונ מאַגאַזינענ, א שטיק גאַס וואָס קאָנקורירט מיט שטאָטישע בולוואַרנ, אונ אינ די פאַרנאַכטנ, אַפילע אינ די זומערדיקע, זײַנענ דאָ די טראָטואַרנ פונ ביידע זײַטנ פול מיט שפּאַצירנדע. שטיל אונ ראַכוועסדיק! האָט עס א נעמ געטאָנ דעם אוילעמ. האָבנ זיך רייענ אויסגעגלײַכט, אַקסלענ זיך אָנגעצויגנ, אונ טריט האָבנ א קלאַפּ געטאָנ, ווי אַנ אָרקעסטער.

— א שאָדנ, וואָס מיר האָבנ דאָ ניט די פאָנ... — איז מאָטל צוגעשפּרונגענ צו זאַלמענענ.

Вихри враждебные веют над нами...

האָט זאַלמענ דערויפ אָפּגעענטפערט מיט זײַנ שטאַרקנ קאָל. האָבנ רייענ אונטערגעכאַפּט דרייסטער אונ העכער. אונ אַלע אײנײנעמ האָבנ מיט מונטערע טריט, ווי מיט פּויקנ אונ טאַצנ, אינ טאַקט א קלאַפּ געטאָנ אינ געזאַנג.

האָט א גאַס זיך דערלויכטנ אינ פרייד אונ גלוסט, זײַנענ הויפנ פול געוואָרנ מיט געדרודער.

אינ מענערגימנאַזיעס האָט מ'ענ פרי פאַרענדיקט די לעקציעס אינ די ערשטע טעג פונ לערניאָר, האָבנ שילער געײַלט א כאַפּ טאָנ א היטל, אַרויסלויפנ אַפנ גאַס, האָבנ אַנדערע אַפ אַהינטער זיך א שאַר געטאָנ צוריק אינ הויפ אַרײַנ, אונ אַנדערע אָבער האָבנ זיך פרייליק צערוישט א לאָז געטאָנ אַנטקעגנ:

— הוראַ!..

האָבנ פענצטער אינ די רייענ געקוואָלנ, אונ דאָס געזאַנג — זיך געהעכערט.

גימנאַזיסטנ צו די רייענ האָבנ זיך צוגעטוליעט, ווי בלויע בלימע-

לעב אינ א קאָרנ-פעלד. גאָרדאָנ פונ לעצטנ קלאס האָט צעפלאַמט אָנ-געהויבנ: В н-о-гу ребята, идите!..

אונ אלע נאָכ אימ האָבנ גערנ אופגעכאפט אונ מענ איז אוועק צוריק ביז דער פּאָסט.

— נו, כעוורע, ועגנוג! — האָט זאלמענ א האנט אינ דער הייכ געהייבנ.

— געוויזנ זיכ פאר ישטאָט, — האָט שלוימקע צוגעגעבנ.

— זאָלנ זיי זענ ושטרייקער, — פרייט זיכ מאָטל צו נאָטקענ.

— כא—כא, אונ דער גאָרהאָווי אפנ בריק האָט ניט געוווסט, ווער אונ וואָס..

— וועט ער כאפנ א דריטנ מעדאל...

— דער גובערנאטער האָט געזענ אונזער סימכע?..

— דער „פראוויטעל" געווים...

— אויכ יויצע... איז א היים?..

האָט מענ זיכ אינ ווערטלעכ אונ געלעכטער צעזייט אונ צעשפרייט אינ הויפנס אונ גרופעס, צופרידענע אונ לוסטיקע אוועק אינ גאסנ אונ געסלעכ, מיט אלע וועגנ אונ שטעגנ צעטראָגנ פרייד אונ מוטיקנ הויכ.

4

פארנאכט אפנ שפאציר — אפ די טראָטוארנ אינ דער גרויסער גאס אונ אינ די בולווארנ, האָט געטומלט אונ געהוזשעט אינ דער שטיל אונ נאָכאנאנד.

— א שטרייק, — די גארבער פונ אלע גארבערייענ...

— א דעמאָנסטראציע... פינפ הונדערט מאנ אינ איינ דעמאָנסטראציע..

— אלע גאָרהאָוויעס פונ די גאסנ צעטריבנ...

— בא איינ גאָרהאָווי אראָפגעריסנ די מעדאלנ אונ אריינגעוואָרפנ אינ דניעפער...

— א גימנאזיסט האָט אראָפגעריסנ דעמ הערב פונ זיינ היטל אונ אריינגעשליידערט צומ גובערנאטער אינ פענצטער...

קוילעס ווערנ געהיימער, ווערטער — שטילער...

באלעבאטישע פאָרלעכ, וואָס האָבנ שוינ נעכטנ אונ אייערנעכטנ

אין שטומיקע פויל געשפאצירט — האָבן זיך איצט אזוי גערן איינ־טונקעלע סוידעס איבערן קאָפּ געטוקט.

— היגע און אָנגעפּאָרענע סאָציאַליסטן ווילן פאַרנעמען די פּאָסט, און איבערלייענען אַלע בריוו... הײַנט באַטאָגן צוויי מאָל אָנגעלאָפן צו דער פּאָסט... באַנאַכט שפּעט וועלן זיי ווידער קומען...

— דעם בירזשוואָך אָפּגעשטעלט... מאָרגן שטעלט מען אָפּ די פּאַ־פּיראָסן־פאַבריק...

— זיי שרײַבן אויס ארבעטער פון מינסק מאכן דאָ א גרויסן שטרײַק... מ'האָט ארויסגערופן סטודענטן פון מאָסקווע — מאכן דאָ א פּאָר רעכטע דעמאָנסטראַציעס...

גימנאַזיסטן און רעאַליסטן זײַנען אין דעם פאַרנאַכט — גראָד אזא הייסער! גיט געגאַנגען באָדן זיך, האָבן זיך צעטומלט געטראָגן איבער די טראָטואַרן, געזוכט און אויסגעפרעגט, ווו קאָן מען צו־שטיין צו א דעמאָנסטראַציע...

פאניע האָט זיך איבערגעביטן מיט א וואָך אין פרויען־שפּיטאָל בײַ דער איקושערן־שול, און איז געלאָפן זוכן נאָכעמען — פאַרוואָס האָט ער ניט געוווּסט וועגן דער דעמאָנסטראַציע און האָט איר ניט אָנגעזאָגט פריִער...

און אינאָוונט און אין דער נאַכט איז פאַרמעגלעכע הײַזער און אין רײַכע מויערן האָט א ציטער געשוועבט און אומרו פּלעגט צומורמלען:

— שוין דאָ אויך... ס'הייבט זיך אָן... און צו וואָס ס'וועט נאָך דערגיין, אז „זיי" האָבן זיך א ריר געטאָן...

האָט מען פאַרזאָרגט באַטראַכט די גוטס אין דער היים און דאָס אייגנס אין די געשעפטן. פעסטער און זאָרגזאמער האָט מען צוגע־מאַכט פענצטער און טירן.

אין שטיבער און שטיבלעך אין די אונטערשטע גאַסן האָבן פאָ־טערס און מוטערס שטיל און ווערטער געזוכט קעסיידער די עלטערע קינדער, אַרבעטער — צי זײַנען שוין אַלע אין דער היים... צי פעלט ניט באַלילע עמעצער...

און אין זאָרג פאַר נעפּאשעס באַגעגנט מען אין שוידער:

— הא, ווו געווען, אזוי שפּעט?.. מאָרגן גייסטו אַרבעטן?.. ווו גייט מען דאָס ארום באַנאַכט?!..

שטאָט קומט אין אומרו.

# VII. באַמ גובערנאַטער

## 1

דער גובערנאַטער האָט געלאָזט אָנזאָגנ דרינגנד, אַז חער זשאַנדאַרמסקי פּאָלקאָווניק אונ דער פּאָליצמייסטער זאָלנ זײַנ בא אימ צו צענ אַזייגער אינדערפרי.

„צו צענ אַזייגער"... — האָט דער פּאָליצמייסטער זיכ אומרויִק פאַרוווּנדערט אינ שרעק אונ פאַרלעגנהײַט. — אַז צו צוועלפ אַזייגער ברויכט מענ סײַוויסײַ גײנ צו זײַנ עקסעלענצ — מיטנ ראַפּאָרט, ווי אַלע טאָג... איז — דרינגנד!.. צעטראָגנ אונ אומרויִק האָט ער ניט געהערט, וואָס דער געהילפ־פּאָליצמייסטער האָט אימ געמיטלעכ דערציילט וועגנ האַמצאָעס פונ גאַנאָווימ:

— אָט זײַנע מאַזוריקעס — האָט ער זיכ אַזש באַגײַסטערט, — אַרויסגעגאַנוועט, אונ קיינ טיר אונ פענצטער ניט געעפנט. ווי אַ רוּעכ — אַרײַנ אונ אַרויס...

דער פּאָליצמייסטער מורמלט צעטומלט: „זײַנ עקסעלענצ... זײַנ עקספעלענצ"..

— זײַנ עקסעלענצ אויכעט?! — האָט זיכ דערשראָקנ אופגעשטעלט דער געהילפ, וואָס איז ספּעציעל געווענ פאַרטאָנ אינ אויספאָרשנ גנייוועס, — נאָכ אַ שפּיצל אַרויסגעוואָרפנ: די מאַזוריקעס!.. זײַנ עקסעלענצ באַגאַנוועט!?..

— האַ־אַ? באַגאַנוועט זײַנ עקסעלענצ, מיינט איר? — האָט דער פּאָליצמייסטער איבערגעפרעגט, — ר'האָט מיכ טאַקע דרינגנד אַרויסגערופנ.. נעמט זשע אָנ אַלע מיטלענ! איכ גיי... אָבער אַלע מיטלענ!.. כ'וועל זאָגנ... פונ אונטער דער ערד דאַרפ עס ווערנ!.. איוואַנ פּעטראָוויטש, פירט מיכ ניט אונטער...

פאַרבײַפאָרנדיק האָט זיכ דער פּאָליצמייסטער אָפּגעשטעלט בא זײַנ הויז, איז אַרײַנגעשפּרונגענ אַהיימ אונ ווייסט ניט צו וואָס. גאָר דורכלויפנדיק אַלע צימערנ, האָט ער זיכ בא אַלע הייליקע בילדער געציילעמט, אינ אַלע שפּיגלענ זיכ אָנגעקוקט, אָפּגעצויגנ דעמ געהאַפטנ קראַגנ, וואָס האָט עפּעס מאָדנע איצט געקוועטשט, אָפּגעגלעט דאָס אָנגעבלאָזענע ברוסט, וואָס האָט זיכ גראָד געקנייטשט, אַ נעמ געטאָנ

מער צו פאַרנעמט די שפּאַגע, וואָס האָט זיך פֿאַרדרייט אַהינטער, און איז אַרײַנגעשפּרונגען אין שלאָפֿצימער, ווו זײַן פֿרוי, ערשט פֿון בעט אַרויס, האָט נאָך געהאַלטן דעם באַלאַכאָן אין די פֿינגער אין אַ זײַט פֿון זיך.

— אַ־אײַ!—האָט זי עפּעס אַ געשריי געטאָן, האָט צעשלײַדערט דעם באַלאַכאָן אין איין זײַט, און זיך — אין דער אַנדערער זײַט.

— טײַערינקע!..

— כ'האָב געמיינט...

ער האָט ניט געפֿרעגט וואָס זי האָט געמיינט.

— זײַן עקסעלענץ האָט דרינגענד אַרויסגערופֿן... מ'האָט אים באַגאַנוועט, מיינט איוואַן פּעטראָוויטש..

זי האָט זיך פֿויל אַ קער געטאָן און נאָך פֿוילער אַרויסגעלאָזט ווייכע טויגיקע ווערטער פֿון דיקע ליפּן, וואָס האָבן זיך איינס אָן דאָס אַנדערע געפּאַטשט, ווי צוויי לייזע טויגלעך:

— איוואַן פּעטראָוויטש איז אַ שוטע... בײַ אים איז נאָר גנייוועס... מיט דאַמען רעדט ער אויך בלויז פֿון גנייוועס... כאַ־כאַ!.. איוואַן פּעטראָוויטשן האָסטו באַדאַרפֿט שיקן צו מיר. מסתּמא עפּעס אַ צירקוליאַר פֿון פּעטערבורג...

דער פּאָליצמייסטער האָט די אויגן אויסגעשטעלט אויף דער פֿרוי, וואָס איז שוין געווען אין באַלאַכאָן — פֿול, ווייך און צעשוואָמען. האָט אים אַ בריי געטאָן אַ גרויסע באַק, די, וואָס צו אים — אַ רויטע, וואַרעם אָנגעלעגן, ווי אַ צוגערוימטער קוילעטש ערשט פֿון אויוון, האָט ער עס גיך אַ קוש געטאָן.

— יע, נעשאַמינקע מײַנע, דו ביסט גערעכט...

און איז אַרויסגעלאָפֿן. און ברייט און געהויבן אַרײַנגעזעצט זיך אין זײַן פֿאַעטאָן מיט דער פֿריידיקער מאַכשאָווע: צוויי פּאָליצמייסטערס (איוואַן פּעטראָוויטש איז דאָך שוין אָט־אָט אויך אַ פּאָליצמייסטער) האָבן זיך ביידע צערודערט און ביידע פֿאַרבלאָנדזשעט.. און אַ רויִקע פֿרוי איז באַם גראָדן ווע...

2

אין אופֿנעם־צימער איז געווען המיטרי פּאַוולאָוויטש, באַאַמטער פֿאַר באַזונדערע איניאָנים, אַן אָנגעצויגענער, אַ שווײַגנדיקער, באַל־

איז אַרײַנגעקומענ דער זשאַנדאַרמסקי פּאָלקאָווניק מיט פעסטע טריט אונ מיט עקסטרא געקלינגערײַ פונ די שפּאָרנ. „דאָס זײַנענ בײַ אימ שטיוול אַזעלכע...״, פלעגט שטענדיק טראַכטנ דער פּאָליצמײַסטער, וואָס האָט בײַ זײַנ גאַנצנ ווילנ ניט געקענט נאָכמאַכנ אַזעלכע טריט. ער האָט געוואָלט אַמאָל פרעגנ בײַ אימ: „ווער נײט אימ שטיוול?״ נאָר ער האָט ניט געוואַגט — צופיל פאַמיליאַר... אַט — פאַלט אימ איצט אײַנ: די „נעשאַמינקע״ זאָגנ: ווענ איר זאָל דאָס אינטערעסירנ, וואָלט זי גלײַכ געזאָגט:—„סערגײ מיכײַלאָוויטש, ווי איז דער אַדרעס פונ אײַער שוסטער?״.

— אײַער... — האָט ער זיכ אויסגעגלײַכט אונ אויסגעצויגנ, — דערלויבט צו פרעגנ — אײַכ אויכ צו צענ?..

— דרינגנד אַפילע... — מיסטאָמע פונ פּעטערבורג עפּעס...

דער פּאָליצמײַסטער איז פרײלעכער געוואָרנ אונ לײַכט אויפגעטראָטנ אינ אײַנ זײַט צימער—א הויכער, אַנ אויפגעהאַלטענער מיט א שטילנ קלאַנג פונ שפּאָרנ, האַרט צוגענעגלט צו ברײטע נידעריקע קנאַפּל, אונ דער פּאָלקאָווניק האָט געשפּאַנט שווער צומ אַנדערנ זײַט א מיטלוווקסיקער, א גלאַנציקער אינ בלויע געוואַנטנ, באַזילבערט אונ באַגילט מיט קאַנטנ, שנורנ אונ עפּאָלעטנ, וואָס האָבנ געטרײסלט מיט פינקל אונ געקלינגערײַ, אונ שפּאָרנ ברײטע, ווי צוואַנגענ, ווײַט צוגעקלאַפּטע צו הויכע אונ שמאָלע קנאָפּל, האָבנ ווי אַפּצולאָכעמ געראַשט אונ געראַדערט.

דמיטרי פּאַוולאָוויטש איז אַרויס אינ טיר, וואָס צו די ווײַטערע אינוווײניקסטע צימערנ, אונ באַלד האָט ער פונ יענער זײַט ברײט אונ געשיקט דורכגעלאָזט דעמ גובערנאַטער, איז נאָכ אימ אַרײַנ, ווי א שאָטנ געשלײַכט, האָט צוגעמאַכט די טיר אונ האָט זיכ אויפגעמערקירט לעבנ אונ הינטער זײַנ עקסעלענצ.

אָפּגעקלאַפּט מיט זוילנ אונ קנאַפּל אונ אָפּגעקלונגענ מיט שפּאָרנ האָבנ זיכ אַנטקעגנ אויסגעשטעלט אויסגעצויגנ — דער פּאָלקאָווניק אונ דער פּאָליצמײַסטער.

דער גובערנאַטער א ציווילער, אינ א ציווילנ קורצנ ראָק מיט פּאַרקײַלעכדיקטע ברעגנ, אינ שוואַרצע לאַקענע שיכלעכ — א מיטלוווּקסיקער, ניט קײנ ברײטער, א באַוועגלעכער אונ פלינקער — האָט איצט אַנטקעגנ זײ אויסגעזענ נאָכ קלענער אונ מאָגערער. טונקל-גרויע

קורץ געשאָרענע האָר אפֿן קאָפּ, טונקעלע קורצע וואָנצעס, און גרוי-
סע קלוגע אויגן מיט אַ שאַרפֿן אויסדרוק. ער האָט אַ הייב געטאָן דעם
קאָפּ און, ווי זײַן שטייגער, גלײַך אין פֿינטל געצילט:

— איך האָב די ערע צו ראַפּאָרטירן!.. — ער האָט דערבײַ מיט
איין האַנט גיך אומגעשאָקלט פֿון אומגעדולד צו זײַנע אייגענע ווער-
טער, — איך ראַפּאָרטיר אײַך: אין שטאָט רודערט.. שטרײַקן... דע-
מאָנסטראַציעס... האָבן אײַך דען אײַערע באַאַמטע ניט מיטגעטיילט
וועגן דעם?.. מיר מײַנט — אויך ניט...

גערעדט האָט ער דאָס גיך, ווי איינער מיט אַ טעמפּ פֿון טויזנטער
ווערטער אין אַ שעה.

ער האָט אַ ווײַלע אָפּגעוואַרט און אָנגעקוקט די פֿאַרלאָרנקייט פֿון
די אָנגעצויגענע, גרויסע און וואָגיקע פֿאַרשוינען. ער האָט צו זיי
קיינמאָל קיין באַזונדערע ערע ניט געהאַט. אליין פֿון דער יוסטיץ, אַ
געוועזענער פּראָקוראָר, האָט ער דעם פּאָסטן פֿון אַ גובערנאַטאָר אָנ-
גענומען צײַטווײַליק, קעדיי לײַכטער אַריבערצוגיין אין סענאַט, —
און די מעגושעמדיקע „גוילעמס“ קאָנען נאָך אים אפֿן וועג זיך
ליגן, ווי שווערע קלעצער... אַרײַנפֿירן זײַן גובערניע אין רעיִסטער
פֿון „אומרויִקע“...

— דמיטרי פּאַוולאָוויטש, — האָט ער זיך שנעל אַ קער געטאָן
צום ספּעציעלן באַאַמטן, — נעכטן פּונקט דרײַ?

— פּונקט דרײַ, אײַער עקסעלענץ.

— איז די דעמאָנסטראַציע דורכגעגאַנגען פֿאַרבײַ מײַנע פֿענצ-
טער!.. איך קאָן אײַך ראַפּאָרטירן... הונדערטער מאַן... אין רייען..
אָרגאַניזירט..: פֿאַרבײַ מײַנע פֿענצטער!..

יענע האָבן שווער געבויגן די קעפּ.

— און שטרײַקן... אין צײַן פֿאַבריקן... באַ הוטנערן—אין דרײַ
פֿאַבריקן... אַ פֿאַרנעמער ייִד, אַ סויכער, אַ פֿאַבריקאַנט. הוטנער,
רופֿט זיך.. געוויסע יעדיעס באַם רעגענט פֿון מײַן קאַנצעליאַריע... ער
ווייס אויך — צוליב באַקאַנטשאַפֿט — פּערזענלעך באַקאַנט... האָט
ער מיט כוויזעק געוואָרפֿן.

— אײַער עקסעלענץ, איך האָב שוין יעדיעס... — האָט דער פּאָל-
קאָווניק אָנגעהויבן ניט דרייסט, — נעכטן אין אָוונט האָבן מיר שוין
באַקומען יעדיעס.. דער אינזשענער אינגאַטעץ איז בײַ מײַן אַדיוטאַנט...

עס וועט צוגעשטעלט ווערן אַ גענויער ראַפּאָרט... מיר רעכענען, אַז דאָס שטאַמט...

דער פּאָלקאָווניק האָט אויסגעשטעלט זײַנע ברייטע אַקסלען און די שנורן האָבן זיך אָנגעצויגן: — אײַער עקסעלענץ, אויב ס'איז דערלויבט... — האָט ער מיט די אויגן אַ פֿיר געטאָן אויפֿן פּאָליצ-מייסטער און אויפֿן ספּעציעלן באַאַמטן, וואָס באַטײַט: צי איז אים דערלויבט צו רעדן פֿאַר די...

דער גובערנאַטאָר האָט מיט ביטל אַ מאַך געטאָן מיט איין פֿינגער.

— איך האָב ידיעות פֿון מאָסקווע און פֿון פּעטערבורג...

— פֿון אַזוי ווײַט האָפֿט ער ידיעות!.. דערפֿאַר — פֿאַרשפּעטיקן מיר אויף די ערטער...

דעם שפּאָט פֿון די ווערטער האָט נאָר דער ספּעציעלער באַאַמטער פֿאַרנומען און — שטיל זײַנע ליפּן און גלאַט איז אַ פּאָנעם.

— שוין לאַנג ידיעות באַקומען — אַכטונג צו געבן... און מיר האָבן גענומען אונטער אויפֿזיכט, — האָט דער פּאָלקאָווניק זיך ווידער געטומלט און נאָך מער געדרייטלט. — אַ ראַפּאָרט וועגן דעם לויט אײַער באַפֿעל קאָן צוגעשטעלט ווערן צו מאָרגן... דער אינ-יגן אינגאַנצן איז באַם אַדיוטאַנט...

דער גובערנאַטאָר האָט זײַן באַוועגלעכן פּאָנעם געקרימט.

— און דער באַלעבאָס פֿון שטאָט וואָס זאָגט? —

— אײַער עקסעלענץ...— האָט דער פּאָליצמייסטער זיך אַ טרייס געטאָן, — שולדיק! כ'האָב ניט באַוויזן דורכצוקוקן אַלע ראַפּאָרטן פֿון די פּריסטאַווס..

— אַלץ ראַפּאָרטן... און די עצם-ידיעות, אײַערע... — האָט ער זיך אַ קער געגעבן צום פּאָלקאָווניק.

— יע, יע, עס שטאַמט פֿון די... מיר האָבן ידיעות, אַז היגע סטודענטן, וואָס לערנען זיך אין מאָסקווע און פּעטערבורג, זײַנען דאָרט פֿאַרמישט אין אָרגאַניזאַציעס קעגן דער רעגירונג... איצטער זײַנען זיי דאָ, אויף קאַניקול... מ'האָט דערנאָך גענויער מיטגעטיילט פֿון פּעטערבורג און פֿון מאָסקווע...

— אַלץ פֿון דאָרטן... — האָט דער גובערנאַטאָר זיך אָפּגערוקט ווי פֿון איבל.

— אַז דער סטודענט פּעטראָוו...

— פּעטראָוו?! גריגאָרי מאַטוויִעוויטשעס זונ?...— האָט דער גובערנאַטער איבערגעריסנ ניט אַזוי פאַרוווּנדערט, ווי פאַרדראָסיק. ער, אַלס פּאָפּעטשיטעל פונ פרויענ־גימנאַזיע ברויכט נאָכ צו באַגעגענענ זיכ מיט אַזאַ פאָטער, וואָס איז אינספּעקטער, זײַנ אײגענע טאָכטער לערנט דאָרטנ — בא אים!...

— האָבנ מיר גלײַכ אויסגעפאָרשט, צונויפגענומענ ידיִעס. פּעטראָווס פאָטער איז אינספּעקטער פונ גימנאַזיע, פאַרמאָגט אַ פאָלוואַרק, פאַרברענגט קאַניקול־צײַט „אינ שויס פונ דער נאַטור". דער זונ רוט אָפּ אינ דער פאַמיליענ־סוויווע, אינ שטאָט קומט ער ניט... אַזוי האָבנ מיר אָפּגעשריבנ, אונ דער איניענ איז פונדעסטוועגנ בא אונדז פאַרבליבנ... פונ פּעטערבורג האָט מענ אונדז צו וויסנ געגעבנ, — צערעדט זיכ דער פּאָלקאָווניק נאָכ ברייטער, — וועגנ אַ קורסיסטנ גינזבורג... האָבנ מיר שוינ אַלע ידיעס: דער פאָטער אַ סויכער, אַ גרויס געשעפט, אַנ אָנגעזעענער מויער, אַ טאָכטער אַנ אייניינציקע — מיט פּעטראָוונ צוזאַמענ ניט באַמערקט... אינדערפרי גייט זי זיכ באָדנ אינ די קופּאַלניעס... גייט אָפּט צו נייטערנס — מיסטאָמע לאָזנ נייענ פאַר זיכ קליידער צום וועג אָפּ די קורסנ... האָבנ מיר אַזוי געמעלדעט, אונ דעמ איניענ איבערגעלאָזט בא זיכ — באַמט אַדיוטאַנט... אונ נאָכ איז פאַראַנ אַ מעלדונג — האָט ער זיכ נאָכ מער אויפגעלעבט — וועגנ אײנעמ אַ סטודענט אַ „זשיד", אַ פאַמיליע מיסטאָמע אָפּ „שטיינ" — אומבאַקאַנט... אַנ אָפּגעריסענער סטודענטל, וואָס גיט לעקציעס אַפילע אינ וואַקאַציע־צײַט...

דער גובערנאַטער האָט אויפגעהויבנ אַ האַנט: ווײַטער הערנ — האָט ער קיינ מינדסטנ כיישעק ניט. צוליב דעמ אײגנטלעכ אויכ האָט ער פאַרלאָזט זײַנ פּאָסטנ אַלס פּראָקוראָר, ווײַל ס'האָט אימ אויסגעפעלט געדולד אויסצוהערנ רעדעס פונ גלענצנדע אונ ניט גאָר גלענצנדע אַדוואָקאַטנ.

— אינ געזעצ איז געזאָגט, — האָט ער אינ אַ ווײַלע אַרומ זיכ אומגעקוקט צו זיי בײדנ אונ געזײַט מיט בײדע הענט פונ די פינגער, וואָס זײַנענ צונויפגענומענ געווענ אינ אָפענע הויפנס, — אינ געזעצ איז דײַטלעכ: — „באַוואָרענענ אונ איבערהאַקנ"... לעכאַטכילע — באַוואָרענענ... דער איקער! אַ פאַרברעכנ איז צו דערלאָזנ פונ

אנהייב! נאכלעסיקייט און פארברעכנ... און איבערהאקנ! — האט ער זיכ נאכ מער אנגערוקט אפ זיי, — איבערהאקנ! דרינגענדע מיט־לענ, שטרענגע — אפ איבערהאקנ! קייגעמ ניט געשוינט! קיינעמ! א שטאט אינ אומרו... שטרייקנ אגגרא... דעמאנסטראציעס אינ העלנ טאג... כוצפעדיקע!.. א גובערניע פארפעסטעט.. דרינגענדע מיטלענ! איר האט צו טאנ מיט די פעסטונגענ פונ דער מעלוכע! ניט געשוינט! שטרענג! און — מיטיילנ מיר...

ער האט זיכ קוימ פארנייגט, און זיכ א קער געטאנ, איז שוינ די טיר ברייט געווענ אופגעפראלט אינ די אינווייניקסטע צימערנ אריינ.

## VIII. ווער — מיט א האלדז, און ווער — מיט א פוס

### 1

מענאשקע דרייפוס מיט אנ ארופגערוקטנ היטל אפנ צעשוויצטנ שטערנ האט זיכ שטארק באמיט וואס שנעלער צו דרייענ מיט זיינ קראנקנ פוס און גיכ־גיכ צו הינקענ איבער גאסנ און געסלעכ בא דעמ קליינעמ טייכל אינ דער נידער פונ שטאט. זיינע פלינקע אויגנ האבנ צעמישט געבלאנדזשעט איבער פענעמער פונ באכערימ, וואס פלעגנ זיכ אימ אנגעגענענ — צי זיינענ דאס די „עמעסע", פונ „יענע"... און באשליסט: בעסער — מאטלענ אדער נאטקענ... אדער כאטש אל־טערנ, וואס איז געווענ דעמלט...

מענאשקעס זיידע ניסל דער וועגלפירער האט געוווינט אינ עק שטאט צווישנ „מעשטשאנעס" און קלענערע „טשינאווניקעס" מיט קליינע הייזלעכ און גרויסע גערטנער. פלעגט ער פאר זייערע פרויענ צופירנ אינ מארק צו פארקויפנ זייערע קארטאפל, אוגערקעס און מערנ. מענאשקע א ליידיקגייער פלעגט זיכ קעסיידער ארומדרייענ דרויסנ, ביז ער פלעגט אוועק אינ די שטאטישע גאסנ. איז ער געווענ אויסגע־בונדנ מיט די ארומיקע שכייניומ.

— גוט, וואס איכ האט זיכ דערוווסט — טראכט מענאשקע צופרידנ.

— מאטל, איכ דארפ דיר עפעס זאגנ... הע־ע.... — האט ער זיכ קוימ אפגעטעמט, — פונ ריינע זאכנ אוואדע... קומ אהער! דער זשאנ־

דאר גרישענקאָ... גייסטו, שויטע? — דער זשאנדאר גרישענקאָ האָט זיכ הײנט אינדערפרי מיטאָמאָל אָנגעטאָנ „סטאַטסקיע" קליידער, ווי די „קולאַזשניקעס"... דו הערסט? ר'האָט גענומענ א קאַשיק און געקערעס און איז אוועק קלוימערשט פארקויפנ... דאָס איז קלוימערשט, קיינמאָל גייט ער ניט. בינ איכ בעקיווענ צוגעגאַנגענ צו אים. האָט ער מיכ אָפּגעטריבנ: „דו, אוועק פונדאַנענ"... דאָס איז גאָר א שלעכטער סימענ... אלעמאָל איז ער מיט מיר גוט. נעמ איכ אימ טשיקעווענ.... מאָטל, שטיי אײַנ און הער, דאָס איז אנ איניענ.... גייט ער, גרישענקאָ, און קוקט זיכ ארומ... ווערט ער אָבער מיכ ניט כאַפּנ... ער האָט זיכ אוועקגעשמועלט בא גינזבורגס מויער, לעבנ מויער — דו פאַרשטייסט שוינ?... ווו יענע מיידל, וואָס איז דערמלט — שוועס... מיט דעמ געקרײַזלטנ, מיט האָווידג, נו... ווייסט דאָכ — זי גייט ארומ מיט אימ... מאָטל, וואַרפ זיכ ניט, — שטייט ער, גרישענקאָ, נעבנ זייער מויער שוינ א פאָר שאָ — עפּשער דאַרפסטו אָנזאָגנ דעמ געקרײַזלטנ..

מאָטל האָט צידורערט אימ אוועקגעלייגט א האַנט אפנ אקסל:

— מענאַש־קע־ע! זע! דאָס איז ניט עפּעס א באַבעמײַסע?.. צי...

— דו קאָנסט א קוק טאָנ... איכ וועל דיר ניט לײַגנ... כ'האָב דיר געזאָגט, אז איכ בינ פאַר אײַכ... דו זאָג א דאַנק, וואָס איכ זאָג דיר אָנ...

— א דאַנק! — האָט זיכ מאָטל צעלאַכט. — נאָר וואָס זאָגסטו עס מיר אָנ? זאָל ער דאָרטנ שטיינ, דײַנ גרישענקאָ, כאָטש צעפּלאַצט ווערנ שטייענדיק....

— מאָטל, איר שטרײַקט? אלע? און אירט געמאַכט א שפּאַצירל אינ שטאָט—איז זי, די גינזבורג, אויכ מיט אײַכ אינ שטרײַק?..

מאָטל האָט א שטעק געטאָנ א פויסט מענאַשקענ אונטער דער נאָז, אז יענער האָט קוימ דעמ קאָפּ אָפּגעכאַפּט.

— מענאַשקע, מיכ זאָלסטו ניט כייִרעסנ... דאָס פרעגסטו מיכ אויס צוליב גרישענקענ?.. איז בעסער זאָג אפ אפריער ווידו... „די גינזבורג איז אויכ מיט אײַכ אינ שטרײַק?"...—האָט ער אימ איבערגעקרימט, — זי איז א גאַרבערנ, וואָס? קיינער איז ניט מיט אונדז אינ שטרײַק... איכ שטרײַק! איכ! נו, טו מיר עפּעס!

מענאַשקע האָט זיכ צעטומלט, איז געוואָרנ בלאַס און רויט, און

די אויגנ האָבנ זיכ אימ געפײַכט. צולעצט האָט ער דאָס היטל פונ קאָפּ שטאַרק אַ שלײַדער געטאָנ אָנ דער ערד — פונ פאַרדראָס, פאַריבל און קאַס.

— מאָטל, דו ביסט דאָכ אַ מעכאַבל! מע קאָנ דאָכ מיט דיר ניט רײדנ... איכ קומ צו דיר מיט אַ טויווע, און דו מאַכסט פונ מיר — אַש...

זײַנ קאָל האָט זיכ ווי אַ גליטש געטאָנ און זיכ פאַרוויקט אינ פײַכטקײַט.

— נו, גוט... — מאַכט מאָטל ווייכער, מירנ זעענ.. אויב דו וועסט זיכ עפּעס אויסרײדנ פאַר דײַנ גרישענקענ — וועסטו שוינ האָבנ דײַנ אָפּקומעניש... געדענק! נו, רעכט — ער האָט אימ אָנגענומענ פאַרנ ארבל, — אונדז אָפּ גרישענקענ מאָגסטו אַלצ דערציילנ — דו פאַרשטייסט, מיר זײַנענ דאָכ אייגענע מענטשנ.... וואָס, פונ דיר גופע וואָלט דענ ניט ווערנ אַ שטיקל מענטש בא אונדז אינ די הענט? זײַ אַ „בראַט“ — אַדרעבע! נו, גיי, כ'האָב קיינ צײַט ניט...

מאָטל איז שנעל אַוועק, נאָר ער האָט זיכ גלײַכ אומגעקערט און אַ ווײַלע צוגעקוקט, ווי מענאַשקע האָט האַסטיק און מונטער געהייבט אינ שנעלנ גאַנג, ווי ער וואָלט מיטאַמאָל זיכ אַוועקגעלאָזט אָפּ גאַנצע דרײַ פיס.

2

מאָטל האָט פאַרבײַגייענדיק אָנגעקלאַפּט נאָטקענ אינ פענצטער, און מענ איז צוזאַמענ אַוועק אופזוכנ זאַלמענענ. יענער האָט זיי אינ פלוג אויסגעלאַכט: מענאַשקע דרייפוס וועט עפּעס אויסטראַכטנ. נאָר — מײלע, זאָל נאָטקע צוגײנ אַ קוק טאָנ דעמ כאַלעמ... דאַרפ מענ אופזוכנ דאָווידנ. קאָנ מענ דורכ פײַטלענ, נאָר פײַטל לאַכט מיט האַנאָע:

— אײַ, האָט איר אַ טומל געמאַכט אינ שטאָט!... גאַנצ שטאָט צערודערט...

— הער נאָר, פאַרטראַכטע נעשאָמע — זאָל דאַוויד גלײַכ אַרויסקומענ אינ געסל...

דאָוויד איז גראָד אינ דער היימ, און אײנער אַליינ. פײַטל האָט זיכ פונדעסטוועגנ אַרומגעקוקט אינ קאַמער אַרומ, געצויגנ עפּעס מיט דער נאָז, און גענומענ לאַכנ....

— דאָוויד, ס'איז פאַרטיק די קאַפּאָטע... אָנטאָג דער בודאָטשניק אָפּנ מאַרק ווערט אַ קונצנמאַכער... ער איז היינט געקומענ צו דער

מאַמענ אינ קראָם, אָנגעטאָנ אינ א לײַבסערדאַק, אונ מיט א צוגעקלעפּטער, שוואַרצער באָרד — צו זײַנע העלע פלאַקסענע וואָנצעס — כאַכאַ!.. אינ א היטל א סאַמעטענעם... זאָגט ער...—„כאַניטע, דו דערקענסט מיכ ניט?" זאָגט זי: „וואַרט, וואַרט, א קענטלעכער קאָל... עפּשער אונדזער אנטאָנס א ברודער"... מאַכט ער: „ניינ, אנטאָנ אַליינ"... האָט זיכ די מאַמע צעשריִענ: „אײַ א צאָרע איז מיר: וואָס פאַר א באָרד?"... „שרײַ ניט! מ'דאַרפ אזוי..." דאָס האָט ער געפּרוּווט, צי מ'וועט אים דערקענענ. כאַניטע, — זאָגט ער מיטאַמאָל: דו שווײַג... איכ — שווײַג אויכ... דײַנ זונ דער לערער איז ניט א סיציליסט? וואָס בונטעוועט? כאַניטע, מיר דאַרפנ זײַנ גוטע פרײַנט — זאָג אים אַליינ, ער זאָל ניט בונטעווענ...

דאַוויד האָט צוגעהערט אויפמערקזאַם.

— האָט די מאַמע קוים דערהאַרט, אז ער איז אַוועק, אנטאָנ, האָט צוגעמאַכט די קראָם אונ איז אַוועקגעלאָפנ אַהיים, אונ צו מיר: — „זונעלע, פאַרמײַר זיכ ניט מיט אנטאָנענ, טשעפּע זיכ ניט מיט אים... ער איז א ביטערע זאַכ: קומט ער אינ קראָם, נעמט א פּעקל שוועבעלעכ אָנ געלט, א קאָנפעטל אָנ געלט... אונ פונדעסטוועגנ וועט ער דיכ אַרופּברענגענ אופנ גאַלגל... אזא ביטערע זאַכ: מ'זאָל גאָר אנטאָנ א באָרד אונ א לײַבסערדאַק!.. ער קאָנ ייִדיש רייִדנ, חער אנטאָנקע, האָט מענ אים דערפאַר אָנגעשיקט אפ ייִדנ.... היט זיכ פאַר אים"... אונ די מאַמע האָט גענומענ מיטאַמאָל טאַפּנ מײַנע ביכער. מיט שרעק, מיט ציטער, אונ האָט עפּעס אײַנגעשעפּטשעט דער שוועסטער מײַנער... כאַכאַ... אונ איצטער — מאָטל אונ זאַלמענ וואַרטנ אפ דיר...

דאַוויד האָט געכאַפּט דאָס היטל אונ דעמ שטאָק.

— דאַוויד! מ'דאַרפ „מעוואַער כאָמעצ" זײַנ—קעדײַ? כ'רעכנ אָפּשיקנ די שוועסטער פונ דער היימ אונ מאַכנ בא מיר פּייסעכדיק... עפּשער איז בא דיר אויכ עפּעס פאַראַנ?

דאַוויד האָט געשוויגנ. אינ זײַנע געהיימע, ווי אינ זײַנע אינטימע זאַכנ האָט ער ניט ליב געהאַט קיינ אײדעס. אונ — וועגנ זיכ וועט ער זאָגנ שפּעטער....

— מײַנ קרײַזל שטעל איכ אָפּ דערווײַל? דורכלאָזנ א פּאָר טעג בא די דרוקער?...

דאַוויד האָט צוגעשאָקלט מיטנ קאָפּ.

3

מאַטל איז צופרידנ און פגערודערט: ס'איז לעבעדיק! „זיי" האָבנ זיכ צעטומלט... האָבנ זיי ארויסגעשיקט גרישענקענ מיט אַנטאָנענ... נאָר ווו נעמט מענ א פּאַטשיילע א געשטריקטע? „אַנ אויג פאַרבינדנ, אָדער אַנ אויער — מיט א נאָזטיכעלע, וועט ער ניט זענ, ניט הערנ. ניינ! בעסער ארומוויקלענ דעם האַלדז. עס טוט אימ וויי איג האַלדז...

אהיימ וועט ער ניט גייג, די מאמע וועט נאָכ מיינענ, אז ס'איז אַנ עמעס... ווו האָט ער אמאָל געזענ א גארוסענע פּאַטשיילע, א גרינע רוכט זיכ? יע!..

מאַטל איז קוימאט געלאָפנ. בא כאַנקענ איג צימער האָט ער קוימ די פּאַטשיילע געפונענ: אונטערנ טישל איז א שאַכטל צוזאמענ מיטנ ווינטערדיקנ הוט. האָט טאַקע מאַטל א קאַפּ!

ארומ האלדז ארומגעוויקלט אונ איז אוועק פּאמעלעכ, אַנ אומעטי־קער איבער גאסנ — א כוילע גייט צו א דאָקטער. די גארוסענע פּא־טשיילע שמארצט אונ שוויצט—אַנ־אַנטיק! די האַנט קריכט אליינ איט־לעכע ווײַלע צו וויכעוועג דעמ האלדז — ס'שמארצט...

איג קליינעמ בולוואר איג דער צווייטער אליי איז נאָטקע צו אימ צוגעלאָפנ פונדערווײַטנ — דערשראָקנ: „וואָס איז דאָס?"

— שאַ־אַ... קכע־כע... וואָס איז דאָרטנ?

— א פּעגירע אַפּ „אימ"... שטייט באמ טויער אונ קוקט מיט די „אויגענעס", ווער עס גייט דורכ... דיר טוט וויי איג דער זײַט, אונ אימ דער זײַט, — האָט נאָטקע שויג אויכ געמאכט אַנ אָנשטעל אונ אימ שטײַפער פּארוויקלט ארומ האלדז...

— גיי איכ צומ דאָקטער בראנזבורג... קכע־כע...

איג פּאָרצימער — פול כאלאָימ. אנטקעגנ דער טיר פונ דאָקטערס גאבינעט ווערנ אלע ווייטעקנ געשטילט — וואָרעמ אָט וועט דער דאָק־טער ארייגרופנ, וועט פרעגנ וואָס, ווו און ווי עס טוט וויי—אונ מע האָט אקוראט אלצ פארגעסנ... וויל מענ זיכ דערמאָנענ, פארטראכט מענ זיכ, און—דערווײַלע הערט מענ ניט די ווייטעקנ... זיצנ זיכ מענ־טשנ פארטראכטע, פארנומענע, געוויינלעכע. צו וואָס זײַנענ זיי נאָר דאָ?.. נאָר א פּאָר האָבנ אויסגעזעג ווי „עמעסע" כאלאָימ, אומעטיקע קרענקלעכע, אונ צעטומלטע. א פולע ייִדענע, וואָס האָט מוירע.

אז איר וועט זײַנ „טאַשנע“, וואָרעם ווי זי דערמאָנט זיכ, אז איר וועט זײַנ „טאַשנע“, ווערט איר שוינ „טאַשנע“... איז זי ארומגעגאַנ־גענ אונ האָט פאר זיכ קיינ אָרט ניט געפונענ: ס׳איז איר „טאַשנע“ אונ „מלאַשנע“... אונ מאָטל איז אויכ ארומגעגאַנגענ אומעטיק אונ קרענקלעכ: קכע־כע... אונ האָט זיכ געשראָקנ, טאָמער פארגעסט ער זיכ צו מאכנ: קכע־כע..

פונ זײַטיקנ צימער האָט עמעצער עטוואָס אופגעעפנט א טיר אונ אהער ארײַנגעקוקט — דוכט זיכ, דאָוויד. איז מאָטל צוגעגאַנגענ, האָט זיכ די טיר שנעל צוגעמאכט... קכע־כע... אינ א ווײַלע ארומ האָט דער דאָקטער ארויסגעלאָזט א כוילע פונ קאבינעט אונ האָט זיכ דורכ־געטראָגנ פארבײַ די כאלאָימ.

— אהא! — האָט ער עפּעס א פיר געטאָנ איבער דער גארוסענער פאטשיילע ארומ מאָטלס האלדז,— שטארק טוט ווי?.. נו, גייט ארײַנ!..

מאָטל האָט זיכ צורודערט. וואָס זאָגט מענ? נאָר אינ קאבינעט איז שוינ געשטאנענ דאָוויד. דער דאָקטער איז מיט א צווייטער טיר אוועק אינ אנ אנדער צימער.

— די פאטשיילע איז גאנצ גוט... — האָט דאָוויד אופגעמונ־טערט, — וואָס ווײַטער?

מאָטל האָט דערציילט.

דאָוויד האָט צעטראָגנ אופגעעפנט די טיר אינ א ווײַטערדיקנ צי־מער:—ער דארפ דאָ נאָכ א ביסל צוואַרטנ...—האָט ער ארײַנגעזאָגט.

דער דאָקטער איז ארײַנ, האָט פאר מאָטלענ אופגעעפנט די טיר אינ פאָרצימער, אימ דורכגעלאָזט אהינ אונ הויכ אונ שטרענג ארויס־געזאָגט:

— איצטער טוט אײַכ שוינ ניט אזוי ווי... קאָנט איר שוינ זיצנ, שטילער... נאָר איר זיצט דאָ נאָכ, וועל איכ שפּעטער ווידער א קוק טאָנ אײַער האלדז.... אָבער איצטער זאָלט איר וואָס ווייניקער „קכעקנ“ ס׳טויג אײַכ ניט איצטער...

ער האָט ארײַנגערופנ די פולע ייִדענע.

דעמ דאָקטערס פרוי גינא איז דערווײַל אוועק צו יעלענא מיראָ־נאָוונא, די פרוי פונ טאקסאטער איגנאטאָוו, דורכ דעמ פאראד־ארײַנ־גאנג פונ זײַטיקנ געסל. די קיכ־טיר פונ דער קוואַרטיר איז ארויסגעקומענ טיפ אינ הויפ בא דער קיכ־טיר פונ די גינזבורגס. האָט פרוי איג־

נאטאווא אנגעזאגט סלאווען, און גלייך צוגענומען בא איר עטלעכע צייטונגען, בראשורן און פראקלאמאציעס — אין א קליין קיישל פארפאקט, אונטער א הויפן שוועמלעך פון אויבן.... באלד אבער איז סלאווע אליין אויך אריינגעקומען, געבעטן אנזאגן דעם סטודענט לוריע.

— מ'דארף... און איר, — האט זי זיך געווענדעט אינדערשטיל צו פרוי בראנזבורג, — זאגט בלומען, אויב ער קאן, זאל ער פארנאכט צוגיין אפן וואל...—זי האט זיך גערויטלט, — עפשער וועל איך אויך צוגיין....

— דאוויד באריסאוויטש, — האט פרוי בראנזבורג לוסטיק געשפאסט, אריינקומענדיק צוריק אהיים, — שוועמלעך דארפט איר דאך ניט... וועל איך דאס איבערלאזן בא זיך...

— בא אייך — ניט... — האט דאוויד אפגעשניטן. — בא „זיי" אין צעטל איז דערוויל מיסטאמע אין דער ערשטער ריי די באקאנטע אינטעליגענץ...

דאקטער בראנזבורג האט שוין א סאך פאציענטן דורכגעלאזט, האט ער מיטאמאל ברייט צעעפנט די טיר פון זיין קאבינעט:

— נו, מיט דעם אהלדז!.. קומט אריין נאכאמאל א קוק טאן....

אין קאבינעט האט מאטל אויסער דאווידן, דערזען א יונגע פרוי, די דאקטערשע, וואס האט צוגעשמייכלט: „א געראטענע פאטשיילע"...

זי האט אפגעוויקלט די פאטשיילע פון האלדז, אויסגעשפרייט אפן שווארצן צעראטענעם קאנאפ, האט מאדנע שפארעוודיק אויסגעלייגט און אנגעבעט דערויף פאפירן און דינע בראשורלעך, צוגעפגעדרייט אין פאטשיילע און ארומגעוויקלט ארום האלדז.

מאטל האט געקוואלן, דאס הארץ האט אים געפרייט.

— מאקסים, — האט זי געזאגט צום דאקטער, — עפשער צוגעבן נאך א שטיקל וועקס-פאפיר — וועט עס זיין א גרויסארטיקער קאמפרעס!..

זי האט געשמייכלט.

די טרישטשענדע און קלעפיקע ברעגן פונעם וועקס-פאפיר האבן מאטלען געקיצלט די באקן — האט ער נאך מער אנגעקוואלן.

— דאס אלץ איז מיינס! — האט דאוויד שטרענג אנגעזאגט, — בא מיר גענומען — אויב ס'וועט אויסקומען צו וואס... בא אייך אין דער היים ניט איבערלאזן... אין א שא ארום — אין געסל....

דער דאָקטער האָט מאָטלען דורכגעלאָזט פון טיר:

— איצטער וועט זיין גוט — ניט לאַנג האַלטן דעם קאָמפרעס, און אַראָפּנעמען....

מאָטל איז אַרויסגעלאָפן אַ לעבעדיקער.

— טאַקע אַ קאָמפרעס? — האָט אים נאָטקע באַגעגנט.

— קום און שווייג.

— הער דו, ווילדער, מיט אַ קאָמפרעס יאָגט מען זיך ניט אַזוי, און מע גייט ניט אַזוי אין טענצ...

— נאָטקע, מ'קאָן אַריינגיין צו דיר?

4

מענדל האָט געברויגעזט:

— דאָס איז אַלץ אייער דעמאָנסטראַציע... זאַלמען, דו ביסט אַ קאַכיקער..

זאַלמען האָט געלאַכט.

מענדל האָט פאַרטראַכט געקראַצט די פּאָטיליצע, האָט זיך אָנגעבויגן צו זיין הילצערן קעסטל אין ווינקל, און האָט גלייך אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט: „נו— דאָס שפּעטער”... — דאַוויד האָט דיך געשיקט צו מיר אָנזאָגן אין ניי־שטאָט — האָט מענדל אָפן קאָל זיינע מאַכשאָוועס געלאָזט פאַר זאַלמענען, — נו, רעכט... סערגיי און כאַצקל באַגעגענען זיך מיט פּעטראָוון, נעמען בא אים ביכלעך, פּראָקלאַמאַציעס — דאַרף מען זיי....

— סערגייען וועל איך אָנזאָגן, — האָט זאַלמען געיילט, און איז גלייך אַוועק.

סערגיי האָט קורץ געזאָגט:

— רעכט... אַן איניען...

האָט ער פון צוקאָפּנס אַרויסגעשלעפּט אַן אַלטן פויערשן מאַנטל פון דאָרף נאָך, האָט אויסגעטאָן די שטיוול, מיט אַ שטריקל צונויפגעבונדן די אויערלעך פון ביידע, און זיי אָנגעהאַנגען אָפן שטעקל און— אַהינטערן פּלייצע, און באָרוועס און אָן אַ היטל איז ער אַוועק מיטן שאָסיי אַהינטערן שטאָט, וואָס איז שוין דאָ געווען ניט ווייט. גייט ער, און אים דוכט זיך, אַז עמעצער גייט אים נאָך, און אַנטקעגן אים קומט אויך אַ פאַרדעכטיקער פאַרשוין — עפּעס געפעלט אים ניט

די באַרד פונעמ פאַרשוינ... נאָר וואָס אַרט עס אַנ אָרעמ פויער, וואָס גייט אינ דאָרפ?.. פונ שאָסיי אַראָפ מיט אַ זײַטיק וועגעלע, אָפנ גראָז צווישנ קליינע געוויקסנ דערפילט ער זיכ היימלעכ אונ היימיש, אַרומנעמענדיק מיט באָרוועסע פיס כוואַרעשע גראָזנ פונ דער יוגנט. אומעטומ איינע אונ אַלעמאָל די זעלבע. אונ דאָס ווינטל שטיפט, ווי אַמאָל, אינ זײַנ בלויזנ קאָפ. גייט מענ לעבעדיק. אַ מאָרנע האַנאַע פאַר באָרוועסע פיס צעשפרייטנ פרײַ אינ טראָט איינציקע פינגער, אַ פינגער פונ פינגער אָפגעטיילט, קנייטשנ זיי אונ אויסגלײַכנ, אונ פאַרשלעפנ גרעזלעכ צווישנ פינגער... נאָר דאָרטנ אָפנ שאָסיי שטייט עפעס אַ נעפעש מיט אַ שטעקעלע — מיסטאָמע, אַ „פאַסקודניק", וואָס קוקט אויס עפעס... סערגיי הייבט אויף צו זיכ אַ פוס, ציט אַרויס פונ צווישנ די פינגער איינ גרעזל אונ נאָכ אַ גרעזל — דוכט זיכ, זיי האָבנ געשטאָכנ, ווילדגראָז, מיסטאָמע... געגאַנגענ. אָט איז שוינ דער גרינער דאַכ פונ פאָלוואַרעק. לעבנ טויער שטייט פעטראָוו אונ נאָכ אַ סטודענט... האָרכ מענ פונ דעמ זײַטיקנ שטעגעלע זיכ אָפהייבנ אָפנ באָרגיקנ שליאַכ. שטייט ער אַ ווײַלע אונ באַטראַכט קלוימערשט אַלע וועגנ... אַהינטער אַ וועגטל פונ אַ צערוינירטנ ביניענ שטייט אַ פאַרשווינדל, וואָס קוקט זיכ איינ אינ די סטודענטנ, אונ קוקט זיכ אַרומ, צי מע זעט אימ ניט... ניינ, סערגיי זעט אימ ניט, דעמ פאַרשווינדל... סערגיי באַטראַכט נאָר די וועגנ... אונ טוט זיכ אַ לאָז גלײַכ צומ פאָלוואַרעק, אונ פאַרבײַ דעמ טויער צעשרײַט ער זיכ הויכ, אַז דער פאַרשווינ פונ ווײַטנ זאָל אויכ הערנ, אונ בייגט זיכ אינ קניענ, אונ צעשאָקלט דעמ קאָפ דאָרפיש:

— פאָרעצ, אַ פאָרעצ, צי דו ווייסט ניט, דאָ איז דער וועג אָפ בירשעווא, פאָרעצ?

ער בויגט זיכ צו נידעריקער, פאַרבײַ, אונ שעפטשעט שטיל, ווי צו דער ערד אונטער זײַנע פיס: — אינ שטאָט זוכט מענ הײַנט. אונ דאָ אַרומ—פיל הינט... דאָ ניט ווײַט — אַ פאַסקודניק...

אונ ער גייט ווײַטער אונ שרײַט נאָכ העכער: — קאָנ מענ דאָ דורכגיינ אָפ בירשעווא?

— מ'קאָנ אָפ בירשעווא, מ'קענ... — שרײַט אויכ פעטראָוו.

די סטודענטנ צעזעגענענ זיכ גלײַכ. איינער גייט אינ שטאָט געײַלט, אונ פעטראָוו — אינ הויפ אַרײַנ, אונ דורכנ גאָרטנדל קומט ער

ארויס באלד צו א לאָנקע און קוקט זיך ארום: אונטער א בוים זיצט סערגיי און אייסעקט זיך מיט די פיס, ער קאָלופּעט צווישן די פינ־גער... פּעטראָוו בייגט זיך אָן, רײַסט בלימעלעך און חעדט שטיל: — אומרויִק אין שטאָט, סערגיי?

— אין שטאָט, און דאָ — פול הינט... — ער קלײַבט איבער די פינ־גער פון די פיס: — פאראַן עפּעס — טראָגט ארויס שנעל... ליגט אוועק, ווו איר שטייט, אונטערן קוסטל... איך וועל צונעמען...

סערגיי האָט די שטיוול ארויפגענומען פון שטעקל איבערן פּלייצע, האָט גענומען ארויסשלעפּן טיכער פון די כאָליעוועס, און ביידע אויפן ארײַנגעשטעקט טיף אין די שטיוול — געזוכט אפּאַנעם טשוועקעס, וואָס קאָנען אָנשטעכן א פוס... איז ער אוועק אין א זײַט, אין א צווייטן, געזוכט, געשטערט און ארומגעקוקט... אָנגעריסן א הײַפל גראָז און אין שטיוול פארלייגט... פּעטראָוו איז שוין נעבן קוסטל, פּאָרעט זיך דאָרטן... קוקט ער ניט אף אים: סערגיי זוכט גראָז אין א יאם פון גרינס, נאָר ער טאַפּט זיי איבער — מיסטאָמע ברויכט ער גראָז פון גרעזער... פּעטראָוו האָט שוין ווידער אין א זײַט בלי־מעלעך געריסן, און איז אוועק... סערגיי בלאָנקעט נאָך אלץ נאָך גראָז, האָט ארום קוסט גיריק געריסן א הײַפל נאָך א הײַפל, וואָס ער האָט עס עפּעס אין דער הייך צו דער זון געהויבן, און פון אונטערן קוסט א גרויסן הויפן צופרידן א צי געטאָן — די „גוטע גראָז" איז דאָ... זעצט ער זיך אייסעקן מיט די שטיוול, בעט אָן אײַנ־גווייניק זײַנע געקליבענע גראָז, וויקלט אָן די פיס מיט טיכער, ציט אָן די שטיוול, און גייט אוועק שנעל — יאָג אים!

מיט וואלד און פעלד האָט ער זיך געדרייט, וויאָרסטן אָנגעלייגט, און איז אין שטאָט געקומען פארבײַ די מילן. אין דער הייל בא אים האָט שוין געוואַרט כאַציקל.

— געבראַכט עפּעס? און אייגענע האָסטו עפּעס?.. גיב אהער! בא גארבער קאָן מען ניט איבערלאָזן.... — האָט יענער געיילט.

— רעכט. אן איינייען... — האָט סערגיי געלאַכט און זיך גענומען פאַר די שטיוול.

— קיין גראָז דארפסטו דאָך ניט...

— מאַך ניט קיין שיִעס, — האָט כאַציקל געיאָגט, — ביז דער נאַכט דארף איך אָפּרייניקן אלע גארבער אין נײַ־שטאָט...

# IX. ערעוו ארעסט

## 1

צו דער נאכט האָט באנקע שוין געבאלעבאטעוועט בא לייעלענ אינ צימער און האָט לייעלענ אוועקגעשיקט שפאצירנ. אז מע דארפ היינט דאפקע איר צימער, ווו מ'האָט זיכ נאָכ קיינמאָל ניט פארזאמלט.

שלוימקענ האָט זיכ געדוכט, אז ער האָט פארשפעטיקט, איז ער ארייַנגעקומענ געייַלט און פארסאָפעט געזאָגט: — נו, די שטאָטישע גארבער זייַנענ רייַנ...

— און די ניי־שטאָטישע אויכ, — האָט צוגעגעבנ איסאַק, — כ'האָב געזענ באצקלענ — אומעטום פייסעכריק...

— קאָנ מענ אָנהייבנ, — לייג'ט פאָר מענדל.

— און מאטעס? — פרעגט באנקע.

— מאטעס דארפ היינט ניט קומענ און וועט ניט קומענ, — האָט איסאַק אָפגעענטפערט, — ער איז א צו קענטיקער, מאטעס... און ניט אזא פלינקער אפנ טראָט...

מענדל האָט געייַלט צו „דעקנ" די גארבער:

...„א דעמאָנסטראציע מיטאמאָל!.. זאלמענ און שלוימקע, דוכט זיכ, דארפנ פארשטיינ, וואָס הייסט אָרגאניזירט....

— כ'האָב עס שוינ געהערט פונ דיר, — מאכט זאלמענ.

— אָנגעמאכט א טומל...—האָט מענדל זייַנס גערעדט:—א שטרייַק איז ניט אזא טומל, ס'איז עפעס אנדערש: א שטרייַק אנ עקאָנאָמישער...

— מיר זייַנענ גאָר ניט אויסנ צו שלייערנ זיכ פאר קאָשערע „עקאָ־נאָמיסטנ"... — האָט דאוויד האַרט איבערגעריסנ.

— איכ בינ ניט קיינ „עקאָנאָמיסט"... — האָט זיכ מענדל א כאפ געטאָנ, — נאָר דער שטרייַק גופע האָט שוינ א פאָליטישע באדייַטונג... און דערהויפט אָרגאניזירט!...

— דו זאָלסט אָרגאניזירנ.. — איז באנקע אופגעשפרונגענ, — דאָס טעפל זידט, ווענ ס'איז רעכט אָנגעברענט, און ניט ווענ דער זייגער ווייַזט, ווי ס'מיינענ די דאמענ, וואָס קאָכנ נאָכנ ביכל נאָכ...

— און ווו זייַנענ מיר געווענ? — האָט דאוויד איינ קלעם גע־פרעגט, — מיר האָבנ אָרגאניזירט דעמ שטרייַק. וואָס הייסט? פונ איינ־צלנע פערזאָנענ אינ באזונדערע פאבריקלעכ אויסגעשמידט איינ קאָלעק־

טיוו... געשאפנ אנ ארמיי, ארויסגעפירט אפנ פלאצ, אונ עס איבערגע־לאזט! מיר האבנ דעמ ערשטנ טאג פונ שטרייק באדארפט זיינ אפנ פלאצ! זײַנ מיט דער מאסע, ווייבאלד מיר האבנ זי באקומענ, אונ אפנ ארט אנפירנ, ארגאניזירנ... ניט דא אינ קאמער — דערנאכ... פאר־וואס איז זאלמענ שולדיק, וואס מע מיינט, אז ער האט שלעכט גע־פירט. אבער ער איז דאכ אפנ ארט געווענ, אונ ניט איכ בינ שול־דיק, וואס איכ בינ אפנ ארט ניט געווענ?...

א היפשע ווײַלע איז מענ געבליבנ זיצנ ארומ שטיל, ווי פאר־שעמט.

נאר זאלמענ אונ שלוימקע, אופגעמונטערטע, האבנ געווארפנ ווערטלעכ.

— ס'איז נאכ גארניט אזוי שרעקלעכ... וואס „זיי" קאנענ שוינ אופטאנ...

— מיטנ זשאנדאר מיט די אוגערקעס, אונ מיט אנטאנענ אינ לײַבסערדאק...

— מאכט עס ניט צו שפאס... — האט חאווער איבערגעריסנ,— די טײַוולסמאשינ ארבעט גאר ניט שלעכט—אומעטומ. אונ דא אויכ, א ביסל געטריבנ פונ אונדז, אונ א ביסל געשטיצט פונ אויבנ, וועט זי זיכ אונטערשמידנ... ס'גייט אינ טעג.... אנטאנ איז אפ א ווײַ־לע — ס'וועלנ זײַנ געניטערע.... אינ שטאט בא אונדז הייבט זיכ ערשט אנ, בײַדע צדאדימ טרעטנ ארויס, אונ אינ דער פראקטיק וועלנ זיכ בײַדע לערנענ... לאמיר זיכ לערנענ גיכער, בעסער אונ געשיק־טער! פונ א געשלעג גייט מענ ניט ארויס צעבײַלט... לאמיר זיכ לעכאטכילע ריכטנ... אפ דער וואכ! אונ גרייט! ארעסטנ אונ קארבא־נעס זײַנענ אויכ אגיטאציע — לעבעדיקע אגיטאציע פונ מײַסימ...

מע האט געקריצט, באטראכט די נײטיקע פראקטישע פראגנ, אונ דערהויפט באשלאסנ: אפזונדערנ פונ יעדער ארבעט איצט אונ אפ־היטנ אפ יעדנ פאל די „שטילערע": שלוימקענ אונ ריוועלענ, מא־טעסנ אונ בארעכנ, אז זיי זאלנ קאנענ פארבלײַבנ אפ ווײַטער אינ פאל, אויב...

איסאק האט גענומענ אפ זיכ, דערגיינ בא די דרוקער, צי ס'איז מעגלעכ אפצודרוקנ איצט א בלעטל.

— מיר דאַרפֿנ אָפֿט זאָגנ ווער מיר זײַנענ און וואָס מיר זײַנענ אויסנ!.. — האָט דאַוויד באַטאָנט.

קלענערע פֿראַגנ האָט מענ אָפּגעלייגט.

2

פֿונ דער זיצונג איז דאַוויד אַוועק אַלײנ, אומרויִק און צעשטרויט. אַרויסגײענדיק אינ טונקעלנ שטילנ דרויסנ, איז אים עמעצער, ווי קוים אָפּגעשוואַרט די ווײַלע, אַנטקעגנ געקומענ מיט האַסטיקנ הויכ:

„סלאַווע”...

און ס'איז אים אומעטיק געוואָרנ, אַנגעטלעכ אומעטיק.

...„פֿאַרשטאַרקטע קאָנספּיראַציע, „צענטראַליזירטע אָרגאַניזאַציע”... מאָטל מיטנ קאָמפּרעס,..... פֿײַטל לאַכט, וואָס אַנטאָנ”... די געדאַנקענ און בילדער דערלאַנגענ ניט צו זײַנ רוענ.

לאַנגזאַמ רוקט ער זיכ שאָטנדיק איבער גאַסנ, און שטיל געגאַנגענ, ווי באַרוועס, און שטיל אינ אים, ווי אַ קאַמער, ווו אַ זייגער האָט זיכ ערשט אָפּגעשטעלט. עפּעס הערט ער ניט דעמ הימלעכנ „טיקטאַק”... דער זייגער שווײַגט, כאָטש דער אומרו פּלאָנטערט.

פֿונ אַ גאַס אַרויס, אינ אַ גאַס אַרײַנ.

פֿאַרוואָס ברענענ דאָ צוויי גאַס־לאַמטערנעס מיטאַמאָל?

צווישנ די לאַמטערנעס אָפֿנ ראָג דרימלט אַ פֿורמאַנ אויפֿ אַ קעלניע, דעמ קאָפּ אַראָפּגעלאָזט און אײַנגעדרייט, ווי אַ פֿאַרקניפּט העלדזל פֿונ אַ זאַק. אַ פֿורמאַנ אינ דער נאַכט אויפֿ גאַס קלײַבט אויס צו דרימלענ דאַפֿקע צומ ליכטיקנ...

אָבער וווּהינ איז ער דאָס פֿאַרגאַנגענ? אָט איז שוינ גינזבורגס הויפֿ... וואָס קענ ער דאָ איצט וויסנ, וואָס הערט זיכ.

אומצופֿרידנ טוט ער האַסטיק אַ קער לינקס.

אַ שטילע גאַס. אַ שטילע, אַ גאַס, ווי אַ מאַמע טוליעט צו אַמאָל. די שטילקײַט גייט מיט אים באַנאַנד, פֿאַרכאַוועט, און די טונקלקײַט דעקט צו, ווי שאָטנ אויפֿ אַ וועגל, וויקלט זיכ גאַס אַרויפֿ, בערגיק אַרויפֿ אַ וואַל — אָפֿנ וואַל.

וואָס דאַרפֿ ער איצט אינ נאַכט, אינ שטילנ טונקל אָפֿנ וואַל? געווענ שוינ דאָ מיט סלאַווע הײַנט, ווענ דער טאָג איז אויסגע־

גאַנגען, זי האָט געבעטן קומען... צו וואָס? ראָמאַנטיק... האָט ער טאַקע ניט געוואָלט צו גיין — אַפֿריִער באַטראַכטן. ביכלאַל באַטראַכטן, וואָס איז מיט אים און מיט סלאַווען...

קומט אַ מאַכשאָווע: זאָל מען הײַנט סלאַווען אַרעסטירן, וועט ער בענקען... ער בענקט דאָך שוין... אויסער אַלעם — בענקען...

טראַכט ער בעסער וועגן אַרעסטן אין קלאַל... אַרעסטן זײַנען אויך אַ רינג אין דער קייט... זאָלן זיך נאָר ביידע צדאָדים צעהוי־דען, וועט שוין מעמיילע קומען דאָס גראַנגל... ווער — וועמען?

אַרעסטן — פּלוצלינגע, אומגעריכטע!

אָבער ניט אַן ערעוו־אַרעסט, וואָס איז פאַרבענקט.

סלאַווע איז צוגעקומען. זי האָט שטיל געשמייכלט מיט קלאָרע פריידיקע אויגן.

— איר האָט לאַנג געוואַרט? איך האָב הײַנט ניט געוואָלט אַרויס־גיין אַליין אָן דער מאַמאַ... נו, קומט!

ניט לאַנג אַרומגעגאַנגען.

— זעט, אַ טאָג פאַרגייט...—האָט זי אָנגעוויזן אפן האַזשעוועדיקן הימל־זוים ווײַט איבערן טונקעלן דניעפּער, און מ'האָט זיך צעזעגנט.

איז ער אַ גאַס האַשיק דורכגעלאָפן, און אַ געסל אַ שמאָלס, צווישן הויכע מויערן פאַרפינצטערט. האָט אָפּ אים גענומען לויערן. זײַנע טריט געציילט און פאַר עמעצן זיי איבערגעכאַזערט... איז ער צו די „גרויסע טרעפּ" הייםלעך אַוועק, און ווײַטער—געשטילט צווישן פאַרהימלטע צוגעטוליעטע שטיבלעך אין דער נידער.

3

און אַט איז אַ היים.

אין טונקעלן צימער שלאָגט דורך קוים אַ קאַחגע שײַן: דאָרטן ווײַטער אפן טיש וואַרט אפ אים איינציק־אַליין דאָס לעמפּל מיט אַ קליינעם פײַערל פֿון אַרײַנגעדרייטן קנייטל.

פאַמעלעך, פאַמעלעך דורך שלאָפעדיקע.

ער האָט דאָס קנייטל פֿון לאָמפּ אַרויסגעדרייט, האָט דאָס פײַערל זיך האַסטיק אויפגעכאַפּט, ווי פֿון דרימל, און שאָטנס צעשראָקענע האָבן זיך ניכפּעדיק אַראָפּגעגליטשט.

איבערן טיש אָנגעבויגן, דעם קאָפּ אין די דלאָניעס אָנגעשפּאַרט—

אונ פונ אלע זײַטנ עטעמט, װײַט, הילט אים אײַנ אונ טוליעט אים ארומ — היימ!

אזא גרויסע אונ אלטע היימ. אינ דער נאכט, אינ דער שטיל. איבער געסלעכ אונ שטעטלעכ א צעשפּרייטע, אינ יאָרנ אונ דורעס פאַרװאָרצלט — די היימ. איר שװערקײַט אפ זײַנע אָנגעבויגטע פּלײַצעס אָנגעלאָרנ — גלעט קלעמענדיק.

די מאַמע אינ בעט האָט מיט א האַנט, װי צעשראָקנ א שלײַדער געטאָנ אונ אומרויִק דורכ שלאָפ עמעצנ געפרעגט: — דאַװיד איז אינ דער היימ?

אונ ניט באַקומענ אונ ניט געװאַרט אפנ ענטפער, שלאָפנדיק האָט זי װידער אָטעמ געצויגנ, אײַנ אונ אויס — שװער אונ אָפּגעריסנ.

דאַװיד האָט פאַרקלעמטע אויגנ געװענדט צומ טונקלנ װינקל — צו דער מאַמענ אונ האָט צו איר עפּעס צוגעשאָקלט מיטנ קאָפּ.

לײַענענ װעט ער הײַנט ניט פאַרנ שלאָפּ. אונ — ניט קעדײַ... אויב מע קומט הײַנט צו אימ, זאָלנ „זײ" אָנטרעפנ א פינצטערנ צימער, אונ אימ — א שלאָפעדיקנ...

עסנ גלוסט זיכ ניט. אויסטאָנ זיכ.

דאָס לעמפּל אויסגעלאָשנ. טוענ זיכ א לאָז צומ פענצטערל דרויסנ האַסטיק אזוי צװײ שװאַרצע, װי האַלבע לאָדנס מיטאַמאָל צוגערוקטע.

ציט ער זיכ אויס אפנ קאַנאַפּע אונ פאַרמאַכט די אויגנ.

זאָלנ „זײ" קומענ.

דער טאַטע דרייט זיכ אומ, קערט זיכ, רודערט מיט די שטולנ — ער שלאָפט ניט, ער טראַכט, דער טאַטע. דוכט זיכ אימ איצט, װי אלע מאָל, אז זײַנ טאַטע טראַכט אינ שלאָפ אונ כאָלעמט אפנ װאָר. אינ ענגנ קאַמער איז דער שלאָפ נעפּלדיק צעשפּליטערט — װעבנ זיכ אַרײַנ אינ אימ מאַכשאָװעס צעריסענע; אונ דאָס װאָר איז שלעפעריק פאַרשלײערט — פּלאָנטערנ זיכ אינ דעמ כאַלוימעס אונ טרוימענ. טרוימענ פולע שטיבלעכ, אונ אויצרעס גליק, װי שאָטנס אינ די װינקלעכ, רײַצנ, שװימענ אומ, אונ פאַרשװינדנ אינ די שפּעלטלעכ פונ די װענט, אינ די לעכער פונ דער פּאָדלאָגע

דאַװיד האָט זיכ אָנגעשפּאַרט אפ אנ עלנבויגנ, זיכ דערהויבנ, אונ

אָפּענע אויגן אָנגעווענדט אין טונקל צום טאַטן. און ס'האָט אים אָפּגעגעבן, אַז דער טאַטע האָט אויך אויפגעהויבן דעם קאָפּ און קוקט צו אים מיט אָפּענע אויגן... נאָר ס'איז גוט, וואָס זיי זעען זיך ניט איינער דעם אַנדערנ אין דער פינצטער. דאָוויד ווייס, אַז פריִער נאָך, אומבאַוועגט אויף די שטולן, מיט פאַרמאַכטע אויגן אין קלוימערשטן שלאָף — האָט דער טאַטע געזען, געמערקט, אַז ער האָט ניט צוגעביסן, ניט געלייענט פאַרן שלאָף — דאָוויד איז היינט צעטראָגן... דערפאַר, אַז דאָס פייער איז אויסגעלאָשן געוואָרן — רודערט דער טאַטע מיט די שטולן, דרייט זיך אין אַנגסט און טראַכט: „וואָס איז דאָס?"..

און אַז מ'זאָל נאָך קומען — אַרעסטירן... בײַ טאַטע־מאַמע אויף די אויגן.

ער טוט אַ ריב דעם שטערן — שלאָפן! נאָר די אויגן בלײַבן אָפן, און די טונקלקייט אין קאַמער קנוילט זיך אָן האַרט צו די שוואַרצאַפּלען. דוכט זיך אים, אַז אַלנדיקע טריט האָבן זיך אַ לאָז געטאָן אַהינטערן ווענגל פון שטיבל אין דרויסן, ווי אַ כאַפּטע גרויסע מײַז האָבן זיך אַ שלײַדער געטאָן אין אימפּעט און זיך געוואָרפן צו דער טיר.

דער טאַטע איז אַראָפּ פון די שטולן, האָט זיי ווידער צונויפגערוקט און צורעכט געמאַכט זײַן געלעגער — צופיל צערודערט פריִער...

אין פענצטער העלט שוין — די שײַבלעך בלייכן זיך צו באַגינען. דאָוויד שליסט צו די אויגן, ווילן „זיי" קומען, ניט קומען. ער'ט ניט טראַכטן. ער'ט ציילן: איינס, צוויי, דרײַ... איינציקוויַז — צען, און צוואַנציק אָפּגעציילט, און דרײַסיק, און די צאָל שוין פאַרלאָרן — צי האַלט ער בײַ דרײַ־און־דרײַסיק, צי בײַ זיבן־און־פערציק... מ'דאַרף זיך דערמאָנען — וואָס האָט ער פריִער אָנגעציילט... דערמאָנען דערמאָנ... דערמ....

מיטן גרויסן טאָג דערוואַכט. דער קאָפּ שווער. האַ? ווילט זיך עפּעס דערמאָנען... אין צימער איז קיינער ניטאָ, וואָס ברויכט ער צו דערמאָנען זיך? יע — זײַנען „זיי" היינט ניט געקומען... און דאַרטן?...

ער איז שוין אָנגעטאָן און פון שטוב אַרויס — אין גאַס באַגעגענען וועמען, הערן...

קומט די מאמע אנטקעגנ. א פול מויל מיט רייד. דוכט זיכ איר, אז ער האט זיכ נאכ ניט געוואשנ, און עסנ האט ער געוויס ניט אַנ איר... פּיטל געווענ, וועקנ האט ער ניט געוואַלט. געבעטנ ווארטנ אפ אים.

גייט ער צוריק. ווארפט אראָפּ דאָס רעקל און גייט ארויס אינ הויפּל זיכ וואשנ. ער האָט ליב מיט הויכפּארקאַשערטע ארבל און מיט א שטארק אנטבלויזטער ברוסט אינ הויפּל אָפּנ פרייענ לופט צו גיסנ אפ זיכ וואסער קאלטע א סאכ.

דערפרייש, קומט ער אריינ אינ שטוב, גלייכ איז אריינגעקומענ פּייטל:

— סלאווא באָריסאָווטא... האָט מענ צוגענומענ...

דאוויד האָט מיט צוויי פינגער געריבנ שטארק א שלייפ פונ שטערנ.

— גאַנצ פרי ביג איכ אריינגעלאָפנ צו דיר, צי דו ביסט גאַנצ— שלאָפסטו, איז גוט. אוועקגעלאָפנ אינ ביבליאָטעק, געוויר ווערנ, איז שוינ דאָרטנ געווענ בעב גאָלדמאַנ אָנזאָגנ, מ'האָט בא איר גאָרניט געפונענ — דאָס איז גוט. נאָר מ'האָט זי צוגענומענ.

דאוויד האָט זיכ צוגעזעצט מיטנ פּלייצע צום טיש און שטארק געקוקט אינ טיר.

וואָס איז עפּעס אזוי שטיל?

## X. טעג פארנומענע

1

טעג אומרויקע און — פארנומענע.

נעכט פונ אופּברויז, אַרעסטנ און אָביסקעס, און טעג פונ אופּרודער, פונ פּוגקט ווי נאָכ א רעגנ אינ נאַכט און נאָכ א טוי באַגינענ צעלאָזנ זיכ געוויקסנ און בליענ און דערהויבנ זיכ דער זונ אנטקעגנ אינ ליכטיקנ טאָג.

2

— דאָוויד!.. — די מאמע קומט אריינ פונ קיכ א צעטומלטע, ווארפט אראָפּ פונ זיכ דעם שמוציקנ פארטעכ, טוט א וויש אינ אוי־

לעניש א ברעג פונ טיש אונ שטויבט די קאנאפע: — דאוויד, מע פרעגט דיכ...

ער גייט צו דער טיר.

— דאוויד באריסאוויטש... געטראפנ צו אייכ...

— פריילנ העלענ!... האמבורגער... — איז דאוויד אומצופרידנ.

די מאמע האט מיט פארדראס באטראכט דעמ צימער, וואס איז ניט צוגעקליבנ, אונ איז אוועק — אופראמענ באטש די קיכ... ביז-וואנענ „זי" וועט צוריק ארויס.

— דאוויד באריסאוויטש, בעט מיכ זיצנ — כ'האב אייכ קוימ גע-פונענ. איכ פרעג: בלומ... גוט, וואס איינע א פרוי האט געטראפנ, אז מע מיינט עמ מיסטאמע דאוויד — בערע באשעס... קוימ געפונענ...

— אונ ס'איז אזוי נייטיק געווענ?

— כ'האב שוינ לאנג געוואלט ארייננקומענ צו אייכ... איר זייט דאכ ניט דערקענט? — זי האט שוינ אראפגעצויגנ א הענטשקע אונ דער-מיט געייסעקט מיט אירע דינע פינגער. זי קוקט זיכ ארומ.

— דער צימער איז אייערער?

— אונזער אלעמענס... פאר דער גאנצער געזינד...—דאוויד איז אופגערייצט.

— דאס איז אייער מוטער געווענ?

— מיינ לייבלעכע מוטער...

— אונ אייער פאטער?

— אונ א פאטער, אונ... צוליב סטאטיסטיק קאנ איכ געבנ גע-נויע יעדיעס...

— דערווייל גענוג, — אירע אויגנ שמייכלענ. — מיר געפעלט איי-ער צימער — מער מענטשנ, ווי זאכנ דא... געקומענ זענ, צי איר זייט גאנצ... ניט ארעסטירט.

— ניט זויכע, ווי איר זעט... א באלאנעס פונ אייכ...

זי האט גענומענ דערציילנ וועגנ ארעסטנ אונ אביסקעס. פאר די טעג האט מענ ארעסטירט סלאווע גינזבורג, דעמ סטודענט לוריע, דעמ אינספעקטערס זונ פעטראוו... געמאכט אביסקעס באמ סטודענט פיינבערג, באמ דאקטער בהאנזבורג...

דאוויד האט שוינ הערפונ געוווסט. נאכ מער געוווסט. האט ער געהערט צעשטרויט, ארומדרייענדיק זיכ.

— און געכטן באנאכט איז מען מיט אן אביסק געווען בא פרײַלבליא.. ליא ברוק.. אין מויער — אנטקעגן בענקעלע...

דאוויד האט זיך צוגעשטעלט איבעראשט.

— וואס איר האט זיך אמאל נאכגעפרעגט אפ איר... מ'האט נאר צוגענומען בריוו פון איר ברודער פון סיביר... זי האט גלײַך געזאגט, ווי „זיי" זײַנען ארײַנגעקומען: — „איר זײַט צו פרי געקומען... איך טו נאך גארנישט, ווײַל איך וויל נאך בא א יאר צײַט דערציִען דעם ברודערס טעכטערל"... און בײַם זיי האבן גענומען אוועקגיין, האט זי צו זיי געזאגט: „אט אין א ביסל צײַט ארום, ווען איך וועל זיך נעמען פאר ארבעט — ביטע! קאנט איר קומען — זוכן, ארעסטירן"...

דאוויד האט פארייבערט, ער האט זיך פארטראכט.

— דאוויד באריסאוויטש! — (דאווידן האט זיך געדוכט, אז איר שטים איז איצט מאָהנע נאגנדיק) — עפשער קאן איך עפעס טאן? עפשער ווערט איר עפעס ברויכן? קאנט איר צו מיר... איך בין אפ אלץ גרייט....

דאוויד האט פון זײַן פאפיראס געדיכטן רויך געטריבן, אופגערייצט עפעס.

— איך וויל עפעס טאן! וואס איז א מענטש?.. וואס איז א לעבן?.. הײַנטיקע נאכט האט זיך מיר גראד געכאלעמט, אז איך ארבעט אפ א גרויסער פאבריק...

— איר האט אפגערוט? — האט ער איבערגעריסן, ער האט איצט קיין בײַשעק ניט געהאט און קיין געדולד אויסצוהערן אירע באלוימעס. — ווען מיר גיין...

זי האט געשמייכלט.

דורכגייענדיק די קיך, האט זי געוואלט פארן האנט צעזעגענען זיך מיט דאווידס מוטער. האט יענע צעמישט אפריִער לאנג געווישט די האנט אן קליידל.

— אײַער מוטער איז מיר געפעלן: דאס פאנעם — שטרענג, פרום... אסקעטיש. איר זײַט ענלעך אויסערלעך נאר דערמיט, וואס אײַערע האר קרײַזלען זיך, און די פלייצעס — ברייטע... זי איז אבער א בלאנדינקע...

— דער פאטער איז מיט קארע לוסטיקע אויגן פארטראכטע, גאר

ניט קיין אסקעטישע... די צוויי עלעמענטן אפאנעם האנגלען זיך אין מיר... און עפשער האלטן זיי איין אײנס דאס אנדערע און מאכן עם מעסיקער...

— האוויד באריסאוויטש, — האט זי זיך פלוצלינג צוגעשטעלט, — ווילט איר ניט אויסהערן מיין כאלעם... ווייל איך האב דערציילן פון מיין וואר... איר ווייסט, אז מיין ברודער נאום איז געווארן א סאציאליסט? איך פארשטיי פון זיינע בריוו איצטער... און איך.... די לעצטע צייט האב איך זיך געלערנט נייען.. מירן מיט ליזא ברוק אפגערעדט — מיר ווילן גיין מיטן פראלעטאריאט...

— ווי ווייט וועט איר גיין מיטן פראלעטאריאט? — האט דאוויד געקנייטשט זיין שטערן.

זי האט אפ אים אנגעשטעלט די אויגן צעמישטע.

— ענגעלס זאגט ערגעץ, — האט דאוויד צוגעגעבן הארט: „די באוועגונג פון פראלעטאריאט גייט דורך אומפארמיידלעך איבער פארשיידענע טרעפלעך פון אנטוויקלונג: און אפ יעדן טרעפל שטעלט זיך אפ א טייל מענטשן, וואס גייט ניט ווייטער”...

— איך לייען ענגעלסן אין דייטש, נאר דאס פארשטיי איך ניט...

— באלעגאלעס זאגן: א „פאסאזשיר” און א „סעדאק... א פאסאזשיר רופט זיך בא זיי יענער, וואס מאכט דורך מיט זיי דעם גאנצן וועג, דעם ריים ביז דער לעצטער סטאנציע... און א „סעדאק”— דער, וואס פארט אונטער — ביז א נאענטן פונקט, א שטיקל מעהאלעך... אבער דאס באווייזט דאך אויך, אז עס זיינען דא באלאנים אפ אונטערצופארן... פרייליין העלענע, אנטשולדיקט! כ'האב מיר דערמאנט. אז איך מוז גלייך ארייננגיין אין ערגעץ... — האט ער זיך מיטאמאל צעזעגנט.

ער האט אין גאס דערזען, אז מאטל שפאנט ארום און ווינקט עפעס צו אים זייער.

אפגייענדיק א שטיק וועג, האט ער זיך אומגעקערט און צעקוקט, ווי זי גייט פארוים — אן איידעלע, א צארטע און א פארכאלעמטע, וואס וואקלט אין טאג אנטקעגן זון און קרימט טריט הין און הער... אז מען זאל זיי אפצייכענען, די טריט, וועט ניט אויסקומען קיין גראדע ליניע.

## 3

דאַוויד און מאַטל האָבן ביידע גוט געוווּסט, אַז דערזען און פֿאַר־שטאַנען האָבן זיי זיך כּמעט דאָ, אָבער אָנטרעפֿן זיך דאַרפֿן זיי ער־גע‌ץ ווײַטער, אין אַ זײַטיקן אָרט.

ערשט אין היפּשע עטלעכע מינוטן אַרום האָבן זיי זיך דערנעענ־טערט איינער צום אַנדערן אין אַ קרומען געסל.

— וואָס איז?

— אַ צעטעלע פֿון „אָסטראָג"... — האָט מאַטל פֿאַרסאָפּעט אַרויסגעזאָגט גלײַך מיט דאַוויִדס פֿראַגע; — מ'האָט דאָך אַרעסטירט בעניע דעם טרוקענעם.

— ווייס איך... נאָך מיט אַ פּאָר טעג צוריק... און כאַצקלען...

— האָט בעניע דאָרט אין אָסטראָג שוין געמאַכט „געשעפֿט" מיט אַרע צורע... איצטער איז גוט... אָט איז אַ צעטעלע.... ער האָט אים דערלאַנגט אַ ווינקל־שטיקל פּאַפּיר גראָבע מיט אַ בלײַפֿעדער פֿאַר־שריבן עטלעכע שורעס — אַ ברייטע, שמאָלע און נאָך שמעלער, און די לעצטע שורע נאָר פֿון איין וואָרט: „טרוקענער".

דאַוויד האָט דורכגעלייענט:

„כעוורע. אַ גרוס. אַלע געזונט, פֿריש און פֿרייליך. שפּאַרט אין דער „צורע", וואָס מ'דאַרף... די „צורע" איז אַ גוטע... אַ גרוס וואָס מע מאָג עסן פֿון זײַן פֿענדל — עס הערט זיך אַ רייעך... „טרוקע־נער".

דאַוויד האָט זיך אַ קנייטש געטאָן און באַלד אַרויסגעזאָגט:

— ער מיינט, אַז מע פֿרעגט זיך נאָך אָפּ מענדלען... אַז „מע רופֿט אים מענדל, מאָג מען עסן פֿון זײַן פֿענדל"...

— דאָס איז בעניע מיט די וויצן, — מאַכט מאַטל צופֿרידן, — מענדל געכטיקט שוין ניט אָפּן קוואַרטיר אַ וואָך צײַט, זינט עס האָבן זיך אָנגעהויבן די אַרעסטן צווישן די אַרבעטער...

דאַוויד האָט ווידער איבערגעקוקט דאָס פֿאַרשריבענע פּאַפּירל.

— ער מיינט, אַז מע קאָן אָנטרויען און אַלץ איבערגעבן דורך אַרע צורע — „שפּאַר אין דער צורע"...

— איר ווייסט, ווער דאָס איז? — האָט זיך מאַטל אופֿגעלעבט און געקוואָלן, — דאָס איז דאָך פֿון אַמאָליקער פּישקע לאַטיקס

כעוורע... ארע צורע. אינ אַסטראָג אַנ אייגענער מענטש, זיצט דאָרטנ קעסיידער — פאַר א סקאַנדאַל, פאַר שלאָגנ זיכ, פאַר א גנייווע... ער איז ניט קיינ גאַנעוו — ער פילט זיכ אונ עס קלעקט אימ ניט קיינ קאָפּ דערופ, נאָר ער ארבעט ניט... סיידנ די צײַט, וואָס ער זיצט אינ אַסטראָג, שיקט מענ אימ אפּ ארבעט. אונ אז ער גייט ארויס פרײַ פונ דאָרטנ, זעצט ער זיכ אוועק אפנ בולוואַר רוענ... רוט ער א טאָג-צוויי הונגעריק, אונ טוט א שלעפּ בא עמעצנ פונ דער האַנט, ווי א פערד א בינטל היי פונ א זאַק — א טײַסטער, א קיישל...

— נו — אונ באַזאָרגט שוינ, וואָס מע דאַרפ? — האָט דאַוויד געפרעגט.

— דאָס צעטעלע האָט הערשל דער אויוונמאַכער הײַנט גאַנצ פרי באַקומענ, ער אַרבעט אפ דער זעלבער גאַס, ווו ארע צורע מיט די אַרעסטאַנטנ. הערשל האָט עס איבערגעגעבנ שימענ מאַלעכנ בא דער זאַרג-גאַנק. האָבנ מיר שוינ אלצ אָפּגעטאָנ — איציק, מענדל אונ זאַל-מענ. מ'האָט שוינ צוריק אָפּגעשריבנ, צוגעשיקט פּאַפּיראָסנ. שימענ מאַלעכ האָט אָפּגעטראָגנ. ארע צורע זאָגט, אז דאָרטנ אינעמ קליינעמ כייערל אינ הויפ מיט די פרויענ זיצט א היגע סטודענטקע, א ייִדי-שע — איז ווי זאָל זײַנ?.. שימענ וואַרט אפ מיר... אויב מ'דאַרפ, וועט ער גיינ נאָכאַמאָל. א באַלמעלאָכע א פּאַרבער. מיטנ עמער אונ פּענדזל קאָנ זיכ ארומדרייענ אפ א געבוי אלע טאָג...

דאַוויד האָט פאַרשטאַנענ, אז זיי מיינענ, צי וויל ער עפּעס אָנ-זאָגנ פאַר סלאַווע גינזבורג, אונ וואָס פאַר א סימענ גיט מענ אָפּ, אז זי זאָל אָנטרויענ ארע צורע...

— מאָטל, האַלט אופ שימענענ; אינ א פערטל שעה ארומ קומט אינ ביבליאָטעק.

ער איז געשווינד אוועק. נאָר גלײַכ האָט ער זיכ אומגעקערט.

— מאָטל!.. געדענקסט: שימענ זאָל זאָגנ ארענ, אז אָט דאָס (וואָס איכ וועל געבנ) זאָל ער איבערגעבנ בעניענ פאַר די סטודענטנ, אז זיי זאָלנ עס ווי עס איז דערלאַנגענ האָרטנ, דער סטודענטקע... זיי וועלנ שוינ קאָנענ...

— רעכט, — איז מאָטל אוועק אינ אַנדער זײַט, נאָר ער האָט זיכ צוריקגעקערט.

— דאַוויד! אויב איר מיינט, אז ארע צורע קאָנ ניט איבערגעבנ

אין די קאַמערן פון די פּרויען, האָב איך שוין דערגאַנגען... מ׳האָט דאָך אַרעסטירט אויך די מאַדיסטן די געלע, זי איז געווען ניט אָפּגעהיט. האָב איך איר געוואָלט עפּעס אָנזאָגן. זאָגט אַרע צורע, אַז די אומבראַכטע באַ די פּרויען איז מיט אים זייער גוט — זי האָט האַלט „טרוקענע קאַפּצאַנים״... וואָבלע... האָב איך אים צוגעשיקט צוויי „קאַפּצאַנים״.

4

אין ביבליאָטעק האָט פּײַטל באַגעגנט דאָווידן אויפגערודערט און שמייכלענדיק:

— בעב וואַרט שוין?

— יע. אָבער הערסט דאָך אַן אַנדער זאַך...

— וואַרט אַ ווײַלע. גיב מיר אַ ריין שטיקל פּאַפּיר.

דאָוויד האָט דאָס פּאַפּירל באַטראַכט פון ביידע זײַטן, צי איז עפּעס ניט פאַרצייכנט דערויף. מאָטל איז אַרײַנגעקומען, צוגעגאַנגען צו פּייגעלען און געפרעגט עפּעס אַ ביכל, און איז אַוועק צו פּײַטלען זיך מעיאשעוו זײַן, צי נעמען איצט דאָס ביכל. דאָוויד האָט מיט אַ בלײַפעדער אָנגעשריבן: „אַ גרוס פון „וואַנדערער״... גייען וואַנדערער״... ער האָט דאָס פּאַפּירל צונויפגעדרייט, ווי אַ טרײַבל פון אַ מאַכאָרקע־פּאַפּיראָס און פון אויבן די ברעגן פאַרקנייטשט.

„אָט אַזוי זאָל ער עס איבערגעבן — נאָר טאַקע די סטודענטן... ניט דורך דער אומבראַכטער...״ האָט ער אָנגעזאָגט מאָטלען.

ער האָט זיך געווענדט צום שמייכלענדיקן פּײַטלען:

— וואָס נאָך?

— ניט געוואָרן וואָווקע... שוין דריטער טאָג... מיט דרײַ טעג צוריק איז ער אויפגעשטאַנען באַגינען און טוט זיך אָן... דאַבקינ און איטקין האָבן פון שלאָף צעעפנט די אויגן, זיך פאַרוווּנדערט אויף אַזאַ פלײַס פון אים מיטאַמאָל, און זײַנען ווידער אײַנגעשלאָפן... אַ זייגער נײַן־צען קומען סימכע מיט לויבקען און דערזען אָפן טיר פון צימער דרויסן אַ צעטעלע אָנגעקלעפּט, מיט גרויסע אויסיעס:

„איך בין אַוועק. וואַרט ניט אויף מיר און זוכט מיך ניט... מער קום איך ניט אין „סיינעמס צימער״... נידער מיט די עקסטערנע! — וואָווקע״. האָט מען געמיינט, אַז עס איז אַ שפּאַס, וואָוויקעס אַ

שפּיצל. וואַרט מען אַ טאָג, צוויי און דריי... היינט איז פערטער טאָג, און ניטאָ... געוועג דאָ סימכע בא מיר. וווהין איז ער אוועק?...

— אין דער רעוואָליוציע... אין דער באַוועגונג.. בעב איז שוין לאַנג דאָ?

דאַוויד האָט זיך אַרומגעקוקט און איז אַריין אין אַנדערן צימער.

— קוים זיך דערוואַרט....

— וואָס איז נייטיק? איר האָט אַנגעזאָגט, איך זאָל אומבאַדינגט קומען...

— און אַז ניט נייטיק?... זייער פאַרנומען, וואָס?.. — נאָר בעב האָט גלייך געביטן דעם טאָן — ער ווייס שוין, אַז מיט דאַווידן איז ניט צו שפּאַסן. — הערט נאָר, דאַוויד, איך שטאַם איז אַ מעהומע פון איין זייט, און פון דער אַנדערער — אַ פּאַניק. מ׳האָט אויבערגעטרייסלט קימאַט אַלעמען — די ראַדיקאַלן אפילע... אויסער מיך אַפּאַנעם, ווייל איך אַרבעט איצט מיטן פּאַפּאַ אין געשעפט... און אייך אויך נאָך ניט, כ׳ווייס ניט פאַרוואָס, מ׳האַלט אייך עפּשער פאַר אַ שטיקל עקסטערנע, וואָס איז גערן אבי עקזאַמען אויסהאַלטן.

— מיילע, וואָס ווילט איר זאָגן?

— כ׳האָב נעכטן באַקומען — דורך מיינע וועגן — צוויי בלעטלעך „איסקראַ", די לעצטע... ווילט איר דורכקוקן? ווו וועט איר עס איצט באַקומען, אַז ניט פון מיר?

דאַוויד האָט זיך צעקנייטשט — ער וויל פון בעבן ניט באַקומען— אָבער „איסקראַ"!

בעב האָט עס שוין פון קעשענע אַרויסגענומען.

דאַוויד האָט עס גענומען גיריק דורכקוקן. זיין פּאַנעם האָט זיך געהיצט, די אויגן — ווי פלאַקערן. ער האָט אַ פּאַפּיראָס נאָך אַ פּאַפּיראָס גערייכערט און געשלונגען שורעס פון די בלעטער. אַמאָל פלעגט ער אַף אַ פּאַפּירל פאַר זיך פאַרצייכענען אַ וואָרט, אַ האַלבע פראַזע, עקסטרע אָנגעצייכנט אַפן פּאַפּירל צעוואָרפן: איינ וואָרט אין איין ווינקל אַף איין זייט, און אַ צווייט וואָרט הערפון איך אַן אַנדער ווינקל אַף אַן אַנדער זייט... אָנצייכענען אַזוי, אַז בלויז ער אַליין זאָל קאָנען דערנאָך נאָך די „סימאָנימ" זיך דערמאָנען און אויפשטעלן שפּעטער די נייטיקע געדאַנקען...

בעב האָט מיט געדולד און רעספּעקט אָפּגעוואַרט, איז אַריין אין

ביבליאָטעק-צימער א קוק טאָנ צי איז עמעצער פאַראַנ, אונ אָנגע־זאָגט פּײטלענ, אז ער זאָל אכטונג געבנ...

דאַוויד האָט אימ צוריק אָפּגעגעבנ ביידע בלעטער.

— נו, גוטע סבֿורהע?! — האָט בעב זיכ געגרייסט, — ווילט איר עס ניט מיטנעמענ?

— שוינ איבערגעלייענט. אונ גאָר? אָט דאָס האָט איר מיר גע־וואָלט ווײַזנ?

— אָט דאָס... אונ איכ האָב געוואָלט זאָגנ: עפּשער דאַרפט איר אַנ אָרט, ווו צו באַהאַלטנ עפּעס? איכ האַלט בא זיכ אינ דער היימ — צו מיר וועט מענ ניט גיינ... אונ פאַר אײַכ קאָנ איכ... דעמ פּלאַצ, ווו איכ בוי די זעגמיל האָב איכ שוינ אַרומגעצוימט. א באַזונדער הויפ, שוינ געמאַכט א בײַדל דאָרט פאַר א שוימער — אַנ אַלטער ייִד זיצט דאָרט אונ היט — קאָנ איכ דאָרטנ אַוועקלייגנ, וואָס מ׳דאַרפ, ער זאָל היטנ...

דאַוויד האָט א טראַכט געטאָנ, אז בעב האָט עס געוויס געטאָנ אַזוי מיט זײַנע אייגענע „טרייפע“ זאַכנ, אונ וויל זיכ באַרימענ, אז ער האַלט עס בא זיכ אינ דער היימ...

— דערווײַל דאַרפ מענ ניט.

— עפּשער דאַרפ מענ געלט?

— ניינ.

— סלאַווע גינזבורג וועט מענ אינגיכנ באַפרײַענ. די מאַמאַ איז געווענ באַמ פּאָלקאָווניק, דער פאָטער גינזבורג — באַמ גובערנאַטער. אונ שטיינבערג איז דאָכ פונ זייערע — אַנ אַדוואָקאַט, מיט קענט־שאַפט! מײַנ טאַטע האָט אויכ אינ אַנ אָרט פאַרוואָרפנ א וואָרט... מע האָט צוגעזאָגט די טעג אַרויסרופנ איר אָפּנ צווייטנ פאַרהער...

## XI. פונ א רעכטנ שידעכ — ווײַט

1

די פאַרזאַמלונג שאַבעס אינדערפרי איז געווענ בא לייעלענ. איר באַלעבאָסטע איז אָפּגעפאָרנ אינ א דאָרפ צו גאַסט, אָנקלײַבנ שוועמ־לעכ — וועט זי ערשט קומענ זונטיק.

די פענצטער, וואָס צומ גאָרטנ, האָט מענ פאַרהאַנגענ מיט קאָל־

דרעס, און אינ ציממער אָנגעצונדנ א ליכט. בא דער קנאַפּער שײַנ האָט דאַוויד אָנגעשטרענגט געשריבנ.

דרויסנ אויפנ גאַנעקל זײַנענ געזעסנ לייעלע מיט מאָטלענ, אָפּ א בענקל אינ הויפל, דאָרט לעבנ צוגעמאַכטנ פערטל — ליזעלע מיט שאָלעמ חאַטנער, און אינ געסל אַרומ הויפל האָבנ הינ און צוריק גע־שפּאַצירט ריוועלע מיט שלוימקענ.

מאָטל פלעגט איטלעכע ווײַלע צולויפנ צו שאָלעמענ:

— זאָגסטו, אַז מע האָט פראַדלענ אַרעסטירט דאָרטנ? אינגאַנצנ אַרעסטירט....

— אינגאַנצנ. — שאָלעמ שמייכלט אומעטיקלעכ, — דו ביסט הײַנט „אינגאַנצנ” א צעדרייטער: כ'האָב דאָכ דיר געזאָגט: צוויי כאַ־דאָשימ צײַט איז פונ איר קיינ בריוו ניט געווענ, און איצטער איז פונ א באַקאַנטנ אָנגעקומענ א ידיעה, אַז זי איז אַרעסטירט... מיס־טאָמע איז „אינגאַנצנ” אַרעסטירט.

מאָטל גייט אַוועק מיט אַנ אַראָפּגעלאָזטנ קאָפּ: „פראַדל! אַכ, פראַדל!“...

מענדל האָט געעפנט די פאַרזאַמלונג.

זאַלמענ האָט דערציילט וועגנ נײַע אַרעסטנ. די לעצטע עטלעכע טעג האָט מענ צוגענומענ צענ מאַנ: פינפ גאַרבער, איינ נייטערנ, איינ סטאָליער, צוויי שנײַדער און איינעמ פונ פאַפּיראָסנ־פאַבריק. בא מענד־לענ אויפנ קוואַרטיר איז מענ געווענ מיט אַנ אָביסק... „איז גוט, וואָס מיר האָבנ מיט א פּאָר טעג פריִער צוגענומענ פונ דאָרט זײַנ קעסטל מיטנ קיישל, אָפּגעשיקט צו סערגייענ אינ דאָרפ מיט זײַנעמ א באַ־קאַנטנ פויער פונ מאַרק, און...

— איכ בינ דאָ ניטאָ... — האָט מענדל געשמייכלט, — אינ שטאָט ניטאָ...

— נעכטנ און הײַנט געכטיקט ער דאָ בא לייעלענ, — וואַרפט אַרײַנ כאַנקע, — און מירנ געפינענ אַנ אָרט פאַר אימ שפּעטער אויכ... זאָל ער נאָכ ניט אַנטלויפנ....

— בעניע שרײַבט דאָכ, — מאַכט איסאַק, — אַרע צורע האָט געבראַכט א צעטעלע פונ בעניענ: „כעווירע — בא אײַכ האָט זיכ גע־שטעלט א ביינ אינ האַלדז”... האָב איכ געזאָגט, אַז ער מיינט דאָס א פּראָוואָקאַטער, א שפּיאָנ... און אינ נעכטיקנ צעטעלע, וואָס אַרע

צורע האט געבראכט, שרייבט שוין בעניע קלאר: „קינדער, זוכט אויף די פאסקודנע וואנצ, וואס האט זיך צו זיך ארײנגעמאכט"... מיסטאמע ווייסן זיי עפעס דארטן... באנקע און זאלמען זיינען זייער האפערדיקע, זיי טײַנען אלץ: איסאקס אויפקלערענישן....

מען איז געווארן פארזארגט, אומרויִק און א ווײַלע — אפהענטיק. פון דער געפרעסטער שטילקייט האט זיך דאוויד ווי אויפגעכאפט, האט דעם קאפ אויפגעהויבן פונעם פאפיר, וואס ער האט געשריבן, האט אנגעקוקט אלעמען ארום און האט ווי זיך דערמאנט די רייד, איצט ערשט באנומען אלץ.

— כעווורע, אן ציטערניש! — האט ער פעסט ארויסגעזאגט, — מ'דארף זיין פארזיכטיק און אפגעהיט. און — קאנספיראציע! און די וואנצ — מוז מען אויפזוכן! אבער ניט אראפפאלן בא זיך!... איצטער זײַנען מיר זיכערער, ווי פריִער, בײַם מיר האבן געארבעט אין אן ענגן קרײַזל. מיר האבן שוין אויפגערודערט ברייטע קרײַזן ארבעטער און באלמעלאכעס. האבן מיר שוין אויך א פריינטלעכע, אן אייגענע סוויווע, וואס היט אונדז, שיצט, ווארנט. דאס איז א קויעך! ס'העלפן אונדז אפילע די, וואס זײַנען נאך ניט בא אונדז. אין אונדזערע רייען... פעסט און מוטיק!

פרײַלעכער איז מען אריבער צו דער צווייטער פראגע — וועגן די אונטערהאנדלונגען מיט די פאבריקאנטן פון די גארבערײַען.

זאלמען טיילט מיט, אז די פאבריקאנטן לייגן פאר, די גארבער זאלן אויסקלײַבן פארשטייער, דעלעגאטן אף אונטערהאנדלונגען. דערחויפט ריידן וועגן דעם מאנאסאן און שייניִן. מאנאסאנען קוועטשט עפעס, טײַנעט ער: „מאכט שוין א סאף: אהער, אהין"... ער רעדט אלץ מיט סערגייען און פרעגט אים אויס דערווײַל — ווער איז מער פארן שטרײַק: „אײַערע", די קריסטן, צי „אונדזערע" — די יידן?... שייניִן רעדט אלץ מיט זאלמענען. א יונגערמאנטשיק אין פענסנע, האלט זיך פאר און אויפגעקלערטן, פירט ער דיסקוסיעס מיט אים, מיט זאלמענען: „זאלמען, איר ווייסט דאך ניט קיין פראסטער ארבעטער. איר זעט האט אן אנגעלייענער, זעט אויס... ווי לייגט זיך אײַך אפן סייכל אדער זוי, אין וואס פאר א בוך האט איר עס אויסגעלייענט, אז ארבעטער און באלעבאטים..."

מענדל לאכט: די באלעבאטים אינטערעסירן זיך זייער מיט ארבעטער.

— פלעכאַנאָוו זאָגט ערגעץ, — וואַרפט צו דאַוויד צו מענדלען: „די העכערע קלאַסנ גיבנ אכטונג אַפ די אַרבעטער מיט דער זעלבער אויפמערקזאַמקייט, ווי א גוטער טורמע־מאַשגיעכ גיט אכטונג אַפ זײַנע פאַרהאַפטע“....

דאַוויד האָט זיכ ווידער אָנגעבויגנ צום פּאַפּיר און געשריבנ.

מ'האָט באַשלאָסנ, אז אלס דעלעגאַטנ זאָלנ פאַרגעלייגט ווערנ: זאַלמענ, שלוימקע, סערגיי, יאַשקע און מאָטל. מענדל זאָל ניט גיינ אלס דעלעגאַט, מענדל איז ניטאָ...

— און אַרויסשטעלנ די פאַבריקאַנטנ א טנאַי, — האָט דאַוויד צוגעגעבנ, — זיי זאָלנ גאַראַנטירנ די פולשטענדיקע זיכערקייט פונ די דעלעגאַטנ, אַפ זייער אכריעס... און ניט אָנרופנ פריער די דעלעגאַטנ.

— איצטער וועגנ די נײַע שטרײַקנ, — דערמאָנט מענדל. — איסאַק, רייד.

איסאַק האָט געטײַנעט, אז מע דאַרפ גלײַכ מעלדנ דעם שטרײַק אינ דער פאַפּיראָסנ־פאַבריק. אז ס'איז גאָר ניט קיינ שטרײַק, נאָר — א געלעכטער... דער פאַבריקאַנט וועט גלײַכ נאָכגעבנ.

דאַוויד האָט געוואָלט מאַסקימ זײַנ: ס'קייטלט זיכ עפּעס א גראַנדיעזעס. און די דרוקער אויכ, און באַ די שנײַדער... א שטרײַק נאָכ א שטרײַק!.. זאָל עס אַרומנעמענ גאַנצ שטאָט מיטאַמאָל!

— זאָל מענ אַרײַנרופנ שאָלעמענ פונ די דרוקער.

שאָלעמ האָט זיכ געהיצט, טראָץ דעמ, וואָס ער איז געוויינלעכ א שטילער, א שעמעוודיקער: — די דרוקער ווילנ ניט וואַרטנ. זײַנ די לעצטע.. זיי זײַנענ אַלע ווײַל־קענעוודיקע און פאַרשטייענ זאַכנ מער פונ אַנדערע, — האָט ער אינ פאַריבל צוגעגעבנ.

— הער, — האָט אימ איסאַק פּלוצלינג אָפּגעשטעלט, — אויס רייד, איר קאָנט זיכ איצט ניט שטעלנ, איר דאַרפט נאָכ פאַר אונדז מאַכנ א שטיקל אַרבעט... פאַר מיר!..—האָט ער זיכ א קלאַפּ געטאָנ אַפנ ברוסט און האָט גלײַכ א ווינק געטאָנ צו דאַווידנ:

„צי איז שוינ פאַרטיק“?..

— אָט וועט איר דאָכ נאָכ האָבנ בעסער ווי א שטרײַק... —ווינקט צו כאַנקע לוסטיק.

— שאָלעמ, — מאַכט איסאַק, — דו זאָג נאָר, אז מע האָט אָפּ־

געליגן דעם שטרויק אף צוויי וואָכן צייט. קיין איבעריקע רייד דאַרף מען ניט....

שאַלעם איז אַרויס ווידער צו ליזעלען אין הויף.

— דאָוויד, בא דיר איז פּאַרטיק? לייען איבער — האָט איסאַק פאַרגעלייגט.

דאָוויד האָט אָנגעהויבן:

„אַרבעטער פון אַלע לענדער, פאַראייניקט זיך!"

— דאָס איז גוט! — קוועלט אַן איסאַק,—דאָס געפעלט מיר אַלע-מאָל.

...„די שטים, וואָס האָט זיך געלאָזט הערן נאָך אַפן 1-טן צוזאַמענ-פאָר פון אינטערנאַציאָנאַלן קאָנגרעס, האָט זיך ווי אַ רוף צו קאַמף צעטראָגן איבער מעדינעס, אומעטום, ווו עס זיינען דאָ אַרבעטער, וואָס שמאַכטן אונטערן יאָך פון קאַפּיטאַל, וואָס מיט זייער מי שאַפן זיי פּאַלאַצן און ווילטיק פאַר לײדיקגייער, און פאַר זיך — נאָר טור-מעס און קייטן....

כאַנסע האָט צורעכט געמאַכט דאָס קנייטל פונעם ליכט, וואָס האָט גענומען שמעלצן.

...„מיט פרייד זאָגן מיר אָן אונדזערע ברידער און שוועסטער, — האָט דאָוויד געלייענט שטיל, אָבער אויסדריקלעך, און אַלע האָבן זיך אַרום אים געטוליעט, ווי אַרום אַ פייער, וואָס לייכט און וואַרעמט:— אַז אויך די היגע אַרבעטלייט, האַנטווערקער, זיינען געקומען צום באַ-וווסטזיין, אַז דער גורל פון די אַרבעטער איז אין זייערע אייגענע הענט. נאָר אונדזערע אייגענע הענט קאָנען אונדזער יאָך אַראָפּשליי-דערן, צערייסן די פענטעס פון קאַפּיטאַל, צעשמעטערן די קייטן פון דער רעציכעסדיקער זעלבסטהערשאַפט, אַ סאָף מאַכן צו אַלע אומ-רעכטן און ברענגען אַ פרייען און ליכטיקן לעבן!

...„דעם היזיקן ווירקלעכן עמעס פאַרשפּרייט צווישן אַרבעטנדיקע ברידער און שוועסטער, אין וואַרשטאַטן, אין די אָרעמע גאַסן, אין די ענגע שטיבלעך, זאָגט אָן, אַז ס'זאַמלט זיך אַ גרויס כאַיל פון אַלע ליידנדיקע און פאַרפאָלגטע אַנטקעגן דעם בייזן סוינע, וואָס פאַר-שפּאַרט אונדז אין קלעם און אין פינצטערער קנעכטשאַפט".

...„ס'זיינען אויפגעשטאַנען דורות דערוואַכטע — האַנטווערקער עלטערע, האָרעפּאַשניקעס מיט בערד, און יונגעלייט און באָכערים אַ-

בעטער. א יאר נאכ א יאר, עלטערע און יינגערע גלייבנ אויפ זייערע געבויגענע קערפערס, גלעטנ אפ זייערע פארזארגטע פענעמער, און קוקנ ארויס פרייידיק אפ זייער באפרייונג, מוטיקער און לעבעדיק האַנט בא האנט אינ מאַרש ווייטער און ווייטער—

...,,נאכ דעמ ערשטנ זיגערישנ שטרייק בא א טייל סטאַליערס, שטרייקנ איצט איבער דרייהונדערט גארבער, וואס וועלנ ארויסהאלטנ זייער קאמפ ביזנ ענדגילטיקנ ניצחונ. באלד קומענ אנדערע טיילנ פונ דער הונגער ארבעטערשאפט. א פאכ נאך א פאכ, ווי מושטירטע מיליטער-טיילנ פונעמ גרויסנ ארבעטער-קאפיל וועלנ ארויסטרעטנ אינ קאמפ.... ארבעטער און ארבעטערנס פונ אלע פאכנ, אלע עקספלואַטירטע און געקלעמטע! — מיר רופנ אייכ צוזאמענ מיט אונדז אופ־הייבנ די פאנ פונ קאמפ, פעסטער און מוטיקער אינ מאַרש פאָרויס!

...,,אומזיסט האָט די פארלאָרענע זשאנדארמעריע און פאָליציי אופגעהויבנ א טאַראַראַמ מיט אָביסקעס און ארעסטנ. באפנ ארויס א צופעליקנ אינטעליגענט, א זייטיקע פערזאָנ, אנ אומשולדיקנ ארבע־טער — אומזיסט אייער טירחע! די ארבעטער-באוועגונג האָט זיכ ווי א כוואַליע ברייט און האסטיק צעלאָזט — פרובירט נאָר ווער זיכ אנטקעגנשטעלנ דעמ שטורעמ און דראנג! אנ ארומגעשניטנ בוימ וואקסט נאָכ העכער און געדיכטער! און פונ די וואָרצלענ וועלנ זיי דעמ בוימ ניט ארויסרייסנ — אפילע די בייזע זשאנדארמעריע! די וואָרצלענ זיינענ צו ווייט אפ דער ערד צעשפרייט, צו טיפ אינ דער ערד פארוואָרצלט — זיי וועלנ דאָכ די ערד ניט אומקערנ אפנ בוימ...

...אייערע טורמעס זיינענ אלט און צעפוילט. פולווער שיט זיכ דערפונ...

נידער מיט דער אלטער צעפוילקייט! נידער די גאזלאָנעסדיקע זעלבסטהערשאפט! נידער די רעציכעסדיקע קאפיטאליסטישע עקספלו־אטאציע! עס לעבע די ברידערלעכע קעמפנדע רייענ פונ דעמ אינטערנאציאָנאלנ פראָלעטאריאט!"

דאוויד האָט פאַרייכערט.

— אונטערגעשריבנ ,,דער אָרטיקער קאָמיטעט פונ רסדאפ." — האָט איסאַק זיכ צוגעבויגנ צומ פאפיר, — גוט! מענדל, זאלמענ, שרייבט עס איבער געקסיוועט...

— צו וואָס? — האָט דאָוויד געפרעגט?

— דו מיש זיכ ניט, גיט דײַנ זאַכ... — האָט איסאַק אָפּגעשניטנ, — איכ'ל ניט געבנ דרוקנ א געשריבענע, אונ נאָכ מיט דײַנ האַנטשריפט...

— וואָס בינ איכ א בעניאַכיד? איטשע בער, טו זיכ א קער — לאַכט דאָוויד.

איסאַק האָט ניט געענטפערט.

— דאָוויד, אז בא אונדז וועט זײַנ סאָציאַליזמ, — האָט כאַנקע געשפּאַסט, — וועט דאָכ איסאַק געווים זײַנ א מיניסטער...

— איבער שריפטראָנגעלעגנהײַטנ... — האָט דאָוויד אינ שמייכל פאַרענדיקט.

— גענוג וועט זײַנ א טויזנט שטיק אָפּצודרוקנ, — האָט איסאַק זײַנס ארויסגעזאָגט.

2

ווענ דאָוויד איז פונ דער זיצונג אהיים געקומענ, איז שוינ דער־טאַטע זײַנער געווענ אויפגעשטאַנענ פונ שלאָפ נאָכנ שאַבעסדיקנ וואַרמעס. ער איז געזעסנ מיט אנ אָפענעמ מויל אונ געוואַרט אפ א גלאָז טיי. נאָר דאָס ווײַב באַשע האָט אפריער דערלאַנגט עסנ דעמ זונ, וואָס האָט זיכ געווים אויסגעהונגערט אזוי שפּעט. ער האָט גע־מעגט אפילע קומענ פריער א ביסל שאַבעס, נאָר דאָס איז דאָכ שוינ אנ אלטע זאַכ... אָפּגעשטעלט עסנ פאַרנ זונ אפנ איינ ברעג טיש, האָט זי שוינ פאַרנ מאַנ אוועקגעשטעלט א גלאָז ברוינע טיי, עפּעס מאָדנע געדיכטע אונ צעברויזטע, וואָס האָט זיכ א מעסלעס אינ לײמענעמ ליאַק געקאָכט אינ אויוונ. בערע אינ די ווײַסע ארבל פונ אונטער דעמ צעשפּיליעטנ וועסט האָט זיכ גיריק צוגערוקט צומ ברעג טיש.

די מאַמע האָט אינ די אויגנ געקוקט דעמ זונ אונ האָט פאַר־דראָסיק געזאָגט:

— אזוי שפּעט — וואָס פאַר א טאַמ קאָנ עס שוינ האָבנ...

בערע האָט שוינ אָפּגעזופּט א האַלבע גלאָז טיי, האָט ער אָפּגע־שטעלט דאָס גלאָז אפנ טעצל, אָפּגעריבנ אפריער מיט א סקריפּ די דעק פונ גלאָז אָנ טעצל, דערמלט האָט ער א וויש געטאָנ די וואָנצעס אונ ארויסגעזאָגט פאַרביסנ:

— א דאַנק, אז מע קומט כאָטש... אָט האָט מענ צוגענומענ אונ פאַרזעצט א גאַנצע כעוורע... פונ „זייערע" מיסטאָמע... גינזבורגס טאָכטער אפילע... מיידלעכ אויכ... אלע ווי איינע...

ער האָט אויפגעהויבן זײַנע קאַרע, קלוגע אויגן — צופרידן פון זײַנע ווערטער.

— זאָל גאָט אויסהיטן! — האָט באַשע אַ טרייסל געטאָן מיט די הענט אַנטקעגן דאַווידן, ווי צו שיצן, — וואָס עפּעס פֿאַרזעצן?

— דו ווילסט ניט? אָבער זיי ווילן — בעוורע וויל, אַז מ'זאָל זיי פֿאַרזעצן... וואָרעם וואָס האָט געפֿעלט זינגבורגס טאָכטער אין דער היים? ווייל זי האָפּקע אין טורמע... און וואָס וויל דײַן דאַוויד?

— וואָס עפּעס דײַן דאַוויד?.. דו האָסט שוין אָנגעהויבן מיט דײַן פֿאַרקערטן לאָשן...

— מײַן דאַוויד איז אַזוי גוט, ווי דײַן דאַוויד... זוכט אין די גאַסן איטשע־בערן און נאָך עפּעס אַ באַלמעלאָכע, וואָס קאָן אַ רימען אָפּשאָבן....

דאַוויד האָט געשמייכלט, און די מאַמע האָט זיך געערגערט:

— מיר זײַנען אויך באַלמעלאָכעס... און גאָסיקע באָכערים — וואָס קאָנען שטערן? אָט איז דאָ אַנומלט געקומען צו דאַווידן, צו אונדז אַהיים, האַמבורגערס אַ טאָכטער... און'ט זיך ניט געשעמט מיט אונדז....

זי האָט געקוקט לאַנג אָפּן מאַן מיט אויגן פֿולע מיט ווערטער פֿאַרבאָרגענע, ווי געזאָגט — אָט וועגן וואָס מע האָט באַחאַפּט מיט דאַווידן רײדן.... זי האָט בערען גלײַך דעמלט דערציילט, זיי האָבן צווישן זיך אַ סאַך גערעדט פֿון דעם, און נאָך מער געטראַכט דערפֿון יעדערער פֿאַר זיך.

— האַמבורגערס אַ טאָכטער געווען דאָ, — טוט בערע אַ פּינקל מיט די לעבעדיקע אויגן, — מיסטאָמע ווײַל זי אויך אין טורמע... איז זי געקומען צו דאַווידן פֿרעגן, ווי קומט מען אַרײַן אַהין?.. וואָס רעדן? דו מיינסט עפּשער, אַז זי איז געקומען אַ שידעך טאָן מיט דיר...

— וואָס ווייס איך, — האָט באַשע טמימעסדיק געענטפֿערט, — אַז דאַווידל דערציילט גאַרנישט... אַן אַנדערער וואָלט דערציילן: „מאַמע, הײַנט וועט צו מיר קומען האַמבורגערס טאָכטער", וואָלט איך אויפגערוימט.... אַזוי האָט מיר דאָס פּאָנעם געפּלאַמט...

— עס מאַכט ניט אויס, — האָט דאַוויד געוואָלט טרייסטן דער מאַמען.

— עס מאַכט גרײַלעך אויס, — האָט די מאַמע ערשט פֿאַריבל־

דיק געזאָגט, — מיר זײַנען אָרעמע, אָבער ציכטיקע מענטשן.... וואָס האָט ניט געקאָנט זײַן עטוואָס ריינער?

— דו ביסט איר, מאַמע, אַזוי אויך געפעלן געוואָרן, — האָט דאַוויד געשמייכלט.

— פון אַ מאַמען איז ניטאָ וואָס צו לאָבן...

— איך זאָג ערנסט, מאַמע, ווי האָט מיר געזאָגט: „אײַער מוטער איז מיר געפעלן".

בערע האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ, האָט נאָך מער אַראָפּגעצויגן זײַן לאַנגע נאָז און געקוואָלן אין זיך:

— אַז די מאַמע געפעלט, איז דאָך דער זון אַוואַדע און אַוואַדע — האָט ער צופרידן אַרײַנגעזאָגט אין גלאָז אַרײַן — וואָס דען וועט זי גיין אָהער אין געסל צו דאַוויד באַשעם?..

— געבן דיר אַ גלאָז טיי, זונעלע? — האָט די מאַמע געפרעגט.

דאַוויד האָט אַ שאָקל געטאָן דעם קאָפּ אויף ניין.

— מ'קאָן עס דערהיינגן, — האָט בערע אַ זאָג געטאָן צום ווײַב גאַנץ הויך, — אַ שאַדכן וועט אַלץ דערהייגן....

— וואָס דאַרפט איר זיך מאַטריען זײַן... — האָט דאַוויד גע־שמייכלט — וואַרט בײַזוואַנען מ'וועט צו אײַך שיקן אַ שאַדכן...

— אַז דו ביסט אײַנמיטן, וועסטו זען מיסטאָמע, אַז מע זאָל אַהער קיין שאַדכן ניט שיקן... פון אַ רעכטן שידעך — ווײַט...

— געוויס, מער וויל איך ניט... כ'וויל ניט הערן.... — האָט זיך דאַוויד אָפּגעקערט.

— בראַוו... — האָט בערע אויסגעצויגן און צעשפּרייט די הענט.

אַ ווײַלע האָט ער עפּעס מיט אַ פינגער געקלאַפּט אין טיש: טאַ! טאַ! טאַ! שפּעטער האָט ער אין דער שטיל אָנגעהויבן צו באַשען:

— נו, וואָס האָב איך איר געזאָגט? זי איז געקומען פרעגן בײַ דאַווידן ווי זעצט מען זיך אַרײַן אין טורמע?... מער ניט.... — ער האָט אַרויסגעקוקט אין פענצטער פאַרטראַכט און געוואַרט, אַז באַ־שע זאָל אים האָפקע אײַנרייד ן, אַז ס'איז אַ שידעכזאַך...

— איך בין ניט אַזאַ קאָוויטע, ווי דו,—האָט באַשע געטײַנעט,— איך מיין, אַז אַ רײַכע מיידל אַזאַ קומט צו אונדז אין שטיבל, איז איר דאַווידל געפעלן....

בערעג האָבן די ווערטער געקילט, נאָר ער האָט נאָך מער פאַר־לאַנגט.

— איך זע דאָס נאָך ניט....

דאַוויד איז אופגעשטאַנען, האָט געעפנט דעם אַלמער און זיך גע־פּאָרעט דאָרטן אַהינטערן טירל, בערע האָט געוווּסט, איז זיכער גע־ווען, אַז דאָס נעמט ער דאָרטן פּאַפּיראָסן — „שאַבעסדיקע"... נאָך מיילע, וועגן דעם שוין לאַנג אָפּגערעדט....

דאַוויד האָט צוגעמאַכט דעם אַלמער און גענומען זײַן היטל.

— דאַוויד! — האָט בערע גערופן און צוגעווינקט, ער זאָל צו־גיין נעענטער, — מיילע, שידוכים.... אָבער זאָג מיר אָפּן: וואָס וועט זײַן מיט דער טורמע?

— וועלכע טורמע?

— יענע טורמע, וואָס נאָך די „נייע הײַזלעך" — דער אָסטראָג, וווּהין מ'האָט אַרײַנגעזעצט איבער א מיניען מענטשן. — וועט מען זיך אויך אַרײַנזעצן?

— ווער ווייסט?

— וואָס הייסט, ווער ווייסט... — האָט בערע צעשפּרייט די הענט, — אַלע ווייסן דאָס אָפּריער. ווער עס וויל, זיצט, און ווער עס וויל ניט, זיצט מאַקע ניט...—בערע ציילט ווערטער.—קום נע־ענטער, איך וויל ניט שרײַען, זאָלן לײַט ניט הערן...

— איז שרײַ מאַקע ניט... — האָט באַשע אין שרעק זיך געבייזערט.

— וואָס האָט איר זיך אַזוי דערשראָקן פאַר טורמע? — האָט דאַוויד געזאָגט געלאַסן אין שמייכל, — מ'ווערט דאָרטן אויך ניט פאַרפאַלן...

— אָ! אָ! — האָט זיך בערע א וואָרף געטאָן און אָנגעשטעלט די אויגן אָפּן ווײַב, — אָ! דאָ איז די רעכטע סאַקאָנע:* אַז מ'האָט שוין קיין מוירע ניט פאַר טורמע, אַז מ'איז שוין מאַסקים אָפּ טור־מע, געמאַכט באַ זיך א העסקעם...

— הער אוף! — האָט באַשע אָנגעשרײַען פאַרקלעמט, — דו זאָלסט אופהערן! „מאַסקים"... דאַווידל איז ניט מאַסקים, און האָט באַ זיך קיין העסקעם ניט געמאַכט... דער כּעס אין דער פאַרשפּאַ־רעניש!.. טפו! טפו! טפו!

— זי שפּײַט, — האָט בערע אויסגעקאָכט, — זי שפּרעכט אָפּ אײַנאָרע, אַז דער זונ זאָל ניט פֿאַרפֿאַלנ ווערנ אינ די טורמעס....

— בערע! — האָט באַשע אַ קלאַפּ געטאָנ אינ טיש, — דו זאָלסט זיכ שוינ די צונג אָפּבײַסנ... אַלצ רעדט ער...

— נו, איכ גײ אַוועק, — האָט דאָוויד צעבראָכנ זיכ געקערט צומ טיר: אַ מאַמעס ווערטער זײַנענ הוילע יעסורימ...

— זונעלע, — האָט די מאַמע האַרציק אָפּגעהאַלטנ, — דו זאָלסט ניט קומענ שפּעט... אונ גײ ניט אַרומ, כאָלילע, וווּ מ'דאַרפֿ ניט...

— דער איקער, — האָט בערע צוגעגעבנ, — דו זאָלסט ניט אײַלנ...

דאָוויד האָט צו אימ אומגעקערט דאָס פּאָנעמ.

— כ'מײנ, דו זאָלסט כאָטש ניט קריכנ אינ טורמע פֿאַר דער צײַט... קאַלזומאַנ מ'קאָנ, דאַרפֿ מענ זיכ אויסדרייענ... איכ ווייס, וואָס איכ רייד, — האָט ער מיט אַ פֿינגער צוגעטײַטלט צו באַשענ, וואָס האָט אָפּ אימ די אויגנ אָנגעשטעלט, — בעטנ זיכ אינ טורמע דאַרפֿ מענ ניט... אונ וואָס ל'ענגער מע דרייט זיכ אויס אָנ טורמע, איז אַ געווינעס! עפּשער וועט מענ אינ דער צײַט פּטור ווערנ פֿונ „זײ" אָנ טורמע... איז דריי זיכ ניט אַרײַנ! דו זאָלסט ניט אײַלנ...

דאָוויד איז אַוועק.

3

מאָטל איז צעטומלט, מאָטל איז פֿאַרבייזערט. ווידער אַרעסטירט. ווײַטער אָביסקעס...

באַגינענ לויפֿט ער שוינ אַרומ אינ די גאַסנ: וווּ האָט מענ גע-זוכט, וועמענ האָט מענ צוגענומענ...

— אונ די וואַנצ — די „פּאַסקודנע וואַנצ" ווי דערטאַפּט מענ...

— מאָטל! מאָטל! — מינטערט אימ עמעצער, — מאָטל!

— גײ צו אַלדי רוכעס! אומעטומ ביסטו פֿול... — טרייסלט זיכ אָפּ מאָטל מיט די הענט אונ מיט די פֿיס פֿונ מענאַשקע דרייפֿוס, וואָס האָט זיכ מיט זײַנע כאַרע הענטלעכ אָנגעקלאַמערט אָנ זײַנ רעקל.

— דו גייסט אונ דו שלאָפֿסט אַפּאָנעמ? איכ וויל מיט דיר עפּעס רײדנ.

— און איך וויל מיט דיר ניט ריידן.

— גרויס געוואָרן באַ זיך, מאָטל! כ'האָב דיך געזוכט — ווו ביסטו געווען?

— אַ כוילע געווען. וואָס גייט דיר אָן?

— איך וויל דיר דערציילן....

— פון דיין זשאַנדאַר — ברענט בייזע אַפּן פייער! געדענק, איך האָב דיר אָמאָל געוואָרנט, אַז ניט נאָר די אַנהערע פּוס — גאָר דעם קאָפּ וועלן מיר דיר צעבּרעכן, אויב נאָר וואָס... און — לאָז מיך צורו...

— מאָטל! מ'קאָן גאָר מיט דיר ניט ריידן — דו ביסט בייז!.. איך פאַרשטיי...

— אַלץ פאַרשטייסטו?! גיי אין דער ערד, מענאַשקע! און לאָז מיך צורו...

— מאָטל! אייַך איז ניט גוט, מ'האָט זיך פאַר אייַך גענומען... הייַנט באַנאַכט האָט מען ווידער אַרעסטירט פון אייַערע כעוורע...

— פונוואַנען ווייסטו, מענאַשקע? פונוואַנען! — מאָטל האָט גע־סקריפּעט מיט די ציין, — מענאַשקע! דו וועסט האָבן אַ ביטערן סאָף...

— איך? פאַרוואָס עפּעס איך?... דו ביסט גלאַט עפּעס הייַנט בייז, ווי אַן אַנגעריסענער געשווייר... איך?! אַדרעאַבע: איך זע אייַך צו העלפן מיט וואָס איך קאָן... אָט איז דאָ עפּעס אַ באָכערל פון אַ דער־בייַיקן שטעטל — פון אייַערע... מ'האָט אים אין שטעטל פאַרגומען מיט עפּעס אַ ביכל, און מ'האָט אים אהער געבראַכט אין אָסטראָג... איז ער געזעסן און געזעסן....

— דו דרייסט אַ קאָפּטער, מענאַשקע, — ס'האָט חערעסן... וואָס אַ באָכערל?

— מיט אַ פּאַריסן נעזל... דו קענסט אים מיסטאָמע — אַזאַ נעזל, אַז די נאָזלעכער קומען באַ אים אויס פון אויבן, ניט פון אונטן— אַזאַ פּאַריסן נעזל...

— לאָז מיך צורו... — האָט מאָטל זיך קימאַט געבעטן.

— אָבער אַ וווּיל באָכערל, אַ ראַכמאָנעסדיקס, אַ שטילס... דו מאַכסט אַן אָנשטעל, אַז דו קענסט אים ניט...

— וואָס האָסטו זיך צוגעבונדן? — האָט מאָטל קרענקלעך גע־שמייכלט.

— אָט דאָס באַבערל האָט מענ דאָ מיט א חדש וואָכנ צוריק באַ־
פרײַט פונ טורמע, נאָר אהיימ לאָזט מענ אימ ניט פאָרנ... אזוי האָט
ער מיר געזאָגט — איכ האָב אימ דערזענ אפנ בולוואַר, אליינ נע־
בנ א פאַרזאָרגטנ... האָבנ מיר זיכ צערעדט — ער האָט מיר אלצ
דערציילט. ער זוכט א צימער צווישנ ארבעטער, צווישנ די גאַרבער־
אָינ נײַ־שטאָט וואָלט געוועג זייער גוט לעבנ אזוי כעוורע... וואָרעמ
ער איז דאָכ אויכ אזוי... האָב איכ אפ אימ ראַכמאָנעס געהאַט אונ
באַקאַנט געמאַכט מיט טעוולען...

— מיט טעוולען, וואָס מ'האָט ארעסטירט! — האָט מאָטל אויס־
געשריִענ.

— מאַכט זיכ אנ אומגליק אונ מ'האָט אימ אינ עטלעכע טעג
ארומ ארעסטירט... אונ מאַצקלענ אויכ ארעסטירט... נאָר ער האָט
זיכ שוינ באַקענט מיט אנדערע..

— אונ דו קענסט זיכ מיט טעוולענ? — האָט מאָטל נאָכ שטאַר־
קער אויסגעשריִענ.

— וואָס פאַר א בייז וווּנדער איז אפ דיר הײַנט אָנגעפאַלנ? איכ
קענ א סאַכ פונ אײַערע, איכ קענ בענציִענ, סאָימענ, וואָס מ'האָט
ארעסטירט...

מאָטל האָט אימ אָנגעכאַפּט פאַרנ רעקל אפ זײַנע שפּיצעכיקע אַק־
סלענ, אז ס'האָט זיכ געדוכט — ער וועט אימ זײַנע בייִנער אויס־
טרייסלענ, ווי פונ א זאַק...

— מענאַשקע! זע, מענאַשקע! אונדזער בלוט גיסט זיכ אינ די
גאַסנ... מיר וועלנ אפ גאָרנישט ניט קוקנ.. ווער עס וועט פאַטערנ
אונדזערנ א מענטשנ, וועלנ מיר יענעמ פאַטערנ... דו הערסט,
מענאַשקע, דו הערסט?.. מע-נאַש-קע-ע!..

מאָטל איז געווענ רויט, די הויט אפנ פּאָנעמ האָט געציטערט, אונ
ער האָט מענאַשקענ אומגעטרייסלט, אז זײַנ קראַנקער פּוס האָט זיכ,
ווי אנ אָפּגעריסענע שמאַטע, אינדערלופטנ געהוידעט.

— מאָטל, דו ביסט הײַנט פונ זינענ אראָפּ... — האָט מענאַשקע
קוימ אָפּגעסאַפּט.

— אראָפּ פונ זינענ... אזויפיל מענטשנ אונדזערע האָט מענ פאַר־
שפּאַרט... וואָס מאַכסטו שטיק? א פּאַסקודנע וואַנצ האָט זיכ אַרײַנ־
געמאַכט... עמעצער הרגעט זיכ ארומ, — האָט ער מיט די ציינ

געסקריִעט, — מע זאָגט אויס.... מע מאַסערט... מע ווײַזט אָנ — האָט ער ווידער א טרייסל געטאָנ מענאשקענ, — דו — וואָס דרייסטו זיכ ארומ... גיווזשעק אײנער!.. מיר וועלנ די צונג אויסדרייענ!... מירנ נאָכ דערגיינ ואַקוראַט... מירנ כאַפּנ פּאַרנ האַנט, א—אַי!.. פּאַסקודנע וואַנצ! מאַסערנ ,אונדז... אַזאַ וואַנצ...

בא מענאשקענ האָבנ זיכ די אויגנ אויסגעדרייט, אונ זײַנ מאָגער פּאָנעמ איז בלאַס אונ אויסגעצויגנ געוואָרנ. א ווײַלע איז ער געשטאַנענ געלעמט, אָנ לאָשנ, אָנ באַוועגונגענ. באַלד האָבנ טרערנ זיכ א לאָז געטאָנ איבער זײַנ פּאָנעמ אונ זײַנ צעקרימט מויל האָט הויכ געכליפּעט:

— הע־ע=ע.. דו מיינסט: איכ... ווי איז דיר ניט מיִעס, מאָטל? הע־ע־ע... נאָ, האַרגע מיכ, אויב איכ... נא דיר מײַנ קאָפּ... כ'וועל דערגיינ, ווער עס מאַסערט... אַפּ מיר טראַכטנ — הע=ע=ע... מאָטל, איכ בינ ניט קיינ אנטלאָפּענער, איכ בינ דאָ א היגער... אויב איכ, וועל איכ אַליינ קומענ צו דיר: נאָ, מאָטל, צעקנאַק מיכ ווי א לויז!..

— טפו! — איז מאָטל שנעל אוועק פונ אימ מיט א שווער געמיט אונ פאַרפּלאָנטערטע טריט — צערודערט אונ טריב.

## XII. „פידזשאקלעכ אונ העמדלעכ"

1

הוטנער האָט כאַראָשע געהאַט, האָט מענ אימ אינ מויל אַרײַנגעקוקט, ווי ער קײַט די אונטערשטע ליפּ מיט א שטיק באָרד אינ דעמ, אונ מע האָט ניט דערהווידערט.

מאַנאַסאָנ האָט שױכ לאַנג געטײַנעט מיט אַלע איבעריקע, אַז „מע דאַרפּ מאַכנ א טאָלק מיט די גאַזלאָניומ". דאָס ביסל געלט איז פאַרשטעקט אינ פּעל, וואָס וואַלגערט זיכ, ווי א שטיינ, אַפּנ בוידעמ פּונ פאַבריקל אונ אינ שפּײַכלער. פּאַרטיקע סכוירע האָט זיכ אויסגענומענ, וועקסלענ שפּרינגענ אונטער, דאַרפּ מענ זיי אויסקויפנ, אונ קיינ נײַע וועקסלענ אַפּ דיסקאָנטירנ איז ניטאָ. האָט מענ געפּרוווט גיינ צו הוטנערנ ריידנ מיט אימ. האָט ער זיכ געבייזערט: — „בעשומויפנ ניט! אויב אפילע נאָכגעגעבנ — דאַרפּ מענ „זיי" אויכ פּריִער אָנלער־

נענ, אז זיי זאָלנ גוט געדענקענ, די לײַדאַקעס!.. וואָס האָט איבנ אַזוי אָנגענומענ?".

— וועקסלענ „ווערנ פעליק", און ניט אלע האָבנ בײַ־געשעפטנ און אויסלאַק...

— אינ „ווזאַימני" ווייס מענ, וועט מענ אָפּהאַלטנ, איכ האָב שוינ געהערט... מ'וועט ניט ארויסשטעלנ, קאָלזמאַנ דער שטרײַק... נאָר — זײַטיקע וועקסלענ — מיילע, נא דיר, מאָנאָסאָנ, מײַנעמ א בלאַנק... וויפל? 500 דערווײַל? נא דיר פינפ בלאַנקענ צו הונדערטער — דרײַ־מאַרקאָוש־מאָדריקע... וועט „זיי" גענוג זײַנ צו קרענקענ?... איכ ריזיקיר ניט — איכ האַלט, אז איר זײַט נאָכ אלע אינ מײַמעד, און זיי וועלנ בלײַבנ די שלעפּערס...

האָט עס אפּ אלעמענ געמאַכט א גוואַלדיקנ אײַנדרוק: אז הוטנער קריכט אפנ טיש, מאָג מענ זיכ אפּ אימ פאַרלאָזנ.

טעג גייענ און וועקסלענ „לויפנ אָנ": הײַנט בא דעמ, מאָרגנ בא יענעמ. הוטנער וועט ניט געבנ אלע טאָג נײַע „טויוועז־וועקסלענ".

נאָר צו הוטנערנ האָט מענ אָפּשײַ צו גיינ. ערשט אָפּגערעדט מיט אימ. און מיטאַמאָל האָט הוטנער אליינ אָנגעזאָגט, אז מ'דאַרפ פונ די „כּשורעלײַט" ארויסרופנ עטלעכע ליטהאַקעס... וויפל זײַנענ דאָ פאַבריקאַנטנ? זיבנ. איז זאָל זײַנ פונ די „כּשורהע באַרוועסע" — פינפ, גענוג וועט זיי זײַנ... „רופט צונויפ בא וועמענ איר ווילט — נאָר ניט צו מיר אינ שטוב... איכ וואָלט מיט זיי ביכלאל ניט רײדנ, נאָר דער „פּראַוויטעל" האָט מיר געגעבנ אנ אָנצוהערעניש — צווישנ אונדז זאָל עס בלײַבנ — אז דער גובערנאַטער פאַרלאַנגט, מ'זאָל מיט דעמ מאַכנ א סאָפ... אזוא ערעוו־ראָוו פּוסטעפּאַסעוועט, קאָנ עס פירנ צו אנ „אופּ־ברויז אינ די מויטעס"... ווײַל ער, דאַרפ מענ אימ ווײַזנ"...

האָט מענ אָנגעזאָגט, באַשטעלט דורכ יויסעפּ־מייערנ דעמ מאַש־גיעכ, אז די באַגעגעניש זאָל זײַנ בא מאָנאָסאָנענ אינ דער היימ. האָט הוטנער ערשט כאַראָטע געהאַט.

— עס טויג ניט, — האָט ער געקײַט די אונטערשטע ליפּ, — גיטאָ מיט וועמענ צו פּראָווענ צדאָדימ... פינפ אויסגעקליבענע... וועלנ זיי אָפּקלײַבנ די סאַמע אָנגעלערנטע, וואָס וועלנ קומענ לערנענ מיט מיר... און גיב זיי נאָכ אָרוועס?... אפּ אונדזערע אַכרײַעס!.. גיי היט זיי... איכ דאַרפ ניט די געלערנטע, איכ בינ אליינ א געלערנטער.

זאָלן קומען אַלע, דאַפקע אַלע, און צו מיר אין דער גרויסער פֿאַבריק, די גאַנצע כעוורע — וועל איך מיט זיי ריידן.

האָט זיך עס ווידער אָפּגעלייגט אויף עטלעכע טעג.

2

— אָט דאָס איז דער אוילעם?..—האָט הוטנער מיט בײטל אַ וואָג געטאָן צו פּערלשטיינען, וואָס איז געזעסן לעבן אים—די פּידזשאַק־לעך און די העמדלעך... נו, נו...

— די פּידזשאַקלעך און די העמדלעך... — האָט פּערלשטיין גע־בילט איבערהאַקן מאַנאַסאַנען, און אַלע איבעריקע האָבן זיך צוגע־בויגן איינער צום אַנדערן און איבערגעטאַזערט מיט האַנאָע דאָס „גוט ווערטל" — די „פּידזשאַקלעך און די העמדלעך"...

— אויבעכיין, — האָט הוטנער הויך זיך געווענדט צו די פֿאַר־זאַמלטע, — זײַנען אַלע דאָ? ניט אַלע, אַפּאַנעם... עס פֿעלן... אָט איך ווייס, דער שוואַרצינקלער, אַ ניטהויבער, דוכט זיך... און דער — הער, וואָס האָט מיר אָפּגעזאָגט דעם פּאַסעק...

— וואָס איר האָט אָנגעמערקט... און געמאַכט אויף זיי סימאַנים?.. האָט זאַלמען פֿון דער ערשטער רײַ איבערגעריסן אין צאָרן.

— און די, וואָס זיצן שוין אין טורמע, זײַנען אויך אײַערע גע־מערקטע מיט סימאַנים?... — האָט אהינטער זאַלמענען באַלד אויס־געשריִען מוישקע.

— מיר מערקן קיינעם ניט, און מיר פֿאַרלעצן קיינעם ניט... — האָט שוואַרצמאַן זיך געווענדט צום אויפגערודערטן אוילעם.

— דאָס איז ניט אונדזער טורמע, — האָט שייניק אַרויסגעזאָגט.

— אונדזערע אוואָדע ניט... — האָט מען געשריִען פֿון די פֿאַר־זאַמלטע.

— וואָס האָט איר אַ טומל געמאַכט? — האָט מאַנאַסאַן אַרויס־געריקט, — מ'האָט האָב נאָר געפֿרעגט: צי אַלע זײַנען דאָ.

— אַלע!

— זײַנען דאָ אַלע, זאָגט איר?—האָט הוטנער ערשט גענומען קוק־ען די אונטערשטע ליפּ, — די, וואָס מע האָט פֿאַרזעצט, האָבן מיס־טאָמע קיין טפֿילה ניט געלייגט... — האָט ער אַרויסגעלאָזט די

באָרד פון מויל און געוואָלט זיך ווערטלען.—זײַנען אַלע דאָ? אָובע־ביינ... ווילט איר עפּעס זאָגן...

— מיר האָבן שוין אונדזערס אָפּגעזאָגט, — האָט זאַלמען געענטפערט.

מוישקע האָט זיך א קער געטאָן צו די הינטערשטע רייען און עפּעס צוגעווינקט.

— אונדזערס האָבן מיר שוין לאַנג אָפּגעזאָגט, — האָבן זיך דער־הערט קוילעס.

— עמעס, עמעס, כ'האָב פארגעסן: איר האָט אָנגעהויבן... אָובע־ביינ: אַז איר האָט אָנגעהויבן, דאַרפט איר ענדיקן...

— ווען מ'וועט דאַרפן, וועלן מיר ענדיקן.... — וואַרפט שלוימקע אַרײַנגערעדט.

— אפּאָנעם, נאָך ניט צײַט צו ענדיק...— שרײַט עפּעס יאשקע פון דער גאָענט.

— מיינט איר, אַז נאָך ניט צײַט צו ענדיקן — צו פרי נאָך פאַר אײַך... אובעביינ....

— צו פרי נאָך פאַר א ײַך אפּאָנעם...—שטרײַכט אונטער זאַלמען.

— אובעביינ...—קערט אום נאָטקע דאָס פּאָנעם אהינטער און ברומט אין שפּאָט.

— וואָס ציט ער די אצאָמעס?... — מורמלט מען אין די רייען.

— שאַ, — וויל שייגין באַרויִקן, — זאָל זײַן שטיל, וועט מען קאָנען עפּעס דורכריידן.

— ווי איז בא אײַך, כעווירע, — האָט הויכער געגומען קײַען די ליפּ, — איינער זאָגט, און אַלע הערן, אָדער אַלע זאָגן און קייי־נער הערט ניט...

מאָטל האָט אויפגעציטערט, זיך א ריס געטאָן פאָרויס, נאָר זאַלמען האָט אים אָנגעכאַפּט פאַרן רעקל און אָפּגעהאַלטן.

— שאַ־אַ... — האָט מוישקע געשטילט די פאַרזאמלטע.

— כ'מיין, צי מ'קאָן זיך מיט אײַך צונויפריידן, — האָט הויכ־נער זיך צערעדט, — א כעווירע דאַרף אויך האָבן א כעזשבן, ניט גלאַט „ניע זשעלאיעם"... שוין א מאָנאַט, מער, ווי איר אַרבעט ניט. דאַרף עס דאָך האָבן א סאָף.... כעווירע שטרײַקער זײַנען דאָך אויך ניט קיין מאַלאָכים...

— עסנ דארפ מענ, — האָט אריינגעזאָגט מאָנאָסאָנ, — אונ א פאפיראָסל...

— אונ א לאפיק אפ א שוכ! — האָט הוטנער באַרייטעטריק אויס־געחריקט, — פוסטעפאסניקעס גייענ ארומ מער, רייסט מענ שטארקער די שיכ... איז דאָכ א לא־פיק!.. אונ ווער ס'האָט א פרוי אונ קינד, איז א חאכמאָנעס....

— אָנ אייער חאכמאָנעס... — האָבנ עטלעכע מיטאמאָל גע־שריִענ.

— מ'וועט צו אייכ ניט קומענ בעטנ...

— אובעכיינ... — האָט נאָטקע שויג אָפנ געלאכט.

— טאקע אובעכיינ, — האָט הוטנער געשאָקלט מיטנ קאָפ, — איכ צאָל א שוימער געלט, ער זאָל היטנ די ליידיקע ווענט... עפשער אָפרעכענענ דעמ שוימער אונ אָפזאָגנ זיכ פונ פאבריק..

— שרעק די גענחז!..

— זאָל זיינ אויס פאבריק, אז מענטשנ ווילנ הונגערנ, צי פוס־טעפאסעווענ....

— כעוורע, קומט! — האָט מאָטל זיכ צעשריִענ, — קומט, כעוורע!

— וואָס קומט? — האָט מיטעלמאנ געכאפט, — וווהינ האָט איר צי איילנ? כי־כי... זייער פארנומענע מענטשנ.... ער שרייט גאָר: „קומט"...

— צי אייכ שטייט ניט אָנ, וואָס מע זאָגט אייכ — גרויסע באל־גייוועס געוואָרנ... — האָט זיכ שייניִנ ארויסגערוקט, — קאָלזמאנ מע רעדט....

— וואָס זאָל מענ א סאכ מייריכ זיינ? — האָט מאָנאָסאָנ ארויס־געכאפט, — סאָפ פאָסעק: מיר ווילנ אייכ נאָכגעבנ...

— ניינ! ניינ! — האָט זיכ הוטנער צעביישערט. מאָנאָסאָנ האָט זיכ אָפגערוקט.

— מיר ווילנ ניט נאָכגעבנ! מיר ווילנ זייער ניט!.. — האָט הוט־נער אויסגעדריקט.

די פאחזאמלטע האָבנ זיכ פריילעכ צעלאכט.

— מע גלייבט אייכ....

— ניט איז ניט, — האָט זאלמענ געשמייכלט, — איר האָט אונדז גערופנ, זיינענ מיר געקומענ... פריִער האָט איר געוואָלט — עטלעכע

זאלנ קומענ, אונ דערנאכ — אלע. ווילט איר ריידנ — וועלנ מיר הערנ....

— הייסט עס, ביסטו דער ראש האמדאברימ, — האט זיכ הינ־ גער איינגעאנטצט א קער געטאנ צו אימ,—דו העדסט פאר אלעמענ, וועל איכ איצטער וויסנ....

— אז איר ווילט, קאנ איכ ריידנ, — מאכט שלוימקע.

— ביסטו איבער אימ, — האט הוטנער געטייט מיט א פינגער,— דו ביסט דער גרעסערער פירער? צי ער איז דער גרעסערער?

— איכ בינ דער גרעסערער פירער, — נעמט מוישקע אפרוקנ זאל־ מענעג.

— ער דארפ וויסנ, ווער איז דער פירער... — ווארפט נאטקע.

— לאזט מיכ, —רייסט זיכ פונ די הינטערשטע רייענ כאימ, — איכ וועל מיט אימ ריידנ: איכ בינ דער פירער! פונ אלע פירער— א פירער!

— מיר דארפנ ניט איינערע פירער,—האט פערלשטיינ מיט ביטל א מאכ געטאנ.

— אובעכיינ... — האט נאטקע צוגעברומט צו מאטלענ, אינ מאטל האט אימ אפגעענטפערט: — אובעכיינ...

— אובעכיינ, — האט הוטנער אנגעהויבנ דאפקע אזוי, ווייל די לייבדאקעס לאכנ דערפונ, אבער זיי וויסנ דאכ, אז א כאשעווער מענטש רעדט נאר אזוי,—אובעכיינ: ווילנ זיי אייכ נאכגעבנ...—האט ער אנ־ געוויזנ אפ די פאבריקאנטנ אהינטער אימ, — זיי ווילנ. איכ — ניט. נאר זיי ווילנ. אינ די פרייזנ קומט מענ דורכ. מע העכערט...

— ווי איר האט געבעטנ, — זאגט אונטער מאנאסאנ.

— נאר אינ דער צייט, אראפנעמענ צייט — דאס ניט! דערופ באשטיי איכ איינגאנצנ אפ ניט!... ליידיק ארומגיינ, פוסטעפאסעוועג,— הוטנער האט ווערטער פונ אונטער די וואנצעס אינ אומגעדולד גע־ ווארפנ, ווי געשפיגנ,—קיינ אזייגער, קוימ צו דער ארבעט... ווי דער „פראוויטעל” באמ גובערנאטער... היינט ווו איז די נאפקעמינע?..

— וועט זיינ אנ א נאפקעמינע... — צעלאכט זיכ מאטל אפנ קאל.

— איז זאל מענ דיכ מאכנ פאר א „פראוויטעל”, וועסטו באלד זאגנ... — האט פערלשטיינ זיכ געבייזערט.

— מיר האָבנ אײַכ אינ אָנהייב אָנגעזאָגט,—האָט זאלמענ רײַטלעכ אונ אויסערלעכ רויִק אָנגעהויבנ, — אז אויסער די הויסאָפּע אינ לויג, ווילנ מיר דורכווּס קירצנ די ארבעטצײַט אפּ צוויי שאָ...

— הייסט עס, א טאָפּלטע הויסאָפּע, — האָט שייניג איבערגע־ריסנ.

— אינ דעמ נאָר קאָנענ מיר מיט אײַכ דורכקומענ, — האָט זאלמענ ווײַטער געזאָגט,— ווענ ארויּפּצונעמענ די צוויי שאָ — אינדערפרי, צי נאָכ חער ארבעט...

— פארגינסטו זיכ זעקס אזייגער, האלבנ טאָג, ארויּפגיינ פונ דער ארבעט?... — האָט שווארצמאנ צעפירט ביידע הענט.

הוטנער האָט אָנגעקוקט זאלמענענ, האָט האסטיק געקײַט די ליפּ מיט א שטיק באָרד אינ דעמ, אונ צולעצט ארויסגעזאָגט: — ווײַטער־דו.... דו רעחנסט פאר אלעמענ....

— ער רעדט ריכטיק! — האָט יאשקע אויסגעשריִענ, — ער מאָג ריידנ פאר אלעמענ — מיר זײַנענ אלע דערפאר...

— זײַט איר אלע דערפאר, — האָט הוטנער א מאכ געטאָנ מיט דער האנט, — שטיינ מיט א זייגערל בא דער ארבעט? ניינ! צופיל פאראד....

— א צו פּעטער ביסנ מיטאמאָל,—האָט מאָנאָסאָנ אָנגעהויבנ, נאָר סערגיי, וואָס האָט די גאנצע צײַט אָנגערוקט געשוויגנ, האָט זיכ מיט־אמאָל ארויסגערוקט פאָרויס, אָנגעהרודלט אונ צעפלאמט:

— וואָס פאראד.... מיר זײַנענ ניט קיינ מענטשנ?... איר האלט אונדז טאקע פאר „סקאָטי”... לאָזט אונדז ניט א קאָפּ אופהייבנ...

— סערגיי, — האָט שווארצמאנ אָנגעהויבנ צוגעלאָזט. — וואָס איז מיט דיר? דו ביסט אויכ א בונטאָוושטשיק! מע האָט דיכ אָנגע־לערנט....

— אוודע א בונטאָוושטשיק! פאר מײַנע מאָזאָליעס — א בונ־טאָוושטשיק! פריצימ זײַט איר! איר האלט העמ זייגער, אינ מיר — דארפנ ניט... אָנגעלערנט — מײַנע מאָזאָליעס לערנענ מיכ... אונ אלעמענ... א בונטאָוושטשיק...

— בונטעוועט, אז אײַכ איז ליב, — האָט הוטנער געהאָרפנ אונ זיכ אָפּגעקערט אוועקצוגיינ. די איבעריקע זײַנענ לאנגזאמער, אָבער גלײַכ נאָכ אימ אוועק.

# XIII. אהינ אונ אהער

די שטימונג האט זיכ געהויבנ.

נאכ די איבערגעריסענע אונטערהאנדלונגענ מיט די פאבריקאנטנ זײַנענ די גארבערע בא זיכ נאכ פעסטער געווארנ, די אפגעשטאנענע אפילע. מ'זעט דאכ — „דער אײַז פלאצט". די פאבריקאנטנ האבנ שוינ אליינ אנגעבאטנ, א העלפט נאכגעגעבנ. וועט אריבער נאכ א פאר וואכנ, וועט הונגער פארגינענ די ארבעטער אפילע דעמ „פאראד"...

— כעווריע, גרייט זייגערלעכ, — האט מענ זיכ געוויצלט, — מיט זייגערלעכ בא דער ארבעט...

די פראקלאמאציע איז געווענ אפגעדרוקט, אונ דער „קאלטער" איסאק האט זיכ אזש נאר צעקושט מיטנ „שטילנ" שאַלעמענ... — שענער קאנ ניט זײַנ! — האט ער אינ היספּײַלעס ארומגעטאנצט, — א מאניפעסט דרוקט מענ ניט שענער...

ארבעטער פונ אלע פאכנ, דערהויפּט די יוגנט האבנ געהויבנ געשפּאצירט.

— דו האסט? אניט, קאנ איכ דיר געבנ... — האט מענ בא א באגעגעניש מיט זעלבסטווירדע אײנער דעמ אנדערנ קורצ אנגעזאגט וועגנ דער פראקלאמאציע.

אינ די ווײַטסטע געסלעכ אונ אינ „רו" (טאל) האבנ פראקלאמאציעס געטיילט צוויי רײַכע מיידלעכ. אנ עלטערע, אנ איידעלע אונ א פארטראכטע — פונ די האמבורגערס פענעמער — אינ א יינגלשנ קאפעליוש אונ מיט א דינ שטעקעלע אינ דער האנט. האט עס ארומגעטראגנ אפ זיכ אינ א רײַזנ־טאש (אנ אויסלענדישער — א צאצקע! וואס מע קלעטערט מיט אימ אפ בערג אינ דער הייכ) אונ איז אויסנ געווענ די פאר טעג אינ די פארוואָרפנסטע ווינקעלעכ. די אנדערע, א יונגע, א לאכעדיקע, ווערטשקע מיט א שווארצנ גימנאזיסטישנ שירצל, האט זיכ געקײַקלט איבער זײַטיקע געסלעכ — זי אונ איר געלעכטער האבנ זיכ ביידע געפלאנטערט אינ די שמאלע קרומעניושנ.

אונ שטרײַקנ האבנ א קלאפּ געטאנ איינס נאכנ אנדערנ. צו דער נאכט האט מענ זיכ דערוווּסט, אז די פאפיראסנ־פאבריק האט זיכ אפגעשטעלט, אונ אינדערפרי האט מענ שוינ אנגעזאגט, אז די דרוקערײַענ אינ שטאט אונ די גובערנסקע אויכ, — ארבעטנ ניט; אונ אפ־

מאָרגנ זײַנענ די מענערשנײַדער פונ די גרעסערע װאַרשטאַטנ אַראָפּ פונ דער אַרבעט.

זײַנענ גאַסנ פול געװענ מיט מענטשנ, װי װאַסער באַמ דניעפּער אינ גװיסער, אונ מענטשנ געהײפּלטע, װי װאַסער געזאַמלטע, ברױזנ אונ שױמענ. אונ אינ פאַרנאַכטנ, אינ טונקעלע אַלײענ אפנ בולװאַר, אונ אינ געדיכטע רײענ פונ טראָטואַר — דערהערט זיכ מיטאַמאָל אַ געזאַנג, אַ געשאַל:

Знамя великой борьбы всех народов...

אױפגעמונטערטע אונ פרײדיקע צערױשטע זײַנענ צו דאָװידנ אַהײמ אַרײַנגעקומענ: נאָכעמקע מינקינ, װאָס איז װי אַלעמאָל, „װי פונ אַ סרײפע" דורכגעלאָפנ פאַרבײַ דאָװידס מאַמענ, אונ נאָכ אימ — מיט גרױסע שפּרײזנ — דער הױכער פאַװעל מיטנ הױפּשנ בלאָנדנ בערדל אונ אַהינטער אימ — חער געװעצטער אונ מעיושעװדיקער װאַציעטיס.

— פונװאַנענ אונ װיאַזױ מיטאַמאָל? — האָט זיכ דאָװיד פאַרװוּנדערט אפ די לעצטע צװײ.

נאָכעמקע האָט זיכ געטראָגנ איבערנ צימער, זיכ געקנײטשט צו־פרידנ אונ געקװאַלנ: — טאַליע איז אַנטלאָפנ, אונ זײ זײַנענ געקו־מענ... ס'איז — אַהינ אונ אַהער... טאַלקע האָט זיכ דערשראָקנ..

דאָװיד האָט מיט די אױגנ נאָכגעיאָגט נאָכעמקענ, װאָס האָט זיכ נאָכ אַלצ געטראָגנ אונ געשפּאַנט, אונ װערטער געװאָרפנ, װי פאַר זיכ גערעדט: — „טאַליע באַם האָט זיכ דערשראָקנ פאַר די אַרעסטנ אינ שטאָט.. אונ אַנטלאָפנ... אַװעקגעלאָפנ צו מאַרוסקענ אינ שטעטל.... אַקוראַט, װי מע זוכט אימ..."

— נאָכעמ! — האָט דאָװיד אַרױסגעזאָגט העכער, װי געװײנ־לעכ, האָט ער זיכ גלײַכ אָפּגעשטעלט אונ פונדערװײַטנ רױקער, אָבער געכאַפּט אונ אינ שמײכל צוגעגעבנ:

— עטלעכע טעג האָט ער זיכ פריטאַיעט, געשװיגנ טאַליע — גע־קומענ צו גאַסט... דערנאָכ האָט ער אָנגעהױבנ דערצײלנ, אַז דאָ אינ שטאָט רודערט: „שױטע דו מענטש! שטרײַקנ! דעמאָנסטראַציעס! אַרעסטנ, אָביסקעס!"... האָט מענ שױנ פאַרשטאַנענ, אַז ער איז אַנט־לאָפנ באַהאַלטנ זיכ... אונ די פאָר, פאַרקערט, זײַנענ געקומענ אַהער — טאָמער דאַרפ מענ עפּעס טאָנ.... זײ האָבנ קײנ מורע ניט פאַר אַרעסטנ....

וואציעטיס האט אראפגעלאזט דעם קאפ אנגעדרולדט און ערנסט, פאוועל האט צעעפנט ברייט בלויע שײַנענדיקע אויגנ.

— אנו, דאוויד!... מיר האבנ געווארט בא דינענ, טאמער קומסטו אריינ...

— איכ וועל קומענ צו דינענ באלד, — זאגט דאוויד, — בא מיר — ניט... די מאמע דא... באלד קומט דער טאטע...

— אײַ, לעבעדיק! — שטעלט זיכ אופ פאוועל.

— מ'דארפ זיכ דורכריידנ, — שאקלט פאר זיכ מיטנ קאפ וואציעטיס.

— איכ וועל קומענ,— זאגט דאוויד.

זײַנענ זיי אוועק, נאר נאכעמקע האט זיכ גלײַכ אומגעקערט:

— וואוווקע האט זיכ געפונענ!.. אפנ ציגלזאוואד... געקומענ פויגלסאנ — א פרײַלעכער, אינ טענצ! — וואוווקע איז צו אימ געקומענ אהינ אינ שטעטל און איז אוועק אפנ ציגל-זאוואד... און וואוווקע ווייס, וואס צו טאנ. ער האט זיכ נאר געווענ אפגעלאזט... ער האט דארטנ שוינ געמאכט צוויי קרײַזלעכ... און — האט אפגעשיקט פויגלסאנענ אהער...

— פויגלסאנ וועט דא איצטער טומלענ... — באמערקט דאוויד.

— ער וועט דא ניט לאנג זײַנ — איכ גיב אימ „ליטעראטור" אפּפירנ „אהינ..." ער איז דאכ געגאנגענ צו דיר... נאכ ניט געווענ? — און נאכעמקע איז ארויסגעשפרונגענ.

דאוויד האט זיכ פארטראכט וועגנ וואוווקענ, וועגנ טאליענ, און דערהויפט וועגנ פאוולענ און וואציעטיסנ.

פאוועל איז גלאט א „בונטאר", „בלאזט פלאמענ", א צעשויבערטער... ער פאסט זיכ — אפ באריקאדעס... אבער דערווײַל איז נאכ ניטא קיינ רעגולערע, ארגאניזירטע ארבעט! מ'דארפ דורכשמועסנ ערנסט — דערהויפט מיט וואציעטיסנ.

מענטשנ קומענ אפ — אויסער די ארעסטנ. מענדל האט געמוזט אוועקפארנ — מע האט אימ צו שטארק געזוכט... עטלעכע האט מענ אפגעזונדערט דערווײַל — זאל זײַנ גרייט א צווייטער „קאמיטעט". אויב מע וועט דערגיינ צו די איצטיקע און זיי פארזעצנ... איז סערגיי אפגעפארנ צו זיכ אינ דארפ — ביזוואנענ די פאבריקאנטנ וועלנ נימ נאכגעבנ אינגאנצנ... און צו אימ „אינ געסט" זײַנענ געפארנ:

יאשקע, שלוימקע, ריוועלע.... זיי האבן אפילע מיטגענומען א ביסל „ליטעראטור״, וואס קאן זיך פאסן אין דארף... מאטעס איז אויך אפגעזונדערט דא הי — שטיל און שטום.

דאוויד פארייכערט און טראכט.

מאטל האט אים דערציילט די באגעגעניש מיט מענאשקען... האט דאוויד הארט געזאגט זאלמענען:

— זאלמען, מע הארף דערגיין ווער איז דאס באכערל און אכטונג געבן — אי אפן באכערל, אי אפ מענאשקען... און — וואס שנע־לער!...

ער וויים, דאוויד, אז זאלמען האט שוין צעשטעלט פאסטנס: מאטל, נאטקע, אלטער און בערל. מ׳האט דערגאנגען ווער איז דאס באכערל און וו איז זיין צימער. היינט אין דער נאכט הייבט אן מאטל מיט נאטקען צו „טשיקעווען״ אפ דער דירע און אפן באכערל, נאכקוקן יעדן טראט זיינעם....

און אנדערע פיר הייבן אן פון מארגן באגינען — ווייל באנאכט ווילן זיי נ׳ט ארומדרייען זיך ארום שטיבל פון מענאשקעס זיידן, וואס דערביי איז אויך גרישענקאס שטיבל — נאכקוקן מענאשקען יעדן קער און ווענד זיינעם.

—דאווידל, — שלאגט איבער די מאמע זיינע מאכשאוועס, — וואס פאר א יונגעלייט האט עס דער מינקין געבראכט צו דיר?

— סטודענטן, — זאגט דאוויד קורץ, — באקאנטע... ער באַ־גוצט זיך דערמיט און גיט צו גלייך: — געקומען מיך רופן צו זיי פארברענגען היינט... אויב איכ׳ל שפעטיקן, קאן זיין, אז איך זאל דארטן נעכטיקן....

— נעכטיקן גאר, — איז די מאמע ניט צופרידן.

אבער דאוויד איז זייער צופרידן, וואס ער האט עס אזוי ארויס־געזאגט.

ארע צורע האט היינט געבראכט א צעטל: „צווייטער גרופ פאר־קרייזלט״... און גאר. ס׳איז קלאר: סלאווקע מיינט, אפן צווייטן פאר־הער, וואס איז שוין בא איר געווען, האט מען זיך נאכגעפרעגט אפן „געקרייזלטן״...

איסאק טיינעט שוין א פאר טעג, אז ער דאוויד, מוז אוועקפארן. זינט מאטל האט דערציילט, וואס די מאדיסטן, וועלכע מע האט בא־

פריִיט, האָט איבערגעגעבנ. בא סלאָוועס אפּנ ערשטנ פאָרהער האָט מענ שוינ אויכ געפרעגט צי איז זי געווענ אפּ א פאָרזאמלונג פונ די גאָרבער אונ צו זי קענ א געקריִזלטנ...

— קומ, דאַווידל, אהיימ בעסער נעכטיקנ! — בעט די מאמע, דערזעענדיק, אז דאָוויד גייט אוועק.

— איכ'ל זענ, ווי ס'וועט אויסקומענ...

2

...פונ דער פאָראָרטיר אינ גאַס ארויס איז ער אָפּגעשפּרונגענ איבער אלע טרעפּלעכ מיטאמאָל, אונ גלײַכ אפּנ ברוק פונ פּלאץ, ווי פונ א טליִע זיכ אָפּגעריסנ אונ פאַרשלײַדערט געוואָרנ, אונ זיכ ניט צוגעשטעלט, אינ איינ האַסט זיכ שנעל געטראָגנ ווײַטער, ניט געקוקט וויהינ, נאָר אבי פונדאַנענ אוועק... וואָס ווײַטער, וואָס גיכער, אינ אימפעט — פונ דעמ איינזאמענ רויטנ מויערל אפּנ זײַטיקנ פּלאץ מיט די טונקל פאָרהאַנגענע פענצטער אינ דעמ אונטערשטנ גאָרנ — וווּ ס'איז די קאַנצעליאריע. באַמ סאמע שטיינערנעמ גאַנעק שטייט א דראָנג, ווי א ווילדער וועכטער, מיט א לאמטערנ אינ דער הייכ, וואָס הוידעט זײַנ צאַפּלדיק פײַערל צו די באַלויכטענע פענצטער פונ צווייטנ גאָרנ — דעמ אדיוטאַנטס דירע. גיכער, גיכער — וווּ איז שוינ דער זאמדיקער גרונט אונ די פינצטערע נאַכט — ניט קיינ באַלויכטענע? נאָכ א שפּרונג, אונ נאָכ א שפּרײַז — איז שוינ די גאַס אָנ לאמטערנעס, אונ די נאַכט אינ דער פינצטערניש...

— גע־פּא־אַקט!.. ווא־אַרט!... נעזל!..—כריפּעט עמעצ פונ דער ערד ארויס אונ וויקלט זיכ ארומ די שיכ, פּויזעט אונ פּלאָנטערט אימ די פיס אונ סאָפּעט, — ווא־ארט! שוינ געפּאקט!...

פונ דער פינצטערניש פונ אונטנ קנוילט אונ הרייט זיכ עפּעס אופּ אלצ העכער אונ אינ דער קרומ א קערפּער, הענגט קלעטערנ, קלאמערנ אָנ, טוענ א טרייסל אונ גיבנ א שטויס אינ ברוסט!..

— וואַ־ארט!..

— ווא... וואָ... וואָס... איר...

— דו, נעזל!.. וווּ ביסטו דאָ געווענ?

— פּפּאַ־פּאַרבלאָנד־זשעט...—טרייסלענ זיכ ציינער אונ הענט שאָקלענ.

— אקוראט צום אדיוטאנט פארבלאָנדזשעט... נעכטן פארבלאָנדזשעט... און היינט פארבלאָנדזשעט... דיין געזל ווייסט גוט דעם וועג ווי צו בלאָנדזשען...

און א שטויס אין ברוסט, און די צווייטע האנט אָנגעקלאמערט אין רעקל.

— צוויי שאָ ליגן איך דאָ אין דער פינצטער, אפ דער ערד געלעגן, אין זאמד... טפוי! אפ דיר... א פול מויל מיט זאמד... אהין באגלייט, און אָפּגעוואַרט ביז צוריק... ווי א וואָרעם אפ דער ערד געקראָכן, געפויזעט און — געפּאקט!..

קלאפּן ציין, הענט שאָקלען זיך, און פיס ציטערן, שטרויכלען...

— מאָ־אָ־סער!..

פון דעם אויסגעשריי האָט זיך צערודערט די פינצטערניש פון דער נאכט, די שטילקייט פון גאס, און די געשטרויכלטע פיס זיינען אופגעשפּרונגען אפ א מאָל, און איין אימפעט זיך פון אָרט א ריס געטאָן.

האָט זיך דער צווייטער ניט אומגעקוקט אפן היטל, וואָס איז אים פון קאָפּ אראָפּגעפלויגן פון זיין אייגענעם אויסגעשריי, און האָט זיך געלאָזט נאָכן לויפנדיקן — מיט איין פוס א געזונטן, און דאָס אנדערע — א קראנקע, און ביידע הענט אויסגעשפּרייט, וואָס האָבן ווי זעגלען, מיטגעצויגן פאָרויס גלידער ביינערדיקע, אנגעצויגענע, שטרוימיקע.

— וואַ־ארט...—האָט מענאשקע קוים אויסגעהויכט מיט א פּאר־כאפּטן אָטעם און האָט זיך אָנגעהאַלטן מיט ביידע הענט אפ יענעמס אקסל.

— ניוזעק איינער, נעוויילע... איך דארף נאָך איבער אים אָנווערן מיין היטל... — און ער האָט אים צוריק געצויגן, מיט איין האנט איינגעקרעמפּט אין א ברעג פון זיין רעקל און מיט דער צווייטער, אנגעבויגן, געשאַרט אין דער פינצטער אין זאמד, און אויפגעהויבן זיין היטל.

— נעוויילע... מיט די פיס צעטרעטן אזא בייזע שלאנג... — האָט ער געסאָפּעט.

— רעוואָלווער... מיינער... ווו...: — האָט יענער צעמישט ארויס־געשטאמלט, זיך ארומגעטאַפּט.

— כא! כא!—האָט מענאשקע אויסגעלאכט,—א רעוואָלווער?!..

ניטאָ! שטיק נעווילע — געוואָלט מיך שיסן.. טפֿו! טפֿו!... איך פֿאַרכראַקע דיר דײַן מיִעסן פּאַרצעף...

פֿאַרשפּיגן, האָט יענער ווילד זיך אָפּגעריסן און איז נאָך ווײַל דער אַנטלאָפֿן.

— קאַראַ־אול! דער מאָסער! קאַראַ־אול! — האָט מענאַשקע געשריִען, נאָר באַלד האָט ער זיך אַ לאָז געטאָן, ווי אַ ווינט. ליידיקע גאַסן און שטומע געסלעך האָבן זיך פֿון אים אָפּגערוקט אַהינטער, שטיבלעך מיט פֿײַערלעך האָבן זיך געטראָגן אַנטקעגן, ווי יאָגנדיקע רובעס מיט לאָמטערנדלעך, די ערד האָט אונטער די פֿיס אין ערגעץ געזונקען, און אין קאָפּ האָבן רעדער געדרודערט און געקלאַפּט אין די שלייפֿן.

מענאַשקע האָט געיאָגט איבער גאַסן און געסלעך אויפֿן קירצערן וועג — צו קומען צו יענעמס קוואַרטיר פֿריִער פֿון אים און פֿאַרהאַלטן אים.

אין קרומען געסל איז ער שוין צו אים אַנטקעגנגעקומען, צוגעפֿאַלן צו אים מיט ביידע הענט, אײַנגענעגלט זיך אין רעקל, אין אַליין אַ לאַנגע ווײַלע געכריפּעט און געסאָפּעט שווער.

יענער האָט צעמישט אָנגעקוקט.

— זאָג, וואָס שווײַגסטו? — האָט מענאַשקע אים געריסן, — זאָג, רייד!.. וואָס ביסטו שטום געוואָרן?.. זאָג, ביסטו ניט אַ מאָסער.. — האָט מענאַשקע אײַן ווי אַרויסגעזאָגט און געוואַרט, געוואַרט.. זאָל ער זאָגן, אַז ניט... שווערן זיך, אַז ניט... דערווײַזן, אַז ניט... — ער האָט אים געצופּט, געטרייסלט און געשלײַדערט: — ביסטו טאַקע אַ מאָסער... אַזאַ מאָסער! ווי איז מען דאָס אַזאַ מאָסער? אַליין געזעסן אין טורמע, און אַרויסגייען אַרײַנזעצן אַנדערע!... ליגנער! דו ביסט אין טורמע ניט געזעסן... אַ ליגן! דו ביסט — אַ געדונגענער מאָסער!..

יענער האָט געשוויגן, די אויגן באַהאַלטן אין דער פֿינצטערניש און זיך געטרייסלט.

— וויפֿל מענטשן געפּאַטערט!.. — האָט מענאַשקע אין צאָרן און אין עקל זיך געוואָרפֿן אויף אים, — איך באַקען אים מיט אָרנטלעכע לײַט — זעצט ער זיי אַרײַן.. אַזאַ חרפּה מען צערײַסן אויף מאַלעט, — האָט ער געסקריִעט מיט די ציין. — נאָר איך האָב פֿאַר דיר קיין מורא ניט! — איז ער פֿלוצלינג צוגעשפּרונגען צו אים מיט אַ זײַט און אַ דריי געטאָן זײַן קראַנקע פֿוס אינדערלופֿטן, — דו קאָנסט מיך אַרײַ־

זעצנ, גיי לויפֿ צו דײַנ זשאַנדאַרמסקי — דערצייל אפֿ מיר, זעצ מיכ ארײַנ... נאָר איכ וועל א סאָפּ מאַכנ פֿונ דײַנע טעג אונ יאָרנ!..

יענער האָט א שפּרונג געטאָנ צומ שטיבל.

— דו קאָנסט גיינ... גיינ שלאָפֿנ, צאַציקעלע!.. איכ וועל דיכ שוינ היטנ... מאַחנ וועט אויב גאַנצ זײַנ — איכ וויל פֿרעגנ בא אלעמענ... זאָלנ אלע זאָגנ... איכ קאָנ דיכ אליינ צערײַבנ, נעווייצלע... נאָר — ביז מאָרגנ... זאָלנ אלע... איכ בינ דאָ... איכ היט... טפֿו!!

מענאַשקע האָט זיכ פֿאַרמאַטערט אראָפּגעלאָזט אפֿנ זאַוואַלינקע פֿונ שטיבל, וווּהינ יענער איז, ווי א שאָטנ, שטומ אונ ציטערנדיק ארײַנ

באַלד האָט מענאַשקע גענומענ זיכ דרייענ, האַלב געפּויזעט, האַלב געקײַקלט זיכ איבערנ זאַוואַלינקע ארומ וואַנט, באַמ האָג אונ ארומ דער צווייטער וואַנט.

אינ פֿענצטערל פֿונ צימער האָט א בלענצל געטאָנ א פֿײַערל. איבערנ פֿאָרהאַנגל אונ דורכנ פֿאָרהאַנגל פֿלאַטערט שאָטנדיק א געשטאַלט. האָט זיכ אראָפּגעלאָזט. זיכ צוגעבויגנ צומ טיש, שרײַבט.

— שרײַב, שרײַב!.. די לעצטע מעסירעלע!.. צי וועסטו אָבער נאָכ דערהאַרנ איבערצוגעבנ די מעסירעלע?..

מענאַשקע קוקט זיכ צו.

יענער האָט די פֿעדער א שלײַדער געטאָנ אפּ דער פּאָדלאָגע, שטעלט זיכ אפֿנ שטול, אײנ פֿוס, אונ דאָס אנדערע, הייבט אופֿ דעמ קאָפּ איבערנ פֿאָרהאַנגל פֿונ פֿענצטער, ער וויל ארויסקוקנ דרויסנ...

לאָזט זיכ מענאַשקע אראָפּ נידעריקער צו דער זאַוואַלינקע, קנייטשט זיכ צונויפֿ, גלעט דערווײַל מיט ביידע הענט זײַנ קראַנקנ פֿוס, וואָס האָט זיכ עפּעס אזוי צעגאַנגענ אינ א בײַסנדיקער נאָגע־ניש, אונ די אויגנ געלאָזט אינ דער הייכ קוקנ אונ אכטונג געבנ...

דערזעט ער: האַרט צומ אויבערשטנ שויב פֿונ פֿענצטער האָט יע־נער א צונג ארויסגעשטעקט — אנטקעגנ עמעצנ א צונג —

הייבט זיכ מענאַשקע, שטעלט זיכ אופֿ...

— טראַכ!

האָט זיכ מענאַשקע מיטאַמאָל אראָפּגעקײַקלט פֿונ זאַוואַלינקע, אפּגעשלײַדערט פֿונ דער וואַנט, אונ געשפּרונגענ... נאָר באַלד זיכ צוריקגעקערט אונ פֿאַרוווּנדערט דערזענ: די וואַנט איז גאַנצ, האָט

שטיבל שטייט, אונ א פלעמל שוידערט אינעמ באלויכטענעמ פאר־האנגל.

דערגעענטערט ער זיכ צומ שטיבל. אימ אנטקעגנ לויפט אנ א צעטומלטער ייד:

— אונדזער קווארטיראנט האט זיכ דערשאסנ...

— טאטע! — לויפט ארויס א בלאס מיידל, — אפ טויט דער־שאסנ... צוויי צעטלעכ איבערגעלאזט — אינ רוסיש: „אינ מײנ טויט איז קײנער ניט שולדיק... איכ אליינ בינ א מענוול...“ אונ דאס צווייטע צעטל גאר משונה: „כ'בינ א מאסער, שפײט, בראקעט מיר אנ א פולנ פארצעפ!.. א מא־א־סע־ער!..“

— וואס מיר צעטל?.. מע דארפ אינ פאליציי... גיכער וועמענ צו שיקנ...

מענאשקע רוקט זיכ אפ, מאכט א פאר טריט אינ גאס, דערזעט — מאטל גייט אנ, אונ אהינטער אימ אינ א פאר טריט — נאטקע.

שפרינגט ער אנטקעגנ.

— געפאקט אונ — פארטיק!

נאטקע רוקט זיכ אהינטער, מאטל טוט זיכ א דריי אונ באדענקט זיכ עפעס.

— קומט! קומט! — ציט זיי מענאשקע, — געסאפט די וואנצ... דעמ מאסער — איכ האב אימ געפאקט!.. איכ האב ניט געוואלט אליינ אנ אײכ... האב איכ אימ געהיט דא ביז אינדערפרי, אז מענטשנ וועלנ אנגיינ... האט ער זיכ אליינ א מיסע משונה אנגעטאנ... וואס זאגט איר אפנ גזל? אפ אזא גזל?

זיי זײנענ שוינ באמ שטיבל. אונ מענאשקע סאפעט אונ רעדט, וויל דערציילנ אלצ, ווי געווענ.

דער צעטומלטער ייד דערנעענטערט זיכ, קוקט זיכ צו אונ זאגט:

— באכורימ! טומלט דא ניט, אונ בעסער דרייט זיכ דא ניט ארומ...

— אבער אפ טויט?.. — פרעגט זיכ נאכ מענאשקע.

— אפ טויט! אפ טויט!..—איז פונ שטוב ארויסגעקומענ די בא־לעבאסטע מיט פארבראכענע הענט, — איכ האב געמיינט, דו ביסט שוינ אינ פאליציי אוועק — זאגט זי צומ מאנ,—בינ איכ שוינ ארויס דרויסנ ווארטנ...

מאָטל און נאָטקע פאַרקירעווען און גייען אוועק פון שטיבל, און מענאַשקע שלייַדערט אויף די קראַנקע פיס, ציט נאָך זיי און זאָגט:

— ערט זיך אַליין צעקנאַקט — די לויז... באַ אים איז, אַפּאָנעם, דער רעוואָלווער גיט געווען מיט זיך — אַזוי וואָלט ער עפּשער מיך דערשאָסן!..

מענאַשקע סאָפּעט אַלץ און דערציילט ווידער פון אָנהייב.

— צוויי געבט געוואָלגערט זיך אין זאַמד, אין שמוץ. געפּויזעט, ווי אַ וואָרעם, און געהיט, און צוגעהיט!.. און איך האָב אים געפּאַקט, ווי אַ הונט פון אונטן, אין אים זיך איינגעביסן, — איז ער צעמישט געוואָרן, געבליבן אין לאָשן, עמעס מעשוגע! און טרייסלט זיך, און ציטערט.... טפוי!.. האָב איך אים פאַרכראַקעט... גיב איך אים אַ שטעק אין האַרצן: „מאָסער פאַסקודנער! זאָג, אַז ניט! דו האָסט ניט געמאָסערט, האַ?"... איז ער אַ באַנומענער — שווייגט: וואָס האָט ער צו זאָגן, דער מאָסער?.. און דווקא.... — האָט זיך מענאַשקע מיטאַמאָל צעכליפּעט, — און דו, מאָטל, האָסט געמיינט, האָסט געקאָנט מיינע־נענע... — האָט ער זיך צוגעשטעלט אין גאַנג, זיך צערעוועט, געווישט מיטן אַרבל די אויגן און זיך פאַרבלינעט, געמיי־יינט, אַז איך.... אַ מאָסער.... איך — אויף אייגענע מענטשן...

מאָטל האָט אים אַרומגענומען:

— אַז אונדזער בלוט גיסט זיך אין די גאַסן... וואָס קאָן איך וויסן — ווער און ווי... מענאַשקע! אַלע טאָג האָט מען פון אונדז אָפּגעריסן לעבעדיקע מענטשן!.. מע־נאַשקע!

מענאַשקע האָט שטאַרק אַ וויש געטאָן די אויגן, האָט מיט די הענט אַרומגענומען מאָטלען און נאָטקען איינעם:

— לאָמיר זיך צוזעצן אַ ווײַלע — כאָטש דאָ — איך בין פאַרמאַטערט.

## XIV. צאָק... צאָק... צאָק...

1

איסאַק האָט זיך מוידע געווען, אַז ער האָט ניט געטראָפן. דער שטרייק אין דער פאַפּיראָסן־פאַבריק האָט זיך פאַרצויגן אויף לאַנג. דער פאַבריקאַנט איז געווען האַרט.

צוערשט און גיך האָט זיך פאַרענדיקט דער שטרייק אין דער דרוקערײַ פון גובערנאַטאָרס קאַנצעלאַריע, וווּ ס'האָט זיך געדרוקט די „גובערנסקיִע וועדאָמאָסטי", דער גובערנאַטאָר האָט געוואָלט ראַטעווען די גובערניע. האָט ער טעלעגראַפירט און באַקומען א דערלויבעניש פון פעטערבורג צו דערקלערן אין דער גובערנסקער שטאָט און אין דער אומגעגנט — „פאַרשטאַרקטע אויפזיכט"... דאַרף מען האָבן דאָס איבערדרוקן, אויסטײַטשן — האָט מען געפֿונען די דרוקערײַ. די איבעריקע, די פּריוואַטע דרוקערײַען האָבן זיך נאָך געדונגען. נאָר די מאַסע איז געווען א פֿעסטע. בײַ די מענער־שנײַדער האָט געוואַקלט: מער ווי א העלפט זײַנען געווען עלטערע בוי־עלים, האָבן בערך זיך געשאָקלט:

— עפּשער ניט קעדײַ אָנהייבן ערעוו יאָמנאָראָים...

האָט זיך דאַוויד געריסן אַף פאַרזאַמלונגען, דורכגערעדט מיט זיי, אויפגעקלערט. נאָר איסאַק האָט ניט דערלאָזט:

— דו ביסט איצט א באַהאַלטענער... דו דאַרפסט דאָך נאָר אָפּפאָרן — און וואָס פריִער, הער, דאַוויד! — פלעגט איסאַק געלאָזן אַרויסזאָגן זײַן לעצטן אַרגומענט, — דו וועסט גייען, וועסטו נאָך דורכפאַלן מיט אַלעמען צוזאַמען...

און „מיט אַלעמען צוזאַמען" האָט דאַוויד ניט געוואָלט ריזיקירן. האָט כאַנקע געאַרבעט צווישן די שנײַדער, געפּלאַמט און — זיך געקריגט.

און די אַלטע האָבן אָפּשײַ געקראָגן פאַר דער „בייזער רעבעצן"... און אָנגעהויבן צו וואַרטן אַף איר וואָרט:

— ווי די „בייזע רעבעצן" וועט זאָגן, איז אַזוי זאָל שוין זײַן.

האָט דאַוויד די פאָר טעג אויסגענוצט אַף געשפּרעכן מיט וואַ־ציעטיסן. דעם טאָג און דעם אָוונט — בײַ דינען אין צימער. און גענעכטיקט האָט ער צוויי נעכט נאָכאַנאַנד בײַ פּאַוועלס אַן עלטערן כאַווער. אויך א געוועזענער סעמינאַריסט, נאָך מיט דרײַ יאָר פריִער פאַר פּאַוועלן האָט זיך אין אינטערנאַט פאַרשטיפט און מע האָט אים אויסגעשלאָסן.

דערווײַל — קעדײַ צוגעווינען טאַטע־מאַמע צום געדאַנק וועגן דאַווידס פלוצעמדיקן אָפּפאָרן, — קומט אַרײַן פּײַטל צו זיי אַהיים.

— דאַוויד איז גאָר אין דער היימ ניטאָ? — כ'האָב געוואָלט זיך זעגנענ מיט אים... ער פאָרט דאָך אַוועק!.. הײַנט פאָרט ער נאָך ניט?...

— וואָס איז אַזאַ באַפּעניש בײַ אײַך מיטנ פאָרנ — פאַר די יאָנטויוויםמ?.. — בייזערט זיך די מאַמע אין קלעמ.

לאָזט זיך אַרײַנ איסאַק געמיטלעך און אין שמייכל.

— ווו איז דאַוויד? פאַרנומענ מיסטאָמע מיטנ אָפּפאָרנ...

— איטשע בער, — רעדט די מאַמע געלאַסנ מיטנ עלטערנ און מעיושעוודיקנ איסאַקנ, — איטשע בער, ער האָט דיר אויך געזאָגט, אַז ער פאָרט אַוועק? איז דאָס שוינ אַ באַשלאָסענע זאַך בײַ אים?..

זי קערט זיך אָפּ און באַטראַכט זיך — צי זאָל זי איסאַקנ זאָגנ, אַז דאַוויד האָט די לעצטע פאַר נעכט ניט גענעכטיקט אין דער היימ, און זי ווייסט ניט... זי ווייסט ניט...

— פאַרוואָס זאָל ער ניט פאָרנ? — רײַסט איבער איסאַק אירע מאַכשאָוועס, — דאַוויד האָט מיר דערציילט — איך האָב אים גע= פרעגט, אַז ס'איז צו רייד געקומענ: זאָגט ער, אַז די באַקאַנטע, וואָס זײַנענ געקומענ, רעקאָמענדירנ אים גראָד אַ גוטע קאָנדיציע...

קומט אָנ דער טאַטע. זאָגט ער אין פלוג פאַרבײַגײענדיק:

— איטשע בער, מיט דיר האָט ער זיך שוינ געזעגנט? מיט אונדז נאָך ניט... מיסטאָמע וועסטו אים באַגלייטנ... נאָר זאָל ער פאָרנ — ווענדט ער זיך צומ ווײַב, — אין שטאָט איז אַ מעהומע, עס רודערט... בעסער וואָס ווײַטער פונ דאַנענ...

2

אָבער דאַוויד האָט זיך אויסגעקליבנ צו לאַנג.

די דריטע נאַכט האָט ער ניט געוואָלט עפּעס גײנ צו פּאַוועלס באַקאַנטנ, און איז געבליבנ נעכטיקנ בײַ דינענ אין צימער. דינע האָט פאַרזיכערט, אַז צו איר וועט מענ ניט קומענ... זי קענ זיך מיטנ מאַיאָר, אַנ עלטערער, אַנ אָנגעבלאָזענער לאָוועלאַס, וואָס מאַכט איר כיינדלעך, און בײַמ ער היילט די ציינ בײַ זיי אינ קאַבינעט, פאַרבאָט ער דעמ צאָנ־אַרצט אַרײַנצולאָזנ וועמענ עס איז פונ די שילער אויסער איר, צו איר האָט ער צוטרוי.

איסאַק האָט געזאָגט דאַווידנ:

— וואָס דיר איבערלאָזן אינמיטן... אַלעמאָל וועט זײַן אינמיטן... וויבאַלד דאָס רעדעלע האָט זיך שוין א דריי געטאָן...

— און א פּאַס...

— א פּאַס נעם איך דיר אין א האַלבע שעה צײַט, — האָט איסאַק אויסגעלאַכט: דער ייִדישער „שרײַבער" באַם בעשטשאַנסקע סטאַראָסטע אין דומע זעט נאָר דערהויפּט אײַנצוקאַסירן דעם „סווע־משיבאַ סבאָר"... טוט ער א קוועטש באַם אַרויסגעבן א פּאַס און מאָנט אויף דעם ליכט-אָפּצאָל. צאָל איך אָפּ וויפל עס וועט קומען, וועט ער געבן דעם סטאַראָסטעס אונטערשרײַבן דעם פּאַס...

נאָר דאַוויד וואַרט נאָך אָפּ... ער וואַרט אויף עפּעס...

דערווײַל האָט מען אָנגעזאָגט פון ביר-וואַאַד — מ'זאָל פאַר זיי מאַכן א פאַרזאַמלונג און אַרויסשטעלן א רעדנער. אָן אַרט האָבן זיי.

באָרעך האָט אַמאָל געאַרבעט דאָרטן סטאָליערישע אַרבעט, האָט ער זיך באַקענט מיט די אַרבעטער. א געמישטער עולם, — דײַטשן רוסן און א ביסל ייִדן.

האָט זיך דאַוויד אײַנגעבעטן בא איסאַקן — ניין: ער פאָרט האָב שוין אָפּ סײַוו. דער פּאַס איז שוין אין קעשענע. ער האָט מיטגענומען וואַציעטיסן, לאָזן אים אויך אַרויסטרעטן אױף א גרעסערער פאַרזאַמלונג.

באָרעך און קאַנקע זײַנען מיטגעגאַנגען. באָרעך ווייסט דאָרטן אַלע ווינקעלעך — טאָמער קומט אויס... און קאַנקע האָט געזאָגט: „מיט מיר וועט דאַוויד ניט פאַרפאַלן ווערן"...

די פאַרזאַמלונג איז דורכגעגאַנגען מיט דערפאָלג.

— און וואַציעטיס, — האָט קאַנקע דערנאָך געלויבט, — איז גוט, ער רעדט אפילע שטיל — שטילע ווערטער, אָבער מיט גלויבן...

אין יענער נאַכט איז מען געקומען צו דאַווידן אהיים מיט אן אַביסק. דער טאַטע בערע האָט א גלאַנץ געטאָן מיט די אויגן און געקנײַטשט דעם שטערן: „אָט דאָס איז דער סאָף... פון די זאַכן"...

די מאַמע באַשע פון שרעק און פון שלאָף האָט עפּעס צעמישט געזוכט: „דאַווידל, ווו איז דאַווידל?"...

בערע האָט א שנאָרכע געטאָן אין נאָז הויך אַנטקעגן דעם ווײַב — זאָל זי וויסן, אז ער איז מיט איר ניט צופרידן איצט... און האָט גערעדט רוסיש, זײַן רוסיש, וואָס פּריצים פאַרשטייען...

— וואָס באַלעמט זיכ דיר נאָכ אַלצ דאַווידל?.. אַז דאַווידל איז שוינ לאַנג אָפּגעפאָרנ... אונ הער בעסער, וואָס מע רעדט...

ער האָט געמיינט, אַז דאָס ווײַב זאָל זיכ צוהערנ, וואָס ער וועט זאָגנ.

— וואָס פרעגט איר, וואָסשע בלאַהאָראָדיע? — האָט ער זיכ געווענדט צומ עלטסטנ, וואָס האָט געפירט דעמ אָביסק. א שנײַדער, האָט געניייט פאַר פריציմ, האָט ער געמיינט, אַז ער קאָנ מיט זיי פירנ אונ אויסקומענ...

— ווו איז דײַנ זונ? ווו באַהאַלט ער זיכ?.. דו ביסט א טאַטע...

— ער באַהאַלט זיכ ניט — מײַנ זונ באַהאַלט זיכ ניט... ער איז אַוועקגעפאָרנ—די טעג גראָד אַוועקגעפאָרנ...—ער האָט יעדנ ענט־פער איבערגעכאַזערט אונ גערעדט הויכ — דאָס ווײַב זאָל הערנ אונ געדענקענ, — ער האָט זיכ געלערנט אונ געלערנט — גאַנצע טעג אינ שטוב אָפּזיצנ, אונ געלערנט זיכ... זיצנ אינ שטוב אונ לערנענ זיכ. איז ער איצטער געפאָרנ האַלטנ עקזאַמענ... אָפּגעפאָרנ עקזאַמענ האַלטנ...

— וווהינ געפאָרנ? — האָט די בלאַהאָראָדיע שטרענג געפרעגט.

— קיינ סאַמאַרע... אינ סאַמאַרע האַלטנ עקזאַמענ...

בערע האָט געוווסט עפּעס, אַז דאַווידס באַקאַנטע לאָזנ זיכ פאָרנ צו עקזאַמענ אינ ווײַטע רוסישע שטעט, ווו יידנ טאָרנ ניט וווינענ... אינ אַזעלכע שטעט גליקט עפּעס בעסער א יידנ מיט עקזאַמענ...

האָט מענ געזוכט, גענישטערט, אונ — גאָרנישט.

— א יאָדנ!.. — האָט די בלאַהאָראָדיע געזאָגט פאַרדראָסיק אונ איז אַוועק מיט די באַגלייטער.

פײַטל האָט זיכ דערוווסט גאַנצ פרי. איז ער אַוועק צו דיגענ.

— דאַוויד, דײַנ טאַטע האָט זיכ שוינ באַגלייט קיינ סאַמאַרע — האָט ער געקוואַלנ — קאָנסטו שוינ קיינ סאַמאַרע ניט פאָרנ...

אויסגעהערט איננגאַנצנ, וואָס פײַטל האָט אויסדערציילט, האָט דאַוויד געזאָגט פאַרדראָסיק:

— נו, האָרפּ מענ שוינ פאָרנ... איסאַק וועט שוינ דאָ מיכ ניט איבערלאָזנ... — ער האָט אַוועקגעשפּאַנט איבערנ צימער.

— ווי פאָרט מענ אַרויס איצטער? אונ ווי באַקומט מענ מיט זיכ א ביסל זאַכנ פונ דער היימ? — האָט ער זיכ צוגעשטעלט.

— וועגנ דעמ זאָל איסאַק זאָגנ... — האָט פײַטל געשמייכלט,

— איכל אימ באַלד זעגנ... ווו וועכטו זײַנ? דאָ נאָכ?

— איכ ווייס נאָכ ניט... — באַטראַכט זיכ האַוויד.

— וועל איכ דאָ זײַנ, — רופט זיכ אָפּ דינע, — איכל ניט גײַנ הײַנט אינ קאַבינעט... קומט אַהער!

— פײַטל, — האָט דאַוויד אימ אָנגעיאָגט בײַ דער טיר, — עפּשער וועסטו הײַנט זענ בעבנ, צי דו וועסט אַזוי דערהערנ, וואָס איז מיט סלאַווע גינזבורג! נאָכ ניט באַפרײַט?

דאַווידנ איז עפּעס אײַנגעפאַלנ, אַז נאָכ דעמ אָביסק בײַ אימ וועט מענ סלאַוועג געווימ באַפרײַענ...

— דאַוויד, בײַטאָג איז אײַכ ניט קעדײַ אַרויסצוגײנ פונדאַנענ... — האָט דינע געראַטנ, — איכ בלײַב אינ דער היימ. די באַלעבאַטימ האָבנ מיר שוינ נעכטנ אָפּגעגעבנ טאַזלטאָוו: — „ער איז געוואָרנ אײַער כאָסנ — דער געקרײַזלטער“... איז שוינ פאַר די הײַמישע — קימאַט קאָשער...

דינע האָט דערהערט, אַז עס קײַקלט זיכ אַ געלעכטער אונ ס'קלאַפּנ אַלע טירנ: פונ אַרײַנגאַנג, פונ פאַרהויז, פונ קיכ...

— בלומ, איר זײַט גאָר דאָ? — איז ווערעטשקע אַרײַנגעשפּרונגענ נאָכ איר געלעכטער, ווי זיכ געיאָגט נאָכ אַ באָל, וואָס קײַקלט זיכ אונ שפּרינגט אָפּ, קלאַפּט זיכ אָפּ אָנ באָדנ, אונ פליט ווידער; — בלומ, מינקינ איז אוועק זוכנ אײַכ... פרײַלג העלענ האָט מיכ געבעטנ צושיקנ אײַכ טייקעפּ... זי האָט שוינ געוואָלט אַליינ גײנ צו אײַכ, מע מוז אײַכ זענ...

זי האָט זיכ צו אימ צוגערוקט אונ אינ אויער אַרײַנגערוימט: — מירע איז בײַ איר!...

— האָס איז עפּעס אַ סאָד?.. — האָט זי זיכ אָפּגעוואָרפנ אינ אַ געלעכטער.

דינע האָט זיכ צעלאַכט, דאַוויד איז אַ ווײַלע געשטאַנענ צעמישט. באַלד האָט ער געזאָגט:

— ווערעטשקאַ, אָפּ איינ האַלבע שאָ פאַרפּאַסט זיכ פונ לאַכנ... רעכט?

זי האָט אָנגעשמעלט אַ קינדיש ערנסט פּאָנעמ, אַ פּאָלגנריקס.

— געדענקט: — האט דאוויד צוגעגעבנ, — צו מיר אהײמ דארפ מענ ניט גײנ... איכ בינ דא און שטאט ניטא... אונ:::

מ'האט אנגעקלאפט אינ צימער אונ מאטל איז ארײנ.

דינע האט גלײכ א צי געטאנ ווערעטשקעס: — קומט א ווײלע אינ הויפ ארויס... „מירנ שפעטער ארײנ"... האט זי געזאגט דאווידנ.

מאטל איז געקומענ פונ איסאקנ. דאוויד זאל זײנ גרייט ארויסצופארנ ניט שפעטער ווי מארגנ באגינענ. אלצ פארטיק. דאוויד זאל נאר אנשרײבנ א „מינ בריוועלע" צו זײנע עלטערנ, אז ער איז גראד בא א באקאנטנ סטודענט אינ א אימעניע — אזמבאדינגט שרײבנ, אז אינ א אימעניע — וועלנ טאטע=מאמע זײנ רויק: בא א פארעצ איז א בעזקעס... אונ זאל בעטנ, מ'זאל פארפאקנ פאר אימ זײנע זאכנ (דאוויד זאל אויסשרײבנ וואס...) אונ אפגעבנ פײטלענ, וועט ער עס שוינ צוטראגנ צו יענעמ, וואס איז געקומענ פונ דער אימעניע.

פײטל וועט אויכ ברענגענ אהײמ אט דאס בריוול...

דאוויד האט געשמײכלט, האט פארטרײכערט, אונ זיכ געזעצט שרײבנ „א מינ בריוועלע"... ער פלעגט זיכ אבער אפטער צושטעלנ, אופהײבנ די אויגנ אונ זיכ פרעגנ פארוואונדערט: „וואס טוט דא מיכאמאל מירא?" אונ וויאזוי קומט זי צו פרײלנ העלענ?"...

מאטל האט זיכ ארומגעדרײט אינ צימער אונ עפעס ארומגעקוקט אונ באטראכט.

ער האט נאכ צו זאגנ דאווידנ.

איסאק באשטײט, אז דאוויד זאל פונדאנענ ניט ארויס, ביזוואנענ מ'וועט אימ ניט אנזאגנ. מאטל האט שוינ אוועקגעשטעלט כעוורע דא ארומ אונ אינ די נאענטע גאסנ — זײ גיבנ אכטונג אפ וואס מ'דארפ... כעוורע איז דא גענוג — אלע שטרײקנ... — שמײכלט מאטל. נאר דאוויד זאל וויסנ, — אט די טיר פונ צימער דארפ מענ פונדעסטוועגנ הײנט האלטנ פארריגלט...

מאטל האט גלײכ פארריגלט די טיר פונ צימער פונ אינווייניק.

אונ דאס קײטעלע פונ פענצטער דארפ מענ האפקע אפשפילענ. זאל דאוויד א קוק טאנ, — אז מע שפרינגט דא ארויס פונ פענצטער, קאנ מענ גלײכ איבערקלעטערנ דעמ פארקאנ פונ סאד... א גרויסער סאד, ווי א פעלד. דאס פערטל קומט ארויס אפ שטשעמילאווסקער גאס — דארטנ באמ פערטל שטײענ אויכ אײגענע כעוורע, זײ וועלנ

שוינ אַנגעוויזנ, וווּהינ ווײַטער צו גיינ — אויב מ׳וועט חאַפּנ... איכ סאַד איז זייער גוטע עפּל, דעם סאַד האָט האַיאָר אָפּגעדונגענ, ווי פּאַראַיאָרנ — כאַיִמ דער שוואַרצער, אונ זײַנ באָכער, אוורעמל, וואָס אַרבעט אינ פּאַפּיראָסנ־פאַבריק, איז איצט פרײַ — איג שטרײַק — וועט ער הײַנט פאַרבײַטנ דעם טאַטנ, אונ זײַנ אינ סאַד דעם טאָג אונ די נאַכט — פאַרקויפנ עפּל אונ — היטנ...

— מאַטל, — רײַסט איבער דאַוויד, — דינע דאַרפ צופירנ אַהער צו מיר א מענטשנ, מיט וועמענ איכ דאַרפ זיכ זענ — איינע א מיידל... וועט איר אכטונג געבנ... צי עמעצער פּלאָנטערט זיכ נאָכ זיי...

— פאַרשטאַנענ... יע, פייטל האָט מיר געזאָגט, ער האָט געזענ עמעצנ — בײַ די גינזבורגס אינ דער היימ וואַרט מענ הײַנט אָפּ סלאַווע באָריסאָווּנא. שפּעטסטנס מאָרגנ — מע האָט זיי צוגעזאָגט...

דאַוויד האָט דעמ קאָפּ אויפגעהויבנ פונ דעמ „בריוועלע“ אונ האָט זיכ פאַרטראַכט. לאַנג אונ אַנגסטלעכ עפּעס געטראַכט.

— פייטל וואַרט אינ ביבליאָטעק אויפנ בריוועלע... — האָט מאַטל דערמאָנט.

דינע האָט א צי געטאָנ די טיר אונ דערנאָכ — שוינ געקלאַפּט.

— אַז מאַטל הייסט האַלטנ הײַנט די טיר פאַריגלט... — האָט דאַוויד אינ שמייכל זיכ פאַרענטפערט. ער האָט זיכ געווענדט צו ווערעטשקענ:

— איר האַלט אויס דעמ טאָנעס נאָכ לענגער, ווי מירנ אָפּגעֿרעדט... הערט זשע, וועראָטשקאַ, ווער איז געקומענ?

זי האָט זיכ צעלאַכט אונ זיכ געוויטלט: — אַי, בינ איכ!.. איכ האָב פאַרגעסנ...

זי האָט זיכ דערנעענטערט צו אימ אונ אינ איער אויער אַרײַנ ווידער אַרײַנגערוימט: — „מירא נאַטוסקעס“... זי האָט מיר אײַנגעבאַזערט, אַז איכ זאָל אײַכ זאָגנ: „מירא נאַטוסקעס“...

— האָב איכ געוווּסט... — מאַכט דאַוויד לוסטיק — דינע וועט גיינ מיט אײַכ, וועט זי צופירנ אַהער, אונ צוריק... אונ איר, ווערעטשקע, וועט דערנאָכ אַוועק אַהיימ צו זיכ, זיצנ דאָרט אונ לייענענ... וואָס לייענט איר?

— ענגעלסעס — „די אַנטוויקלונג פונ דער פאַמיליע“...

— גוט. וועט איר לייענען אין דעם היים; אַז מע וועט האַרפֿן, וועט מען אײַך עפּעס אָנזאָגן... קורץ נאָכעמען — רעכט? דינע! טוט זיך אָן וואָס שענער...

— קערט זיך אום צום פֿענצטער און קוקט ניט אַהער... וועל איך זיך איבערטאָן...

— וואַרט, וואַרט, — האַלט אָפּ מאָטל, — דאַוויד, שוין פֿאַרטיק? און איך אַ קאָנווערט גיט עס מיר... איך דאַרף פֿריִער אַרויסגיין פֿונדאַנען... דערנאָך וועלן זיי גיין...

האָט מען זיך געזען מיט „מירא נאַטוסקעס"... און מע ווייסט, וויאַזוי און צוואָס זי איז געקומען...

בערלין איז גאָר ניט קיין קאָנספּיראַטער, און אַן אימפּולסיווער. ער איז געוועסן, לאַנג געוועסן און מ'האָט געמיינט, אַז ער וועט נאָך אַ לאַנגע צײַט זיצן. דאָרע ווײַנע האָט אָנגעפֿירט מיט אַ געהיימער דרוקערײַ. מיטאָמאָל באַפֿרײַט מען אים, אומגעריכט. קומט ער גלײַך אין שטעטל, זעט זיך מיט דאָרען. און נאָך אים האָט מען נאָכגעשפּירט, איז דורכגעפֿאַלן די דרוקערײַ, און מע האָט זיי ביידן אַרעסטירט. האָט מען איר, מירען, נאַטוסקען, איבערגעגעבן צו אָרגאַניזירן אַ דרוקערײַ אין ד'ע'ר גובערניע — אַ שטילערע פֿון אַנדערע — ערגעץ אין אַ שטעטל. און אָרט האָט זי שוין, אָבער מענטשן און שריפֿט... אַ באַקאַנטער פֿון אויסלאַנד האָט איר אָנגעגעבן דעם אַדרעס פֿון האַמבורגערס שוועסטער מיט אַ פּאָר סימאָנים, אַז זי קאָן אַרײַנפֿאָרן גלײַך צו פֿרײלן העלען...

— האָט מען אָנגעזאָגט איסאַקן, און מע האָט באַטראַכט און באַשלאָסן: שריפֿט וועט זײַן טײקעף ווי עס וועט זיך נאָר ענדיקן דער שטרײַק אין אַלע דרוקערײַען. אַרבעטער — שאָלעם ראַטנער און נאָך עמעצער. ווער — איז נאָך ניט באַשטימט. אַ פֿרוי, אַ באַלעבאָסטע פֿאַר דער קוואַרטיר — ריוועלע אָדער לײעלע. אויב ריוועלע וועט ניט קאָנען אָפּפֿאָרן פֿונדאַנען...

איז עס באַזאָרגט.

און דאַוויד — מוז פֿאָרן! און מירא — מוז פֿאָרן! מאָרגן אין דער פֿרי זאָלן זיי ביידע שוין זײַן ווײַט פֿון שטאָט — באַשטייט איסאַק.

— און אויף וואָס ווילסטו וואַרטן? — פֿרעגט איסאַק שטרענג, — נאָך אַ שאָ אָפּציִען, נאָך אַ האַלבן טאָג וואַרטן — אום וואָס?

שפעט אינ אוונט איז פײַטל אַרײַנגעקומענ צו דינענ נאַכטאַמאָל זיכ זעגנענ מיט דאַווידנ. און אַגעוו — איז ער גראָד ערשט געווענ באַם אַקטער בראַנזבורג און מ'האָט זיכ אָנגעפרעגט בא די גינז־בורגס אינ אוונט שוינ, איז סלאַווע נאָכ ניט באַפרײַט... ווער ווייסט, וואָס ס'איז?

3

פונקט פיר אוזייגער אינ דער נאַכט האָט פישקע לאַטיק שטאַרק אָנגעקלאַפּט אינ פערטל פונ סאַד פונ דרויסנ. אוורעמל איז בײַדל האָרט בײַם פערטל, צווישנ אָנגעגרייטע אויבס צו פאַרקויפנ, האָט געלאָזט א ביסל קלאַפּנ, דערנאָכ האָט ער פויל אָפּגערוקט א ברעטל, געעפנט דאָס לאָכ פונ בײַדל צו דער גאַס, און שלעפעריק און פאַריבל־דיק געמורמלט:

— וואָס איז? ווער איז דאָרטנ? וואָס ווילסטו?

— עפל... — האָט פישקע לאַטיק געבעטנ.

— זעקס אוזייגער עפנ איכ... און איצטער באַנאַכט...

— טו א געפעליקײַט... א קאַלטלעכע נאַכט...

אוורעמל איז אַרויס פונ בײַדל, האָט געעפנט דאָס פערטל, איז אַרויס אינ גאַס און פונ דער קעשענע דערלאַנגט אַנ עפל:

— נאַ!..

— וואָס קלעקט?

— גאַ נאָכ איינע...

— נעמ א פּיאַטאַקל, און גיב שוינ א גאָב...

— רעכט! רעכט! רעכט!

ווער זאָל דאָס מערקנ, אַז טײַקעפּ איז דורכנ אָפענעמ פערטל אַדורכ עפּעס א פּאַרשוינ אינ א ווײַכנ קאַפּעליוש מיט ברייטע ברעגנ און בלויע שפּאַקולנ און אינ א ברייטער אויסלענדישער פּעלערינע, און איז אַוועק איבערנ גאַס. באַלד האָט ער זיכ אָפּגעשטעלט, האָט ברייטלעכ אויסגעשריענ:

— איזוואָשטשיק, פרײַ?

— יע, פּאַרעצ!

און פישקע לאַטיק האָט איבערגעלאָזט די עפל, האָט א שפּרונג געטאָנ אַפ דער קעלניע פונ זײַנ פאַעטאָנ, אָנגענומענ פעסט די לייַ־

צעס פונ דאָס גוטע פאָר פערד און — צום פּאַרעצ: יענער האָט זיכ איינגעזעצט און שטיל געזאָגט: „צום גרויענ מויער"...

— כ'ווייס...

באַם גרויענ מויער האָט פישקע לאַטיק אָפּגעהאַלטנ די פערד, זיכ אָנגעבויגנ פונ דער קעלניע אינ דער זייט, און אינ דער נאַכט עמעצנ געבעטנ:

— גוטער מענטש! עפּשער יאַ שוועבעלע פאַראַנ?.. פאַררייכערנ...

יענער האָט זיכ דערנעענטערט, האָט זיכ אוועקגעשטעלט עפּעס מיטנ רוקנ צום פאַעטאָנ און מיטנ פּאַנעם צום מויער און אָנגעצונדנ איינ שוועבעלע, און אַ צווייטע און אַ דריטע... האָט זיכ עפּעס צוגע־מאַכט אַ פענצטער אינ אויבערשטנ גאָרנ פונ מויער... און ביזוואַנענ ער האָט זיכ אומגעדרייט צו פישקענ, אָנגעצונדנ ווידער אַ שוועבעלע, דערווייל באַלויכטנ זיינ פּאַנעם, און ס'איז דאָכ מאָטל, און פישקע האָט פאַררייכערט, — איז פונ מויער ארויס אַ פרוי מיט אַ געדיכטנ וואַל דאָס פּאַנעם פאַרדעקט און פאַרביינגייענדיק דעם פאַעטאָנ געפרעגט:

—איזוואָשטשיק, פריי?

— יע, יע...

פישקע האָט אַ צי געטאָנ די לייצעס און די פערד זיינענ אוועק. דעמלט האָט דער „פּאַרעצ", וואָס האָט זיכ געוועזנ צונויפגעדרייט פריִ־ער פאַרנורעט אינ אַ ווינקל אומבאַמערקט,—האָט ער זיכ אויסגע־גלייכט לעבנ דער פרוי און אָנגענומענ איר האַנט.

נאַכט איז נאָכ שטיל און גאַסנ ליידיק.

צאָק.. צאָק... צאָק... פישקע לאַטיק פאָרט שוינ לאַנג ארום פונ אַ באַלעבאָס אינ אַ רעכטנ פאַעטאָנ אָפּ צוויי פערד. נאָר אַזאַ נעסיִע, ווי מאָטל האָט אים איצט „צוגעשאַרט" — צופאָרנ אַ דרייסיק וויאָרסט ביזנ שטעטל, — דאָס מאַכט זיכ אים צוערשט. אַ כאָליערע וועט בא אים אַ באַלעבאָס וויסנ, ווו ער איז געפאָרנ! ער וועט אים אָפּגעבנ די פּאָר רובליאַקעס — געוועזנ אַ גוטע נאַכט, אַ סאַכ ארומגעפאָרנ אינ שטאָט: עפּעס שיקערע פריצים האָבנ גוט געצאָלט, אָבער געיאָגט די פערד... און — אַנ עק! אייגענע כעוורע — דאַרפ מענ צודינענ... און אָט איז שוינ אויסערנ שטאָט און ליכטיקער: „וויאָ! וויאָ!" צו צענ אזייגער אָדער צו עלפ געווים דאַרפ מענ צוריק זיינ אינ שטאָט — דער באַלעבאָס קאָנ באַמערקנ...

די נאכט ווערט צעצויגענער אונ גרויער.

— נאטוסקע, איכ האָב פונ דיר איינ גרוס געהאט פאר דער גאנ־צער צײַט, פונ פעטערבורג...

— פונ „ראָזענ", נאטוסקעס א באַקאנטע... — לאַכט נאטוסקע צו־פרידנ, — איצט בינ איכ ווידער „נאטוסקע"... א ווויל מיידל סלאָווינא באַריסאָוונא. איכ האָב דעמאָלט בא איר גענעכטיקט א פאָר נעכט... זי זיצט איצטער... זייער א ווײַלס...

— מע ריכט זיכ, אז מע זאָל זי די טעג באַפרײַענ — די טעג... ניט אויסגעקומענ צו זענ זיכ מיט איר... — האָט דאַווידס סאָל זיכ א בראָכ געטאָנ.

ביידע האָבנ זיכ פארוקט אינ פארשיידענע זײַטנ — פארטראַכטע אונ פארטרוימטע.

— דאַוויד, ווער פונ אונדז ווייסט, ווו ער וועט מאָרגנ אהינ־קומענ?

אנטקעגנ אירע פארטרוימטע אויגנ האָט באַגינענ געהעלט, אונ זי האָט ניט געמערקט.

פישקע האָט אָפּגעשטעלט די פערד, איז אראָפּ פונ קעלניע, האָט אופגעהויבנ דאָס קישעלע, ארויסגענומענ פונ דאָרטנ א קערבל אונ עס אוועקגעשטעלט בא דאַווידנ צופוסנ.

— אפּאָנעם, מיר דערנעענטערנ זיכ צום שטעטל... — באַמערקט דאַוויד, — ער באַזאָרגט שוינ, אז מיר זאָלנ אויסזענ, ווי רײַזנדע... אונ גיט מיר אָפּ מײַנ קוישל...

דאַוויד האָט גלײַכ אויסגעטאָנ דעם פרעמדנ קאַפּעליוש אונ די אויסלענדישע פעלערינע, וואָס פריילינ העלענ האָט פאר אים צוגע־שיקט — פונ דעם ברודערס קליידער...

נאטוסקע האָט אויכ אראָפּגענומענ דעם וואַל, דאַוויד האָט זיכ צוגעקוקט. אונ הײַנט — צו דער ליכטיקער שײַנ דרויסנ, נאָכ מער, ווי נעכטנ בא דינענ אינ צימער, האָט אים איר פּאָנעם געקלעמט.

טורמע אונ וואַנדער האָבנ דאָ שפּורנ געלאָזט.

אפנ אומבאַקאנטנ פונ טאָג באַלויכטענעם וועג האָבנ זיכ באַוויזנ נײַע ביניאָנים פונ א נײַעם יישעוו.

אונ א טאָג קומט אָנ פריש, ליכטיק אונ מונטער.

פישקע לאַטיק איז צוריק אינ שטאָט אַרײַנגעפאָרנ פונקט עלפ אזייגער. געיאָגט די פערד. האָט ער איצט אָפּגעלאָזט די לייצעס אונ אוועק שטילער.

דאָס פערטל פונ טורמע-הויפ האָט זיך געעפנט, אונ ס'איז איבע-ריקס לוסטיק אונ מיט א פרייד-שמייכל צו אלעמענ אונ צו אלצ ארויס-געקומענ געװײלט אַנ עלעגאַנט מײדל.

— א—הא, איזוואָשטשיק!

פישקע האָט מער קיינ כוישעק ניט צו פאָרנ — געגוג אימ הײַנט.

— וואוהינ? — פרעגט ער ניט אזוי פונ יויצע וועגנ, נאָר כּדי ער זאָל קאָנענ געפינענ אַנ אויסרייד אפ אָפּצוזאָגנ זיך.

— צו גינזבורגס זמויער... — די פרײַלנ דערנענטערט זיך צומ פאַעטאָנ, וואָס רוקט זיך שטיל איבערנ וועג.

פישקע טוט א קראַצ די פאַטיליצע: גינזבורגס טאָכטער!... די פרײַלנ... זינע, דוכט זיך... איך געווענ אינ טורמע!.. דאַרפ מענ אהיימ אָפּפירנ אזא מײדל!

— אהעראבע! — זאָגט ער גערנ.

אונ ער האָט ווידער צעיאָגט די פערד: גיכער! צאָק... צאָק... צאָק...

ע נ ד ע

# אינהאלט

זייט

